# שאָלעם-אלייכעם

## סטעמפעניו

---

## „יאָסעלע סאָלאָוו"

אָגיז
מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס"
מאָסקווע 1948

לכּבֿוד מײַן ליבהאַרציקן ייִדן

## רעב מענדעלע מויכער־ספֿאָרים

טײַערער, געטרײַער זיידע־לעבן!

„סטעמפּעניו“, מײַן ערשטער ייִדישער ראָמאַן, וואָס איז אָנגע־שריבן לכּבֿוד אײַער ליבן נאָמען, — איז אײַ ע ר ע ר; ער איז אײַערער ניט נאָר דערפֿאַר אַליין, וואָס איך האָב אים לכּבֿוד אײַך געשריבן, נאָר אויך דערפֿאַר, וואָס אי ר האָט מיר אַרײַנגעגעבן אַ כּיישעק אַזאַ ראָמאַן צו שרײַבן.

אין אײנעם פֿון אײַערע בריוו זאָגט איר צו מיר:

„איך וואָלט אײַך געראָטן קיין ראָמאַנען גאָר גיט צו שרײַבן, דען אײַער גוסט, אײַער זשאַנר איז גאָר עפּעס אַנדערש, און איבערהויפּט, אויב עס איז נאָר דאָ אין דעם ל ע ב ן פֿון אונ־דזער פֿאָלק ר אָ מ אַ נ ע ן, זענען זיי עפּעס גאָר אַנדערש, ווי בײַ אַלע אַנדערע פֿעלקער. מע מוז עס גוט פֿאַרשטיין און גאָר אַנ־דערש שרײַבן“...

אײַערע ווערטער זענען מיר טיף אין מויעך אַרײַן, און איך האָב אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, אַז ווײַל אַ ייִדישער ראָמאַן דאַרף זײַן אַנדערש פֿון אַלע אַנדערע ראָמאַנען, מאַכמעס דאָס ייִדישע לעבן ביכלאַל און די אומשטענדן, בײַ וועלכע דער ייִד קאָן ליב האָבן, זענען גאָר ניט גלײַך, ווי בײַ אַלע אַנדערע פֿעלקער. הײַנט אויסער דעם האָט דאָך דאָס ייִדישע פֿאָלק זײַן אײגענעם כאַראַקטער, זײַן אײגענעם ייִדישן גײַסט מיט באַזונדערע מינהאָגים און רעגילעסן, וואָס זענען גאָר פֿאַרענדערט ווי בײַ אַנדערע אומעס. אָט די נאַציאָ־נאַל־סימאָנים אונדזערע, וואָס בלײַבן טאָמיד עכט ייִדיש, מוזן זיך אַרויסווײַזן אין אַ ייִדישן ראָמאַן, אויב ער איז נאָר בעעמעס גע־נומען פֿונעם לעבן. דאָס האָב איך אָפּגעלערנט פֿון אײַערע רייד, און דאָס האָב איך געוואָלט אַרויסזאָגן דורך דער י יִ ד י ש ע ר

טאָכטער, ראָכעלע די שיינע, וואָס שפּילט די גרעסטע ראָלע איינעם דאָזיקן ראָמאַן, און דורך אַלע אַנדערע פּאַרשוינען, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום איר. אַף וויפל דאָס איז מיר געראָטן — דאָס איז אַ באַזונדערע שאַלע; נאָר מײַן ראָצן איז געווען צו געבן אַ ייִדישן ראָמאַן, ווי איר פאָדערט עס מיט רעכט פון יעדן ייִדישן ראָמאַנשרײַבער.

אויך דאָמיט איז סטעמפּעניו אַ נײַער, ליבער זיידע, ווײַל דער נאָמען איז אַ נײַער און די אידייע איז אַ נײַע: בײַ אײַך, זיידעלעבן, אין איינעם פון אײַערע לעצטע ווערק, האָב איך באַגעגנט פאַרבײַגייענדיק דעם נאָמען סטעמפּעניו מיט אַ פלעשעלע „ליבע־טראָפּן", וואָס אַלע מעשאָרסים און דינסטמיידלעך קויפן עס בײַ אים אַף אַפּצוטאָן... דאָס איז שוין געווען גענוג אַף אויפצוּוועקן אין מײַן זיקאָרן די אַלע וווּנדערלעכע מײַסעס, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט ייִנגלווײַז אין כיידער אַף סטעמפּעניון — און מײַן פאַנטאַזיע האָט מיר שוין אונטערגעהאָלפן צו באַשאַפן דעם דאָזיקן ראָמאַן.

עס קאָן זײַן, אַז אין פיל מעקוימעס, ווי למשל אין דער ליטע, האָבן ייִדן פון קיין סטעמפּעניו גאָר ניט געהערט, און דעריבער וועט דער נאָמען אַליין עפּעס אויסקומען בײַ זיי משונעווילד. דערפאַר אָבער איז דער דאָזיקער נאָמען זייער גוט באַקאַנט בײַ אונדז, אין דער גאַנצער גלופּסקער סוויווע פון מאַזעפּעווקע ביז יעהופּעץ, און ווער שמועסט דאָרט, אין אַנדערע שטעטלעך, אין גנילאָפּיאַטסק, צוויאַטשיץ און טונעיאַדעווקע — דאָרט ווייסט אַ קינד אויך, ווער סטעמפּעניו איז געווען, פונוואַנען ער שטאַמט און וואָס איז מיט אים דער ייִכעס.

נאָר ניש סטעמפּעניו אַליין איז דאָ אינגאַנצן דער מעיוכעס. מײַן קאַוואָנע איז געווען מיט דעם דאָזיקן ראָמאַן צו באַשאַפן דרײַ פּערזאָנען, אָדער, ווי מע רופט עס אָן, „הויפּט־העלדן": דעם ייִדישן קינסטלער סטעמפּעניו מיט זײַן פידעלע, די ייִדישע טאָכטער ראָכעלע די שיינע מיט איר ייִדישער ערלעכקײַט, און דאָס ייִדישע ווײַבל פריידל מיט איר סאָכרישן גײַסט און מיט איר ציטערן איבערן קערבל — יעדער מיט זײַן באַזונדער וועלטל. סטעמפּעניו, ראָכעלע און פריידל — דאָס זענען מײַנע פּאַרשוינען די מעיוכאָסים, וואָס זיצן אויבנאָן אין בויך און די אַלע איבעריקע זענען שוין גלאַט אַזוי זײַטיקע פּאַרשוינען, וואָס כאַפּן זיך איבער, ווי־עס־איז, זיצן טאָמיד אַקעגן.

דערפֿאַר בין איך אָפּגעקומען די איבעריקע בעוורע מיט א צוויי־דריי ווערטער, און מײַן גאַנצע האָרעוואַניע האָב איך אוועקגעגעבן יענע דרײַ מעיובאָסים.

איך מיין, אז יידישע מוזיקאַנטן, דאָס הייסט, אונדזערע בעוורע קלעזמער זענען פֿאַר זיך גאָר א באַזונדערע וועלט, און ס׳איז קעדײַ אַרײַנצוקוקן אין זייער לעבן אַרײַן פֿיל טיפֿער, אלס איך האָב עס געטאָן אין מײַן דאָזיקן ראָמאַן. מע באַדאַרף דערצו האָבן אַנ׳ער אויג, זיידע־לעבן, אַנ׳ער פֿעדער מיט אַנ׳ער האַסמאָדע.

אַך, ווּ נעמט מען האַסמאָדע, יִשעוו־האַדאַם? געדולד ווּ נעמט מען?

„איבער א ווערק, — זאָגט איר מיר אין אַן אַנדערן בריוו,— איבער א ווערק, ליב אייניקל, באַדאַרף מען שוויצן, מע באַדאַרף אַרבעטן, פֿײַלן אויסלעכס וואָרט; געדענקט, וואָס איך זאָג אײַך— פֿײַלן, פֿײַלן!"

פֿײַלן! אָט דאָס איז טאַקע די צאָרע מיט אונדז, יונגוואַרג, וואָס מיר האָבן קיינמאָל קיין צײַט ניט און כאַפּן אָפּ דאָס גאַנצע ווערק, שטייענדיק, ווי מע זאָגט, על רגל אחת 1, טאַקע אין איין אָטעם, ניישט אָפּגעשטעלט זיך אויף יעדן געדאַנק, אויף יעדן וואָרט באַזונדער, צו אַרבעטן און פֿײַלן, ווי איר טוט. איך וויים, ליבער זיידע, איך פֿיל עס, ווי נייטיק עס איז געווען איבערצולײַטערן „סטעמפעניוּ" אין גאַנצן וואָסערן. אוואַדע בײַ אײַך וואָלט סטעמפעניוּ באַקומען גאָר אַ אַנדער פּאָנעם; פֿון אײַערע הענט וואָלט ער אַרויס אַנדערש, גאָר אַנדערש; בײַ אײַך, זיידעניו, וואָלט שוין דאָ געווען אַ „מעשה אי־בער א מעשׂה", א „מעשׂה אין א מעשׂה" און די „מעשׂה אליין".

„איך האָב ליב, — זאָגט איר ווידער אין אַ בריוו, — אז כוץ דעם שיינעם פּענעמל זאָל אין אַ קאַרטינקע אויך זײַן לעבן, סייכל און געדאַנק, ווי אין אַ לעבעדיקן מענטשן; אַ קאַר־טינקע באַדאַרף, כוץ שיינע מעליצע, אויך מיך לאָזן עפּעס הערן"...

אָט דער סאָד איז אָבער אַנטפּלעקט נאָר אײַך אליין און ווײַטער קיינעם ניט; באַשאַפֿן בילדער, וואָס זאָלן האָבן אין זיך צוויי געשטאַלטן, אַ רעכטע זײַט מיט אַ לינקער זײַט, און אויבערצײַגן מיט אַן אונטערשלאַק, אזוי אז איינעם אָפּענעם זאָל ליגן באַהאַלטן אַ פֿאַרבאָרגענעס, אַ טאָב־זאַך — דערויף, זיידע־לעבן, זענט איר נאָר

1 אל רעגעל אכאָס — אויף איין פֿוס.

אליינ דער איינציקער קינסטלער אינ אונדזער ליטעראטור, אונ ווער קאָנ זיכ צו אים גלייכנ? מיר, יונגווארג, דאנקענ גאָט, ווענ די מייסע אליינ קומט בא אונדז ארויס בעשאָפֿעמ, אָנ א מומ, מיט אלע אייוורימ פונ א ליטעראריש באשעפעניש.

נעמט זשע אופ, ליבהארציקער זיידע-לעבנ, די מאטאָנע — מיינ ערשטנ יידישנ ראָמאנ. ויהי רצון 1, אונ ס'זאָל זיינ דער גוטער ווילנ פונ זיינ ליבנ נאָמענ, אז מיינ סטעמפעניו זאָל געפינענ לייט-זעליקייט אינ איערע אויגנ, אונ איר זאָלט האָבנ נאחעס, ווי איר ווינטשט זיכ אליינ, פונ אייער איבערגעגעבענעמ אייניקל

דעמ מעכאבער.

---

1 וויהי ראָצוינ

I

## סטעמפעניוס יִכעס

סטעמפעניו — דאָס איז אַ מינ צונעמעניש, וואָס איז אים איבערגעגאַנגענ בעיערושע פונ זײַנ טאַטנ. זײַנ טאַטע, אַלעוו-האַשאָלעם, איז געווענ אַ קלעזמער, האָט געהייסנ בערל באַס, אָדער „בערל סטעמפעניער", פונ סטעמפעני, אַזאַ דאָרפ אינעם געגנט פונ מאַזעפעווקע, געשפּילט אַפנ באַס און איז אויכ געווענ אַ גוטער באַדכנ, אַ שיינער גראַם-זאָגער, אַ פאַרשלעפטע קרענק, האָט זיכ פאַרשטעלט אַפ אַלע כאַסענעס פאַר אַ בעטלער, איבערגעקערט די אויגנ, געטאַנצט ווי אַ בער, נאָכגעמאַכט, ווי אַ ייִדענע גייט צו קינד און שרײַט: „באָבעניו, איכ שווער אײַכ בײַ אַ פּאָר טפילנ, אַז עס וועט מער אַזוי נישט זײַנ!"... אָדער געלאָזט פלוצעם אַ וואַסער אינמיטנ שטוב, אַזוי אַז אַלע ייִדנ האָבנ פאַרקאַטשעט די פּאָלעס און די ווײַבער האָבנ אונטערגעהויבנ די קליידלעכ; אָדער גאָר אופגעהאַנגענ אַ לונג-און-לעבער דער מעכוטענעסטע אַפנ פּאַרטעכ, און נאָכ אַזעלכע אָנשטעלנ און קונצנ לאָריוו.

קלעזמעריי איז בײַ זיי געגאַנגענ בעיערושע פונ אַ סאַכ דוירעס: בערל באַס, אָדער בערל סטעמפעניער, ווי מיר ווייסנ שוינ, האָט געשפּילט אַפנ באַס; בערלס טאַטע, רעב שמוליק טראָמייט, האָט געשפּילט אַפנ טראָמייט; זײַנ זיידע, רעב פּײַוויש צימבלער, האָט געשפּילט אַפנ צימבל, און זײַנ עלטער-זיידע, רעב עפראָיִמ פּאַיאָל... האַקלאַל, סטעמפעניו קומט אַרויס פונ קלעזמאָרים ביז צענ דוירעס— און ער שעמט זיכ דאַפקע ניט דערמיט, ווי בײַ ייִדנ, צווישנ אונדז רייִדנדיק, שעמט זיכ דער באַלמעלאָכע מיט זײַנ גראַד; און עס איז גאָר קיינ כידעש ניט: אַזאַ נאָמענ, ווי סטעמפעניו האָט געהאַט אינ מאַזעפּעווקע, אַזאַ שעמ, ווי ער האָט זיכ געקויפט אַפ דער גאַנצער וועלט קימאַט, איז ניט קיינ קלייניקייט; אַ ווערטעלע אויסצורעדנ — סטעמפעניו!

א זכיה איז געווען אומעטום בא יידן, אז מע האָט געהאָרכט גיסי בעלזער זינגען, גאָדיק באדכן — זאָגן און סטעמפעניו — שפּילן. דערפון קאָנט איר זיך שוין מעלדן, אז סטעמפעניו איז ניט געווען קיין פּאָשעטער קלעזמער, קיין אבי-ווער, און מיסטאמע האָט ער זיך פאַרדינט אזא שעם צווישן אלע גרויסע נישט אומזיסט. יידן האָבן ליב מוזיק און פאַרשטייען נגינה — דאָס וועלן אונ־דזערע סאָנים אויך ניט אָפּלייקענען; און הא'נאַם, אז מע וויל שמועסן צוריק, קומט דאָך דעם יידן אוים צו הערן מוזיק עפּעס ניט אזוי אָפט, דען וואָס איז מיט אונדז אזוי די סימכע, מיר זאָלן זיך פּלוצעם פאַרנעמען מיט שפּילן אָדער טאנצן? דאָך, איר מעגט אייך זאָגן, וואָס איר ווילט, זענען מיר פאָרט מעווינים, שאַרפע מעווינים הען אַף זינגען, הען אַף שפּילן, הען אַף אלע אנדערע זאכן. צו אונדז אז עס קומט אַראָפּ א כאזן, לויפן מיר אַף בילעטן אים הערן, און קלעזמער אַף א כאסענע איז דאָך אוואדע בא אונדז א כיעוו. הערן, ווי די „קאַפּעליע" שפּילט א „שטיקל" צו דער גילדענער יויך, גע־ווייבלעך, נישט קיין פריילעכס (א פריילעכס אַף שפּעטער) — דער־פאר וועלן מיר אוועקגעבן א זאק באָרשט. דער אוילעם זיצט מיט גרויס דרעכ־ערעץ, און די קלעזמער שפּילן אַן אומעטיקס, א „מאַראלנע", א וויינענדיקס. דאָס פידעלע וויינט, פאַרגייט זיך אַף דער גראָבער סטרונע, און די איבעריקע כעוורע האלט אים אונטער אויך גאַנץ טרויעריק. עס פאלט אָן אַפן אוילעם א שטיקל מאַרע־שכוירע, און יעדער ווערט ווי פאַרזאָרגט, אפילע גאַנץ אָנגענעם, נאָר פאַרזאָרגט: יעדער פאַרטראכט זיך, לאָזט אַראָפּ די נאָז, און רייבנדיק מיטן פינגער אין טעלער אָדער קנעטנדיק קייַקעלעך פון דער פרישער כאלע, פאַרטיפט זיך יעדער אין זיינע געדאנקען, אין זיינע טרויעריקע געדאנקען, דען יעדער האָט זיך מיסטאמע זיין זאָרג, און קיין צאָרעס דאַרף א ייד ניט גיין לייען. און אזוי ווערט צונויפגעגאָסן דאָס אומעטיקע שפּילן מיט די טרויעריקע מאכשאָוועס אינאיינעם, און יעדער קרעכץ פונעם פידעלע „טיאָך־טיאָך־טיאָך" רופט זיך אָפּ בא די כאסענע־לייט אין הארצן און געפינט דאָרט א ווידערקאָל. דאָס הארץ ביכלאל, און דאָס יידישע הארץ ביפראט, איז א פידעלע: מע קוועטשט די סטרונעס און מע ציט פון דעם אַרויס פאַרשידענע, און צומיינסטנ טרויעריקע, וויינענדיקע לידער... מע דאַרף נאָר האָבן דערצו א רעכטן מוזיקאנט, א בעריע, א קלעז־מער, אזא בעריע, ווי סטעמפעניו איז געווען.

אוי, איז סטעמפעניו געווען א בעריע! ער פלעגט א כאפּ טאָן

דאָס פידעלע און א פיר טאָג מיטן סמיק, איין פיר טאָג, נישט מער, פלעגט דאָס שוין אָנהייבן בא אים צו רעדן. אָבער וויאַזוי מיינט איר רעדן? טאקע מיט ווערטער, מיט א צונג, ווי, לעהאוודל, א לעבעדיקער מענטש. רעדן, טענען, זינגען מיט א געוויין, אפן ייִדישן שטייגער, מיט א גוואלדערניש, מיט אן אויסגעשריי פונעם טיפן הארצן, פון דער נעשאָמע. דעם קאָפּ פלעגט סטעמפעניו פארווארפן אפ א זײַט, די לאנגע שווארצע פאטלע האָר צעוואָרפן אפ זײַנע ברייטע אקסלען, די אויגן, די שווארצע ברענענדיקע אויגן, פארריסן ארויף, און דאָס שיינע ליכטיקע פּאָנעם פלעגט בא אים ווערן מיטאמאָל בלייך, ווי דער טויט; אָט נאָך איין מינוט — אויס סטעמפעניו! מע זעט נאָר, ווי א האנט פליט ארויף און אראָפּ, ארויף און אראָפּ, און עס הערן זיך פארשידענע קולעס, און עס גיסן זיך אלערליי מינע געזאנגען, און אלץ אזעלכע אומעטיקע, טרויעריקע, אז עס נעמט אָן באַם הארצן, עס ציט בא דער נעשאָמע, עס נעמט ארויס דאָס געזונט. דער עולעם גייט אויס מיט אלע קוכעס, מע שטארבט, מע שטארבט מיט אלע איווורים. דאָס הארץ ווערט פול, צעווייקט, און עס שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. ייִדן זיפצן, ייִדן קרעכצן, ייִדן וויינען. און סטעמפעניו? — ווער סטעמפעניו? וואָס סטעמפעניו? פרעגט אים בעכיירעם, ווו ער איז אין דער וועלט! ער טוט זיך זײַנס: „טיאָכ־טיאָכ־טיאָכ" — און געגוג! און אז ער הערט אוף צו שפילן, טוט ער א שמיץ דאָס פידעלע און נעמט זיך אָן באַם הארצן; די אויגן ברענען אים דעמלט ווי צוויי האוודאָלעס, און זײַן שיין פּאָנעם שײַנט, ווי די גאנצע וועלט. דער עולעם כאַפּט זיך אוף ווי פון א שלאָף, פון א טרויעריקן, נאָר א זיסן שלאָף, און אלע ייִדן הייבן אָן ארויסצוזאָגן זייער היספּײַלעס, אלע אין איין קאָל. מע אכקעט, מע אָכקעט, מע לויבט, מע שמוצערט, מע וווּנדערט זיך, מע קאָן זיך גאָר ניט אָפּלויבן.

— נגנו, סטעמפעניו! אײַ, סטעמפעניו!

און די ווײַבער? פון די ווײַבער איז גאָר נישטאָ וואָס צו רעדן. ס'איז א גרויסער סאָפעק, אויב עס ווערט אין שול ערעוו־יאָמקיפּער צו קנייטלעך לייגן פארגאָסן אזויפיל טרערן, וויפל טרערן עס פלעגט דאָ אויסגעגאָסן ווערן בא סטעמפעניוס „שטיקלעך". אפן כורבן בייסהאמיקדעש דארף מען אזויפיל ניט וויינען, ווי די ווײַבער האָבן געוויינט בעשאַס סטעמפעניוס שפילן.

— לאָז מיך גאָט בענטשן, אז אפ מײַן קלענערער טאָכטערס כאסענע זאָל איך קאָנען אראָפּברענגען סטעמפעניון, ריבוינע־שעל־אוילעם!

אַפ אַזאַ אויפנ האָבנ זיכ געווינטשעוועט די ווײַבער, אויסגעווישנ זיכ די פאַרשוואָלענע רויטע אויגנ אונ אויסגעשנײַצט זיכ דאָס אײַ־בעריקע ביסל נאָז, אונ דערנסטמאָל, בעשאַס ווינטשעווענ, האָבנ זייערע העלדזער פערל מיט די גילדענע אוירינגלעכ, מיט די פינגער־לעכ, מיט די בראָשנ, גאָרגל־קייטנ אונ מיט דער איבעריקער ייִדי־שער צירונג געשײַנט אונ געבלישטשעט אונ געפינקלט מיט פײַער.

אונ ווער שמועסט די מיידלעכ, די „מאַמזעלנ“, — די זענענ גאָר געבליבנ שטיינ צוגעקאָוועט צו זייערע ערטער, ווי די טאָקנ, געקוקט אַפ סטעמפעניונ מיט זײַנ פידעלע, נישט גערירט מיט קיינ אייווער, נישט געפינטלט מיט קיינ אויג; נאָר וווּ־ניט־וווּ, דאָרט ערגעצ אַפ יענער זײַט קאָרסעט, קלאַפט דאָס הערצל: טיק־טיק־טיק, אונ עס כאַפט זיכ אַרויס אָפטלעכ פונ דאָרט אַ פאַרבאָרגענער זיפצ...

II

## סטעמפעניו מיט זײַנ „קאַפעליע“

דעמ ראָש, וואָס סטעמפעניו האָט אָנגעמאַכט, קומענדיק ערגעצ אינ אַ שטעטל מיט זײַנ קאַפעליע (אָרקעסטער), אונ דאָס קאָכעניש, וואָס עס האָט זיכ בעשאַס־מײַסע געקאָכט, איז גאָר ניט צו באַשרײַבנ.

— שאַט, אָנ שנײַדט זיכ עפּעס אַ בויד פונ הינטער די מילנ מיט פיר פערד; דאָס זענענ אַוודע די מעכוטאָנימ, האַ?

— ניינ, דאָס זענענ די קלעזמער. דאָס פאָרט סטעמפעניו מיט זײַנ קאָמפאַניע.

— אַ? סטעמפעניו? סטעמפעניו איז שוינ דאָ? אָט דאָס וועט עס זײַנ אַ פרייִלעכע כאַסענע בא כאַימ־בענציענ גלאָק, אַ מאַקע אימ!

ייִדישע ווײַבלעכ ווערנ רויטלעכ. די ייִדישע מיידלעכ כאַפנ זיכ צו פאַרקעמענ אונ פאַרפלעכטנ די לאַנגע צעפ. ייִנגלעכ פאַרקאַטשענ די הייזלעכ אַריבער די פּאָלקעס, אונ מע לויפט מעקאַבל־פּאָנעמ זײַנ סטעמפעניונ. אונ אפילע ייִדנ, באַווײַבטע ייִדנ, שוינ מיט בערד, באַווײַזנ אויכ מיט אַ שמייכעלע, אַז עס טוט זיי ווילד האַנאָע, וואָס סטעמפעניו איז געקומענ שפּילנ די כאַסענע צו כאַימ־בענציענ גלאָק; מאַכטייסע, וואָס אַרט דאָכ זיי? עס קאָסט זיי געלט?

ביז די בויד פאָרט צו צו דער אַכסאַניע, ווערט דערווײַל די גאַס פול מיט מענטשנ; יעדער איז נײַגיריק אַ קוק טאָנ אַפ סטעמפעניונ מיט זײַנ קאָמפאַניע אונ שטעלט זיכ אָפּ אַפ אַ רעגעלע.

— זע נאָר, ווי מע שפּאַרט זיך! — שרייט יעדער באַזונדער און שפּאַרט זיך אַרויס צום אויבנאָן, ווי דער שטייגער איז בײַ ייִדן. — זע נאָר זע, ווי ער אַרבעט מיט די עלנבויגנס און וויל דאַפּקע זײַן דער ערשטער! וואָס האָט איר דאָ ניט געזען? קלעזמער ווי אַלע קלעזמער!

אַזוי טײַנעט איטלעכער פֿאַר זיך און שטופּט זיך אַרויס צו דער בויד, פֿון וועלכער די כעוורע קלעזמער הייבן זיך אָן אַרויסצורוקן אײַנציקווײַז.

פֿריִער פֿון אַלע קריכט אַרויס רעב „יאָקל קאָנטרבאַס" (וואָס שפּילט אפֿן קאָנטרבאַס), אַ בייזער ייִד מיט אַ צעפּלעצטער נאָז און מיט שטיקלעך וואַטע אין די אויערן. נאָך אים רוקט זיך רעב לייביש מיטן קלאַרנעט, אַ שלעפּעדיק ייִדל מיט אַ פּאָר גראָבע ליפּן. שפּעטער באַווײַזט זיך כײַקל האַרבעטש, דער געוויסער כײַקל באַדכן מיטן האַרב. שפּעטער — אַ שוואַרצער קאָלטענעוואַטער ייִד, שרעקלעך באַוואַקסן, קימאַט ווי אַ ווילדער מענטש פֿון די מידבאָריעס, מיט אַזעלכע לאַנגע ברעמען, אַז עס פֿאַלט אָן אַ פּאַכעד. דאָס איז רעב שנייער־מייער דער אונטערהאַלטער (סעקונדע). נאָך אים שפּרינגען אַרויס אַ צוויי־דרײַ יונגען, מעשוגע־ווילדע פּאַרזעניש מיט פֿאַר-שוואָלענע באַקן, אונטערגעשלאָגענע אויגן, מיט שרעקלעכע ציין, ווי די לאָפּעטעס. דאָס זענען כעוורע לערנייִנגלעך, וואָס אַרבעטן נאָך דערווײַל אומזיסט, און שפּעטער, מיט דער צײַט, קאָן פֿון זיי אַרויס לײַטישע קלעזמער. און גאָר צולעצט קאַטשעט זיך אַרויס מיט קרומע אויסגעבויגענע פיסלעך דער געלער מעכטשי פּײַקלער מיט אַ באַ-ראַבאַן, וואָס איז גרעסער פֿון מעכטשין אַ גוזמע. בײַ מעכטשין הייבט זיך אָן אויסצושײַנען אַ בערדל, אַ געל בערדל, נאָר אַף איין זײַט פּאָנעם, אין דער רעכטער זײַט, און די אַנדערע זײַט, די לינקע זײַט פּאָנעם, איז נאַקעט, הויל ווי אַ סטעפּ. ער, מעכטשי פּײַקלער, מוזט איר וויסן זײַן, האָט כאַסענע געהאַט צו דרײַסיק יאָר און האָט גענומען, ווי מע שמועסט, אַ ווײַב אָן אָנדרויִינעס... ווײַסע כעוו-רעניקעס שווײַגן ניט מיכטאַמע, אַז סטעמפּעניו קומט אָן מיט זײַן קאַפּעליע. יעדעס מאָל פֿאַרגאַנוועט זיך אַ ביידער־ייִנגל און טוט אַ זעץ אין באַראַבאַן אָדער אַ צי די גראָבע סטרונע פֿונעם קאָנטרבאַס. דער כעוורעמאַן באַקומט אַ שנײַד אין האַלדז־און־נאַקן פֿון רעב יאָקל קאָנטרבאַס דעם בייזן. און די גאַס הייבט אָן ביסלעכווײַז צו רודערן און צו קאָכן, דען דער כאָסן איז שוין אויך אַרײַנגעפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן מיט אַ האַלבער מייל „באָכערים", וואָס זענען

ארויסגעפארנ אקעגנ דעמ כאסנ ביז צו יענער זײט מילג — וועיר[1] יאמפעלי, אונ דאס שטעטל יאמפעלי, צהלה ושמחה[2] — קלינגט אונ פרייט זיכ גאר אפ אנ אנדער אויפנ...

אזוי איז אינ יאמפעלי, אזוי איז אינ סטרישטש, אזוי איז אינ אלע שטעטלעכ, וועלכע האבנ א זכיע אראפצובערענגענ סטעמפעניונ אפ א כאסענע, אונ אזוי איז אויכ דא, אינ מאזעפעווקע, ווו סטעמ־פעניו האט זיכ באזעצט אפ טאמיד. האקלאל, עס קאכט מיט סטעמ־פעניונ די גאנצע וועלט!

III

## סטעמפעניוס האכאנעס

וואס איז אינ מאזעפעווקע אזוי גרויס די סימכע?

רעב כאזמ־בענציענ גלאק מאכט כאסענע די קלענערע טאכטער, די מיזינקע ריווקעלע, — נו, פארוואס זשע זאל מענ זיכ ניט מע־סאמייעכ זײנ מיט אימ? עס איז קעדײ צו זײנ אפ אזא כאסענע: מארט, ווי זאגט מענ, א נאגיד אינ שטעטל, אלע וועלנ זײנ אפ דער כאסענע: ווער פאר גוטפרײנטשאפט, ווער פאר קינע, ווער פונ יויצע וועגנ אונ ווער צו באווײזנ דעמ ווײבס פערל, די אוירינגלעכ אדער די נײע גארגל־קייט, וואס ער האט געבראכט דעמ ווײב פונעמ יאריד, אונ נאכ מער — צוליב סטעמפעניונ. האקלאל, אלע זענענ דא אפ דער כאסענע! גאנצ מאזעפעווקע פרייט זיכ בא כאזמ־בענציענ גלאק אפ ריווקעלעס כאסענע! אונ ווער שמועסט אײזיק־נאפטאלי מיטנ ווײב אונ מיט די קינדער אווארע, דענ אײזיק־נאפטאלי איז כאזמ־בענציענ גלאקס א שוטעפ אינ קלייט, א שוטעפ אינ דער מיל, אונ דערצו א שטיקל קא־עוו אויכ, סע הייסט, אײזיק־נאפטאלימ ווײב קער זיכ אנ א שטיקל אייגענע מיט דער מעכוטענעסטע, עפעס א שטיקל שייני שעבישלישי פונ דער מאמעס צאר.

דעריבער דרייט זיכ ארומ אײזיק נאפטאלימ ווײב, דוואסי־מאלקע, אויסגעשלייערט, ווי אנ עמעסע מעכוטענעסטע. זי דרייט זיכ ארומ אונ טוט גארניט, נאר זי מאכט מיט די הענט אונ שרײט אונ פיל־דערט, גלײכ ווי זי טוט עפעס. אונ דוואסי־מאלקעס שנור, ראכעלע

1 וועהאיר.

2 צאהאלא וועסאמייכא.

די שיינע, שטייט נעבנ דער קאַלע אויסגעצוויקלט, ווי א באָס־מאַלקע, אונ אירע גרויסע בלויע אויגנ שײַנענ, ווי צוויי גרויסע בריליאַנטנ, אונ אירע רויטע בעקלעכ שפּילנ איר, ווי צוויי בליִענדיקע רויזנ. מיט איינ האַנט האַלט זי דער קאַלעס צעלאָזטע האָר, וואָס די ווײַבער האָבנ איר צעפלאָכטנ פאַרנ „באַדעקנס" מיט גרויס געוויינ, אונ מיט דער אַנדערער האַנט גלעט זי זיכ איר ווײַסנ האַלדז, גאָר נישט צו באַמערקנ, ווי א פּאָר שוואַרצע ברענענדיקע אויגנ קוקנ אַפ איר די גאַנצע צײַט גלײַכ אָנ אונ אויפהער... די סאַרווערס מיט די סאַרווערקעס לויפנ אַרום, ווי די פאַרסאַמטע מײַז. די מעכוטאָנים ליאַרעמענ: „אוי, גוואַלד! שוינ צײַט צו באַדעקנ די קאַלע! ביזוואַנענ איז דער שיר צו מוטשענ די קינדער, וואָס פאַסטנ נעבעכ אזא זומער־טאָג?" אַלע שרײַענ: „שוינ צײַט! שוינ צײַט!" — נאָר טאָג טוט מענ גאָרנישט. איציק־באַפּטאַלי דרייט זיכ אַרום מיט א סאַמעטנ קאַשקעטל, די הענט פאַרלייגט אַרונטער, ווי א מאַגיד, אונ דוואָסי־מאַלקע פילדערט אַפ קוילע־קוילעס. די איבעריקע מעכוטאָנים פונ בײַדע צדדים לויפנ איינער איבערנ אַנדערנ מיט די הענט אַפּצו־פריִער, גלײַכ ווי זיי וואָלטנ עפּעס געוואָלט טאָנ אַזעלכעס, נאָר מע גיט זיי קיינ אַרבעט ניט.

— נו, פאַרוואָס טוט מענ שוינ עפּעס ניט? — פרעגט כאָסנס צאַד.

— פאַרוואָס הייבט מענ שוינ עפּעס ניט אָנ צו טאָנ? — ענט־פערט קאַלעס צאַד.

— האָסטו געזענ, מע זאָל האַלטנ אַזוי לאַנג הונגעריקע קינ־דער? — שרײַט כאָסנס צאַד.

— האָסטו געהערט, מע זאָל אַזוי לאַנג האַלטנ הונגעריקע קינ־דער? — שרײַט קאַלעס צאַד.

— וואָס לויפט מענ אַרום הינ אונ צוריק?

— וואָס איז פאַר א לויפנ, וואָס מע לויפט?

— אַלע לויפנ, אַלע פּילדערנ אונ מע שטייט אַפ איינ אָרט, — שיינע פּאַראַדקעס!

— אַבי מע לויפט אונ מע פּילדערט — אונ טאָנ וויל קיינער פונדאַנענ אַהינ.

— טאָמער וואָלט שוינ גענוג געווענ צו רעדנ? שוינ צײַט עפּעס טונ! עס מוז דאָכ אַמאָל האָבנ אַנ עק!

— נו, גענוג שוינ רעדנ! לאָז מענ שוינ אָנהייבנ טונ! אַנ עס לאָז דאָס האָבנ!

— וווּ זענענ די קלעזמער? — פרעגט כאָסנס צאַד.

— די קלעזמער וווּ זענענ? — ענטפערט קאַלעס צאַד.

און די קלעזמער זענענ זיכ פאַרנומענ מיט זייער אַרבעט: מע שמירט די סמיטשקעס, מע שטעלט אָנ די קוילימ. רעב יאָקל באַם טראָגט א יינגל פאַר אַנ אויער און טיילט אימ אַנ שטילערהייט: „הער, מאַמזער, איכ וועל דיר ווײַזנ וויאַזוי צו ציענ סטרונעס!” מעכטשי פּײַקלער קראַצט זיכ דאָס באַוואַקסענע האַלבע פּאָנעמ, ניִשט קוקנדיק אָפ קיינעמ. רעב כײַקל באַדכנ רעדט מיט א באַקאַנטנ מע־לאַמעד, נעמט בא אימ א שמעק טאַבאַק מיט צוויי פינגער און שיט ווערטלעכ, ווי פונ א זאַק. און די איבעריקע קלעזמער, די פאַרשוואַ־לענע יונגענ מיט די גרויסע ציינ ווי די לאָפּעטעס, שטייענ אַרומ סטעמפּעניונ און שמועסנ זיכ מיט אימ אויס אָפ זייער לאָשנ וועגנ א וויכטיקנ איניענ.

— ווער איז אָט די דאָזיקע שעכטע 1, וואָס שטייט נעבנ דער סמיסאַנקע 2? — פרעגט סטעמפּעניו אָפ קלעזמער־לאָשנ, אָנווײַזנדיק מיט די אויגנ אָפ ראָכעליז דער שיינער. — גיי נאָר, יעראַכמיעל, — זאָגט ער צו איינעמ פונ די געשוואָלענע קלעזמער־יונגענ, — גיי נאָר און פּראָבע אויס 3 מאַהטאַמ 4, אָבער כידקע 5, יעראַכמיעל, כידקע!

יעראַכמיעל קומט גיכ צוריק מיט א קלאָרער טשוווע:

— דאָס איז ניט קיינ שעכטל 6, דאָס איז שוינ א יאַלדאָווקע 7. דאָס איז אײַזיק־נאַפּטאַלימ שנור, פונ סקווירע איז זי, און אָנ דאָס איז איר יאָלד 8 — זעט איר? אָט דרייט ער זיכ אַרומ מיט א סאַ־מעטענער קאַטערוכע 9.

— די קאַפּאָרע זאָלסטו ווערנ, יעראַכמיעל! — זאָגט סטעמפּעניו גאַנצ אונטערגעלייגט. — אַזוי גיכ ביסטו געוואָר געוואָרנ? ע, זי איז דאָכ טאַקע גאָר א קליווע 10 יאַלדאָווקע! זע נאָר, זע, ווי זי מאַ־טרעט 11 מיט די זיקרעס 12!

— אויב איר ווילט, — פרעגט יעראַכמיעל דער פאַרשוואָלענער בא סטעמפּעניונ, — אויב איר ווילט, וועל איכ גיינ מיט איר טירענ 13...

— ליג אינ דער ערד! — ענטפערט אימ סטעמפּעניו, — מע

---

1 שעכטע—נעקייווע. 2 סמיסאַנקע—קאַלע. 3 פראָבע אויס—ווער געוואָר. 4 מאַטהאַמ—ווער איז זי. 5 כידקע—געשווינד. 6 שעכטל—מיי. 7 יאַלדאָווקע—ווײַבל. 8 יאָלד—מאַנ. 9 קאַטערוכע—היטל. 10 קליווע—שיינע. 11 מאַטרעט—קוקט. 12 זיקרעס—אויגנ. 13 טירענ—שמועסנ. (באַמ. פונ אווט.)

בעט דיכ ניט פאר קיינ שאלאטנ-שאמעס. איכ וועל אליינ טירענ מיט צוזעניכע 1.

— אנו, ווארפ נאר ארויס פונ דער פידל א פאר שווארצע אויגנ! — הופט זיכ אנ שנייער-מייער אפ זייער לאשנ. — שלעפ נאר ארויס פונ דער פידל יידישע קישקעס!..

סטעמפעניו נעמט זיכ צום פידעלע, טוט א ווונק צו דער כעוורע, אונ מע נעמט זיכ אנשטעלנ די קייליס.

## IV

## סטעמפעניוס פידעלע

בעקיצער, גאט האט געהאלפנ, אונ סטעמפעניו האט זיכ גענומענ באזעצנ די קאלע.

אכ, איכ פיל, אז מיינ פעדער איז שוואכ צו באשרייבנ, וויאזוי סטעמפעניו האט באזעצט א קאלע! דאס איז ניט געווענ גלאט אזוי געשפילט, געקרימפלט; דאס איז געווענ א מינ „אווידע", א גאטס דינסט מיט עפעס זייער א הויכנ געפיל, מיט עפעס זייער אנ איידעלנ גייסט! סטעמפעניו האט זיכ אוועקגעשטעלט אקעגנ דער קאלע אונ האט איר געהאלטנ א דראשע אפנ פידל, א שיינע א לאנגע דראשע, א רירנדיקע דראשע, איבער דעמ פריי אונ גליקלעכ לעבנ פונ דער קאלע ביז אהער, פונ איר מיידל-שטאנד, אונ איבער דעמ פינצטערנ, ביטערנ לעבנ, וואס ערווארט זי אפ שפעטער, שפעטער: — אויס מיידל! איבערגעדעקט דעמ קאפ, פארשטעלט די שיינע לאנגע האר אפ אייביק... ניטא די פרייליכקייט! זיי געזונט, יוגנט. אט ווערסטו א ייִדענע!.. עפעס זייער נישט פריילעכ, גאט זאל נישט שטראפנ פאר די רייד!..

אט אזעלכע ווערטער הערנ זיכ קימאט ארויס פונ סטעמפעניוס פידעלע. אלע ווייבער פארשטייענ גוט דעמ פשאט פונ דער דאזיקער שטומער דראשע, אלע ווייבער פילנ עס; זיי פילנ דאס, אונ וויינענ דערופ מיט ביטערע טרערנ.

— ווי לאנג בינ א י כ אזוי געזעסנ, — קלערט זיכ א יונג ווייבל, שלינגענדיק די טרערנ, — ווי לאנג בינ א י כ אזוי געזעסנ מיט צעלאזטע צעפלאכטענע צעפ אונ האב נאר געמיינט, אז מאלאכימ

---

1 מיט צוזעניכע — מיט דער דאזיקער. (באמ. פונ אווט.)

שפּילנ זיכ נאָר מיט מיר, אַז איכ בינ איינע א גליקלעכע? צום סאָפּ...
אכ, צום סאָפּ!..

— באַשער איר, גאָט, — טוט בעטנ אַנ עלטערע ייִדענע, א מוטער פונ דערוואַקסענע טעכטער, — באַשער איר, גאָט, מײַנ על־טערע טאָכטער, איר זיווג אינגיכנ, נאָר מיט מער מאַזל ווי מיר. נאָר מיט א שענערער דאָליע, ווי איכ האָב בא מײַנ מאַנ, גאָט זאָל מיכ ניט שטראָפנ פאַר די רייד!..

אָט אינ אַזעלכע מאַכשאָווועס פאַלנ אַרײַנ די ווײַבער, אונ סטעמ־פּעניו טוט זיכ זײַנס: ער אַרבעט מיט אַלע קיילים, אונ דאָס פידעלע רעדט. דאָס שפּילט סטעמפּעניו א וויינענדיקס, אונ די קאַפּעליע האַלט אים אונטער. עס ווערט שטיל, אויס ליאַרעמ, אויס געפילדער. אַלע, אַלע ווילנ הערנ סטעמפּעניונ. ייִדנ ווערנ פאַרטראַכט, ווײַבער ווערנ אַנשוויגנ, ייִנגלעכ, מיידלעכ קלעטערנ אַרופ אַפ בענק אונ אַפ טישנ — יעדער וויל הערנ סטעמפּעניונ.

— ששא! שטילער! אוילעמ, לאָז זײַנ שטיל!!

אונ סטעמפּעניו צעגיסט זיכ אַפנ פידעלע אונ צעגייט זיכ, ווי א וואַקס: טיאָכ־טיאָכ־טיאָכ — מער הערט מענ נישט; א האַנט פליט אופ אונ אַפּ — מער זעט מענ ניט. אונ עס הערנ זיכ אַלערליי קוי־לעס, אונ עס גיסנ זיכ פאַרשיידענע מינע געזאַנגענ, אונ אַלצ אַר־מעטיקע, טרויעריקע, אַז עס נעמט אַנ באַמ האַרצנ, עס ציט די נע־שאָמע, עס נעמט אַרויס דאָס כײַעס. דער אוילעמ גייט אויס מיט אַלע קויכעס, דער אוילעמ שטאַרבט, שטאַרבט מיט אַלע איייוורימ, דאָס האַרצ ווערט עפּעס אַזוי פול, אַזוי צעווייקט, אונ עס שטעלנ זיכ טרערנ אינ די אויגנ. ייִדנ זיפצנ, ייִדנ קרעכצנ, ייִדנ וויינענ...
אונ סטעמפּעניו? — ווער סטעמפּעניו? וואָס סטעמפּעניו? מע זעט אים גאָר ניט, מע זעט ניט קיינ סטעמפּעניו, מע זעט ניט קיינ פידע־לע; מע הערט נאָר זיסע קוילעס, געטלעכע געזאַנגענ, וואָס פילנ אָנ די גאַנצע שטוב... אונ ראָכעלע די שיינע, וואָס האָט נאָכ ביז איצט נישט געהערט קיינמאָל סטעמפּעניוס שפּילנ, ראָכעלע, וואָס האָט גע־הערט, אַז ס'איז דאָ א סטעמפּעניו, נאָר זי האָט נאָכ נישט געהערט אַזא מינ שפּילנ, שטייט אונ הערט זיכ צו צו די קישעפדיקע געזאַנגענ, צו די זעלטענע קוילעס — אונ פאַרשטייט ניט, וואָס דאָס איז. עפּעס ציט דאָס איר דאָס האַרצ, עפּעס גלעט דאָס זי בא דער נעשאָמע — נאָר וואָס דאָס איז — פאַרשטייט זי ניט. זי הייבט אופ די אויגנ, אהינ, פונוואַנענ עס גיסנ זיכ די זיסע קוילעס, אונ דערזעט א פּאָר וואונדער־שיינע שוואַרצע אויגנ, פײַערדיקע אויגנ, וואָס קוקנ

גלײַך אַף איר און נעמען זי דורך, ווי שפּיזן, ווי שאַרפע שפּיזן. די וווּנדער־שײנע שוואַרצע פֿײַערדיקע אויגן קוקן אַף איר און ווינקען צו איר און רעדן מיט איר. ראַכעלע וויל אַראָפּלאָזן אירע אויגן אַראָפּ — און קאָן ניט.

„אַט דאָס איז סטעמפּעניו?"

אַזוי קלערט זיך ראַכעלע די שײנע, וועמען דאָס „באַזעצן" האָט זיך שוין געענדיקט און די מעכוטאָנים הייבן אָן צו טראַכטן מי־קויען פֿירן צו דער כופּע.

— ווי זענען ערגעץ די ליכט? — פֿרעגט כאָסנס צאַד.

— די ליכט ווי זענען? — ענטפֿערט קאַלעס צאַד.

און אַזוי ווערט ווידער דער אײגענער געפּילדער, וואָס פֿריִער. אַלע לויפֿן, און מע ווייסט ניט וווּהין. מע קוועטשט זיך, מע שטופּט זיך, מע טרעט אָן אַף מאַזאָליעס, מע צערייַסט קליידלעך, מע שוויצט, מע זידלט די סאַרווערס מיט די שאַמאָסים, און זיי זידלען צוריק די מעכוטאָנים, און די מעכוטאָנים אַמפּערן זיך צווישן זיך — עס איז, באָרעכ־האַשעם, גאַנץ לעבעדיק!

אין דער מעהומע, וואָס עס ווערט, בעשאַס מע גייט צוריק פֿון דער כופּע, כאַפּט זיך סטעמפּעניו אַרויס פֿון דער קאַפּעליע, און אָט איז ער שוין אויסגעוואַקסן צווישן די ווייַבער, אָט דאָ, נעבן אײַ־זיק־נאַפּטאָליס שנור, ראַכעלע דער שײנער. ער וואַרפֿט זיך איבער מיט איר מיט אַ פּאָר ווערטער, צושמייכלענדיק און קרייַזלענדיק זיך זײַנע שײנע לאַנגע האָר. ראַכעלע ווערט רויטלעך, לאָזט אַראָפּ די אויגן אַף דער ערד און ענטפֿערט אים דאָס צענטע וואָרט. עס פּאַסט ניט עפּעס זיך שטעלן פּלוצעם אויסשמועסן מיט אַ קלעזמער, און נאָך פֿאַר אַזאַ אוילעם!..

V

## דאָס ערשטע באַגעגעניש פֿון סטעמפּעניון מיט ראַכעלען

דערצײלן דערצײלט מען פֿון סטעמפּעניון פֿיל פֿאַרשיידענע מײַ־סעס. מע דערצײלט פֿון אים, אַז ער קען זיך מיט אַלע מעכאַשפֿים און מיט אַלע „גוטע־לײַט"; אַז קוים וויל ער אָפּרעדן אַ קאַלע פֿון אַ כאָסן — קאָן ער, אַז ער קען אַזאַ מין „שפּרוך", אַז ער דאַרף נאָר אַ קוק טאָן, אַ רעכטן קוק טאָן אַף אַ מיידל, — איז זי שוין

אָפגעקאָכט, — מע זאָל גאָר באַהיט ווערנ! אַ סאַכ מאַמעס ווייסנ
פונ דעמ סאָד אונ היטנ דעריבער זייערע קינדער, די קאַלעס, אַז
ווענ זיי רעדנ מיט סטעמפעניונ, שטייט בײַ דער זײַט אַנ עלטערע
שוועסטער, אַ מומע, אַ שוועגערנ, אָדער אַזוי אַ ווײַבל, וואָס האָט אַ
מאַנ... עמעס, דאָס איז פאַר אונדזער העלד נישט אַזאַ שײנער קאָמ־
פלימענט, נאָר וואָס מאַכט דאָס אויס? וואָס קער זיכ אָנ שאָלעמ
צו מאַכלויקעס? דערפונ ווערט סטעמפעניוס נאָמענ כאָלילע נישט
קלענער. אַלע ווייסנ, אַז סטעמפעניו איז אַ גוטער „יִמאַכ־שמוי־
ניק", — נו, בעכיינ איז וואָס? קיינ שידעכ טוט מענ דאָכ ניט מיט
אימ, כ'לעבנ, אונ סטעמפעניו בלײַבט סטעמפעניו.

געבענטשט זענט איר, ייִדישע ווײַבלעכ, וואָס האָבנ מאַנענ, אונ
געבענטשט זאָלנ זײַנ די מאַנצבילנ, וואָס האָבנ אײַכ געשענקט אַזאַ
טײַערע מאַטאָנע — פרײַהײַט — אונ וויי איז צו די מיידלעכ נע־
בעכ, וואָס זענענ געבונדנ אונ געפענטעט, געהיט אונ אָפגעהיט, ביז
מע דעקט צו דעמ קאָפ — אונ ערשט דאַנ ווערנ די מיידלעכ אויכ
ווײַבלעכ, אויפגעבונדענע, פרײַע, גליקלעכע ווײַבלעכ...

ראָכעלע, אַלס ווײַבל, האָט שוינ נישט געהאַט וואָס צו אַנטלויפנ
פונ סטעמפעניונ, ווענ ער איז צוגעגאַנגענ צו איר מיטנ פידל אונטער
דער האַנט אונ מיט אַ שמייכעלע אַפ די ליפנ, — וואָס האָט זי מוי־
רע? פאַר וועמענ דאַרפ זי זיכ באַהאַלטנ? דער שווער, רעב אײַזיק־
נאַפטאָלי, איז פאַרטראָגנ מיט דער כאַסענע: ער גייט זיכ אַרומ
פאַרלייגט די הענט אַרונטער אונ גיט אַכטונג אַפ די סאַרווערס, אַז
זיי זאָלנ זיכ ריידנ גיכער, אונ די שוויגער, דוואָסי־מאַלקע, איז דאָכ
אַזוי פאַרפאָרעט, אַז מע זאָל בײַ איר אַראָפנעמענ דעמ שלייער פונעמ
קאָפ, וואָלט זי אויכ ניט געפילט. פאַרבײַלויפנדיק, האָט זיכ דוואָסי־
מאַלקע אַפילע יאָ אָפגעשטעלט אַ קוק טונ, וואָס טוט דאָ עפעס
סטעמפעניו נעבנ איר שנור? נאָר זי האָט זיכ באַלד באַקלערט: „ווייס
איכ וואָס, נאַרישקײַטנ, זייערע זאַכנ, נאַט אײַכ אַ גראָשנ!"... אונ
איז אַוועקגעלאָפנ ווײַטער קאָמאַנדעווענ מיט די סאַרווערקעס, זיי
זאָלנ טאָנ גיכער. רעב אײַזיק־נאַפטאָלי מיט דוואָסי־מאַלקענ האָבנ
געקאָמאַנדעוועט אויסגעצייכנט. די סאַרווערס מיט די סאַרווערקעס
זענענ אַרומגעפלויגנ ווי די מעשוגאָימ, די מעכוטאָנימ פונביידע
צדאָדימ האָבנ געפילדערט, ווי דער שטייגער איז, דער אוילעמ
האָט זיכ געוואַשנ אונ האָט אָנגעהויבנ צו פאַרכאַפנ ערטער אַפ די
לאַנגע בענק אַרומ די לאַנגע טישנ, אַפ וועלכע עס זענענ דערווײַל
געלעגנ אָנגעגרייט פרישע בולקעס אַ גאַנצע שורע, — פלוצעמ איז

געוואָרנ א גוואַלד: עס איז אויסגעגאַנגענ וואַסער פונ דער דייזיש־קע!

— ווו קריגט מענ ערגעצ וואַסער? — האָט געפרעגט כאָסנס צאַד.

— וואַסער ווו נעמט מענ? — האָט געענטפערט קאַלעס צאַד.

— וואַסער! — האָט געשריגנ דוואָסי-מאַלקע, שוינ א ביסל היי־זעריקלעכ.

— וואַסער, וואַסער! —האָט איר אונטערגעהאָלפנ שרײַענ אײַזיק־נאַפטאָלי, פאַרקאַטשעט די פאָלעס אונ געמיינט, אז ער טוט עפעס.

אינ דער דאָזיקער נײַער מעהומע האָט סטעמפעניו געהאַט די געלעגנהײַט צו שמועסנ נאָכ א ביסל מיט ראָכעלענ, וואָס איז געווענ ערנסט אונ עפעס ווי פאַרטראַכט. אירע שיינע בלויע אויגנ האָבנ געקוקט ווייט־ווײַט, נית אפ סטעמפעניונ, אונ אירע אויערנ האָבנ אויסגעהערט פונ אים א גאַנצ לאַנגנ שמועס.

אונ רעדנ האָט סטעמפעניו געקאָנט. ער האָט גערעדט גוט, דער קאָלבויניק! מיט די רייד האָט ער ארומגענומענ ארום אונ ארום, ווי א גוטער מאַזיק, געקוקט גלײַכ אינ די אויגנ ארײַנ... וואָס זאָג איכ? אינ האַרצנ ארײַנ, טיפ־טיפ אינ האַרצנ ארײַנ.

סטעמפעניו האָט גערעדט, אונ ראָכעלע האָט געהערט, אונ דער ראַש פונ די כאַכענע־לײַט איז געווענ אזוי גרויס, אז מע האָט נית געקאָנט הערנ זייער שמועס, אחוצ די לעצטע עטלעכע ווערטער:

— אָט דאָס איז אײַער מוישע־מענדל? — האָט זי סטעמפעניו א פרעג געטאָנ, אָנגעוויזנ מיט די אויגנ אפ א יונגנמאַנטשיק, וואָס האָט געהאַלטנ א לאַצ פונ א ייִדישער קאַפּאָטע אונ האָט געטײַנעט צו יענעמס לאַצ מיט אלע כושים, מיט אלע אייוורים.

— דאָס איז ער... — האָט אים ראָכעלע געענטפערט אונ איז אָפּגעטראָטנ אפ א זײַט, ווי באַליידיקט.

ראָכעלע האָט זיכ געפונענ באַליידיקט אונ האָט שוינ מער נישט געקוקט אפילע אינ יענעמס ווינקל, ווו די קלעזמער זענענ געזעסנ. סטעמפעניו האָט נאָכדעמ לאַנג ארומגעפאַדקעוועט ארום איר, — נאָר עס האָט אים גאָרנישט געהאָלפנ. מע קאָנ בעפירעש זאָגנ, אז ער איז איר נימעס געוואָרנ, נימעס־אומאָעס, אָט דער סטעמפעניו מיט זײַנ אזעסדיקנ קוק אונ מיט זײַנע אלע גענג... „פע, ס׳איז א כאַרפע, א בושע, אז א ייִדישע טאָכטער זאָל גאָר שטיינ אינ זײַנע ד׳ אמעס“ [1]...

---

1 דאַלעד־אמעס — פיר איילנ. געמיינט: נאָענט לעבנ אים.

אזוי קלערט זיך ראָכעלע, צוגייענדיק צוריק צו דער קאַלע, און איז שוין פאַרטיק צו פאַרגעסן, אז ס'איז דאָ א סטעמפּעניו אף דער וועלט. נאָר — שאַ! וואָס איז דאָרט פאַר א גערודער פּלוצעם? סטעמפּעניו שפּילט שוין ווידער א וויינענדיקס, און די קאַפּעליע האַלט אים אונטער; אוים ליאַרעם, אוים געפּילדער! יידן ווערן פאַרטראַכט, ווייבער ווערן אנשוויגן, יינגלעך, מיידלעך קלעטערן ארויף אף די בענק און אף די טישן—אַלע ווילן הערן סטעמפּעניון. איציק־נאַפטאָלי האַלט דעם קאָפּ אף א זייט און הערט זיך איין, ווי א גוטער מיוחס. דוואָסי־מאַלקע, ווי זי איז געשטאַנען מיטן זיידן טיכל פאַרבונדן ארונטער, מיט א טעלער אין דער האַנט, אזוי איז זי געבליבן שטיין אין דער פּאָזע. און אפילע די סאַרווערס מיט די פאַרקאַטשעטע פּאָלעס און די סאַרווערנס מיט די אונטערגעשטעקטע קליידלעך זענען אויך געבליבן, ווי פאַרגליווערט, אף זייערע ערטער אינמיטן שטוב. און סטעמפּעניו האָט זיך צעגאָסן אפן פידעלע מיט אזעלכע טרויעריקע, אומעטיקע געזאַנגען, אז דער עולם איז געבליבן אָן אָטעם. געשטאָרבענע, טאַקע פּאָשעט געשטאָרבענע, טויטע מענטשן!.. דאָס האַרץ ווערט פול, צעווייקט, און עס שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. יידן זיפצן, יידן קרעכצן, יידן וויינען... און סטעמפּעניו? — ווער סטעמפּעניו? וואָס סטעמפּעניו? מע זעט אים גאָר ניט, מע זעט ניט קיין סטעמפּעניו, מע זעט ניט קיין פידעלע; מע הערט נאָר די זיסע קוילעס, געטלעכע געזאַנגען, וואָס פילן אָן די שטוב... און ראָכעלע די שיינע, וואָס האָט נאָך ביז היינט ניט געהערט סטעמפּעניוס שפּילן, שטייט און הערט זיך צו צו די קישעפדיקע געזאַנגען, צו די זעלטענע קוילעס — און פאַרשטייט נישט, וואָס דאָס איז? עפּעס ציט דאָס איר דאָס האַרץ, עפּעס גלעט דאָס זי, נאָר וואָס דאָס איז — פאַרשטייט זי ניט. זי הייבט אוף די אויגן און קוקט אהין, פונוואַנען עס גיסן זיך די וווּנדערלעכע מעלאָדיען, און דערזעט א פּאָר וווּנדער־שיינע, שוואַרצע אויגן, וואָס קוקן גלייך אף איר, גלייך אף איר, וואָס נעמען זי דורך, ווי צוויי שאַרפע שפּיזן; די וווּנדער־שיינע שוואַרצע פייערדיקע אויגן קוקן אף איר און ווינקען צו איר און רעדן מיט איר... ראָכעלע לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ און זעט די וווּנדער־שיינע שוואַרצע פייערדיקע אויגן, ראָכעלע קוקט אף אַלע זייטן — און זעט אַלץ אָט א יענע וווּנדער־שיינע שוואַרצע פייערדיקע אויגן...

VI

## נאָכ דער „כופּע־וועטשערע“

די „כופּע־וועטשערע“ האָט זיכ שוינ לאַנג געענדיקט, עס איז שוינ נאָכ אַלע „וויוואַטנ“, נאָכ דעם „דראָשע־געשאַנק“, נאָכ דעם „קאָשער־טאַנצ“ — דער אוילעם הוליעט, יעדער דינגט א טאַנצ, מע כאַפּט א פרייליעכס; רעב יאָנטל דער שוויכעט גייט א „קאָזאַקל“, אונ אַקעגנ אימ צעלאָזט זיכ מיט גרויס קוראַזש די מעכוטענעסטע אַליינ מיט איר גראָבנ בויכ, מעכילע, אונ דער גאַנצער אוילעם פּליעסקעט אונטער רעב יאָנטלענ, וואָס זעט גאָר ניט, אז ער טאַנצט מיט א בעקיווע אונ מאַכט „פּריסיאַדקעס“, ווי א כוואַט, אונ אַקעגנ אימ העצקעט זיכ די מעכוטענעסטע מיט די הענט „פּאָדבאָקאָמ“ אונ שמייכלט צו רעב יאָנטלענ מיט א ברייטנ שמייכל איבערנ גאַנצנ ברייטנ פּאָנעם, ווי די לעוואָנע אינ האַלבנ כוידעש... שפּעטער ווערט נאָכ פרייליעכער. מע טאַנצט שוינ, מעכילע, אינ איינע טאַכטויניִמ. אײַזיקבאַפּטאָלי שטייט שוינ אָנ א קאַפּאָטע, מיט די ברייטע ווײַסע אַרבל. מע האָט אימ לאַנג געשלאָגנ, ביז ער האָט מאַסקימ געווענ אויסצוטאָנ די קאַפּאָטע, אונ אפנ קאָפּ האָט אימ עמעצער אָנגערוקט א קאַפּעליוש ביז דער נאָז — אונ אַלע לאַכנ פונ אימ מיט פאַרשיקערטע אויגנ, אפילע זײַנ אייגענער זונ מוישע־מענדל (ראָכעלעס מאַנ) שלעפּט אויכ דעמ טאַטנ פאַר אנ אַרבל „אינ קאָנ אַרײַנ“.

— פּאָלקעס, פּאָלקעס! — שרײַט מוישע־מענדל, שפּרינגט ביז דער סטעליע.

די קלעזמער שפּילנ שוינ אַליינ, אָנ סטעמפּעניונ. צווישנ דער דאָזיקער כעוורע איז געוואָרנ גאָר העפקער. דאָס גאַנצע רעדל פירט איינער פונ די געשוואָלענע יונגענ מיט די גרויסע ציינ. דער שוואַרצער קאָלטענעוואַטער רעב שנייער־מייער דער אונטערהאַלטער (סעקונדע) דרימלט, רעב יאָקל קאָנטרבאַס שלאָפט. באַר יונגוואַרג אַרבעטנ אפ אַלע קיילימ, אונ מער פונ אַלע האָרעוועט נעבעכ מעכטשיפּײַקלער: ער קאָכט אפנ פּויק, ווי א גאַזלענ. זײַנ גאָל קעפּל האָט ער באַהאַלטנ אינ באַראַבאַנ אַרײַנ, אונ מע זעט נאָר, ווי ער אַרבעט מיט די פּלייצעס, צוטופּענדיק מיט די קרומע פיסלעכ. אונ סטעמפּעניו? סטעמפּעניו שאַרט זיכ אַרומ די יונגע ווײַבלעכ אונ נאָכ מער — אַרומ ראָכעלענ.

— שוויגער, קומט לאָמיר גיינ אהיימ! — זאָגט ראָכעלע צו דוואָ־

סי־מאַלקען, וואָס שטייט און באַטראַכט אײַזיק־נאַפּטאָליס מיט די יוניסע אָרבל און מיטן קאַפּעליוש.

— קומ, טאָכטער, קומ! מאָרגן איז אַ מאַרק, דאַרף מען זיך אָפּ־רוען. זע נאָר, ווי זיי האָבן זיך אַ ביסל צעהוליעט!

און דוואָסי־מאַלקע גייט מיט ראָכעלען אהיים.

דער טונקל־בלויער הימל ווערט איבער אייך זײַט אַ ביסל העלער, ליכטיקער. עס שאַרןעט אָפּ טאָג. עס טוט אַ קריי אייך האָן, און צען אַנדערע האָנען ענטפֿערן אים. ווײַט־ווײַט לאָזט זיך הערן דאָס בילן פֿון אַ הונט. אַלע שטיבעלעך, אַפֿילו בײַ די גוייִם, זענען נאָך צוגע־מאַכט, נאָר בײַ אייך הערש־בער דעם שויכעט לײַכט זיך: הערש־בער דער שויכעט שטייט אויף אַ שאָ פֿאַר טאָג לערנען „פֿאַר זיך".

— וואָס זאָגסטו, ראָכעלע, אָפּ גנעסים טאָכטער, ווי זי האָט זיך עס אַ ביסל אויסגעסטראָצלט? ביסט אַ מיווּן אָפּ איר?

נאָר ראָכעלע ענטפֿערט איר גיט דערויף. ראָכעלע איז פֿאַרנומען מיט אירע אייגענע געדאַנקען. ווער ווייסט, וואָס און וועגן וועמען זי טראַכט אַצינד?..

— שווינגער! — זאָגט ראָכעלע פּלוצעם. — אָט דאָס הער איך ־־אָס ערשטע מאָל אָפּ מײַן לעבן סטעמפּעניוס שפּילן.

— גיי שוין גיי, קינד, נאַ דיר נאָר דאָס ערשטע מאָל! — ענט־פֿערט איר די שווינגער, — נו, און בײַ אײַער גוויר רעב לייבצי אַוור־רצים־הערשס? און בײַ רעב בעבעמיע ביק? און בײַ סאָרע בענציענס? און באַם רעבן אלייען?

— איך געדענק נישט, — ענטפֿערט ראָכעלע, — איך האָב נאָר געהערט — סטעמפּעניו, סטעמפּעניו, און געזען האָב איך אים נים.

— נו, ס'פֿאַרשטייט זיך, ביסט נאָך דעמלט געווען.. וואָס ביסטו געווען? אַ פּיסקליא ביסטו געווען, ווען סטעמפּעניו האָט געשפּילט אין סקווירע באַם רעבן די כאַסענע. אַ כאַסענע איז דאָס געווען — אָפּ אַלע מײַנע ליבע, ריבוינע־שעל־אוילעם! אַ היפּש שטיקל כאַסענע! קאָנסט זיך מעלדן, אַז איך האָב דעמלט געטראָגן, סאַמע מיט יאָר־סעלען האָב איך געטראָגן, און בין געווען, הייסט דאָס, און בין גע־וועזן, אַזוי גרויס, ווי אין זעקסטן.... האָ? ניין, אין אַכטן כוידעש טאַקע... וואָהין גייסטו דאָס, ראָכעלע? אָט איז דאָך אונדזער שטוב, און דו ביסט פֿאַרקראָכן גאָר צו גנעסין — ס'אַ גראַם, כע־כע!

— זעט נאָר! — ענטפֿערט ראָכעלע, ארומקוקנדיק זיך אָפּ אַלע זײַטן. — אַ שיינע מײַסע, כ'לעבן, כאַ־כאַ־כאַ!

אונ לאכנדיק, זײַנענ די שוויגער מיט דער שנור אהיימגעקומענ צו זיכ אהיים, זיכ צולייגנ אפ א פאָר שאָ אָפּרוענ, דענ מאָרגנ פרי שמעלט זיכ אויס א גרויסער מארק אינ מאזעפעווקע, קימאט א גאנצער יאריד.

# VII

## ראָכעלע קאָנ ניט אנשלאָפנ ווערנ

האָט איר געהערט אַזא אומגליק? — ראָכעלע קאָנ ניט שלאָפנ! זי קאָטשעט זיכ אפ אלע זײַטנ, זי דעקט זיכ צו אונ דעקט זיכ אָפּ — ניטאָ קיינ שלאָפ אפ איר! וויפל זי פלײַסט זיכ, אשטייגער, נישט צו טראכטנ וועגנ אימ, וועגנ סטעמפּעניונ מיינ איכ, — אונ ער קריכט איר אלצ פאר די אויגנ, דער גוטער־יאָר ווייסט אימ וואָס אונ וועננ! זי מאכט צו די אויגנ שטארק־שטארק — אונ דערזעט אימ מיט זײַנע וואונדער־שיינע שווארצע פײַערדיקע אויגנ, ווי זיי קוקנ גלײַכ צו איר, ווי זיי ווינקענ צו איר, ווי זיי רופנ זי צו זיכ... „א, ניט געדאכט זאָל ער ווערנ!.. — מוישע־מענדל זאָל כאָטש זײַנ!" קלערט זי זיכ. זי עפנט אופ די אויגנ אונ דערזעט סטעמפּעניונ מיטנ פידעלע, אונ עס מאָלט זיכ איר אויס, אז זי הערט נאָכ דאָס שיינע זעלטענע שפּילנ... „אָכ, א מינ שפּילנ, נו, נו! ניט אומזיסט דערציילט מענ זיכ אָנ וועגנ אימ אזעלכע וואונדערלעכע מײַסעס"... אונ ראָכעלע דערמאָנט זיכ אָנ אלע יענע שיינע מײַסעס, וואָס זי האָט זיכ אָנגעהערט וועגנ אימ, נאָכ בעשאס זי איז געגאנגענ אינ כיידער זיכ לערנענ שרײַבנ צו מאָטל שפּרײַז דעמ מיידלשנ שרײַבער, בעשאס זיי זענענ געזעסנ אינ סקווירע. אָט דאָרט האָט זי זיכ דאָס אָנגעהערט פונ אירע כאווערטעס מײַסעס, ווי אזוי סטעמפּעניו האָט אמאָל אָפּגערעדט א קאלע פונ א כאָסנ, אונ די קאלע איז פאר ביזאָיענ געשטאָרבנ, אונ מע האָט געשטעלט אפ איר א שווארצע כופּע... ווי אזוי סטעמפּעניו האָט אמאָל אָפּגעטאָנ א מיידל דערפאר, וואָס זי האָט אימ אָנגערופנ מיטנ נאָמענ שארלאטאנ... ווי אזוי סטעמפּעניו האָט אמאָל געשפּילט א כאסענע בא א גרויסנ פּאָריץ, א גראפ; ווי דעמ גראפס טאָכטער, די פּאניענקע, א זעלטענע שיינהײַט, האָט זיכ אינ אימ אײַנגעקאָכט אונ האָט געזאָגט: איינמאָל פאר אלעמאָל — דער טויט זאָל איר זײַנ אונ סטעמפּעניונ וויל זי... דער גראפ, אז ער האָט דערהערט אזא מײַסע, האָט ער מיט אימ אײַנגעטײַנעט, פריִער מיט בייזנ, דערנאָכ מיט גוטנ, אונ לעסאָפ האָט ער אימ צוגעזאָגט דרײַ דערפער, אבי ער זאָל זיכ איבערקערנ אונ נעמענ זײַנ טאָכטער, די

פאניעניקע, פאר א ווײַב. נאָר סטעמפעניו האָט אים געענטפערט אויף פראנצויזיש (סטעמפעניו האָט געקענט דײַטש און פראנצויזיש), אז ער מע אים אָבשיטן א פולע שטוב מיט רענדלעך, וועט ער זײַן רענדל נישט איבערבײַטן (און דערפאר איז ער געווען בײַ אלע ערלעכע יידן, אפילו בײַם רעבן, אזא כאָשעוו). און די פאניעניקע, אז זי האָט דאָס דערהערט, האָט זי זיך מיטן אָנטון ארײַנגעוואָרפן אין טײַך ארײַן...

און נאָך פיל וואונדערלעכע מעשׂים, וואָס עס נעמט אָן א שרעק, נאָר אויסהערנדיק זיי...

— נאָך האָט זיך ראָכעלע דערמאנט, וואָס זי האָט געהערט פון אירע באוואוסטע, אז סטעמפעניו האָט אזא מין פלעשעלע „ליבע־טראָפן"...

„ליבע — ליובקע, קאָך לאָקשן!" — האָט זיך ראָכעלע געקלערט, ד'ערמאנט זיך אָן די אלע שיינע מעשׂים. — „גא דיר א גראָשן פאר דער גאנצער ליבע! מײַן מוישע־מענדל, גישקאָשע, האָט מיך ליב אָן „ליבע־טראָפן". און איך אים? איך מוישע־מענדלען?"...

און ראָכעלע קערט זיך איבער אויף דער אנדערער זײַט, מיטן פּנים צו דער וואנט, און טראכט וועגן דעם גאנץ שטארק. דאָס ערשטע מאָל איז איר ארופגעקומען אויפן קאָפּ אזא מאכשאָווע: „אָט האָסטו דיר די אנדערע טעג יאָמטעוו! וואָס עפּעס מיצקע־דריבנע ליב־שמיב? פײַנט געווים ניט!"...

און בעעמעס טאקע, פארוואָס זאָל זי אים פײַנט האָבן? מוישע־מענדל איז, כאָלילע, ניט קיין מיעסער יונגערמאן, א ביסל פון דער נײַער וועלט, די פּייעס פארשארט ארונטער, לייענט א בלאט, מאכט שיין קידעש, האָט ליב צו זאָגן א ווערטל, מיט יונגעלײַט א שטיפּ טאָן — גאָר א פײַנער יונגערמאן. עמעס, צו איר, צום ווײַב, איז ער נאָך א ביסל ווילד, רעדט מיט איר קיינמאָל נישט קיין צוויי גאנצע ווערטער, עפּעס נאָר מיט א ווערטל און מיט א דריי זיך אויס אָדער אין בעסמעדרעש, אָדער אין מארק. ער זאָל זיך עס אמאָל, אויף א ציקאוועסט, אנידערזעצן מיטן ווײַב, ווי בײַ לײַטן פירט זיך, רעדן, שמועסן, גלאט אזוי, — דאָס נײַן. א ווילדע ציג!

אוי, נײַן דאָס האָט ראָכעלע געמיינט קאלעווײַז! ראָכעלע, אז זי איז א קאלע געוואָרן, האָט זיך איר אויסגעוויזן, אז אלע זענען איר מעקאנע אויף איר כאָסן; אז אזא מוישע־מענדל (אך, איז ער געווען שיין כאָסנווײַז!) איז נאָר דאָ איינער בײַ גאָט און דער אנדערער בײַ איר — און זי וועט דאָס זײַן איינע א גליקלעכע... און צום סאָף? צום סאָף זעט זי, אז אירע אלע באוואוסטע לעבן טאקע א גוטן טאָג: די איז ערגעץ מיט איר מאן אין א גרויסער שטאָט און

שרייבט פונ דאָרט אזעלכע בריוולעכ, וואָס עס לאָזט זיכ אוים די וועלט, אונ יענע איז שוינ אליינ א באַלעבאָסטע; אפילע באַנע־מירל, וואָס האָט באַסענע געהאַט פאַר אנ אלמענ מיט פינפ קינדער אונ וואָס האָט אזוי אײַנגעלייגט די וועלט, איז אויכ גליקלעכ. אונ זי? אונ ראָכעלע?.. אָכ, ניטאָ וואָס צו רעדנ. א גאַנצע וואָכ זיצ פאַר־שפאַרט, ווי אנ אָפּ אינ א שטײַג; עס, טרינק אונ שלאָפ! דער שווער אונ שוויגער לאָזנ ניט אָטעמענ: טאָג אונ נאַכט נאָר ראָכעלע אונ ראָכעלע! אונ מוישע־מענדל מיט זײַנע גענג, מיט זײַנע ווערטלעכ, גלײַכ ווי זי וואָלט געווענ בא אים א ווייס־איכ־וואָס... שאַ! אָנ קלאַפּט עמעצער אינ דער טיר. דאָס קער אַוואַדע זײַנ מוישע־מענדל. די שווי־גער גייט אים עפענענ.

— מוישע־מענדל!

— הא, וואָס?

— ס'איז דו, מוישע־מענדל? — פרעגט אים די מוטער.

— נו, א טענצל, ימאַכ־שמוי, ברררר...—ענטפערט איר דער זונ.

— וואָס לעפּעטשעסטו, מוישע־מענדל? — זאָגט ווידער צו אים די מוטער. — טו זיכ אוים אונ לייג זיכ שלאָפנ.

— ימאַכ־שמוי, גוט געטרונקענ, בערל־מענאַשע, כאַ־כאַ־כאַ!

— גאָט איז מיט דיר, מוישע־מענדל! וואָס פּלאַפּלסטו? — זאָגט צו אים דוואָסי־מאַלקע, אויסרײַבנדיק א שוועבעלע.

— איר הערט דענ ניט, שוויגער, אז ער איז שיקער־לאָט? — זאָגט צו איר ראָכעלע, — צינדט אים דאָרט אָנ א ליכט, זײַט מויכל, ער וועט זיכ ברעכנ רוק־אונ לענד.

— כיללל... נאָכ א גלעזל, ימאַכ־שמוי!..

מיט די דאָזיקע האַלבע ווערטער פאַלט מוישע־מענדל אַנידער בא זיכ אינ בעט אונ ווערט גיכ אנשלאָפנ מיט א שרעקלעכ כראָפּעריי. דוואָסי־מאַלקע ווערט אויכ אנשלאָפנ. די קליינע קינדער שלאָפנ שוינ לאַנג. עס סווישטשעט אונ עס פּײַפט אינ אלע ווינקעלעכ. אלע שלאָפנ געשמאַק אינעם דאָזיקנ שטיבל, נאָר איינ ראָכעלע קאָנ ניט אנשלאָפנ ווערנ. כאָטש נעמ טו זיכ אָנ א מײַסע — ניטאָ קיינ שלאָפ!.. די לע־וואָנע שײַנט ארײַנ דורכ א פענצטער, אונ א לאַנגע ווײַסע פּאַסמע פונ איר ליכטיקײַט פאַלט אפנ בעטל, אפ וועלכנ מוישע־מענדל ליגט צעוואָרפנ מיטנ פּאָנעם ארופ, דאָס מויל אָפנ, די אויגנ פארגלאָצט, דער האַלדז פאַריסנ, אונ א קנאָפּ, א שאַרפער קנאָפּ, שטעקט ארוים פונעם גאָרגל, אז עס איז א מיעסע זאַכ צו קוקנ.

ראָכעלע וויל ניט קוקנ — אונ קוקט פאָרט; קיינמאָל האָט איר

מוישע־מענדל נישט אויסגעוויזנ אזוי העסלעכ, ווי אציִנד, ווי אינ דער דאָזיקער נאכט. אונ, נישט ווילנדיק, האָט זי אימ פארגלייכט מיט אנ אנדערנ, מיט א יענעמ יִמאַכ־שמוייניק סטעמפעניו... אונ דאָס איז דער אייגענער מוישע־מענדל, וואָס פריִער? וואָס אמאָל, בע־שאָס כאָסנווען, מיט זיינ שיינ ווייס פּענעמל, מיט זיינ זיס שמיי־כעלע, מיט זיינע פרייליכע אייגעלעכ, מיט זיינ גלייכ שטעלטל, מיט זיינ גענגל אונ מיט אלע זיינע בענימעסדיקע פאָסטעמקעס, מיט זיינע קלוגע גלייכווערטלעכ? אָט דאָס איז יענער מוישע־מענדל?..

אונ דאָ האָט אימ ראָכעלע, ניט ווילנדיק, ווידעראמאָל פארגלייכט מיט אנ אנדערנ, מיט סטעמפעניונ...

אוועקט, אוועקט, פינצטערע מאכשאָוועס, פונ א יידישער טאָכ־טער!

## VIII

## צומ „שלייער־ווארמעס"

אפ מאָרגנ, אז כייענע די שאמעסטע איז געקומענ צו דוואָסי־מאלקענ זאָגנ, אז די מעכוטענעסטע מיטנ כאָסנ, מיט דער קאלע, מיט אלע מעכוטאָנים האָבנ געלאָזט בעטנ צומ שלייער־ווארמעס, איז שוינ ראָכעלע געווענ אויסגעשלייערט אונ אָנגעטאָנ נאָכ דער לעצטער מאָדע פונ רעב דאָוויד מעכאניק דעמ זשענסקי שניידער: א בלוי זיידנ מאלבעש, הימל־קאָליר, מיט ווייסע קרוזשעווקעס אונ מיט גאנצ ברייטע ארבל, ווי מע האָט דעמלט געטראָגנ אינ מאזעפעווקע, ווי די מאָדע האָט פארשפעטיקט אפ עטלעכע יאָר; אפנ קאָפ א בלוי זיידנ טיכל, אזשורנע ארבעט, אזוי, אז מע האָט געקאָנט אויסזענ דעמ גאנצנ שלייער מיט די צעפ... נאָר פרעמדע צעפ; די אייגענע בלאָנדע האָר זענענ שוינ בא ראָכעלענ פונ לאנג באהאלטנ, פארבאָרגנ אפ טאָמיד, אפ אייביק! עטלעכע שנירעלעכ פערל אפנ האלדז, אפנ ווייכנ, אפנ שיינעמ האלדז. א גרויסע גאָלדענע קייט, א בראָש, בראַס־לעטנ, פינגערלעכ, אוירינגלעכ — די גאנצע יידישע צירונג, דער גאנצער יידישער מאיאָנטעק.

אנ אויסגעשלייערטע איז ראָכעלע געזעסנ בא זיכ אינ כיידער, ווו מוישע־מענדל איז נאָכ געלעגנ אינ דער נעכטיקער פאָזע, מיטנ גאָרגל ארופ אונ מיט אנ אָפנ מויל, אונ האָט געהאלטנ אינ איינ כראָפענ.

„אכ, וואָס פאר א גרויסער כילעק עס איז צווישנ די צוויי מוישע־

מענדלענ, דאָס הייסט צווישנ מוישע-מענדל דעמ כאַסנ אונ מוישע-מענדל דעמ מאַנ: יענער מוישע-מענדל איז עפּעס געווענ מיט אַזוי-פיל כיינ, זײַנע אויגנ האָבנ געלײַכט, ווי האַוודאָלעס, זײַנ קאָל איז געווענ צוקער-זיס, זײַנע אַלע פּאָסטעמקעס זײַנענ געווענ אַזוי אָנגענעמ, אַזוי ליבלעכ! אונ דער מוישע-מענדל? עפּעס אַזוי מעשונע לאַנג אונ שמאָל, אונ כאָטאָלעוואַטע, אונ א געל בערדל שיט זיכ אימ. פונוואַנענ האָט זיכ צו אימ גענומענ אַזא צאַפּנ-בערדל?".

אונ נישט ווילנדיק שטעלט זי זיכ פאָר אַלצ אָט א יענעמ קאָל-בויניק, וואָס האָט זי א גאַנצע נאַכט ניט געלאָזט שלאָפנ — א ריינער אומגליק! „איכ בינ אַליינ שולדיק, — קלערט זיכ ראָכעלע, — איכ בינ אַליינ שולדיק: פּלוצעמ גא דיר גאָר אַזא שלימאַזל, א סטעמפּע-ניו! ווער שטעלט זיכ דאָס אָפּ פּלוצעמ רעדנ מיט א קלעזמער? פע, ביזיווינעס! אונ וואָס וואָלט מענ געקאָנט אָפּ מיר זאָגנ, ווענ מע זאָל מיכ זענ שטיינ אונ רעדנ מיט אימ? א מאַראָכע, וואָס ס'איז געווענ אַזא געפּילדער. אונ וואָס וואָלט מוישע-מענדל געזאָגט?"...

אונ מיט א שמייכל איז ראָכעלע צוגעגאַנגענ צו מוישע-מענדלס בעט אונ האָט זיכ אײַנגעבויגנ איבער זײַנ קאָפּ אונ האָט אימ אָנגע-רופנ באַמ נאָמענ. מוישע-מענדל האָט אופגעעפנט די גרויע אויגנ אונ האָט לאַנג געקוקט אונ האָט ניט פאַרשטאַנענ, וואָס ער זעט פאַר זיכ.

— מוישע-מענדל! — האָט אימ ראָכעלע געזאָגט, אָנגעבויגנ זיכ אײַנגאַנצנ צו אימ. — מוישע-מענדל! דו דערקענסט מיכ ניט צי וואָס? קוק אימ אָנ, ווי ער באַטראַכט מיכ א ביסל! איכ בינ דיר, אַפּאָנעמ, געפעלנ אינ שלייער?

— אײַ, לאָז צורו, וויל שלאָפנ!.. — אונ מיט די ווערטער דרייט זיכ מוישע-מענדל אויס מיטנ פּאָנעמ צו דער וואַנט אונ לאָזט ארויס א מעשונע-ווילד כראָפּערײַ.

— די מעכוטענעסטע אונ כאָסנ-קאַלע אונ אַלע מעכוטאָנימ האָבנ געלאָזט בעטנ אײַכ מיט אײַער שוויגער אונ מיט אײַער מאַנ אָפּנ „שלייער-וואַרמעס".

אַזוי רופט אויס כיענע די שאַמעסטע, ארײַנגעשטעקט דעמ קאָפּ אינ דער טיר ארײַנ, נאָר דערזענ, ווי ראָכעלע שטייט איבערנ מאַנס צוקאָפּנס, טוט זי זיכ א וואָרפ צוריק.

---

ראָכעלע האָט געטראָפנ די קאַלע נאָכ ניט קיינ אויסגעשלייערטע. ביידע באַוווערטעס(?) האָבנ זיכ צעקושט, אונ עס א'ז צווישנ זיי גיב

פארבונדן געוואָרן א גאנצע וואַרעמער שמועס, ווי עס דארף צו זיין צווישן צוויי יונגע ווייבלעך.

דער אוילעם האָט זיך געקליבן ביסלעכווייז, און די סאַרווערס מיט די סאַרווערקעס האָבן באַדעקט די טישן מיט קאַל־טאַוו: מיט לעקעך און מיט איינגעמאַכטס, מיט קומיש־ברויט און מיט מאַנדל־בייגעלעך און מיט שטרודלען אַלערליי. די נעכטיקע שאַמאַסים מיט די נעכטיקע אָרעמעלייט זענען שוין אויך דאָ. דער מעכוטן, כאַזמ־בענציען, לויפט ארום אין אויסגעצוואָגענער מיט א סאַמעטן קאַש־קעטל און די מעכוטענעסטע איז שוין הייזעריק, ווי די וואַנט; דאָך הערט זי ניט אויף צו פּאַראַדקעווען, טרייבט דעם אהער און דעם אהין און שרייט מיט די לעצטע קויכעס:

— איר ווילט מיך אומגליקלעך מאכן, סאָנע־ציון! איר נעמט און שטעלט אוועק א בעקן מיט טאָרט און מיט איינגעמאַכטס דאָרט, וווּ עס דאַרף גאָר שטיין דאָס פלעשל בראָנפן מיט די גלעזלעך, ווינד איז מיר און וויי איז מיר! גיי צערייס זיך! נא דיר א כאַסענע! קאָסט א גרודע גאָלד, און צום סאָף—נא דיר! אפילו די קלעזמער זענען נאָך אויך ניטאָ! מאַקע נאָר א מייסע קומט זיך אָנצוטון און געבוין!

— שאַ, לאָז זיין שטיל! — שרייט כאַזמ־בענציען דער מע־כוטן. — וואָס פילדערסטו אזוי? מע ווערט פון דיר ניט גליקלעך! זי טוט גאָרניט און שרייט! וואָס שרייסטו וואָס? א נאָווינע בא דיר א קינד כאַסענע מאכן? דאָס ערשטע מאָל צי וואָס? קוק זי אָן, זי כריפּעט אזש! צונויפגעראָפן געסט מיט קרויווים א גאנצע שטאָט און לויפט ארום און שרייט! מאָמער ווייסטו וואָס?

— ווער שרייט, מעשוגענער קויהען? ווער שרייט?

— איך וויים, ווער סע שרייט? אדעראבע, זאָג שוין אליין!

— איך שריי ניט; סע דו שרייסט.

— איך שריי שוין? אזוי? גאָר פארקערט?

— אָט שרייסטו דאָך, כאַזמ־בענציען, וואָס איז דאָס דיר אָנגע־קומען אזעלכס?

---

— א גוטער מאָרגן זאָל קומען אפן מעכוטן מיט דער מעכוטע־נעסטע, אפן כאָסן מיט דער קאַלע, אף אלע מעכוטאָנים פון ביידע צדאָדים און אף אלע ליבע פריינט, וויוואט — גאנצע פּיאַ אויסגע־שפּילט!..

מיט העמ הילכיקן אויסרוף פון כייקל באַדכן האָבן זיך די קלעזמ

מער געקומענ צו די קיילימ, אונ די באסענע איז געוואָרנ ווידער א באסענע! דער אוילעמ האָט זיכ גענומענ אויסוואשנ די הענט אינ די פּאָלעס, פארקאטשענ די ארבל אונ ערשט באכאפּט זיכ וואשנ, נע-זעצט זיכ צומ טיש פראווענ דעמ „שלייער-וואַרמעס" — אונ דאָ האָט זיכ סטעמפעניו גענומענ דאָס פידעלע אונ האָט איבעראנײַס געמאכט אַלע גלעכטיקע קונצנ נאָכ מיט עטלעכע צוזעצלעכ אונ מיט א צוויי-דרײַ נײַע שטיקלעכ, פונ וועלכע דער אוילעמ האָט געגאפט אַפּ די נעגל אונ איז געווענ אויסער זיכ. אַלע אויגנ האָבנ געקוקט אַפּ אימ, אַפּ סטעמפעניונ; נאָר איינ ראָכעלע האָט נישט געקוקט אינ יענעמ ווינקל — אינ דאָכ האָט זי אימ געזענ, אונ דאָכ האָט זי געפילט, אַז ער קוקט אַפּ איר... ערשט דעמלט, אַז סטעמפעניו האָט דאָס פידעלע אוועקגעלייגט אונ צווישנ אוילעמ איז געוואָרנ א הורחא, — ערשט דעמלט האָט ראָכעלע אופגעהויבנ אירע בלויע אויגנ אונ האָט דער-זענ... סטעמפעניונ.

— וואָס זאָגט איר אַפּ אימ? — האָט זיכ צו איר געווענדט די קאלע, וואָס האָט ביז אַהער געשוויגנ.

— אַפּ וועמענ? — האָט זי ראָכעלע געפרעגט ביטמימעס.

— אַפּ סטעמפעניונ; א שײַנער קאַלבוינִיק?..

ראָכעלע האָט איר גאָרנישט געענטפערט דערויפ. זי האָט דער-פילט, אַז די פארב קומט איר צו אינ פּנעמ ארײַנ. די קאלע האָט דאָס באמערקט אונ האָט זי א פרעג געטאָנ:

— ס'איז אײַכ הייס, ראָכעלע? אײַאָ, ס'איז אײַכ הייס?

— יאָ, הייס, שרעקלעכ הייס! איכ וועל ארויסגיינ אַפּ א מינוט אינ דרויסנ זיכ אָפּקילנ, — האָט איר ראָכעלע געענטפערט אונ איז ארויסגעגאנגענ פונעמ טיש, באגעגנט זיכ אַפּ יעדנ טריט מיט א סארווער אָדער א סארווערקע, וואָס האָבנ איר אָפּגעטראָטנ דעמ וועג מיט גרויס קאָווענ, נישט אזוי צוליב איר, ווי צוליב איר זײַדנ מאל-בעש. נאָר נישט אזוי גיכ האָט זי געטראָפנ צו דער טיר, דענ, ערשטנס, האָט זי באדארפט דורכשפּארנ זיכ דורכ די קלעזמער, וואָס האָבנ זי באטראכט „מיט אויגנ" אונ האָבנ זיכ דורכגעוואָרפנ אַפּ זייער לאָשנ: „קליווע יאלדאָווקע, מע דארפ טירעג מיט צוזעניכע"... אונ אַז זי האָט זיכ באגעגנט מיט סטעמפעניוס אויגנ, האָט זי דער-פילט עפּעס א מינ הארצ-קלאפּעניש, וואָס זי האָט נאָכ ביז אַהער קיינמאָל נישט געפילט; דערפונ איז זי געוואָרנ נאָכ רויטער אונ האָט דערפילט א שרעקלעכע היצ אינ פּנעמ, ווי א מענטש, וואָס גייט אַפּ א סרייפע סאמע באמ רעכטנ פײַער. צו די צאָרעס האָט זי זיכ נאָכ

געדאַרפט באַגעגענענ מיטנ מעכוטנ רעב כאַיִמ־בענציִענ, שוינ קימאַט באַ דער טיר, אונ דאָ האָט זיכ אָנגעהויבנ אַ נײַע כאַסענע: רעב כאַיִמ־בענציִענ איז געווענ אַ ייִד — אַ כאָסיד אונ האָט געציטערט פאַר אַ נעקייווע שרעקלעכ. אַז ער האָט זיכ באַגעגנט פּלוצעמ מיט ראַכעלענ, האָט זיכ רעב כאַיִמ־בענציִענ באַדאַרפט, אייגנטלעכ, אַ וואָרפ טאָנ צוריק, ווי דער שטײַגער איז, נאָר, מײַסע־סאַטנ, האָט ער זיכ גאָר אַ נעמ געטאָנ רעכטס, אונ אַזוי ווי זי, ראַכעלע, איז אויכ געגאַנגענ רעכטס, איז אָפּגעגאַנגענ אַ האָר, זײ זאָלנ זיכ צעבוצקענ. לאַכיינ איז רעב כאַיִמ־בענציִענ געפאַלנ אַפ אַנ אייצע אונ האָט זיכ באַלד אַ כאַפּ געטאָנ לינקס; צומ אומגליק איז זי אויכ געפאַלנ אַפ דער זעל־בער אייצע אונ האָט אויכ גענומענ לינקס. דאָ האָט רעב כאַיִמ־בענ־ציִענ באַלד פאַרשטאַנענ, אַז מע דאַרפ זיכ ראַפּטאָמ אַ לאָז טאָנ טאַ־קע נאָר רעכטס, נאָר ביז ער האָט זיכ אַ ריר געטאָנ, איז אימ שוינ ראַכעלע געשטאַנענ אַקעגנ, ווי אַפ צולאָכעס — אונ גאָט ווייסט ביז־וואַנענ זײ וואָלטנ אַזוי אַרומגעטאַנצט, ווענ אַפ זייער גליק זאָל ניט געווענ אָנקומענ די הײַזעריקע מעכוטענעסטע אונ ניט שטעלנ זיכ אויסטײַנענ מיטנ מעכוטנ, אַפ זייער געוויינלעכנ שטײַגער, אונ דער־ווײַל האָט זיכ ראַכעלע אַרויסגעכאַפּט אינ דרויסנ אַרויס, אַ ביסל אָפּקילנ זיכ פונ דער שרעקלעכער היץ.

IX

## ראַכעלעס ביאָגראַפיע אונ בײַע־עטלס ראָמאַנ

אינ דרויסנ איז אָבער געווענ נאָכ הייסער. עס איז געווענ אַ טאַמעוזדיקער טאָג. די זונ האָט געהאַלטנ אינמיטנ הימל אונ האָט געסמאַליעט אונ געבראָטנ גאָר אָנ ראַכמאָנעס. אַפ די הילצערנע אונ שטרויענע דעכער פונ די מאַזעפּעווקער הײַזער האָט זיכ דער אָפּשײַנ פונ דער זונ צעגאָסנ מיט טויזנטער פּאַסנ, וואָס ציטערנ אונ שוועבנ, ווי די כוואַליעס פונעמ טײַכ; ייִדער־ייִנגלעכ רופנ דאָס אָנ: „די שכינע רוט".

אַקעגנ ראַכעלענ שטייט דער מאַרק: ער איז ברייט אונ פּוסט. די קלייטנ מיט די רויטע פאַרטעכלעכ זענענ אָפּנ, אונ די ווײַבער זיצנ אַפ פירעקעכדיקע בענקלעכ אונ אַרבעטנ אַ זאָק מיט אַ שרעק־לעכער געשווינדקײַט. באַ דער זײַט שטייענ מולטערלעכ מיט יאַגע־דעס מיט קיכלעכ אונ מיט קאַרזשיקלעכ, אונ אַ ציג גאַנוועט זיכ אונ־טער אונ האָט כיישעק צו מאַכנ אַ שטיקל אומגליק, נאָר מע דערלאָזט

זי ניט. ווײַט־ווײַט גייען אַ פּאָר אָקסן מיט אַ גרויסער פֿור סנאָפּעס
קאָרן; די פֿור מאַכט אָן אַ מוירעדיקן פּאָראָך אַרום זיך, און הינטן
גייט נאָך אַ קליין שייגעצל מיט אַ גרויס וואַרעם היטל, מיט אַ טאָר־
בע, מיט אַ לאַנגער בײַטש און באָרוועס, און אַ גרויסער הונט לויפֿט
אים נאָך מיט אַן אַרויסגעשטעלטער צונג.

ראָכעלע שטייט און באַטראַכט דאָס גאַנצע וואָכעדיקע אויסזיכט
און פֿאַרגלײַכט דאָס מיט איר בלוי זײַדן מאַלבעש, הימל־קאָליר, און
מיט די פֿערעלעך, בראַסלעטן, אוירינגלעך, פֿינגערלעך — און זי
פֿילט, אַז זי איז עפּעס גאָר ווילד פֿרעמד מיט דעם דאָזיקן בילד,
מיט דער גאַנצער נאַטור, עפּעס ניט אַהין, ניט אַהער, ביט מאַרק־
ייִדענע, ניט גראַפֿיניע — גלאַט אַ ייִדיש קינד, אַ ייִדישע טאָכטער,
פֿאָטער פֿון אַלץ. אָט האָט זי זיך אַ מאַן, עסט זיך קעסט בײַ די
שווער־און־שוויגער, טוט נישט קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער, און
דער מאַן איז אָדער אין בעסמעדרעש, אָדער אין מאַרק, גייט אַרום
מיטן שטעקעלע און זאָגט ווערטלעך.

אַצינד, שטייענדיק אָט דאָ, נאָענט צו דער נאַטור, האָט זי זיך
קימאַט דאָס ערשטע מאָל אַף איר לעבן גענומען רעכט באַטראַכטן,
ווער זי איז, און עס איז איר אַרויפֿגעקומען אַפֿן זינען אַ נײַע מאַכ־
שאָווע, אַז עס פֿעלט איר עפּעס. וואָס — ווייסט זי נישט, נאָר עפּעס
פֿעלט איר, עפּעס גייט איר אָפּ...

ראָכעלע איז געווען אַ פּאָשעט ייִדיש ווײַבל אָן אויבערקעפּלעך,
אָן שפּיצלעך. מיט איינעם וואָרט — דאָס, וואָס מע רופֿט אָן בײַ
גזונדן אַ *ייִדישע טאָכטער*. געוואַקסן צווישן אַ סך קינדער,
איז זי בײַ פֿאָטער און מוטער אין סקווירע געווען ניט אַזאַ אַנטיק:
„ווייס איך, אַ מיידל, לאָז זי זיך וואַקסן געזונטערהייט"... און ביכדיי
זי זאָל זיך ניט אַרומבלאָנקען פֿאַר די אויגן און עס זאָל זײַן ווינ־
ציקער מיט אַ קינד אין שטוב, האָט מען זי אָפּגעשיקט גלײַך מיט
אַלע אירע ברידערלעך אין כיידער אַרײַן. נאָכדעם, אַז זי איז שוין
אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, האָט מען זי אָפּגעגעבן לערנען זיך שרײַבן
צו מאָטל שפּרינץ, דעם „מיידלשן שרײַבער". דאָרט, בײַ מאָטל
שפּרינץ דעם „מיידלשן שרײַבער", האָט זיך ראָכעלע געהאַט, געוויינ־
לעך, אירע באַווערטעס, קליינע און גרויסע מיידלעך. נאָר מער האָט
זי ליב געהאַט צו שאַרן זיך אַרום די עלטערע מיידלעך, פֿון וועלכע
זי האָט ליב געהאַט צו הערן מײַסעס, שיינע וווּנדערלעכע מײַסעס.
די מיידלעך ווידער האָבן ליב געהאַט ראָכעלען פֿאַר איר זינגען, פֿאַר
איר שיין זינגען.

— זינג אונדז, ראָכעלע, הארצעניו! זינג, נישקאָשע, אציִנד איז ניטאָ קיינ יינגלעכ.

פאַר יינגלעכ און פאַר עלטערע האָט זיכ ראָכעלע געשעמט צו זינגענ, ביפראַט נאָכ פאַר גרויסע יינגלעכ האָבנ איר די כאַווערטעס אלײנ געזאָגט, אז ס'איז ניט שיינ, מע טאָר ניט...

— נו, זינג שוינ, ראָכעלע. קוק זי אָנ, מע דאַרפ זי בעטנ.

און ראָכעלע פאָלגט די גרויסע מיידלעכ און פאַרציט אפ איר דינער, ווייכער שטימע א לידל, א יידיש לידל.

אפנ באַרג שטייט א טויב
און טוט זיכ טרויעריק ברומענ,
ערגעץ האָב איכ א ליבנ פריינט —
און קאָנ צו אים נישט קומענ...

ראָכעלע זינגט דאָס דאָזיקע ליבע-לידל מיט גרויס געפיל, גלייב ווי זי וואָלט פאַרשטאַנענ דאָס וואָרט „ליבע“. יענע אָבער, איכ מיינ די עלטערע מיידלעכ, האָבנ דאָס, אפאָנעם, יאָ פאַרשטאַנענ, מאַכמעס זיי פלעגנ זיכ דערבײַ פאַרזאָרגנ, זיפצנ און אמאָל לאָזנ א טרער אויכ...

מער פונ אַלע האָט ליב געהאַט צו הערנ די דאָזיקע לידעלעכ, וואָס ראָכעלע האָט געזונגענ פאַר אירע כאַווערטעס, איינע פונ זיי מיטנ נאָמענ בײַע-עטל, זייער א שיינ מיידל, א יעסוימע. בײַע-עטל איז געווענ איינע פונ א סאַכ מיידלעכ; איר ביאָגראַפיע איז די ביאָגראַפיע פונ פילע יידישע טעכטער און קאָנ דערציילט ווערנ אזוי קורצ און אזוי גיכ, ווי מאַכנ א בראָכע „שהכל נהיה בדברו“ 1. אָט האָט איר זי אינגאַנצנ:

אמאָל (נישט זייער לאַנג) זענענ געווענ צוויי ברידער אינ דער שטאָט סקווירע, איינער האָט געהייסנ אַרנ, און דער אַנדערער האָט געהייסנ לייב. אַרנ איז יונג געשטאָרבנ, און נאָכ אים איז נאָכגעשטאָרבנ זײַנ ווײַב, און עס איז פונ זיי איבערגעבליבנ א טאָכטער בײַע-עטל. האָט זיכ אפ איר דערבאַרעמט דער פעטער לייב און האָט זי צוגענומענ צו זיכ מיט איר יערושע. דער פעטער לייב האָט זיכ אפילע מיט דער יעסוימע נישט אזוי שיינ באַגאַנגענ: די גאַנצע יערושע האָט ער זיכ צוגענומענ (א דרײַ טויזנט קערבלעכ זאָגט מענ), און איר, דער יעסוימע, האָט ער געגעבנ, מעכילע, א פײַג, און האָט זי באַסענע געמאַכט פאַר א כניאָק, א קעלעוו-שעביקלאָווים,

---

1 שעהאקל ניהיע בידוואָרוי.

וואָס איז איר דערגאַנגענע די יאָרן, און בײַלע־עטל איז יונג, צו צוויי און צוואַנציק יאָר, געגאַנגען פֿון דער וועלט...

אָט מיט דער בײַלע־עטל איז אונדזער ראָכעלע געווען א ליבּ־לעכע באַווערטע, און זיי האָבן זיך בײדע זייער ליב געהאַט, און אָט מיט דער בײַלע־עטל איז אַמאָל געזעסן ראָכעלע שאַבעס באַטאָג באַם פֿענצטער, גאַנץ פֿײַן אױסגעקוקט און אָנגעטאָן שאַבעסדיק, ווי עס געהער צו זײַן. ווי דער שטילער איז, האָט ראָכעלע געזונגען אירע לידעלעך, און בײַלע־עטל האָט געהערט. ראָכעלע האָט געזונגען:

אוי, דו פֿאָרסט אוועק,
אוי, דו פֿאָרסט אוועק,
און מיך לאָזטו איבער!..

— ראָכעלע, האַרצעניו, נעשאָמעניו! — זאָגט בײַלע־עטל, — זינג דאָס נאָכאַמאָל!

— איבערזינגען דאָס נאָכאַמאָל? —פֿרעגט זי ראָכעלע פֿאַרוווּנ־דערט, — נו, איך קאָן דאָס דיר אָנהייבן נאָכאַמאָל פֿון אָנהייב:

אוי, דו פֿאָרסט אוועק,
אוי, דו פֿאָרסט אוועק,
און מיך לאָזטו אי־אי־בער!..

פּלוצעם דערזעט ראָכעלע, ווי בײַלע־עטל די יעסוימע ליגט מיטן פּנים אַף דער האַנט און איר קאָפּ מיט די פּלייצעס וואַרפֿן זיך. ראָכעלע בלײַבט שטיל און הערט, ווי בײַלע־עטל כליפּעט.

— גאָט איז מיט דיר, בײַלע־עטל, דו וויינסט? וואָס עפּעס אינ־מיטן־דערינען געוויינט? זאָג מיר, וואָס איז דיר, בײַלע־עטל, אַזעלכעס געשען? פּלוצעם נאָר, נאַ דיר א געוויין!

— אוי, ראָכעלע! — ענטפֿערט זי איר מיט א געוויין. — אוי, ראָכעלע, דאָס לידל, דאָס לידל דײַנס!

— דאָס לידל? וואָס זשע איז דאָרט אַזעלכעס? וואָס דאַרף מען וויינען דערפֿון?

— אוי, ראָכעלע, פֿרעג מיך בעסער, פֿרעג נישט קיין פֿאַרביטערט האַרץ! א פֿײַער ברענט אין מיר! עס ברענט אין מיר א העליש פֿײַער אָט דאָ, זעסטו, אָט דאָ־אָ!

און בײַלע־עטל ווײַזט איר אָן בא זיך אַפֿן האַרצן. ראָכעלע קוקט אַף איר פֿאַרוווּנדערט און צעמישט.

— וואָס קוקסטו אַף מיר אַזוי, ראָכעלע? דו פֿאַרשטייסט ניט, דו קאָנסט ניט פֿילן, וואָס מיר איז; מײַן האַרץ איז מיר אַזוי שווער,

איך בין אַזוי עלנט, אַזוי פאַרוויסט, איך טראָג אַזעלכע מאַקעס, אַז איך מוז דיר אַלצדינג דערציילן — אַלצדינג!

און כײַע־עטל דערציילט ראָכעלען אַ גאַנצע געשיכטע, אַ טרויעריקע מײַסע, אפילע אַ געוויינלעכע, וואָס טרעפט זיך גאַנץ אָפט בײַ ייִדן, נאָר זייער אַ טרויעריקע מײַסע, ווי אַזוי איר פעטער לייב האָט זיך מיט איר מיִעס באַגאַנגען, און צומײַנסטנס — זי, די מאַרשאַס, די מומע, און ווען ניט דעם פעטער לייבס ייִנגערער זון ביניאָמין, וואָלט זי שוין לאַנג אַנטלאָפן אין דער וועלט אַרײַן אָדער אין טײַך אַרײַנגעוואָרפן זיך. אָט דער ביניאָמין איז געווען איר איינציקע נעכאָמע אַף דער וועלט; מיט אים איז זי דאָס אויפגעוואַקסן אינײַנעם; ער איז צו איר געווען ווי אַ ברודער, ווי אַן אייגענער ברודער — און צום סאָף איז ער אַוועקגעפאָרן, האָט זי איבערגעלאָזט אַף צאָרעס, ווי אַ פרעמדער, גאָר ווי אַ ווילד־פרעמדער.

— איך פאַרשטיי ניט, כײַע־עטל, וואָס באַדאַרף מען דאָ אַזוי אײַנלייגן די וועלט, ווען אפילע אַן אייגענער ברודער פאָרט אַוועק, ביפראַט גאָך ניט קיין אייגענער.

— אוי, ראָכעלע, דו ווייסט נישט, ווי היימיש ער איז מיר געווען, ווי אײַנגעבאַקן אין האַרצן, טאַקע נאָר ווי אַן אייגענער, נאָך מער ווי אַן אייגענער, זאָג איך דיר! אַז איך האָב געזען פאַר זיך ביניאָמינען, איז מיר געווען אַ ליכט אין די אויגן, און אַז ער איז אַוועקגעפאָרן...

— ביניאָמין האָט דאָך געמוזט אַוועקפאָרן, כײַע־עטל, ער האָט דאָך באַכאַנע געהאַט.

— אוי, ראָכעלע־קרוין, זאָג עס מיר ניט, איך קאָן דאָס ניט הערן! דאָס וואָרט „באַכאַנע געהאַט" נעמט בײַ מיר אַרויס מײַן גאַנץ כײַעס! ווען איך דערהער, אַז מע זאָגט: „ביניאָמין האָט באַכאַנע געהאַט", עקט זיך מיר דאָס לעבן. דו ווייסט דאָס ניט, ראָכעלע, האָלעוואַי זאָלסטו דערפון ניט וויסן אייביק... וואָס קוקסטו אַף מיר אַזוי? ביניאָמין האָט מיר צוגעזאָגט, געשוואָרן, אַז ער וועט מיך נעמען.

— נו, לעמײַ זשע האָט ער דיך ניט גענומען, כײַע־עטל?

— דו פרעגסט, ווי אַ קינד, ראָכעלע. מיסטאַמע איז מיר ניט באַשערט. מיסטאַמע איז דאָס א י ר מאַזל.

— ער האָט דאָך דיר אָבער געשוואָרן, אַז ער וועט דיך יאָ נעמען.

— נו, מילע, האָט ער געשוואָרן! ער האָט זיך אַלץ געקליבן זאָגן דעם פעטער, אָפּגעלייגט פון טאָג אַף טאָג: ער האָט מוירע גע־

האט פאר אים (דו קענסט דאָך מײַן פעטער לייב), ביז ער איז א כאָסנ געוואָרנ פאר איר. און אז איך האָב געמאכט מיט אים א שמועס מיקויעכ דעמ, האָט ער מיר געזאָגט, אז ביז דער כאסענע איז נאָך ווײַט, ער וועט נאָך קאָנענ רעדנ — און אזוי זענענ אוועק־געגאנגענ די טעג מיט די יאָרנ, ביז ס'איז געקומענ די צײַט, אָט א יענע פינצטערע צײַט, אפ מײַנ שלימאזל... איך בינ אליינ געוועזנ בא דער כופע, איך האָב אלצדינג געזענ מיט מײַנע אויגנ, אלצדינג, ווי־אזוי ער האָט איר אָנגעטאָנ דאָס פינגערל, געזאָגט, וואָס מע באַדארפ... דער באזנ מיט די מעשוירערימ האָבנ געזונגענ, און ביניאָמינ האָט אראָפּגעלאָזט די אויגנ אפ דער ערד, ער זאָל מיך ניט זענ — נאָר איך ווייס, אז ער האָט מיך געזענ... אכ, ראָכעלע, ווי־אזוי לעב איכ? ווי־אזוי האלט איך דאָס אויס?..

— ווײַבאלד אזוי, כײַע־עטל, איז דאָך ביניאָמינ א גרויסער ליג־נער און איז ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט אים.

— ניינ, זאָג דאָס ניט, ראָכעלע, דו קענסט ניט ביניאָמינענ; דו ווייסט ניט, וואָס פאר א דימענט דאָס איז, וואָס פאר א טײַער הארצ ער האָט!.. דאָס איז ער אינגאנצנ שולדיק, דער פעטער לייב, דער רעציייעכ, מײַנ טאטנס בלוט זאָל אים נאָר אקעגנ קומענ, ריבוינע־שעל־אוילעמ!

— איך זע ארויס, כײַע־עטל, אז ער טוט דיר אפּאָנעמ גוט באנק.

— באנק, זאָגסטו? איך שטארב, איך גיי אויס מיט די קויכעס — און זי זאָגט נאָר באנק־שמאנק!

— נו, און זי, כײַע־עטל, זי איז עפּעס א שיינ ווײַבל?

— ווער זי?

— זי, ביניאָמינס ווײַב מיינ איך.

בא די ווערטער האָט ראָכעלע דערזענ, ווי כײַע־עטל ווערט רויט און נאָכדעמ בלייכ, אלערליי פארבנ. ראָכעלע האָט נאָך נישט גע־קאָנט פארשטיינ, פארוואָס כײַע־עטל וויל איר דערויפ ניט ענטפערנ; נאָר פילנ האָט זי געפילט, אז נאָכאמאָל איבערפרעגנ זי דארפ מענ ניט. „מיסטאמע פאסט איר ניט, אז זי מאכט א שווײַג; מיסטאמע טוט איר ווי, אז זי וויל דערפונ ניט רעדנ"...

---

אינ א צײַט ארומ האָט זיך ראָכעלע באגעגנט מיט כײַע־עטלענ אפ א כאסענע, טאקע בא כײַע־עטלענ אפ דער כאסענע. כײַע־עטל איז געווענ א קאלע, ווי אלע קאלעס; געזעסנ, ווי א קאלע דארפ

זיצנ, געשווינד, געגאנגענ צו דער כופּע, אפ מאָרגנ אויסגעשלייערט זיכ, געווענ אפילע בלייכלעכ אפנ פּאָנעמ, א ביסל ווי פארטראכט, נישט פריילעכ... נאָר נישקאָשע, עס מאכט ניט אויס: א קאַלע דארפ אזוי זײַנ; וואָס זשע? טאנצנ זאָל זי גײנ?..

ווער ווייסט, וואָס בא כײַע-עטלענ איז געווענ אפ דער מאכשאָווע, אפנ הארצנ? דאָס הארצ פונ א ייִדישער טאָכטער איז א סאָד, א גרויסער סאָד, א קאסטנ, א פארשלאָסענער קאסטנ, אונ דערצו פאסט טאקע ניט פאר קיינ מאנצביל ארײַנצוקוקנ אהינ — עס איז עפּעס נישט קיינ דערעכ־ערעצ...

X

## אונ ווײַטער אמאָל ראָכעלע

אפ דער שײַלע: „וואָס טוט זיכ בא כײַע-עטלענ איבערוויניק אינ הארצנ?" — אפ דער שײַלע האָט זיכ ראָכעלע פארטראכט בא כײַע־עטלענ אפ דער כאסענע. ראָכעלע האָט וועגנ דעמ מיט קיינעמ נישט גערעדט; דאָכ האָט זי פארשטאנענ מיטנ סייכל אונ א ביסל געפילט מיטנ הארצנ, אז כײַע-עטלענ דארפ איצינד זײַנ ניט אינ בעסטנ, זײַנדיק מיט איר „באשערטנ", א ווילד־פרעמדנ באָכער, אונ ווענ איר אייגענער ביניאָמינ איז דאָרט ערגעצ מיט זײַנ ווײַב... ראָכעלענ האָט זיכ אפילע שטארק געגלוסט א פרעג טאָנ איצינד כײַע-עטלענ, וואָס הערט זיכ מיט ביניאָמינענ, וואָס מאכט ער, צי שרײַבט ער בריוולעכ? נאָר, צוגעגאנגענ נאָענט צו כײַע-עטלענ אונ ארײַנגעקוקט איר אינ איר בלייכ פּאָנעמ ארײַנ אונ דערהערט, ווי זי זיפצט גאנצ אָפטלעכ, — האָט איר דאָס הארצ נישט פארטראָגנ צו רעדנ מיט איר פונ אזעלכע זאכנ.

מיר קאָנענ דענקענ, אז דאָס איז געווענ דאָס ערשטע מאָל אפ איר לעבנ, וואָס זי, ראָכעלע, האָט זיכ פארטראכט וועגנ אזעלכע ענינים. עס קאָנ זײַנ, אז איינ רעכטער פאקט פונעמ לעבנ זאָל ארויסרופנ א סאכ מער מאכשאָווע אונ אופוועקנ א סאכ מער געפילנ, ווי צענ גוטע ביכער. עמעס, ראָכעלע איז געווענ א פּאָשעט ייִדיש מיידל, אָנ כאָכמעס, נאָר קיינ נאריש מיידל איז זי ניט געווענ; פארוואָס זשע זאָל זי נישט באנעמענ א זאכ מיט איר אייגענעמ געבאָרענעמ סייכל? עמעס, ראָכעלע האָט נישט געוווּסט פונ קיינ העלדנ, פונ קיינ ראָמאנענ, אָבער א ריינ הארצ, א ריינ ייִדיש

הארצ האָט זי געהאט; פארוואָס זשע זאָל זי ניט פילנ קיינ פרעמדע צאָרעס, נישט פארשטיינ קיינ פרעמדע יעסורימ? אינ דעמ פראט, קאָנ מענ זאָגנ, איז ראָכעלע מיטאמאָל עלטער געוואָרנ אפ עטלעכע יאָר, אדאנק כייע-עטלענ מיט איר יידישנ ראָמאנ.

אינ יענער צייט איז שוינ ראָכעלע אויכ געווענ א קאלע, אונ פונ איר כאָסנ מוישע-מענדלענ האָט זי זיכ אָנגעהערט אזעלכע שוואָ־בימ מיט אזויפיל מייַלעס, אז זי האָט געקוקט אפ זיכ, ווי אפ איינע א גליקלעכע אינ דער וועלט.

— קיינ אייַנהאָרע, אזא גליק! — האָט זי געהערט פונ אלע זייַטנ.

— א שמאלצ-גרוב! אנ אָנקומעניש! רעב אייַזיק-נאפטאָלי איז א ייִד א באלעבאָס, דער פייַנסטער פונ אלע מאזעפעווקער באלעבא־טימ, אונ האָט איינ זונ, איינ-אייִנציקנ זונ, אונ נאָכ וואָס פאר א זונ. נו, א מאזל!

אונ בעעמעס איז מוישע-מענדל טאקע געווענ א פייַנ באָכערל אונ האָט געקאָנט געפעלנ יעדנ: א ווילס, א לעבעדיקס, א געמאָרע־קעפל, א שיינער באל-טאנאכ, דערצו נאָכ א קאסוואָ-ראבאָ אפ עט־לעכע הענט, אזוי, אז מיט זייַנע „קסאָווימ" האָט זיכ גאנצ מאזע־פעווקע ארומגעטראָגנ, אונ אפילע מאָטל שפרייַז אליינ, דער „מיידל־שער שרייַבער" אינ סקווירע, האָט אָנגעזאָטלט זייַנ רויטע נאָז מיט א פאָר „שפאקולנ", האָט עטלעכע מאָל באטראכט דעמ כאָסנס קסאוו, ווי אנ עכטער מייווינ, אונ האָט מודע געווענ, אז דער כאָסנ האָט א גאָלדענ הענטל, אונ אז ער וועט זיכ מיט דער צייַט אויסשרייַבנ די האנט, וועט ער, אימ-ירצע-האשעמ, קאָנענ שרייַבנ.

גערעדט האָט ראָכעלע מיט איר כאָסנ זייער ווינציק, דענ ווו איז ער געווענ אונ ווו איז זי געווענ? פונ מאזעפעווקע קיינ סקווירע איז גאנצ ווייַטלעכ, אונ געזענ האָבנ זיי זיכ בעסאכאקל איינ מאָל, אי דאָס — נאָר א צוויי שאָ, אי דאָס — פאר א גאנצנ מיניענ יידנ, אי דאָס — איז דער כאָסנ געווענ אינ איינ כיידער, אונ די קאלע — אינעמ אנדערנ כיידער. דערפאר אָבער האָבנ זיי זיכ איבערגעשריבנ מיט בריוולעכ קימאט אלע וואָכ, א קייַלעכיק יאָר קעסיידער, ביז דער כאסענע. עמעס, אינ דעמ איבערשרייַבעכצ — וואָס דארפ מענ דאָ לייקענענ? — האָט מאָטל שפרייַז געהאט א גרויסנ כיילעק, דענ אזוי ווי דעמ כאָסנס בריוולעכ זענענ געווענ געשריבנ אינ דרייַ שפראכנ: העברעיִש, רוסיש אונ דייַטש, הערומ האָט מאָטל שפרייַז געמוזט זענ, אז זי, די קאלע, זאָל אויכ עפעס ניט פארשעמט ווערנ. אונ ביכדיי צו באווייַזנ באשיימפערלעכ, אז פונ מאָטל שפרייַזעס

בײדער גײענ ניט ארױס קײנ מײדלעכ גלאַט אַזױ, װי בא אַנדערע שרײַבערס, האָט ער זיכ געפּלײַסט, אַז אינ דער קאַלעס בריװלעכ זאָל זײַנ צוגעװעצט נאָכ פראַנצױזיש אױכ, דאָס הײסט פראַנצױזישע אױסיעס, אינ װעלכע מאָטל שפּרײַז איז געװענ גאָר א גרױסער באָקי. ביכלאל קאָנ מענ זאָגנ, אַז א גאַנצ יאָר קעסײדער האָבנ זיכ כאָסנ־קאַלע געשפּילט אינ קאָסאָװים. אונ נאָר דעמלט האָבנ זײ אופגעהערט דאָס דאַזיקע שפּיל, װענ מע האָט זיכ שױנ אָנגעהױבנ רעכט גרײטנ צו דער כאַסענע.

די כאַסענע איז אָפּגעלאָפּנ װי אַלע ײדישע כאַסענעס; א ביסל האָט קאַלעס צאַר ניט װײצע געװענ, ניש לײַטיש זיכ אױסגעשטעלט, גאַנצ ײדישלעכ... אונ א ביסל האָט זיכ כאָסנס צאַר געבלאָזנ, געװערטלט אונ שטילערהײט אָנגערופנ דעמ מעכותנ מיטנ נאָמענ „דאָװער־אכער”, װי ער האָט דאָס אָרנטלעכ פאַרדינט. נאָר גאָרנישט, עס מאַכט ניט אױס: מע מאַכט, װי דער שטײגער, א קױסע, מע בעט זיכ איבער, די קאַלע געזעגנט זיכ אָפּ מיט אַלע אירע ליבע, מע באַגלײט זי ביז ארױס דער שטאָט, מע קושט זיכ, מע װײנט, מע פאַטערט ארױס א טאָכטער — אונ מע פירט זי אַװעק אַהינ, צו די שװער־אונ־שװיגער אָפּ קעסט.

XI

# אונ װידעראַמאָל ראָבעלע

דאָרט, בא שװער־אונ־שװיגער, האָט זיכ אָנגעהױבנ פאַר ראָבעלענ א נײַע װעלט. װי א שנור, אונ אײנ־אײנציקע שנור, אונ א געראָטענע שנור, האָבנ זי אַלע גיכ ליב געקריגנ אונ מע האָט זי אָפּגעהיט, געפּאַנקעװעט, געבלאָזנ דאָס אָרט פאַר איר. אונ װער שמועסט די שװיגער, דװאָסי־מאַלקע, װאָס האָט קױמ דערלעבט אַזא נאַכעס, האָט פאָשעט דאָס לעבנ אַװעקגעלײגט צוליב איר: נאָר „ראָבעלע אונ ראָבעלע!” װי ערגעץ א פעט שטיקל פלײש, א מאַרבעדיק בײנדל, א געשמאַקע זאַכ — אַלצ ראָבעלענ. גאַנצ פרי, ראָבעלע האָט נאָרװאָס געעפנט די אױגנ — אַהאַ, דאָס קריגל ציקאָריע שטײט שױנ אָפּנ טיש, אונ דװאָסי־מאַלקע, װאָס איז, אײגנטלעכ, א פאַרנומענע, א מאַרק־ײדענע, דרײט זיכ ארומ אונ זעט, אַז די שנור זאָל האָבנ אַלצ צו דער צײַט.

— װאָס דאַרפט איר זיכ מאַטערנ זײַנ, שװיגער?

— נישקאָשע, טרינק, ראָכעלע, עס, ראָכעלע!

אַן אַנדערס מאָל זעט ראָכעלע, ווי די שווינער לויפט פון מאַרק אָן אַ נעשאָמע און פאַלט אַריין אין קיך מיט קוילע־קוילעס אויף די מענטשן, שעלט און קאָרעניעט, גלייך ווי מע וואָלט זי דאָרט געקוילעט.

— וואָס איז, שווינער? — פרעגט זי ראָכעלע.

— איך האָב געמיינט, דו ביסט שוין לאַנג אויפגעשטאַנען, און די מילך שטייט און זידט און זידט — זידן זאָל, ריבוינע־שעל־אוילעם, מיין מוידעס פאַרע — און איך לויף, איך וויים, וווּ איך בין אין דער וועלט? אין קלייט איז, קיין איינהאָרע, אַ ענגשאַפט — מע זאָל נאָר באַהיט ווערן, און ער, מיין דאָליע, שטייט די חענט פאַרלייגט אַרונטער, ווי אַ מעכוטן! איך בעט אים ראַכמים; נעם טראָג אַוועק אַהיים אָט אַ צוויי פרישע בייגל! טאָמער ווילסטו עסן — עס, ראָכעלע, גוטע בייגל, איך קויף טאָמיד בײַ לייציכען בייגל, איך וועל בײַ קיין אַנדער ייִדענע ניט נעמען, מע זאָל מיר אָנשיטן אַ פולע שטוב מיט גאָלד, — גאָט מעג איר טאַקע העלפן! וויפל זי קומט נעבעך אָפּ פון איר מאַן דעם שיקער! וויאַזוי טראָגט די ערד אויף זיך אַזאַ נעפעש — פאַרשטיי איך נישט, נאָר אַ ביזאָיען דאָרט דעם טאַטן אויף יענער וועלט.. יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? מישטיינס־געזאָגט, דער קאָפּ איז מיר אַזוי פאַרשלאָגן... שאַ, אָט גייט זי שוין, די יעפייפיִע. מויד! וווּ ביסטו שוין געווען, מויד?

און דאָ גייט אַוועק אַ גאַנץ צעטל פון קלאָלעס מיט גוואַלדן פאַר דער מילך פון ראָכעלעס וועגן, פאַר דער ציקאָריע פון ראָכעלעס וועגן, פאַר דעם אָנבייסן פון ראָכעלעס וועגן — האַקלאַל, מיט ראָכעלען האַלט אין איין קאָכן די גאַנצע שטוב. אַפילע דער שווער, וואָס איז טאָמיד געווען פאַרנומען מיט זיך און מיט זיינע געשעפטן, האָט אויך שטענדיק נאָכגעקוקט נאָך איר, נאָכגעפרעגט אויף איר.

דאָס גאַנצע אַרומפאַדקעווען מיטן אַרומטאַנצן אַרום איר איז ראָכעלען, איינגעטלעך, געווען אַ ביסל פריקרע, טאַקע אַריבער דער מעווע; און דעם עמעס מוז מען זאָגן, אַז ראָכעלע איז געווען אַ סאַך ווינציקער צוגעלאָזט צו זיי, אַלס זיי צו איר.

אַז מיר זאָגן „זיי“, מיינען מיר דאָס די שווער־און־שוויגער, און מוישע־מענדלען, דעם רעכטן פאַרשוין, וואַרפן מיר אַרויס פון צעטל, וואָרעם צווישן דעם יונגן פּאָרפאָלק איז געווען אַזעלכע מאַכזאָקעס, וואָס מע קאָן זיי נישט אָנרופן ניט גוט, ניט שלעכט. זיי, דאָס פּאָרפאָלק, האָבן צווישן זיך קיין סאַך נישט גערעדט און טאַקע נישט געקאָנט רעדן: אַזאַ יונגערמאַן, ווי מוישע־מענדל, וועט

זיך ניט געמעגט אנידערזעצן אינמיטן באטאג אין דער היים רעדן מיטן ווייב, און אף דער נאכט, קוים זענען זיי שוין יא געבליבן א מינוט אליין, האט דאס אבער טאקע מער נישט געדויערט, ווי איין רעגע: באלד איז געקומען אדער רעב אייזיק־נאפטאלי און האט אריינגעקוקט צו די קינדער, אדער עס האט אנגעטראגן דוואסי־מאלקען מיט א קריגל, מיט א טעפל, מיט א גלאז אדער מיט א שאל.

— אט נעם אף א ציקאוועסט, ראכעלע, און פארזוך אט דעם איינגעמאכטס.

— ווי איז מיר! איך האב דאך שוין א מאל הונדערט פארזוכט אט דעם איינגעמאכטס, שוויגער!

— ס'א גראם! גיי שוין גיי, קינד, וואס דו רעדסט! אט דעם איינגעמאכטס האסטו נאך אפילע נישט אנגעקוקט אין די אויגן.

און ראכעלע נעמט ווידעראמאל פארזוכן דעם איינגעמאכטס, וואס קריכט איר שוין פון האלדז.

— א דונער איז מיר, ראכעלע, ביסט דאך פארכליאנעט געווארן! טו א קוק א ביסל, ווי א מענטש עסט! פון וואס דו לעבסט — ווייס איך נישט. כלעבן, מע וועט דיך דערזען עמעצער פון סקווירע, וועט מען וואס מיך א קאפ אנשעלטן: א שיינע שוויגער — א געשוויר איר אין דער לעבער! — וועט מען זאגן. — פיין אויסגעהאדעוועט א שנור — א שטריק איר אפן האלדז! ווי איז מיר, עס כאטש עפעס פון יויצע וועגן!

— לאזט מיך, איך בעט אייך, צורו, שוויגער! איך בין זאט, האלעוויי ביז מיין לעבן.

— נו, טו מיר צוליב, טאכטער! מע טוט צוליב אומאל א שוויגער אויך; עלעהיי איך בין א מאמע. נעם כאטש איין פיצל און טו מיר נישט אן קיין יעסורים!

און ראכעלע ווארגט זיך מיט נאך א שטיקל און מיט נאך א שטיקל, און עס ווערט איר נימעס אזא לעבן, כאטש זי ווייסט גאנץ גוט, אז מע איז איר געטריי, איבערגעגעבן ביז לעצט, און לאז זי זאגן, אז זי וויל דאס טעלערל פונעם הימל, באקומט זי דאס: וואס הייסט, ס'איז א טערעץ? ראכעלע וויל — דארף עס זיין!

נאר א מענטש איז ניט קיין אקס, ניט קיין גאנדז, וואס זאל צופרידן זיין נאר מיט גוט האדעווען. א מענטש קאן ווינציק־וואס האנאע האבן, אז מע זאל אים נאכגיין קעסיידער, אומעטום, פוסטריט, אפבלאזן יעדן ארט, וווּ ער שטעלט א פוס, ציילן זיינע טריט,

אכטונג געבנ אפ יעדנ ביסנ, אפ יעדנ שלונג, הענגענ איבער אימ, ווענ ער זיצט, זיצנ איבער אימ, ווענ ער שלאָפט — מיט איינעמ וואָרט, מע זאָל האלטנ זײַנ לעבנ איינגאנצנ אינ פרעמדע הענט אונ אימ ניט איבערלאָזנ גאָרנישט...

אינ אזא טרויעריקער לאגע האָט זיכ געפונענ ראָכעלע אינ יענער צײַט, וואָס עס קומט פאָר די דאָזיקע געשיכטע. ראָכעלע האָט נישט געהאט אפילע פאר וועמענ זיכ צו קלאָגנ. אירע פאָטער אונ מוטער האָבנ זי געהאלטנ פאר איינע א גליקלעכע, אונ זייערע בריוו צו איר זענענ טאָמיד געווענ פול מיט נאכעס, מיט טײַנעג אונ מיט בראָכעס צו גאָט באָרוכ-הו, וואָס ער האָט זיי אזוי באגליקט. אונ אירע בריוו צו זיי זענענ אויכ געווענ אָנגעפילט מיט „בראָכע־וועהאצלאָכע", מיט „נאכעס אונ פארגעניגנ", מיט „באָרעכ־האשעמ" אונ מיט „האלעוואי אפ ווײַטער ניט ערגער", אונ האָבנ זיכ שטענדיק אויסגעלאָזט מיט „גליק אונ פריידנ" אונ „פרײַלעכע הערצער אָמיינ סעלאָ".

טיפ אינ הארצנ האָט זי געטראָגנ א פאראדראָס אפ מוישע-מענדלענ, לעמײַ ער האָט זיכ געהאלטנ ווײַטלעכ פונ איר אונ עפעס אזוי ווי העכער פונ איר, עפעס ניט איר גלײַכנ, ווי דער שטייגער איז פונ א יידישנ יונגנמאנטשיק א טאכשיט; ער קאָנ זיכ ניט אראָפלאָזנ אזוי נידעריק צומ ווײַב, עס קומט בא אימ אויס עפעס נישט גלאט, זייער פריקרע... אינעווייניק אינ הארצנ אָבער האָט זי מוישע-מענדל גאָר נישט פײַנט געהאט; פארקערט, ער איז איר געווענ געטרײַ, זייער געטרײַ, טאקע מיט אנ עמעס, גאנצ ביטמימעס. איינמאָל איז ראָכעלע עפעס כאָרעוו געוואָרנ אונ איז געלעגנ א פאָר טאָג צו בעט; דעמלט איז מוישע-מענדל נישט אָפגעטראָטנ פונ איר די גאנצע צײַט, געזיפצט, געהאט יעסורימ, אויסגעגאנגענ בעמעס מיט אלע קויכעס.

— א צאר־באלעבאָימ! — האָט ער געזאָגט צו דער מוטער, אונ אפ זײַנע אויגנ זענענ געווענ טרערנ. — מע דארפ רופנ דעמ רויפע אָדער דעמ פעלדשער. איכ קאָנ דאָס גאָר נישט צוזענ, ווי זי ליגט נעבעכ אינ א העליש פײַער — א צאר-באלעבאָימ!

אפנ דריטנ טאָג איז ראָכעלענ גרינגער געוואָרנ. מוישע-מענדל איז דאָכ ניט אָפגעטראָטנ פונ איר, אונ אָט דאָ, זיצנדיק בא איר צוקאָפנס, האָט מוישע-מענדל געהאט א גוטע געלעגנהײַט א ביסל צו פארברענגענ אונ שמועסנ מיט זײַנ שיינער ליבער ראָכעלענ. דערצו האָבנ זיי ביידע כיישעק געהאט — מע מוז דעמ עמעס זאָגנ.

מוישע-מענדל האָט זיכ צוגעזעצט צו איר גאַנצ נאָענט, אַזוי נאָענט, אַז איר שיינער קאָפּ, וואָס איז געווענ נאָר האַלב צוגעדעקט מיט א זייַדנ טיכעלע, איז געווענ קימאַט בא אימ אַפּ די הענט... ראָכעלע האָט אופגעהויבנ אירע בלויע אויגנ אַפּ מוישע-מענדלענ אונ האָט געוואַרט, טאָמער וועט ער איר עפּעס זאָגנ. מוישע-מענדל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגנ אַראָפּ. נאָר אַז זי האָט אויסגעדרייט דעמ קאָפּ צומ פענצטער, האָט ער אַפּ איר געקוקט, אונ אַז זי האָט אַפּ אימ א קוק געטאָנ, האָט ער אויסגעדרייט דעמ קאָפּ צומ פענצטער. אונ אַזוי האָבנ זיי זיכ איבערגעוואָרפּנ מיט אויגנ א היפּש שטיקל צייַט אָנ ווערטער. איינעמ גאַנצנ יאָר נאָכ דער כאַסענע האָט דאָס דאָזיקע פּאָרפּאָלק געהאַט אַצינד א געלעגנהייַט צו שמועסנ צווישנ זיכ, נאָר זיי האָבנ זיכ נישט געקאָנט אייַנגשטעלנ אונ האָבנ נישט געוווסט וויאַזוי אָנצוהייבנ עפּעס א שמועס. ראָכעלע, אַלס ווייַבל, האָט געהאַט רעכט צו וואַרטנ, ביז ער וועט עפּעס זאָגנ, אונ ער, מוישע-מענדל, אַלס פּייַנער יונגערמאַנ, האָט געוואַרט, ביז זי וועט עפּעס זאָגנ — אונ דערווייַל האָבנ זיי ביידע געשוויגנ, הורכוואַרפּנ-דיק זיכ מיט די אויגנ.

— וואָס איז, מוישע-מענדל?

— וואָס „וואָס איז?"

— וואָס קוקסטו?

— ווער קוקט.

— דו קוקסט.

— איכ קוק?

— ווער דענ קוקט?..

ראָכעלע דרייט זיכ אויס מיט דעמ פּאָנעמ צו דער וואַנט, אונ מוישע-מענדל נעמט דאָס בערדל אינ די ציינ אַרייַנ אונ קוקט אַפּ ראָכעלענ לאַנג-לאַנג אונ זיפצט, ביז זי דרייט אויס דעמ קאָפּ צו אימ אונ כאַפּט אימ, ווי ער קוקט אַפּ איר אונ זיפצט.

— וואָס איז, מוישע-מענדל?

— וואָס „וואָס איז?"

— וואָס זיפצסטו אַזוי?

— ווער זיפצט?

— דו זיפצסט.

— איכ זיפצ?

— ווער דענ זיפצט?

אונ דאָס פּאָרפּאָלק ווערט ווידער אַנשוויגנ. מוישע-מענדל רוקט

זיכ צו נאָכ נעענטער, הוסט זיכ אויס און וויל עפּעס אָנהייבנ צו רעדנ.

— הערסטו, ראָכעלע, איכ מיינ עס אקעגנ דעמ, וואָס דו זאָגסט...

פלוצעמ עפנט זיכ די טיר און דוואָסי־מאלקע לויפט ארײַנ מיט א ליארעמ.

— וואָס זשע? איכ האָב נישט געוווּסט פריִער, אז די אינדיקעס וועלנ צעברעכנ ווו ס'איז דאָ ערגעץ א שאָל אָדער א טעלער? אינדיקעס האָט זיכ אימ פארגלוסט אינמיטנ־דערינענ!.. וואָס מאכסטו עפּעס, ראָכעלע? דו ווייסט, וואָס איכ וועל דיר זאָגנ? מיר דאכט, אז בא דיר איז די „סיניע" (קאדאָכעס); איכ זע, אז ס'איז בא דיר א מינ „סיניע", איכ האָב דיר געזאָגט — שטיי ניט אינ דרויסנ אָנ א שאל! שטיי ניט אינ דרויסנ אָנ א שאל! איכ האָב ווידער געשיקט צו יעקוסיעל דעמ רופע. אײַזיק־נאפטאָלי אליינ איז זיכ דורכגעגאנגענ צו יעקוסיעלנ.

— לעמײַ, שווינגער? עס וועט איבערגײַנ; עס איז בא מיר אזא איבערגאנג.

— בא דיר איז אלצדינג אנ איבערגאנג. א שיינ איבערגאנג! גיי שוינ גיי, קינד, וואָס דו רעדסט! מע דארפ זיכ א ביסל צוזעצנ...

און דוואָסי־מאלקע רוקט זיכ צו א בענקל צומ בעט און זעצט זיכ אנידער.

— ווייסטו וואָס, מאמע? — רופט זיכ אָנ פלוצעמ מוישע־מענדל, ווייסטו וואָס? דו גיי בעסער אינ קלייט ארײַנ, און איכ וועל שוינ זיצנ אָט דאָ.

און זײַנע אויגנ האָבנ זיכ באגעגנט מיט ראָכעלעס אויגנ, און ער האָט איבערגעלייענט אינ זיי: „אוי, האָסטו, מוישע־מענדל, צוגעטראָפנ!"...

— ווייס איכ. וואָס דו רעדסט! — ענטפערט אימ דוואָסי־מאלקע און רוקט זיכ צו נאָכ נעענטער צומ בעט. — נאָ דיר גאָר אינ קלייט! וואָס האָב איכ דאָרט אָנגעוואָרנ? די גרויסע פידיוינעס די הײַנטיקע, מישטיינס־געזאָגט! איכ פארגינ זיי אלע מײַנע סאָנימ מיטנ גאנצנ הארצנ!.. גיי דו בעסער, מוישע־מענדל, צו מיר אינ ספאלניע און לייג זיכ צו אפנ טאטנס בעטל שלאָפנ, דו ביסט דאָכ א גאנצע נאכט ניט געשלאָפנ!

און אָט אזוי לעבט זיכ אָפּ דאָס גליקלעכע, נאָר דאָס געפּענטעטע פארפאָלק, אפ אלעמ גרייטנ, נאָר אָנ א פרײַער מינוט, אונטער דער

באשטענדיקער אָפּעקע פונ גוטע פּאָטער־אונ־מוטער, פונ געטרײַע שוועער־אונ־שוויגער, אונ נישט דער מאנ אונ נישט דאָס ווײַב מאכנ דערפונ אנ אייסעק; נישט ער אונ נישט זי זאָרגנ דאָס מאזיקיר איינעמ פארנ אנדערנ. נאָר מוישע־מענדלענ איז נאָכ־ווי־עס־איז: ער קוקט ארײַנ אינ א סיפער, מישט זיכ ארײַנ אינ דעמ פּאָטערס געשעפטנ, האָט זיכ זײַנע יונגלײַט, מיט וועלכע ער טוט אמאָל א שטיפ אינ שול אָדער אינ מארק; מיט איינעמ וואָרט, מוישע־מענדל לעבט ווי־עס־איז.

ראָכעלע אָבער לעבט גאָרניט: זי עסט אונ טרינקט, פארזוכט צוואנציק מאָל א טאָג דער שוויגערס אײַנגעמאכטס, טוט נישט קיינ האנט אינ קאלט וואסער, גייט זיכ נישט צונויפ מיט קיינעמ, מאכמעס רעב אײַזיק־נאפטאָלים שנור קאָנ זיכ נישט צונויפקומענ „אבי־מיט־וועמענ”, אונ „אבי־וועער” וועט זיכ נישט צונויפקומענ מיט אײַזיק־נאפטאָלים שנור, וואָרעמ דער „אבי־וועער” האלט זיכ פיל לײַטישער אונ רײַכער אונ שענער פונ אײַזיק־נאפטאָלינ, אונ אײַזיק־נאפטאָלי האלט זיכ לײַטישער אונ רײַכער פונ אלע מאזעפּעווקער באלעבאטימ — אונ אזוי ציט זיכ ראָכעלע אירע יאָר אונ טעג, ווי אינ געפענקעניש: ווידער געגעסנ, ווידער געשלאָפנ, ווידער דאָס קרײַגל קאווע, ווידער די ליבע שוויגער מיטנ אײַנגעמאכטס, אונ אזוי ווײַטער, א גאנצ יאָר קעסיידער.

## XII

## ראָכעלע זינגט לידלעכ

אָט אינ דער לאגע האָט זיכ געפונענ אונדזער ראָכעלע אינ יענער צײַט, ווענ מיר האָבנ זי געזענ בא כאזמ־בענציענס טאָכטער אפ דער כאסענע, צומ שלייער־ווארמעס, שטייענדיק אינ דרויסנ בא דער טיר אונ באטראכטנדיק דעמ מאזעפּעווקער מארק מיט די קלייטנ, מיט די סעדיכעס, מיט דעמ וואָגנ, מיט די אומגעלומפּערטע אָקסנ אונ מיטנ שייגעצל מיט דעמ גרויסנ היטל.

אָט אינ דער לאגע האָט זיכ געפונענ אונדזער שיינע ראָכעלע אינ יענער צײַט, ווענ זי האָט צומ ערשטנ מאָל דערהערט דאָס זעלטענע שפּילנ פונעמ געוויסנ סטעמפּעניו.

הערנ שפּילנ האָט ראָכעלע ליב געהאט — אוי, האָט זי דאָס ליב געהאט! קלעזמער איז פונ טאָמיד אָנ געוועזנ בא איר דאָס כײַעס: האָט זי געהערט ערגעצ זינגענ אָדער שפּילנ א ניגנ, האָט זי דאָס

טייקעפ איבערגענומענ און איבערגעזונגענ אפ איר שיינע״, גלאטער שטימע. דערפונ האבנ אירע עלטערנ געווענ אנגעקוועלט און געזאגט: „א מאנצבילשער קאפ אפ איר; א מאראכע, וואס זי איז געבארנ געווארנ א נעקייווע, ווענ ניט — וואלט זי געסמאליעט א וועלט״...

עס ווײַזט אויס, אז אירע עלטערנ האבנ דאפקע יא פארשטאנענ, אז עס ליגט אינ זייער טאכטער עפעס א קויעכ; עפעס אזא מינ זאכ, וואס מיר אינ הײַנטיקע צײַטנ רופנ אנ טאלאנט; נאר זיי, ראכעלעס עלטערנ, אינ יענער צײַט, האט זיכ אויסגעוויזנ, אז דער קויעכ אידער פונ איבערנעמענ א זאכ און איבערזינגענ דאס — ליגט בא איר אינ קאפ, ווײַל זי האט א מאנצבילשנ קאפ. דער קאפ שפילט בא אונדז, יידנ, די גרעסטע ראליע, מער אלס אלע צוויי הונדערט אכט און פערציק איבורים. א קאפ, א קעפעלע! — אט דאס איז בא אונדז דער איקער אנטיק. נאר וויאזוי די מײַסע איז, ביז פופצנ — זעכצנ יאר האט ראכעלע געזונגענ, ווי א פרײַ פייגעלע: ווי ערגעץ א כאזאניש שטיקל, א „נקדישך״, א „כבקרת״ 1, אזוי אויכ א כסידישער ניגנ, קלעזמער-שטיק אלערליי, — האט ראכעלע אויסגעזונגענ אפ איר ציכטיק קאל, וואס איז געווענ א מעכײַע-נעפאשעס צו הערנ. נאר קוימ איז זי א קאלע געווארנ, אזוי האט איר די מאמע געזאגט:

— פע, גענוג, טאכטער, דיר צו טערלײַקענ. וועסט קומענ צומ שווער-און-שוויגער אפ קעסט און וועסט זיכ נאר פלוצעמ אנידערזעצנ ברימבלענ, — א שיינעמ פאנעמ פאר לײַטנ!

ראכעלע, פארשטייט זיכ, האט פארשטאנענ, אז ס'איז ניט לײַטיש, האט זי געפאלגט און האט אופגעהערט צו זינגענ... נאר לאכלוטנ אופהערנ צו זינגענ האט זי ניט אופגעהערט, דענ עס פלעגט זיכ בא איר אליינ, אנ איר ווילנ, ארויסכאפנ א געזאנג, פונ רעגילעס, אפאנעמ, און וואס איז זי שולדיק, אז עס זינגט זיכ פארט?.. אז מע זעט, פונוואנענ דאס וואסער לויפט, קאנ מענ דאס נאכ פארשטעלנ, אבער אז מע זעט ניט, מע ווייסט ניט, פונוואנענ עס נעמט זיכ — וואס קאנ מענ טונ?.. ניט נאר קאליעווײַז, אפילע שוינ נאכ דער כאסענע האט זיכ איר עטלעכע מאל געמאכט, אז זי האט זיכ גאר פארגעסנ, וואס זי איז, און האט זיכ צעזונגענ, ווי אמאל, צעלאזט גאר אפנ אלטנ שטייגער, ווי מיידלווײַז. ראכעלע האט גאר פארגעסנ, אז די שוויגער איז דא אינ שטוב און הערט יעדעס ווארט, וויאזוי זי זינגט:

1 א נאקדישאכ, א קעוואקאראס.

אוי, אָט דאָרט, אָט דאָרט,
אוי, אפ יענעמ אָרט
שטייענ טײַבעלעכ צוויי — צווײ!
זיי שמועסנ זיכ, זיי קושנ זיכ...
נאָר וואָס פאר א טײַנע האָבנ זיי?
זיי קושנ זיכ אונ שמועסנ זיכ...

— אוי, א ווונער איז מיר! נא דיר נאָכ! — האָט ראָכעלע אויסגעשריגנ אונ האָט זיכ א כאפ געטאָג, דערזענ פלוצעמ די שוויגער.

— נישקאָשע, נישקאָשע, ווייס איכ! — האָט זי די שוויגער בארויקט אונ האָט זיכ געמאכט טאמעוואטע, שמאָרענדיק מיט דער נאָז אונ ארײַנקוקנדיק אינ א סלאָי אײַנגעמאכטס — זעסטו, ראָבעלע, איכ האָב מוירע, אז די אגרעסנ אונדזערע זאָלנ ניט אָנהייבנ צוקערנ; איכ האָב שוינ פאראיאָרנ געהאט אזא פסאק: העכער א האלבער פוד אײַנגעמאכטס איז פארפאלנ געוואָרנ אָט אזוי...

אונ ווער רעדט, פאר מוישע־מענדלענ וואָלט זי ניט געזוכנ פאר קיינ געלט: עס קומט אויס עפעס מעשונע־נאריש אונ זייער פריקרע — נעמענ עפענענ א מויל פארנ מאנ אינ די אויגנ אונ זינגענ... עס קאָנ זײַנ, אז מוישע־מענדל וואָלט זיכ ניט אָפגעזאָגט אונ וואָלט עפשער א גרויסער באלנ געווענ דערופ. ער האָט זי געהערט א פאָר מאָל א זונג טאָנ אונ ווייסט, אז איר קאָל איז צוקער־זיס. נאָר וואָס פאר א פאָנעמ וואָלט ער געהאט פאר זיכ אליינ, אז ער זאָל זיכ פלוצעמ אנידערזעצנ אינ דער היימ — הערנ דאָס ווײַב זינגענ לידלעכ? א שיינע אוודע פאר א לײַטישנ יונגנמאנטשיק! עס זאָל זיכ מאכנ אלפי מיקרע זי הערנ — מאכטייסע... אונ עס פלעגט זיכ אמאָל מאכנ, נאָר זייער זעלטנ; דעמלט פלעגט מוישע־מענדל בלײַבנ שטיינ, זיכ גוט אָנהערנ, אונ נאָכדעמ געבנ א הוסט, צו באווײַזנ, אז ער קומט קלוימערש ערשט אָנ, אונ זיכ ארײַנקומענ אינ שטוב אָרײַנ קעלוי־יאָדע...

אָט אזוי האָט זיכ אָפגעלעבט ראָכעלע א קנײַלעכיק יאָר, איינע אליינ, צווישנ גוטע געטרײַע לײַט, איבערגעגעבענע ביז לעצט, אונ מע קאָנ ניט זאָגנ, אז ס'איז איר געווענ גוט, אונ מע קאָנ ניט זאָגנ, אז ס'איז איר געווענ שלעכט. זי האָט זיכ געפילט צווישנ אייגענע פרעמד, צווישנ אייגענע עלנט, צווישנ גוטע, טרײַע — פארלאָזט. זיצנדיס אזוי פארזאָרגט איבער אנ ארבעט, אנ אויסנייעכץ, פלעגט זיכ ראָכעלע, ווי איר שטייגער איז, אונטערזיינגענ, אונ פלוצעמ

פלעגט זי אָנעמענ א הארצקלעמעניש, אונ עס האָט זי געצויגנ אהיימ, דאָרט, ווו זי האָט פארבראכט אירע קינדער־יאָרנ.

געפלויגנ, געפלויגנ
די גילדענע פייגל
איבער אלע יאמענ;
לאָזט זשע געריסנ,
גילדענע פייגל,
מײַנ ליבער, הארציקער מאמענ!
געפלויגנ, געפלויגנ
די גילדענע פייגל
איבער אלע טײַכנ;
לאָזט זשע געריסנ,
גילדענע פייגל,
מײַנ ליבנ הארציקנ טאטנ...

דוואָסי־מאלקע האָט ליב געהאט גאנצ אָפט אונטערגאנווענענ זיכ אפ די שפיצ פינגער אונ אונטערהערנ זיכ, ווענ וואָס זינגט די שנור.

— וואָס איז דיר, ראָכעלע, דו בענקסט אהיימ?

— אכ, ניינ, שוויגער! גלאט אזוי... — ענטפערט ראָכעלע שמייכלענדיק אונ ווישט אויס די טרערנ.

XIII

## ראָכעלע האָט שוינ דאָס גוטע בריוול

מיר האָבנ איבערגעלאָזט ראָכעלענ בעשאס דעמ „שלייער־וואר־מעס" שטיינ בא דער טיר אונ קוקנ אפנ גרויסנ מארק־פלאצ פונ דער שטאָט מאזעפעווקע, פארטיפט אינ אירע מאכשאָוועס, פונ וועלכע מיר האָבנ אויבנ געשמועסט. די מאכשאָוועס אירע זענענ אָבער גיכ איבערגעריסנ געוואָרנ דורכ אונדזער ווילנ יונג — סטעמפעניונ.

דער דאָזיקער פײַנער באָכער, וואָס האָט געוואָרפנ אנ אויג אפ ראָכעלענ, האָט גוט באמערקט, ווי זי איז ארויסגעגאנגענ פונעמ טיש, האָט ער א ביסל צוגעווארט אונ איז אויכ ארויסגעגאנגענ, אונ האָט זיכ געשטעלט אינ דרויסנ בא דער טיר, אונ האָט טייקעפ פארבונדנ מיט ראָכעלענ א שמועס וועגנ זײַנ שטאָט מאזעפעווקע אונ וועגנ איר שטאָט סקווירע, וועלכע ער האָט גוט געקענט מיט אלע

בריקלעכ, מיט אלע אירע אנטיקלעכ, אויסגעטונקענ, ווי מע זאָגט; אונ פונ דער שטאָט יעהופּעצ האָט ער מיט איר גערעדט; ער האָט געהערט, אַז זי איז אַמאָל געווענ אינ יעהופּעצ. ראָכעלע האָט אים געענטפערט איינ וואָרט איבער צענ.

— וואָס איז די מײַסע, — האָט זי סטעמפּעניו אַ פרעג געטאָנ, — וואָס איז די מײַסע, וואָס מע זעט אײַכ קיינמאָל ניט גיינ אַפנ שפּאַציר, ניט שאַבעס, ניט יאָמטעוו? איר זענט שוינ דאָ קימאַט אַ יאָר, העכער אַ יאָר, אונ מע זעט אײַכ נאָכ ניט אַפ דער באַרדיטשעווער גאַס! אונ פאַרקלויבנ האָט איר זיכ אַזוי ווײַט, אינ עק שטאָט, אונ איכ האָב גאָר ניט געוווּסט, אַז איר זענט הי... ערשט נעכטנ בינ איכ געוואָר געוואָרנ, ווענ איכ האָב אײַכ דערזענ... איכ האָב נאָכ נעכטנ געוואָלט מיט אײַכ אַ ביסל רעדנ, קאָנ מענ ניט... איר ווייסט דענ ניט אונדזערע ייִדישע שטעטלעכ? באַלד הייבט מענ אָנ צו רעדנ, מע נעמט אינ די מײַלער אַרײַנ... גייט זיכ דורכ, פאָלגט מיכ, שאַבעס באַטאָג אַפ דער באַרדיטשעווער גאַס... דאָרט איז די גאַנצע שטאָט... לעמאַנ־האַשעמ, הערט איר? לעמאַנ־האַשעמ, שאַבעס באַטאָג אַפ דער באַרדיטשעווער גאַס!

ראָכעלע האָט אים קיינ צײַט ניט געהאַט צו ענטפערנ, דענ איר געטרײַע שווינער דוואָסי־מאַלקע האָט באַמערקט, אַז די שנור איז ניטאָ באַמ טיש, איז זי געלאָפנ זי זוכנ, אונ אַז זי האָט זי געטראָפנ שטיינ אינ דרויסנ בײַ דער טיר מיט סטעמפּעניונ, האָט זי זיכ אינ פלוג אַ ביסעלע פאַרוווּנדערט: „וואָס עפּעס אינמיטנ־דרינענ אָט דאָ מיט אים?“ נאָר סטעמפּעניו, וואָס איז בײַכלאַל געווענ אַ מאַזיק אונ אַ גרויסער בעריע אינ אַזעלכע אינינים, האָט זיכ טייקעפ גענומענ צו דוואָסי־מאַלקענ מיט די האָזיקע ווערטער:

— מיר שמועסנ דאָ מיקויעכ דער כאַסענע, מיקויעכ דעמ רעבנס כאַסענע אינ סקווירע... אײַער שנור איז נאָכ דעמאָלט געווענ אַ קינד, ווענ איכ האָב געשפּילט אַפ דעמ רעבנס כאַסענע! זי געדענקט ניט דעמ רעבנס כאַסענע...

— עס פאַרשטייט זיכ, ווי קומט צו איר דאָס געדענקענ? — האָט אים דוואָסי־מאַלקע געענטפערט. — איכ געדענק אָבער גוט. איכ בינ דעמאָלט געווענ מיט מײַנ מאַנ אונ האָבנ גענעכטיקט אינ פּעלד, — אַזאַ אַנ ענגשאַפט איז דעמאָלט געווענ אינ שטעטל.

— וואָס ווייסט איר דאָס ענגשאַפט דעמאָלט! איכ וועל אײַכ דערציילנ שענערס... — האָט איר סטעמפּעניו געענטפערט אונ האָט פאַרבונדנ מיט דוואָסי־מאַלקענ אַ לאַנגנ שמועס מיקויעכ פיל פאַרשי־

דענע איניאַגים, און אַזוי האָט ער זיך מיט איר פֿאַרעדט, און ראָכעלע האָט זיך דערוווּסט אַרויסגעדרייט און איז אַרײַנגעקומען צוריק אין שטוב אַרײַן צו דער קאַלע. מיר האָבן נאָך אויבן געזאָגט, אַז סטעמפּעניו האָט געקאָנט רעדן; מיר דאַרפֿן דערציילן נאָך אַ מײַלע פֿון אים, הײַנע: אַף צו רעדן מיט אַלטע ווײַבער, פּלאַפּלען, פֿאַרעדן זיי די ציין, וועט מע באַדאַרפֿן, האָט מען אים אויך ניט באַדאַרפֿט פּיקן די צונג; ער האָט געקאָנט די מלאָכע גוט. „אַ געלערנטע מאַכשייפֿע — זאָגט די וועלט — איז ערגער, ווי אַ געבאָרענע". סטעמפּעניו איז אין זײַן אַרבעט געווען אַ כאַריף; ער איז דורכגעגאַנגען אַ גוטן כיידער, ווי מיר וועלן זען ווײַטער.

„אַ האָזע אַ ביסל! — האָט זיך ראָכעלע געטראַכט אין האַרצן. — זאָגן מיר, אַז איך זאָל, לעמאַן־האַשעם, זײַן שאַבעס באַטאָג אַף דער באַרדיטשעווער גאַס! לעמאַן־האַשעם? אַנדערש וויל ער ניט? אַ האָ־מאָגע אַ ביסל! דאָס קאָן נאָר אַ קלעזמער!"...

מיט אַזעלכע בייזע מאַכשאָוועס איז ראָכעלע געקומען צוריק פֿון דער כאַסענע, און אַז עס איז געקומען דער ליבער שאַבעס־קוידעש, אַז דער שווער און די שוויגער און אויך מוישע־מענדל האָבן זיך געלייגט רוען און קלויבן אַ ביסל אוינעג־שאַבעס פֿונעם זיסן שלאָף, פֿון וועלכן ייִדן האַלטן גאָר אַ וועלט פֿון קאַמע־וועקאָמע יאָרן, — דעמלט האָט זיך ראָכעלע, ווי איר שטייגער איז, געזעצט איינע אַליין באַם פֿענצטער און האָט געקוקט אַף דער גאַס אַרויס, צוברומענדיק זיך אַ לידעלע אונטער דער נאָז. דאָרט, אַף דער גאַס, האָט זי דערזען, ווי אַלע שאַבעס, אויסגעצוואָגענע מיידלעך, מיט רויטע און מיט בלויע סטענגעלעך אין די צעפּ, מיט רויטע, געלע, גרינע, מאָדנע קליידלעך, און מיט הענטשקעלעך, און מיט בײַע גלאַנצנדיקע שיך אַף סקריפּקעס. דאָס גייען זיי אַהין, „אַפֿן שפּאַציר", אַף דער באַרדיטשעווער גאַס. דאָרט וועלן זיי ווײַזן, איינע די אַנדערע, זייערע רויטע, בלויע סטענגעלעך, מיט זייערע רויטע, געלע, גרינע קליידלעך. דאָרט וועלן זיי כאַפּן אַ קוק פֿונדערווײַטנס, פֿאַרבײַגייענדיק, ווי דער מינהעג איז בא אונדז, אַף די באָכערימלעך, אַף די שיינע באָכערימלעך מיט די קאָרטענע קאַפּאָטקעלעך, מיט די לאַנגע הייזלעך און מיט די גלאַנצנדיקע דאַשקעס (קאָזיראָקלעך) פֿון די שאַבעסדיקע קאַרטוזלעך. דאָרט וועלן זיי מיט גרויס צניעס אַראָפּלאָזן די אויגן, און די בעקלעך וועלן בא זיי ווערן רויטלעך פֿאַר באַרפֿע, און די הערצלעך... מיט איינעם וואָרט, דאָרט וועט זײַן כײַ־געלעבט!

ראָכעלע ווייסט דאָס גאַנצ גוט. פאַרוואָס זאָל זי דאָס ניט וויסנ? זי איז דאָך אויך אַמאָל געווענ אַ מיידל מיט רויטע אונ בלויע סטענ־געלעך אינ די צעפּ אונ האָט אויך געשפּאַצירט מיט אַ סאַך מיידלעך שאַבעס באַטאָג אַפ דער גאַס. אָבער איצט?

ראָכעלע קוקט זיך אַרום. אַלע שלאָפנ אונ כראָפּעג געשמאַק. אַלע! נאָר זי אַליינ זיצט דאָ, ווי צווישנ טויטע, ווי צווישנ עמעצעס מייסים. זי שפּאַרט אָנ איר קאָפּ אַפ די הענט אונ פאַרטראַכט זיך אונ דער־מאַנט זיך אַנ אַלט לידעלע, וואָס זי האָט געזונגענ אַמאָל, מיידלוויַז:

אײנע אַליינ,
עלנט, ווי אַ שטיינ,
איך האָב צו קיינעמ צו רעדנ,
נאָר צו זיך אַליינ.
עלנט, ווי אַ שטיינ,
איך האָב צו קיינעמ צו רעדנ...

— גוט־שאַבעס!..

ראָכעלע האָט אופגעהויבנ דעם קאָפּ אונ האָט דערזענ... סטעמ־פּעניו.

— אַ גוט־שאַבעס! — זאָג איך.

„וואָס איז דאָס?! ווי קומט ער אַהער?“ — האָט ראָכעלע גע־וואָלט פרעגנ אונ אָפּטרעטנ פונעמ פענצטער.

— גוט־שאַבעס, גוט־יאָר! — האָט זי אים געענטפערט אונ איז געוואָרנ רויט, ווי אַ צוויק.

— איר האָט מיך ניט געפאָלגט אונ זענט נישט אַרויסגעגאַנגענ אַפ דער באַרדיטשעווער גאַס? איך האָב אַפ אייַך אומזיסט אַרויס־געקוקט... איך האָב... איך בינ... נאַט לייענט!..

אונ סטעמפּעניו האָט איבערגעגעבנ ראָכעלענ אַ צונויפגעלייגטנ בויגנ פּאַפּיר אונ איז גיך פאַרשוואונדנ געוואָרנ פונ אירע אויגנ.

ראָכעלע האָט לאַנג, לאַנג געהאַלטנ דעמ בויגנ פּאַפּיר אינ אירע הענט, ניט געוווּסט, וואָס צו טאָנ דערמיט, אונ ניט פאַרשטאַנענ, וואָס דאָס באַטייַט, „מיט וואָס עסט מענ דאָס?“... אַז די ערשטע איבעראַשונג איז איבערגעגאַנגענ, האָט זי צענומענ אַ גרויסנ בויגנ נאָטנ־פּאַפּיר אונ האָט דערזענ גרויסע אויסיעס, אַפ פּאָשעט ייִדיש געשריבנ, מיט אַ סאַך גרייַזנ.

„מיין ליבשטיר אייגיל פון הומיל ווען איח האָב דיין
„לעחטיק שטאַלד דערזוהין איז מער געוואָרין לעחטיק אָז

„מייגע ביידה עייגין אין א לעחטיק פייאר טיט מיין הארץ „פרעגין פין גריית ליבשעווט צי דיר מיין געשאַמע וואַת דויי־ „גע הומיל עייגין האָבין מעח מיד דיין שיין לעחטיק שטאלד „צי זעח גוצוויגען פין דער אורשטיר שאָ ביסד מיין „לייבין פין מיין הארץ מיין זוילי אין טי ניט שלאָפען „אין חאָלים דיך זייהין אָן דיר דאָח די לעחטיקי זין פינסטיר „אין מיינע עייגין אָב דעח ליב ווי מיין זים לייבין אין „חשטארב מיד אלי עייוועריס דעח טאָמיד זייהין פאר מייגי „עייגין אין דעח טאָמיד ליבין אין מיד דיר טאָמיד לייבין „דען דעח אויף אימער ליבענדיר וואָת גייט אוית נאָח דייני „טרייט אין טיט דעח פין ווייטין קישין דייני שייני עייגין סטעמפעניו״.

## XIV

## פונ דער „באס־מאלקע״ — צוריק צומ „בענ־מעלעכ״

לאָמיר איבערלאָזנ די „באס־מאלקע״ אונ זיכ אומקערנ צומ „בענ־מעלעכ״. מיר וועלנ פארביִיקנ ראָכעלענ אונ שמועסנ מיקויעכ סטעמפעניונ.

עמעס, דאָס דאָזיקע ברייוול פונ סטעמפעניונ, וואָס איז אויבנ געקאָפּירט אָס־בעאָס, איז נישט אזוי קונציק, נאָר וואָס קאָנ מענ העלפנ? סטעמפעניו איז אווארע געווענ א חעלד, א שיינער יונגאטש, א ימאכ־שמויניק א גוטער, נאָר קיינ שרייבער איז ער ניט געווענ. גייט מאכט עפּעס! זײַנ פאָטער, אָלעוו־האשאָלעמ, בערל באס, אז ער האָט דערזענ, ווי סטעמפעניו האָט כיישעק צו שפּילנ אונ לערנענ וויל ער ניט קיינ וואָרט, כאָטש בראָט אימ, כאָטש ברענ אימ, האָט ער אימ גיכ גענומענ צו דער מעלאָכע אונ האָט אימ פריִער אויסגע־פּרוווט אפ אלע קיילימ, ביז ער איז געבליבנ שטיינ מיט דער פידל, אונ בערל באס, וואָס האָט געהאט כוצ סטעמפעניונ נאָכ קינדער מוזי־קאנטנ, האָט געזאָגט בעפּירעש, אז אינ אימ, אינ סטעמפעניונ, גע־פינט זיכ אנ אָדער פונעמ זיידנ, רעב שמועלקע טראָמייט (וואָס האָט זיכ פערזענלעכ געקענט מיטנ גרויסנ פידלער פאגאניני), אזוי, אז צו צוועלפ יאָר האָט שוינ סטעמפעניו געקאָנט „באזעצנ״ א קאלע אונ מאַקע אָפּשפּילנ א גאנצע כאסענע. דערפאר האָט אימ בערל באס בעסער ליב געהאט פונ אלע קינדער, וואָס זענענ געגאנגענ בא אימ

אפגעריסנ, אפגעשליסנ, אדער פאשעט נאקעט אונ בארוועס. אונ כאטש בערל באס איז געווענ א שטרענגער קאמאנדיר אונ פלעגט שלעפנ סטעמפעניונ פארנ אויער, אדער אזוי הארגענענ, שלאגנ, מיי־מעסנ, ברעכנ די ביינער, דאכ איז סטעמפעניו געווענ בא אים דער אנטיק, א צירונג, א גאנצער מאיאנטעק אפ דער עלטער. בערל האט אלעמענ אנגעוויזנ אפ סטעמפעניונ אונ האט געזאגט מיט גאדלעס האלב אפ קלעזמער־לאשנ: „זעט איר, מאמזירים, אט דער פיטיוקל וועט מיר געבנ פאפע אפ דער עלטער. נישקאשע, איכ מעג זיכ אפ אים פארלאזנ".

דעמ אלטנ בערל באס איז אבער ניט באשערט געווענ אפ דער עלטער צו זענ בא זיכ זיינ געליבטנ זונ; סטעמפעניו האט זיכ צו פופצנ יאר אוועקגעלאזט, מיט א דרייערל אינ ביינטעלע אונ מיט אנ אלטער, צעבראכענער פידל אונטערנ פארעלעק, וואנדערנ אפ דער וועלט. ער האט זיכ אויסגעוואלגערט, ווו איר ווילט, אינ א סאכ שטעט אונ שטעטלעכ, צווישנ פיל פארשיידענע קאמפאניעס קלעזמער. מער ווי א האלב יאר האט זיכ סטעמפעניו ניט געקאנט האלטנ אפ איינ ארט, עס האט אימ אלצ געצויגנ ווייטער אונ ווייטער: פונ מאזעפעווקע קיינ סטעפעווקע, פונ סטעפעווקע קיינ קארעצ, פונ קארעצ קיינ באלטע, פונ באלטע קיינ אלט־קאנסטאנטינ אונ פונ דארטנ קיינ בארדיטשעוו אונ אזוי ווייטער אונ ווייטער, ביז אדעס. אונ פונ אדעס האט ער זיכ אוועקגעלאזט צוריק — ווידער וואנדערנ איבער קליינע שטעטלעכ, ווו מע קאנ זיכ לאזנ הערנ, האבנ א נאמענ, זיכ קיינע־שעמ זיינ. אונ עס איז טאקע אזוי געווענ: אינ יעדנ ארט, וווהינ סטעמפעניו איז געקומענ, האט מענ שוינ געהערט פונ אימ פריער. יעדנ האבנ געהערט, אז עס פארט ארומ אפ דער וועלט א געוויסער סטעמפעניו, וואס מיט זיינ שפילנ לאזט זיכ אוימ די וועלט. דעריבער איז גרינג צו פארשטיינ דעמ ראש, וואס עס איז געווארנ אינ יעדער שטאט, וווהינ סטעמפעניו איז געקומענ מיט זיינ קאפעליע. דענ סטעמפעניו, פארשטייט איר, האט צו אכצנ יאר שוינ געהאט אנ אייגענע קאמפאניע, אונ איז ארומגעפארנ אונ האט געשפילט נאר אפ געוויסע, רייכע כאסענעס, אונ אזוי מיט דער צייט האט סטעמפעניו אוועקגעלייגט אלע אנדערע קאמפאניעס, ווי לעמאשל די „קאנאטאפער קלעזמער", וואס האבנ אויכ געהאט געשעמט, די „סמילער", די „וויניצער", די „שאראגראדער" אונ נאכ פיל באריםטע קאמפאניעס, וואס האבנ זיכ געלאזט הערנ אפ דער וועלט.

עס פארשטייט זיכ, אז קיינ גוטע־פריינט האט זיכ סטעמפעניו ניט

געקויפט. דערפאר, וואָס ער חאָט ארויסגעריסנ דעמ בעסטנ ביסנ פונ די קלעזמערס מויל, אונ מע פלעגט אָנווינטשעווענ גענוג צאָרעס מיט שלעק אפ זײַנ קאָפּ. נאָר אינ די אויגנ האָט מענ אימ געכאנפעט אונ אינ הארצנ האָט מענ אויכ געהאט גענוג אָפּשײַ פאר אימ. יעדער קלעזמער האָט געוווּסט אינווייניק, בא זיכ אינ הארצנ, אז קוימ נעמט סטעמפּעניו דאָס פידעלע אינ האנט ארײַנ, איזוי מעגנ שוינ אלע קלעזמער זיכ לייגנ שלאָפנ.

די כעוורע קלעזמער, דארפט איר וויסנ, האָבנ פונ טאָמיד אָנ ליב גוזמאָעס. בא זיי געפינט איר סיפּורי־מעיסעס, וווּנדערלעכע ער־ציילונגענ, לעגענדעס אָנ א שיר. אפ סטעמפּעניונ האָבנ זיי דערציילט אינ יעדנ אָרט שרעקלעכע גוזמאָעס, אונ אפ זײַנ פידעלע האָט מענ געזאָגט, אז עס וואקסט פונ פאגאניניס אליינ. אז מע האָט דערהערט, אז סטעמפּעניו דארפ אָנקומענ מיט זײַנ „קאפּעליע", האָבנ אימ די שטאָט־קלעזמער געוויינלעכ גענוג אָנגעשאָלטנ, אונ ווער שמועסט ייִערע ווײַבער האָבנ פּאָשעט גערעגנט מיט קלאָלעס, מע זאָל גאָר באהיט ווערנ.

— א גאנצ קײַלעכיק יאָר, מע דארט, מע קוואַרט, מע באָרגט, מע מאשקנט, מע עסט פונ זיכ די הויט. וואָס איז? ראָשכוידעש עלעל וועט זײַנ א כאסענע באמ נאָגיד. צומ סאָפ קומט א רועכ, א שלימאזל פונ אלדי שווארצע יאָר, א סטעמפּעניו, אונ רײַסט ארויס דעמ ביסנ פונ די ציינ, פארכאפּט זאָל ער נאָר ווערנ!..

נאָר קיינ עמעסע סאָנימ האָט זיכ סטעמפּעניו ניט געקויפט אינ ערגעצ. ער איז געווענ א גוט־ברודערל ביז גאָר: אָפּגעשפּילט די בא־סענע, האָט ער זיכ צונויפגעקאָמפּאניעט מיט דער כעוורע שטאָט־קלעזמער אונ געלאָזט מאכנ א וואַרמעס מיט דער ברייטער האנט, נישט געקארגט קיינ שנאפּס, פײַנ אונטערגעלעבט, זיכ שוינ צעצאָלט אונ פארנ אוועקפאָרנ צעטיילט דעמ קלייניוואַרג מאטאָנעס. מיט איי־נעמ וואָרט, ער האָט זיכ אויסגעשטעלט מײַסע מענטש, גאָר לײַטיש.

— הערט איר? — האָבנ די קלעזמערקעס נאָכדעמ גערעדט צווישנ זיכ. — הערט איר? א ייִדישע נעשאָמע טאָר מענ ניט שאצנ.

נאָר מער ווי בא אלע האָט סטעמפּעניו געפונענ כיינ אינ די שווארצע אָדער בלויע אויגנ פונ די קלעזמערס טעכטער, די מיידלעכ, צו וועלכע ער האָט זיכ אומעטומ געשאַדכנט. אונ ווענ ער האָט גע־שוואָרנ דעמ קלעזמערס טאָכטער, אז ער איז אינ איר אײַנגעליבט ביז לעצט, האָט איר אימ געמעגט גלייבנ: בעשאָס־מײַסע איז ער בע־עמעס געווענ אינ איר אײַנגעליבט (צומיינסטנ זענענ בא די קלעזמער

שײנע טעכטער). נאָר קוים איז סטעמפעניו אריבערגעפאָרנ איבער דער ראָגאַטקע, אזוי איז זײַנ ליבע פארשוווּנדנ געוואָרנ מיטנ ווינט אונ מיטנ רויכ. אונ געקומענ אינ דער צווייטער שטאָט, האָט ער זיכ ווידער באַלד אײַנגעליבט אינ א דאָרטיקנ קלעזמערס טאָכטער; ווידער געשוואָרנ, געכאַפּט די ערד, אז ער ליבט זי, אז ער עקט זיכ, געשענקט מאַ־טאָנעס, אָפּגעזעגנט זיכ, אוועקגעפאָרנ — אונ ווידער די אייגענע מײַסע...

מע קאָנ ניט זאָגנ, אז אזעלכע ליבעס האָבנ זיכ אויסגעלאָזט טאָ־מיד אָנ א וויסטנ סאָפּ, — געוויינלעכ, פאַר איר, פאַר דער קאַלע... דאָס איז עמעס, אז פיל פונ זײַנע געליבטע האָבנ גיכ פארגעסנ אינ סטעמפעניוּנ מיט זײַנ געביינ אונ האָבנ כאַסענע געהאַט פאַר אנדערע קלעזמער. נאָר עטלעכע, זייער אײַנגעשפּאַרטע מיידלעכ, האָבנ זיכ אזוי אײַנגעגלייבט אינ דעמ דאָזיקנ ימאַכ־שמוּיניק, אז ער וועט קו־מענ, ביז הײַנט — איז מאָרגנ, ניט מאָרגנ — איז איבערמאָרגנ, ביז זיי האָבנ אָנגעהויבנ צו טריקענענ אונ אויסגיינ, ווי א ליכט. אינ דער צײַט, ווענ סטעמפעניו האָט ערגעץ בעסאָד, אינ א פינצטער הײַזל, זיכ געקושט מיט א קלעזמערס טאָכטער, אינ דער אייגענער מינוט איז געלעגנ נישט איינע פונ זײַנע קאַלעס מיטנ פּאָנעמ אראָפּ, באַוויינענ־דיק זייער פינצטער מאַזל, וואָס זייער „געליבטער האָט זיי פארגעסנ, פארלאָזט אונ טוט זיי גאָר ניט דערמאָנענ"...

אָט אזעלכע אומגליקלעכע קאַלעס האָט סטעמפעניו געלאָזט קימאַט אינ יעדער שטאָט, ווו ער איז דורכגעפאָרנ מיט זײַנ קאָמפּאַניע. נאָר ניט שטענדיק גילט די האַצלאָכע; עס מאַכט זיכ אמאָל — מע טרעפט אָנ אפ א שלאַק, האָט מענ דערמלט צו זינגענ אונ צו זאָגנ. סטעמפעניונ האָט געטראָפנ אנ אומגליק, וואָס ער האָט זיכ גאָר אפ אזעלכעס ניט גערעכט: ער האָט געמוזט כאַסענע האָבנ, כאָטש עס האָט זיכ אימ שטאַרק גיט געוואָלט כאַסענע האָבנ!

# XV

## סטעמפעניו פארשלייערט זיכ גאָר אומגעריכט

ויהי היום [1] איז סטעמפעניו געקומענ מיט זײַנ קאַפּעליע קיינ מאַזעפּעווקע אונ האָט אָפּגעשפּילט דרײַ כאַסענעס מיטאַמאָל, בעשוּט־פעס מיט די שטאָט-קלעזמער, וואָס זענענ צוגעשטאַנענ צו אימ מיט באַזאָקע־מײַנעס אונ האָבנ אימ פארשוואָרנ, אז בעימ־לאוו [2], וועט אימ

1 ווײַהי האיומ. — 2 אויב ניט.

בעוורע ברעכן די ביינער. און זיי וואָלטן עס זייער שיין מעקיימעם געווען, ווען סטעמפּעניו, וואָס האָט געהאַט ביכלאַל א גוט האַרץ, זאָל ניט געווען מערוצע ווערן אָפּ שוטפעס.

אַזויווי פון אייג כאַסענע ביז דער אַנדערער האָט געדויערט א פּאָר טאָג, און סטעמפּעניו האָט דערווייל ניט געהאַט וואָס צו טאָן, האָט ער זיך דערווייל באַקענט מיט יעשניקע דעם פידלערס טאָכטער, א פיין מיידל פון א יאָר צוויי און צוואַנציק, א שוואַרצס און א גראָבס, און ער האָט זיך איין איר רעכט איינגעליבט, ווי דער שטיי־גער איז בא אים געווען: געקושט, געהאַלדזט, געליובעט, געקויפט מאַטאַנעס, קוצעניו־מוצעניו, נאָר מײַסע כאַסן, און אַז עס איז גע־קומען די צײַט פון אוועקפאָרן, האָט אים דאָס שוואַרצע מיידל (פריידל האָט מען זי גערופן) געזאָגט, אַז ער זאָל ניט מאַכן קיין שויעס און שרײַבן טנאָים, ווי דער מינהעג איז. סטעמפּעניו, וואָס איז דערצו נאָך נישט געוווינט געוואָרן, האָט זיך א ביסל געקווענקלט, געדרייט מיט דער צונג אַהין — אַהער, נאָר עס האָט אים נישט גע־האָלפן קיין ריבוינע־שעל־אוילעם. פריידל איז געווען א מיידל א קאָזאַק און האָט אים גענומען אין די הענט אַרײַן. נאָר קיין מײַסע ניט, אַזוי אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט אויסדרייען פון איר, און עס איז געווען דאָס קנאַסמאָל אין א מאַזלדיקער שאָ. בעוורע קלעזמער האָבן לעקאָוועד דעם געדימטן כאָסן געמאַכט א היפשן קנאַק, און באַם פידלער אין שטוב איז געווען סאָפּן־וועסימכע דרײַ טאָג קע־סיידער, ביז דער ליבער כאָסן מיט אַלע ליבע געסט זענען זיך אַוועק־געפאָרן אין דער אַנדערער שטאָט, אין דער דריטער און אַזוי ווײַטער.

געוויינלעך, האָט סטעמפּעניו באַלד פאַרגעסן אין דער גאַנצער כאַסענע מיט די טנאָים, מיט דעם שוואַרצן מיידל, מיט אַלע מיט אַן אַנדער, און האָט זיך געטאָן זײַנס, דאָס הייסט, געפירט זײַנע ליבעס אין אַלע שטעט, ווי ער איז געוווינט געווען. און אַזוי איז ער זיך גע־פאָרן פון שטאָט צו שטאָט מיט זײַן קאַפּעליע — כאַסענעס שפּילן, און האָט זיך געלעבט א גוטן טאָג. נאָר פּלוצעם... עס איז ניטאָ קיין אייביקע זאַך אָפּ דער וועלט! אַלץ איז ביז א צײַט. אָפּ סטעמפּעניון איז אויך געקומען די צײַט. א בייזער שלאַק האָט אים געטראָפן און א צאָרע. א מעשולאַכאַס האָט זיך אָפּ זײַנע יונגע יאָרן גענומען! הערט אַן אומגליק:

געשפּילט אַזוי איינמאָל א כאַסענע אין א קליין שטעטל, ערגעץ אין מאַלאָראָסיע, און געהאַלטן סאַמע אינמיטן א ליבע מיט הערשקע דעם פּלייטערס טאָכטער (א גאַנץ שיין מיידל), און סטעמפּעניו האָט

איר צוגעזאָגט, אז ער וועט זי געוויס נעמענ, — איז ארײַנגעקומענ מעכטשי פּײַקלער מיטנ שלעפּעריקנ פּאָנעם אונ האָט א וווּנק געטאָנ אפּ סטעמפּעניונ אונ א מורקע געטאָנ אונטער דער נאָז אפּ קלעזמער־לאָשנ:

— גייט, סטעמפּעניו, דאָרט אינ הויז וואַרט אפּ אײַכ א שעכטל.

— א מיידל? וואָסער א מיידל?

— א שווארצ מיידל מיט גרינע אויגנ.

אונ סטעמפּעניו האָט זיכ געלאָזט אינ הויז ארײַנ אונ האָט דער־יענ דאָס שווארצע מיידל, יעשײַקע דעמ פּידלערס טאָכטער, זײַנ קאלע פּריידל!

— וואָס קוקסטו מיכ אָנ, סטעמפּעניו? האָסט מיכ נישט דער־קענט? אי־אַ? זע נאָר, ווי ער פּינטלט מיט די אויגנ אונ קוקט זיכ צו! דאָס בינ איכ, סטעמפּעניו, איכ, פּריידל, דײַנ קאלע פּריידל, יע־שײַקע דעמ פּידלערס טאָכטער.

— הא? איכ ווייס, וואָס רעדנ? איכ ווייס ניט? איכ ווייס! איכ ווייס! נאָר ווי קומסטו אהער? פּונוואַנענ?

— ווי קומ איכ אהער? מיט די פיס, סטעמפּעניו, מיט די פיס. קוימ דערפּרעגט אהער, צו הערשקע דעמ פּלייטיסט. פּונוואַנענ, פּרעגסטו? פּונ דער היימ קומ איכ אָנ.

— נו, וואָס הערט זיכ? ווענ ביסטו פּונ דער היימ?

— וואָס זאָל זיכ הערנ, סטעמפּעניו? ניטאָ קיינ נײַעס. ווענ בינ איכ פּונ דער היימ? פּונ דער היימ בינ איכ, אפּאָנעמ, אזוי גרויס, ווי א וואָכ זעקס אָדער זיבנ. מיר זײַנענ אויסגעווענ, ווי דו ווילסט. וווּהינ מיר קומענ צו פאָרנ, זאָגט מענ אונדז: „געווענ אונ אוועקגעפאָרנ ווײַטער". קוימ־קוימ מיט צאָרעס געטראָפנ אפּנ עמעצנ וועג... נו, וואָס מאכסטו עפּעס, סטעמפּעניו?

— הא? איכ? גארניט! וואָס זאָל איכ מאכנ? קומ, פּריידל, וואָס שטייענ מיר דאָ? — האָט ער צו איר געזאָגט, דערזענ, אז כעוורע קלעזמער הייבנ זיכ אָנ קלויבנ ארומ זיי אונ באטראכטנ דאָס שווארצע מיידל מיט די גרויסע שווארצע צעפּ אונ מיט די גרינע אויגנ.

— פּונ־מײַנעטוועגנ, לאָמיר גייענ,—האָט אימ פּריידל געענטפערט.

אונ סטעמפּעניו האָט געכאפּט אפּ זיכ דעמ אויבער־ראָק מיטנ שטעקעלע אינ דער האנט אונ האָט זיכ געמאכט א שפּאציר מיט פּריידל דער שווארציער איבער דער שטאָט. סטעמפּעניו האָט זיכ ארומ־געקוקט, צי קיינער הערט ניט זייער שמועס, אונ האָט זיכ געווענדט צו איר שוינ מיט מער שטארקײַט.

— זאָג מיר נאָר, איך בעט דיך, וואָס הייסט דאָס?

— וואָס הייסט „וואָס הייסט דאָס"?

— אָט דאָס, וואָס דו ביסט אהער געקומען.

— ס'א גראַם! קוק אים אָן, קלאָמפּערשט ווייסט ער ניט, מאַכט זיך געפּייגערט.

— הערסטו, פריידל? — האָט איר סטעמפּעניו שווער מיט האַרץ געזאָגט. — הערסטו, פריידל? איך האָב פֿיינט, אַז מע מאַכט מיט מיר אַזעלכע מאַכן־אָקעס! איך פרעג דיך, וואָס טוסטו דאָ, און דו טרייבסט מיט מיר קאַטאָוועסלעך?

פריידל האָט א גלאַנץ געטאָן מיטן פּינטעל פון אירע גרינע אויגן אויף סטעמפּעניון, און פארוואָרפן מיט די הענט אירע לאַנגע שוואַרצע צעפּ אַרונטער, האָט זי זיך געווענדט צו סטעמפּעניון אויף ערנסט:

— וואָס איך טו דאָ, ווילסטו וויסן? איך בין געקומען צו דיר, סטעמפּעניו! האָסט אונדז באַם קלאָסטער געזאָגט, אַז נישט מער ווי איין צוויי וואָכן אַרום שרייבסטו אונדז אַריין א בריוול מיקויעך דער גאַנצער אָפּשטעלן; מיר האָבן געוואַרט און געוואַרט העכער צוויי כאָדאָשים און האָבן דערזען, אַז פון דיר איז ניטאָ קיין שום ידיעה, האָבן מיר זיך מעיאַשעוו געווען און האָבן זיך געלאָזט אַף דער וועלט צו זוכן דעם נעכטיקן טאָג, און אַזוי זענען מיר אויסגעווען, ווי די וועלט האָט אַן עק, ביז קוים, קוים מיט צאָרעס, גאָט האָט אונדז געהאָלפן און מיר...

— זאָג מיר נאָר, פריידל, ווער זענען די „מיר"? עפּעס זאָגסטו אַלץ מיר זענען געפאָרן, מיר זענען געקומען...

— מיר ביידע, דאָס הייסט: איך און מיין מאַמע.

— דיין מאַמע?! — האָט סטעמפּעניו אויסגעשריגן און האָט זיך אָפּגעשטעלט א דערשלאָגענער. — דיין מאַמע? וואָס האָט זי דאָ צו טון?

— שאַ, וואָס שרייסטו אַזוי, סטעמפּעניו? וואָס דען, אַליין האָסטו געמיינט? א מיידל פאָרט ניט אַליין. א שיינע זאַך, כ'לעבן!

— יאָ, אָבער וואָס קער זי זיך אָן מיט מיר, די מאַמע דיינע? — האָט זי סטעמפּעניו געפרעגט, אומקערנדיק זיך צוריק מיט איר.

— א מעכוטענעסטע, סטעמפּעניו, א מעכוטענעסטע קער זי זיך מיט דיר אָן, און שפּעטער וועט זי זיך דיר אָנקערן א שוויגער.

— דו מיינסט טאַקע, אַפּאָנעם, און עמעס, פריידל, כאַסענע האָבן פאַר מיר?

— נו, און דו, סטעמפעניו, מיינסט דאָס אַף קאַטאָוועס?
— נאַרישקייטן!
— פאַרוואָס נאַרישקייטן?
— אַט אַזוי. איך האָב עס אַפילע נישט אין זינען אין דער לינ־קער פיאַטע.

פריידל איז געבליבן שטיין אַ מינוט און האָט אַ קוק געטאָן סטעמפעניון אין די אויגן אַריין. נאָכדעם האָט זי זיך אַרומגעקוקט אַף אַלע זייטן און האָט זיך שטילערהייט געווענדט צו סטעמפעניון מיט די ווערטער:

— הער נאָר אויס, סטעמפעניו! מיין ניט, אַז דו האָסט אָנגע־טראָפן אַף אַ בלינדקעלע, וואָס ווייסט ניט, ווער עס האָט זי געשלייערט. איך קען דיך גאַנץ גוט, סטעמפעניו! איך ווייס, אַז דו ביסט אַ היפּשער שאַרלאַטאַן, האָסט ליב קאַלעס אַלע וואָך אַ נייע. נאָר עס מאַכט ניט אויס, אַלץ ביז אַ צייט, בישקאָשע... ביסט אַ גוטער בעטעווע, האָסט אַ ווייך האַרץ, ביסט אַ פאַרשוין איינער צווישן צען טויזנט, שפּילסט אויסגעצייכנט אַפן פידל און קאָנסט געבן אַ ווייב ברויט, — דער־פאַר וויל איך דיך, און דערפאַר וועל איך פאַר דיר כאַסענע האָבן, און טאַקע גיך! און דאָס, וואָס דו שפּאַרסט זיך, איז אומזיסט, אַרויסגעוואָרפן דיינע טירכע, סטעמפעניו, גלייב מיר, בייג זיך אָן צו מיר אַהער, איך וועל דיר זאָגן אַ סאָד...

און פריידל די שוואַרצע האָט איינגערוימט סטעמפעניון אַ סאָד אין אויער, און סטעמפעניו איז פאַרציטערט געוואָרן מיט אַלע איבו־רים. ער איז געבליבן שטיין, ווי אַ ליימענער גוילעם, איינמיטן וועג, נישט געקאָנט עפענען קיין מויל אַ וואָרט אויסצורעדן. און דאָ איז אָנגעקומען מעכטשי פּעקלער מיט דעם רויטן קאָפּ און האָט אים געזאָגט, אַז מע רופט אים צום נאָגיד פונעם שטעטל באַשטעלן אַ כאַסענע. סטעמפעניו האָט זיך מיט אַ ווונק אָפּגעזעגנט מיט פריידלען און האָט אויסגערעדט מיט אַ זיפץ:

— מיר וועלן זיך נאָך זען, פריידל!
— ס'אַ שיינע אַ ביסל, אויב מיר וועלן זיך זען! — האָט אים פריידל געענטפערט און האָט זיך גאַנץ צופרידן אָפּגעשיידט פון איר ליבן כאָסן סטעמפעניו.

די אַלע, וואָס האָבן אין יענער צייט געזען סטעמפעניון אַף דער כאַסענע, האָבן זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט אַף זיין בלאַס פּאָנעם מיט זיין אָפּגעלאָזטקייט: גאָר ניט דער סטעמפעניו, וואָס פריער, אַ שע־נערן לייגט מען אין דער ערד אַריין! עס איז אָפּגענומען געוואָרן זיין

פרייליכקייט מיט זיינ ברענ, ווי מיט די הענט. יאָ, סטעמפּעניו האָט געפילט, אז דאָס איז אנ עק צו זיינ זיס לעבנ פונ א פרײַ פייגעלע. אז דאָס נעמט ער אפ זיכ א יאָכ אפנ האלדז אפ טאָמיד, אפ אייביק. אדיע, ליכטיקער זומער־אָוונט מיט א ווײַטנ שפּאציר הינטער דער שטאָט מיטנ קלעזמערס טעכטערל! אדיע, לאנגע שמעקנדיקע צעפּ, צעלאָזטע האָר, גרויסע קארע אויגנ! אדיע, זילבערנע לעוואָנע!..

עמעס, סטעמפּעניו האָט זיכ נאָכ א ביסל געצאפּלט, געוואָרפנ, ווי א פיש אינ דער נעץ, מיט די לעצטע קויכעס, געפּרוווט אלע מיטלענ, נאָר עס האָט אימ געהאָלפנ, ווי א טויטנ באנקעס. פריידל מיט איר מוטער זענענ געשטאנענ אקעגנ אימ, ווי אָט יענע מייסימ, וואָס קומענ צו אונדז באנאכט אינ כאָלעמ און שלעפּנ אונדז צומ בעסדינ־שעל־מײַלע אָפּגעבנ דינ־וועכעשבנ... און איבערהויפּט האָט ער געציטערט פאר איר, פאר דער מעכוטענעסטע, וואָס האָט צונויפגעשנורעוועט דאָס שוואַרצע פיסקעלע, ווי מיט א בענדעלע, נאָר דאָס פּאָנעמ האָט איר אזוי געפּײַערט, אז זי איז געווענ גרייט אלע מינוט ארופכאפּנ זיכ אפ סטעמפּעניונ, ווי א ווילדע קאץ, און ארויסרײַסנ אימ ביידע אויגנ, ווענ ניט פריידל, וואָס האָט זי די גאנצע צײַט אײַנגעהאלטנ.

— טשעפּע ניט, מאמע, וועסט נאָכ קאליע מאכנ. דו קוק נאָר און שווײַג, דו היט אימ נאָר די טריט, ער זאָל זיכ ניט ארויסרײַסנ פונ אונדזערע הענט. עס וועט זײַנ רעכט, מאמע, סטעמפּעניו איז מײַנער, ער איז מײַנער!..

# XVI

## שימשנ־האגיבער בא דלילענ אפנ שויס

פריידל האָט זיכ פאראקשנט און האָט אויסגעפירט אירס: זי האָט באזענע געהאט פאר סטעמפּעניונ קעדאָס־מוישע־וועיזראָעל און האָט אימ גיכ ארײַנגענומענ אינ די לאפּקעס ארײַנ גאָר אפ אנ אנדער אופנ. א ביסל האָט איר צוגעהאָלפנ די מאמע אירע, וואָס זי האָט קוימ דערלעבט דעמ נאָכעכ צו ווערנ א שוויגער, און סטעמפּעניו האָט פארזוכט דעמ טאמ פונ גענעמ און האָט זיכ נישט גענארט. דאָס פאָרפאָלק איז אריבערגעפאָרנ קיינ מאזעפּעווקע, און סטעמפּעניו האָט זיכ דאָ באזעצט מיט זײַנ קאָמפּאניע, ווי א שטענדיקער, אפ איינ אָרט.

— שוױג, אויס, אויס ארומשלעפּן זיך! גענוג, סטעמפּעניו, געֿרייַזט איבער דער וועלט, גענוג! — אזוי האָט פריידל געזאָגט צו איר מאַן, וואָס איז אינגאַנצן געווען אירער, און וואָס זי האָט געוואָלט, האָט זי מיט אים אויסגעפירט, און דאַפקע מיט גוטן.

נאָך דער כאַסענע האָט זיך אָנגעהויבן בא סטעמפּעניון א נייַ לעבן, גאָר א שפּאָגל־נייַ לעבן. גנייציק איז בא זיך סטעמפּעניו געווען נאָר באַנערווייַז, קוים אָבער האָט ער נאָר כאַסענע געהאַט און איז אַרייַן צו פריידלען אין די הענט, אזוי האָט ער אָנגעוואָרן אינגאַנצן זייַן שטאַרקייַט, אינגאַנצן זייַן מוט, דעם גאַנצן גלאַנץ. בא זיך אין שטוב האָט סטעמפּעניו ניט געהאַט קיין ברעקל דייע.

— רו האָב אין זינען דייַנס, דייַן אייסעק איז די קאַפּעליע מיט די כאַסענעס, צו וואָס טויג דיר געלט, נאַרעלע? — אזוי האָט צו אים פריידל געזאָגט, צוגענומען בא אים, ווו ער האָט פאַרדינט ערגעץ א גראָשן.

אפּ געלט איז פריידל געווען זייער זשעדנע. זי איז אויסגעוואַקסן בא זייער אָרעמע עלטערן און האָט קימאַט קיינמאָל ניט געזען קיין גראָשן אין די אויגן. מיידלווייַז פלעגט איר אָנקומען א סטענגעלע אָדער א קעמעלע זייער שווער, מיט ביטערע טרערן. ביז פופצן יאָר איז פריידל געגאַנגען באָרוועס, געווען א ניאַנקע דער מוטער בא די קלענערע קינדער, געכאַפּט קלעפּ גענוג אי פון דער מוטער אי פון דעם פאָטער, יעשייַקע דעם פידלער, וואָס האָט ליב געהאַט דעם טרונק. געגעסן האָט זי קאַדאָכעס, מעלוועש איז זי געווען, ווי עס איז אָנגעֿשטאַנען צו די באָרוועסע פיס, און נאָר פורים פלעגט איר אַרייַנפאַלן עטלעכע קאָפּעקעס פונעם שאַלאַכ־מאָנעס, וואָס זי פלעגט טראָגן אין פרעמדע הייַזער; די עטלעכע גראָשן פלעגט זי באַהאַלטן ווייַט־ווייַט אין בוזעם, ביכדיי די מאַמע זאָל בא איר ניט אויסנאַרן, און אזוי פלעגט זי שלאָפן מיטן ביסל מינץ ביז פּייסעך און אפּ יאָמטעוו קויפן זיך פאַר דעם א כטענגעלע אָדער א קעמעלע. און אזוי איז פריידל געוואַקסן ביז אכצן יאָר, ביז זי איז פלוצעם אויסגעוואַקסן א הויכע, א שיינע, א געזונטע מויד — א קאַלע־מויד! אז פריידל איז א קאַלע געוואָרן פאַר סטעמפּעניון, האָט זי אליין ניט געוווּסט, וואָס פאַר א גליק עס האָט זי געטראָפן. נאָר די מאַמע, וואָס האָט דאָס דאַפקע יאָ פאַרשטאַנען, האָט מיט איר וועגן דעם גענוג אײַנגעטייַנעט, אז זי זאָל וויסן, אז איר כאָסן איז א גאָלדשפּינער, נאָר א גרויסער שאַרלאַטאַן, וואָס דאָס קערבל איז בא אים א מאַמזער, לאָכיין זאָל זי זיך ניט לאָזן שפּייַען אין דער קאַשע און זאָל האָבן בא אים א

דייע איינ אַלצ, אַזוי ווי זי, די מאַמע, האָט א דייע באַמ טאַטנ, יעשניקע דעמ פידלער...

אַז פריידל האָט באַסענע געהאַט פאַר סטעמפּעניונ, האָט זי ניט פאַרגעסנ, וואָס די מאַמע האָט איר אָנגעזאָגט, אונ האָט ביסלעכווייז, מיט סייכל, אָנגעהויבנ לערנענ מיטנ מאַנ הילכעס „ווייב”, אַז א ווייב דאַרפ וויסנ אַלצ, וואָס באַמ מאַנ טוט זיכ, אַז א ווייב איז ניט קיינ פרעמדע, אַז א יידישע טאָכטער איז ניט קיינ „פּאָליובאָווניצע”, — ניינ, עס איז זיינ בלוט אונ פלייש, זי איז ער, אונ ער איז זי. האַקלאַל, ער דאַרפ וויסנ, ער דאַרפ פילנ, אַז ער האָט א ווייב...

אַז פריידל איז געוואָרנ אַליינ א באַלעבאָסטע פאַר זיכ אונ האָט דערזענ אַלעמאָל א ניי קערבל, וואָס סטעמפּעניו פאַרדינט אַזוי אָפּט, האָט זי זיכ א וואָרפ געטאָנ אָפ די קערבלעכ, ווי א הונגעריקער, אַז ער דערזעט עפּעס א מייכל. נאָר עס איז איר אָבער דאָס געלט ניט איינגעגאַנגענ. פריידל האָט זיכ אַלצ געזאָרגט, טאָמער וועט מאָרגנ ניט זיינ, טאָמער וועט דער מאַנ שפּעטער כאָלילע ניט פאַרדינענ, האָט זי זיכ געמאַכט איינ קניפּל אונ דאָס אַנדערע אונ האָט אָנגעהויבנ צו קלייבנ א גראָשנ צו א גראָשנ.

—וואָס פּראַטעסטו אַזוי? — האָט זי סטעמפּעניו געפרעגט, באַ־מערקט אירע טנועס.

— וועסט אַלצ וועלנ וויסנ, וועסטו גיכ אַלט ווערנ. לאָז דיכ ניט אַרנ, סטעמפּעניו! — האָט אימ פריידל געענטפערט מיט א שמייכעלע אונ האָט זיכ געטאָנ אירס, אָפּגעשפּאָרט, אָפּגעריסנ פונעמ מאַרק, פונעמ קלייטל אונ פונ דער יאַטקע, מיטנ וואַרעמעס אויסגעקומענ, ווי מיט קרעפּל־פלייש, אָפּטמאָל ניט דערגעסנ, ניט דערטרונקענ, אונ זיכ אַלצ צונויפגעשלאָגנ א קערבל אומ א קערבל. ביסלעכווייז, אַז עס האָט זיכ צונויפגעשלאָגנ היפּשע עטלעכע גילדנ, האָט זי אָנגעהויבנ צו מאַכנ האַלוואָעס אָפ א מאַשקנ אונ נעמענ פּראָצענט; דאָס ערשטע מאָל גלאַט אַזוי, דורכ א צופאַל, וואָס א שכיינע האָט בא איר געבעטנ א גמילעס־כעסעד אונ פריידל האָט איר א טויווע געטאָנ — פאַרוואָס דענ ניט? — אונ נאָכדעמ, אַז פריידל האָט דערזענ, אַז דאָס געלט וואַקסט גאָר, אַז פונ איינ קערבל ווערט מיט דער צייט צוויי, האָט זי אָנגעהויבנ מיט איר ביסל קאַפּיטאַל צו מאַכנ אַסאָקימ, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז זי איז געוואָרנ פּאָשעט א „וואָכערניצע” מיט אַלע בייג־גריבעלעכ פונ דער דאָזיקער פּראָפעסיע, מיט וועלכער א גרויסער טייל פונ אונדזערע נעגידימ, צווישנ אונדז רעדנדיק, פאַרנע־מענ זיכ אונ האָבנ דאָס גאָר ניט פיינט...

מערקווירדיק! ווי קומט עס צו פריידלענ אזא כיישעק צו קלויבנ געלט? נישט בא איר טאטנ, יעשײַקע פידלער, נישט בא קיינעמ פונ אלע באקאנטע קלעזמער האָט זי דאָס געקאָנט זענ. ווו וועט איר דענ געפינענ א גלײַכנ צו דער בעוורע קלעזמער, מע זאָל זיכ אזוי נישט אומקוקנ אפ קיינ גראָשנ, עס זאָל אזוי זײַנ א קערבל העפקער, פאַשעט ווי די בלאָטע? די יידישע קלעזמער — אונ ווער שמועסט אינ יענע יאָרנ — קאָנ מענ גלײַכנ צו א מינ ציגײַנער, א באזונדער פאָלק, מיט א באזונדערנ זשארגאָנ, מיט גאָר באזונדערע געננ; די דאָזיקע בעוורע האָט שטענדיק געלעבט א גוטע שאָ, טאָמיד איז געווענ פורימ, פריילעכ, לעבעדיק, טאָמיד גערימפּלט, געווערטלט זיכ, געשטיפּט, געארבעט, זיכ לוסטיק געמאכט, איבערגעקערט וועלטנ, געשמועסט מיקויעכ פריילעכע זאכנ... געקומענ אהיימ צומ ווײַב, גע־טריבנ קאטאָוועס, געכלעפּטשעט טייגלעכ מיט פאסאָליעס אָדער גאָר געגעסנ מאקעס, נאָר פריילעכ, מיט א טענצל, מיט א לייצאָנעס, הונגעריק זיכ געלייגט שלאָפנ, אפ מאָרגנ געבאָרגט, געליענ, די קישע־לעכ פארזעצט, נאָכדעמ אויסגעקויפט אונ ווידעראמאָל דאָס אייגענע. די קלעזמערשע טעכטער זענענ אויכ געווענ מיינסטנס לופטיקע, פריילעכע נעשאָמעס; זייער לעבנ, אזוי ווי די האָר זייערע, איז נישט געווענ פארדעקט מיט קיינ שלייער... מיט איינעמ וואָרט, בא די קלעזמער איז געווענ א גאנײדנ, מיט אלע מײַלעס אונ כעסרוינעס פונ א גאנײדנ... הײַנט אינ אזא גאנײדנ וועמענ קאָנ ארופ אפ דער מאכשאָווע צו זאָרגנ — וואָס וועט זײַנ מאָרגנ?

פריידלס טאטע, פארשטייט זיכ, איז אויכ ניט געווענ קיינ פאַר־ווייטע נעשאָמע. יעשײַקע פידלער איז זיכ געווענ א רעכטער קאפּצנ, נאָר א לעבעדיקער, א פריילעכער קאפּצנ, אונ אז ער האָט פארדינט דאָס קערבל, האָט ער דאָס גאָר גיכ פארלעבט, טאקע, ווי מע זאָגט, אינ איינ אָטעמ. אונ זי, פריידלס מאמע, האָט אויכ ליב געהאט צו לעבנ, דאָס הייסט, גוט עסנ. עס איז קימאט קיינ העמד נישט געווענ אפנ לײַב, נאָר געגעסנ האָט מענ, קאָלזמאנ ס'איז נאָכ געווענ א שטיקל קישעלע צו פארזעצנ. „דאָס גאנצע דאָברע־מאזל גייט אינ דער קישקע ארײַנ", „ווי זאָגט מענ: בעסער דעמ בעקער איידער דעמ רויפע", „וואָס זשע דענ איז דעמ מענטשנס לעבנ?" — אזוי פלעגט זאָגנ פריידלס מאמע, וואָס איז, אייגנטלעכ, געווענ אפילע צווישנ קלעזמערקעס אנ אויסברענגערנ.

ווי זשע קומט עס פאָרט צו פריידלענ אזא גוטס? פונוואנענ נעמט זיכ צו איר אזא קארגשאפט? עס קאָנ זײַנ, אז די דאָזיקע מײַלע איז

געקומענ צו איר מאכמעס זשעדנאָסט, מאכמעס זי איז טאָמיד געווענ בא די עלטערנ הונגעריק אפ א גראָשנ. אָדער ס'איז עפּשער געווענ בא איר נאָר א טעווע־זאכ: עפּעס אלפּי־טאָמעס איז א קארגע נעשאָמע מעגולגל געוואָרנ אינ דער קלעזמערשער מישפּאָכע, אונ עס איז אויס־געוואקסנ אזא פריידל.

ווי די זאכ איז שוינ, נאָר פריידל האָט געמאכט מעשונע טנועס, געשוויצט אונ געפינעט, ווענ זי האָט נאָר גערעדט אפילע מיקויעכ געלט...

אפ איר דאָליע האָבנ איר מעקאנע געווענ אלע קלעזמערקעס.

„אָט א מאזל!" — האָבנ אפ איר אלע אינ איינ קאָל געזאָגט.

נאָר אינ איינ זאכ האָט גאָט פריידלענ פארזענ: ער האָט איר קיינ קינדער ניט געגעבנ. אונ ווער ווייסט, עס קאָנ זײַנ, אויכ דעריבער איז זי געווענ אזוי אָפּגעגעבנ מיט לײַב־אונ־לעבנ צום געלט, ווײַל דאָס בעסטע פארגעניגנ, פארגעניגנ פונ קינדער, איז פאר איר געווענ פאר־כאָרגנ. ביכלאל זעט מענ, אז די ווײַבער, וואָס גאָט האָט זיי נישט געבענטשט מיט קינדער, זײַנענ מיינסטנס בייזע ווײַבער; עפּעס פעלט זיי די גוטסקײַט, די ווייכקײַט פונ דעמ דאָזיקנ מינ; אזעלכע ווײַבער קאָנענ ליב האָבנ נאָר זיכ אלײנ.

פריידל איז געווענ פונקט אזא סכוירע. נאָר מע קאָנ ניט זאָגנ, אז זי האָט אימ, סטעמפּעניונ, פײַנט געהאט: פארוואָס קומט דאָס אימ? א פארשוינ, א בילד, א זעלטנהײַט, א שפּילער איינער צווישנ טויזנט, אונ (אָט דאָס איז דער איקער!) א פארדינער, א גאָלדשפּינער!

— מײַנ סטעמפּעניו, — האָט זיכ פריידל בארימט פאר אירע בא-קאנטע ווײַבער, — מײַנ סטעמפּעניו, אז ער טוט א פיר מיטנ סמיק איבערנ פידל — איז א קערבל, צוויי פיר — איז צוויי קערבלעכ, דרײַ פיר — איז דרײַ קערבלעכ. פארשטייט איר מיכ?

אינ דעמ אינײַנ פונ „קערבל" איז סטעמפּעניו געווענ פונקט דער היפּעכ: דאָס קערבל האָט בא אימ ניט געשפּילט קיינ ראָליע. אָט האָט ער אָפּגעשפּילט א כאסענע אונ אָנגעשטאָפּט פולע קעשענעס מיט געלט, אונ אָט — פּורפא, ניטאָ א שילינגער! האָט ער געהאט — האָט ער געגעבנ, געטיילט, אנטליענ; האָט ער ניט געהאט — האָט ער געליענ בא יענעמ, אינ דעמ אויפנ איז סטעמפּעניו געווענ אנ אר־טיסט, זײַנ אייסעק איז געווענ נאָר די „קאפּעליע" — אויסשטעלנ עפּעס א נײַע זאכ, פאנאנדערשפּילנ אנ אָפּער־שטיק, באשטעלנ א כאסענע אונ אָפּשפּילנ זי, ווי גאָט האָט געבאָטנ, יידנ זאָלנ לעקנ די פינגער, ניט גלאט ריפּ־סקריפּ.

סטעמפּעניו האָט ליב געהאַט מער פונ אַלצ אינ דער וועלט צוויי זאַכנ: זיכ אונ דאָס פידעלע. מיט זיכ האָט ער געהאַט צו טאָנ קיינאָט שטענדיק, זיכ געפּוצט, געשטשאָגלט, געקרייזלט די האָר, מיט איינעמ וואָרט — זיכ „געבאָכערט", ווי פריידל האָט דאָס מיט א שטאָכ גערופנ, אונ דערמיט האָט ער פאַרגעסנ אינ דעמ פידעלע. האָט ער אָבער גענומענ דאָס פידעלע, האָט ער פאַרגעסנ אינ זיכ אונ אינ דער גאַנצער וועלט. אַז עס איז אָנגעפאַלנ אַפ אימ א „מאָרע־שכוירע", האָט ער זיכ גענומענ דאָס פידעלע, פאַרקייטלט די טיר אונ האָט געקאָנט אַוועקשפּילנ דריי שאָ קעסיידער אייגענע פאַנטאַזיעס; וואָס עס איז אימ אַרופ אַפ דער מאַכשאָווע, דאָס האָט ער געשפּילט. אָט האָט ער זיכ צעגאָסנ מיט א קלאָג, אַזוי יאָמערלעכ, אַזוי טרויעריק, אַלעמאָל שטילער אונ שטילער, אונ אָט האָט ער זיכ פּלוצעמ צעבייזערט אונ איז אַוועק אַלצ שטאַרקער אונ שטאַרקער, ביז עס האָט זיכ ווידער אָנגעהויבנ אַרויסכאַפּנ ווי א זיפצ פונעמ טיפנ האַרצנ, אונ דאָס פייער איז אימ א ביסל אָפּגעטראָטנ, אָפּגעגאַנגענ דער קאַס, אונ ווייכע מעלאָדיעס, ליבע זיסע געזאַנגענ, וואָס וויטער אַלצ טרויעריקער האָבנ זיכ ווידער ווי געגאָסנ אָנ אַ עק, אונ נאָכדעמ ווידער א ביסל לעבעדיקער, פריילעכער... עמעס, דאָס איז געווענ נישט אָפט, ניט אַלעמאָל האָט זיכ אימ געשפּילט; נאָר קוימ האָט ער זיכ צעשפּילט, איז געווענ אומעגלעכ אימ אָפּצורייסנ. סטעמפּעניוס פאַנטאַזיע האָט זיכ צעקאָכט אינ געזעצט, ווי פונ א קוואַל, וואָס וויטער מיט מער פרישקייט.

א מענטש מיט געפיל, מיט א נעשאָמע, האָט זיכ אינ אַזעלכע מינוטנ זאַט נישט געקאָנט אָנהערנ די דאָזיקע פרייע מוזיק, וואָס לאָזט זיכ גאָר ניט איבערגעבנ אַפ נאָטנ, אונ עס האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, אַז ער הערט א באַקאָשע צומ ריבוינע־שעל־אוילעמ פונ א פאַרביטערט האַרצ, עפּעס א מינ טפילע צו זיינ ליבנ נאָמענ אַפ ראַכמימ, אַפ לייטזעליקייט, אַזא מינ טפילע, וואָס דאַרפ אונ מוז אָנגענומענ ווערנ אויבנ, דאָרט פאַר גאָטס שטול... מע דערציילט, אַז דער רוזשינער האָט געהאַט אַנ אייגענעמ אָרקעסטער, וואָס פלעגט שפּילנ, בעשאַס ער האָט אָפּגעגעבנ א שוואַכ צו דעמ וואָס לעבט אייביק. אַוואַדע איז דאָס א געדאַנק דאַפקע פונ א גרויסנ מענטשנ, א האַסאָגע גאָר פונ א הויכער פּאָעטישער נעשאָמע...

— קיילע די גראָבע, מיינע צאָרעס אַפ איר קאָפּ, האָט מיר אָפּגעבראַכט דאָס פּראָצענט פאַר יענער וואָכ; אונ פאַר היינטיקער וואָכ, זאָגט זי, לאָז זיינ נאָכ שאַבעס!

מיט אזא מינ געשפּרעכ, לעמאַשל, האָט פריידל מעכאַבעד געוועג סטעמפּעניונ, ווענ ער פלעגט ארויסגיינ נאָכנ שפּילנ פונ זיינ בײדערל, א ביסל צוגעפלאמט, מיט א גלאנצ אינ זיינע שווארצע אויגנ. דאָס איז געוועג דאָס פּײערל פונ זיינע אויגנ, וואָס האָט אזוי געצויגנ צו זיכ. דאָס פּײערל פלעגט זיכ באווייזנ זעלטנ, אונ באגעגנט זיכ מיט פריידלס אייגעלעכ, האָט זיכ דאָס פּײערל גיכ באהאלטנ, פארשוווּנדנ געוואָרנ.

אז סטעמפּעניו האָט אָפּגעשפּילט א כאַסענע אונ איז געקומענ אהיימ, פלעגט אימ פריידל באגעגענענ מיט א שמייכעלע, זיכ לאַשטשענ, ווי א קעצעלע:

— צו וואָס טויג דיר געלט, סטעמפּעניו? — פלעגט אימ פריידל זאָגנ אונ אויסטרייסלענ אימ אלע קעשענעס. — אפ וואָס דארפסטו געלט? וואָס פעלט דיר, האָסט אלצדינג, וואָס דו דארפסט, ביסט ניט הונגעריק, כאָלילע, אונ נאקעט גייסטו אויכ ניט, אונ אז דו דארפסט אזוי עטלעכע גראָשנ, גיב איכ דיר דענ ניט? גיב עס בעסער אָפּ מיר, געשאָמע מײנע, בא מיר וועט דאָס זיינ גאנצ, גיב שוינ, גיב!

אונ סטעמפּעניו שטייט, ווי א באשטראָפט קינד, אונ פריידל טוט מיט אימ, וואָס זי וויל. ער איז אינגאנצנ בא דער דאָזיקער שווארצער פריידלענ אינ די הענט. אכ, וואָס איז דאָס מיט דיר געשענ, סטעמפּעניו? אזא גאַרנישט, ווי פריידל, זאָל דיר טאנצנ אפנ קאָפּ, אונ דו לאָזט זיכ פירנ בא דער נאָז, פונקט ווי שימשנ־האגיבער בא זיינ געליבטער דלילע אפנ שויס?.. פע, סטעמפּעניו, א בוזאָיענ, כלעבנ!

XVII

# סטעמפּעניו רירט נאָכ מיט אנ אייווער

א ראכמאָנעס אפ סטעמפּעניונ!..

נאָר עס איז ניט אזוי די מײסע, ווי איר מיינט. לייגט ניט אזוי דעמ ראכמאָנעס אפ אונדזער העלד. אז סטעמפּעניו האָט ניט געהאַט קיינ גרויסע דייע בא זיכ אינ דער היימ אונ איז געוועג עפּעס גאָר כײַסע ידרעגע, האָט ער אָבער דערפאר זיכ געהאַט זיינ וועלטל, זיינ אייגענע וועלט, וואָס האָט זיכ שוינ מיט פריידלענ ניט אָנגעקערט לאַכלוטנ. דאָרט, אינ זיינ וועלטל, איז זיכ סטעמפּעניו געווענ א פּאַרעצ פאר זיכ אונ איז געווענ, ווי מיר וועלנ באלד זענ, גאנצ צופרידנ.

קיידעמקאָל איז בא אימ אוועקגעגאנגענ א האלבער טאָג אפ „רע־

פעטיציע", דאָס הייסט, אפ איבערשפּילנ מיט דער גאנצער כעוורע קלעזמער אלע נײַע שטיק, דערבײַ טרײַבנ א ביסל קאטאָוועס, אויסהערנ דעמ באדכנס ווערטלעכ אונ לאכנ פונ מעכטשי פײַקלער, וואָס דער באדכנ האָט אפ אימ ליב געהאט צו ווערטלענ זיכ, אונ נאָכדעמ גלאט דערציילנ מײַסעס פונ דער אָדער יענער כאסענע. וואָרעמ יעדע כאסענע בא יידנ האָט זיכ איר מײַסע: דאָ האָט זיכ דער כאָסנ אײַנגעשפּארט, כאָטש גיב אימ א קרענק, אונ וויל נישט גיינ צו דער כופּע, ביז מע וועט אימ אָט דאָ אפנ אָרט ניט אָפּציילנ דעמ נאדנ אכאָס־וועאכאָס, „קלאָפּ אונ צייל"; דאָרט האָט די קאלע געכאלעשט פאר גרויס געוויינ, אונ מע האָט זי קוימ אָפּגעמינטערט (אונ דערבײַ זאָגט אפ דער באדכנ א ביסל לייצאָנעס); אינ א דריטנ אָרט האָט זיכ געטראָפנ נאָכ א שענערע מײַסע: נאָכ דער וועטשערע, אז ס'איז געקומענ די צײַט, וואָס מע דארפ טאנצנ... אונ כעוורע שיסט אויס א געלעכטער, ווי פונ א הארמאט.

— וואָס איז בא אײַכ פאר אזא געלעכטער דאָרט? זע נאָר, ווי מע ראָהאָטשעט זיכ! — שרײַט פריידל פונ איר ביידער.

— לאָז דיכ ניט ארנ! — ענטפערט איר סטעמפעניו מיט גאודלעס, — אינ אונדזערע איניאָנימ זאָלסטו זיכ ניט מישנ, האָב איכ דיר שוינ הונדערט מאָל געזאָגט!

אונ סטעמפעניונ ווײַזט זיכ אויס אינ דער מינוט, אז ער איז דאָ א באלעבאָס, א גאנצער סולטאנ בא זיכ.

די איבעריקע צײַט האָט סטעמפעניו פארבראכט אפ אָנטאָנ זיכ, אויספּוצנ זיכ, די מאלבושימ אונ די שטיוול, זיי זאָלנ גלאנצנ, ווי א שפּיגל, פארקעמענ זיכ גאנצ שיקאָזנע, אונטערבייגנ זיכ די שווארצע לאָקנ, אויסגלעטנ די ווײַסע מאנישקע פונ דעמ העמד, אונ נאָכדעמ האָט ער זיכ גענומענ דאָס שטעקעלע אינ דער האנט, א שטעקעלע מיט א גאלקע, אויסגעשניצט א פּנימ פונ עלפנבייג, אונ מיט א ברייטנ שווארצנ קאשקעט אפנ קאָפּ מיט א גלאנצנדיקנ קאָזיראָק, אָנגערוקט ביז די אויגנ. דעמ קאָפּ פאריסנ ארופ, אזוי אז די לאָקנס ליגנ צעוואָרפנ אפ די אקסלענ, גייט זיכ סטעמפעניו אונ שפּאצירט איבער דער שטאָט. דאָרט האָט ער זיכ שוינ זײַנע באקאנטע, מיט וועלכע ער באגעגנט זיכ, אונ גייענדיק פארבײַ די קלייטנ, גריסט ער די יונגע ווײַבלעכ, די קרעמערקעס. די ווײַבלעכ ווערנ רויטלעכ; זיי דערמאָנענ זיכ, אז זיי זענענ אמאָל געווענ מיידלעכ אונ דעמלט זענענ זיי מיט סטעמפעניונ געווענ באקענט... דעמלט איז געווענ א וועלט... אונ הײַנט? ווער האָט דאָס הײַנט אינ זינענ?..

דאַכ געפינענ זיכ נאָכ אַזעלכע יונגע ווייבלעכ, אונ איבערהויפּט מיידלעכ, וואָס שטייענ אַוועק מיט סטעמפּעניונ אינ דרויסנ בא דער טיר אַ היפּשע צײַט; מע רעדט, מע שמועסט פונ דעמ אונ פונ יענעם, מע לאַכט...

אַוואַדע גייענ אַזעלכע זאַכנ ניט אָפּ גלאַט; דאָס דערזעט אַ שכײנע אונ טראָגט עס אָפּ גיכ דער אַנדערער, דער דריטער, אונ אַזוי הייבט זיכ אָנ אַ רעדעניש, אונ צו ייִדישע מײַלער איז מע כאַפּט זיכ אַרײַנ, נאַרט מענ זיכ ניט...

— וואָס איז שוינ ווידער, סטעמפּעניו, פאַר אַ ריידערײַ אינ שטאָט? שוינ ווידער אַ מײַסע?

— וואָס פאַר אַ מײַסע, פריידל?

— דײַנע מײַסעס... ער פרעגט נאָכ! ווי צוויי, איז ער דער דרימער! די גאַנצע שטאָט האָט מיט אונדז צו טאָנ.

— איכ ווייס ניט, וואָס דו ווילסט האָבנ פונ מיר, פריידל?

— וואָס איכ וויל האָבנ? איכ וויל, זאָלסט אַוועקוואַרפנ דײַנע אַמאָליקע גענג... שוינ צײַט! ווי ערגעצ אַ ווײַבל אָדער אַ מיידל אינ שטאָט, דאַרפ ער מיט איר זײַנ באַקאַנט אונ אַוועקשטעלנ זיכ מיט איר אָפּ דרײַ זייגער־שאָ, ער קאָנ זיכ גאָר ניט אָנרעדנ אונ געננוג!

— אַ? דו קערסט אַוואַדע מיינענ, וואָס איכ האָב גערעדט מיט עסטער אַווראָמ־יאַנקלס.

— נו, אונ אַז מיט עסטער אַווראָמ־יאַנקלס, איז וואָס? וואָס איז זי אַ שמייליקע צי וואָס?

— איכ האָב דאָכ געשמועסט מיט איר מיקויעכ אַנ אײַסעק.

— דײַנע אַסאָקימ. איכ קאָנ דיכ, סטעמפּעניו!

— זאָלסטו טאַקע וויסנ! אַווראָמ־יאַנקלס האָט בײַשעק אַרויסצופירנ די כאַסענע קיינ יעהופּעצ, אַזוי איז אימ אָנגעקומענ דאָס מעשוגאַס. נו, איכ האָב דערזענ עסטערנ, האָב איכ מיט איר געמאַכט אַ שמועס וועגנ דעמ. אונ אַוויירע, לעמײַ זאָל איכ אַרויסלאָזנ אַזאַ כאַסענע פונ די הענט?

— וואָס איז אימ עפּעס אַרויסגעפאַלנ יעהופּעצ, דעמ מעשוגענעמ קויהענ? — פרעגט פריידל, אונ אינ אירע גרינע אייגעלעכ באַווײַזט זיכ אָט אַ יענצ פײַערל, וואָס באַווײַזט זיכ בא איר שטענדיק, ווענ זי דערשמעקט נאָר געלט...

— פרעגסט קאַשעס אָפּ אַ מעשוגענעמ? — ענטפערט איר סטעמפּעניו, גייט אַרויס טרוקנ פונ דער דאָזיקער מײַסע.

אונ אַזוי וועט צעריבנ די מײַסע, יענע מײַסע אונ אַלע מײַסעס.

הטעמפּעניו איז א גרויסער בעריע אונ ווייסט, מיט וואָס מע קאָנ פריידלענ נעמענ.

אינ דער פרעמד, אז סטעמפּעניו איז ארויסגעפאָרנ מיט זײַנ קאַפּעליע אינ דער פרעמד, האָט אים, געוויינלעכ, נאָכ מער געגאָלטנ. דאָרט איז בא אים געווענ, ווי זאָגט מענ, א קאָשערער טאָפּ מיט א קאָשערנ לעפל, אונ אז סטעמפּעניו איז געקומענ ערגעצ אינ א שטעטל שפּילנ א כאַסענע, האָט זיכ אים שוינ ניט געגלוסט אויעקצופאָרנ, דאָרט זענענ געווענ מײַסעס מיט מײַסעס, פריילעכע אונ טרויעריקע גאָר אָנ א שיר. האקלאל, דאָס איז זיכ געווענ בא סטעמפּעניונ א באַזונדערע וועלט, זײַנ אייגנ וועלטל, ווהינ ער האָט פריידלענ ניט ארײַנגעלאָזט בעשום־אויפנ, כאָטש זי האָט הערופּ זייער כיישעק געהאָט. זי האָט אפילע שוינ געפּרוווט אונטערקויפנ מעכטשי פּײַקלער, נאָר עס איז נישט געגאַנגענ. דאָ, אינ זײַנ וועלטל, איז סטעמפּעניו געווענ גאָר אַנ אנדער מענטש, א גרויסער אונטערשיד פונ יענעמ סטעמפּעניונ, וואָס איז געווענ בא פריידלענ אינ שטוב...

## XVIII

## סטעמפּעניו הייבט אָנ זיכ אײַנצוליבנ

אינעמ דאָזיקנ וועלטל האָט בא אים איצט ראָכעלע אָנגעהויבנ שפּילנ א גרויסע ראָליע, די גרעסטע ראָליע אינ זײַנ לעבנ. מע מעג אים גלייבנ, אז זײַנ בריוול צו איר, וואָס מיר האָבנ אויבנ געזענ, איז געווענ געשריבנ גאַנצ ערנסט, מיט אָנ עמעס, דענ ער האָט זיכ אינ ראָכעלענ אײַנגעליבט פונ דער ערשטער שאָ, וואָס ער האָט זי דערזענ בא כאַימ־בענציענס אפ דער כאַסענע.

נישט באַלד האָט סטעמפּעניו איר דאָס בריוועלע אָנגעשריבנ. עס האָט געדויערט עטלעכע טעג, ביז דאָס פּײַערל, וואָס ראָכעלעס בלויע אויגנ האָבנ אָנגעצונדנ אינ זײַנ הארצנ, האָט זיכ רעכט צעברענט, צעפלאַקערט, אזוי, אז ער האָט זיכ שוינ מער ניט געקאָנט אײַנהאַלטנ, האָט ער זיכ פארשלאָסנ בא זיכ אינ כיידערל, אונ דאָרט, ווו ער האָט געשריבנ די נאָטנ, אונ טאַקע מיט דער אייגענער פענ אונ אפ דעמ זעלבנ פּאַפּיר מיט די פּאַסנ, אפ וועלכע ער האָט געשריבנ זײַנע נאָטנ, האָט ער אויכ דאָס געוויסע בריוועלע געשריבנ.

סטעמפּעניו האָט א ביסל געשוויצט אפנ בריוול. דאָס שרײַבנ איז אים אָנגעקומענ שווערלעכ. ער האָט זיכ נישט געלערנט שרײַבנ אינ

ערגעצ, נאָר פונ זיכ אַליינ, אוואַדע איז קיינ כידעש ניט, וואָס ער איז געווענ שטומפּיק אפ דער פּענ.

עטלעכע טעג האָט סטעמפּעניו ארומגעטראָגנ דאָס בריוול בא זיכ אונ האָט נישט געקאָנט געפינענ קיינ מיטל איבערצוגעבנ עס ראָכעלענ. מעכטשי פּיקלער איז געווענ א גוטער שאַליעכ אפ אזעלכע בריוולעכ נאָר אינ דער פּרעמד. אָבער דאָ, ווו עס געפינט זיכ א פּריידל, איז מעכטשי אויכ א געפערלעכער בריווטרעגער. סטעמפּעניו האָט קוימ דערלעבט שאַבעס, האָט זיכ אויסגעפּוצט, ווי א מויד, אָנגעטאָנ א הויכנ קאַפּעליוש נאָכ דער לעצטער דעמלטיקער מאָדע אונ איז ארויסגעגאַנגענ אפ באַרדיטשעווער גאַס, ווי אַלע שאַבעס, צו מאַכנ א שפּאַציר־גאַנג, גערעכנט, אז מיסטאָמע וועט ראָכעלע אויכ זײַנ דאָרט. נאָר אומזיסט: אַלע ווײַבלעכ, אַלע מיידלעכ דרייענ זיכ ארומ, כאַפּנ א קוק אפ סטעמפּעניונ, טוענ א שמייכל אונ ווערנ רויטלעכ — אַלע זענענ דאָ, נאָר איינ ראָכעלע איז ניטאָ! דאָס אָנגעשריבענע בריוועלע האָט אימ נישט געלאָזט רוענ, עס האָט אימ געצויגנ צו איר וואָס ווײַטער אַלצ שטאַרקער.

„מע דאַרפ זיכ פּרוּווּנ דורכגיינ אהינ, אפ יענער גאַס, ווו רעב אייזיק־נאַפּטאָלי וווינט, טאָמער וועל איכ זי באַגעגענענ"... — אזוי האָט זיכ סטעמפּעניו געטראַכט אונ איז אזוי פּאַוואָלינקע צוגעגאַנגענ צומ פּענצטער, ווו ראָכעלע איז געזעסנ פאַרטיפט אינ אירע געדאַנקענ אונ האָט זיכ געזונגענ דאָס באַקאַנטע לידל:

אייגע אַליינ,<br>
עלנט, ווי א שטיינ,<br>
איכ האָב צו קיינעמ צו רעדנ,<br>
נאָר צו זיכ אַליינ.<br>
עלנט ווי א שטיינ,<br>
איכ האָב צו קיינעמ צו רעדנ..

טכילעס, אז זי האָט דערהערט פּלוצעמ דעמ „גוט־שאַבעס" אונ דערזענ פאַר זיכ שטיינ סטעמפּעניונ, האָט זיכ איר אויסגעדאַכט, אז דאָס איז א מינ כאָלעמ (זי האָט סטעמפּעניונ שוינ עטלעכע מאָל געזענ אינ כאָלעמ...). נאָר אז זי האָט צענומענ דאָס שטיקל נאָטנפּאַפּיר אונ האָט איבערגעלייענט סטעמפּעניוס בריוועלע, האָט זי זיכ אופגעהויבנ פונעמ אָרט, א קוק געטאָנ אינ פּענצטער אונ געזאָגט צו זיכ אַליינ:

— זײַנ גליק, וואָס ער איז אוועקגעגאַנגענ: איכ וואָלט אימ אָפּגעשפּילט... נא דיר גאָר א סטעמפּעניו!..

זי האָט געכאפט דאָס בריוול אונ האָט דאָס געוואָלט ארויסשמיצנ דורכ דעמ פענצטער אינ דרויסנ ארויס, נאָר זי האָט זיכ פארכאפט, האָט דאָס נאָכאמאָל איבערגעלייענט, צונויפגעקאטשעט, ווי מע קאָרטשעט צונויפ א מעגילע, אונ ארײַנגעלייגט צו זיכ אינ קעשענע ארײַנ.

ראָכעלעס קאָפ איז געוואָרנ אלעמאָל גרעסער אונ שטארקער, אונ איר האָט זיכ געוואָלט נאָר זענ אימ אליינ אונ פרעגנ אימ אונטער פיר אויגנ: וואָס הייסט דאָס? וויאזוי רופט מענ דאָס? מיט וואָס פאר א האָזע שרײַבט ער איר אזא קוויטעלע? ווער איז ער אונ ווער איז זי? זי האָט גענומענ צוקלערנ מיטלענ, וויאזוי באגעגנט מענ זיכ מיט אימ ערגעצ אינ אזא אָרט, ווו קיינער זאָל ניט קאָנענ הערנ, וואָס זיי וועלנ צווישנ זיכ רעדנ, אונ איז געפאלנ אפ א האמצאָע...

## XIX

## א בײַטש קארעלנ בא פרײדל סטעמפעניוס

— הערט איר, שוויגער, ווענ עס זאָל נישט קאָסטנ טײַער, וואָלט איכ א באלנגטע געוועננ אפ א בײַטש קארעלנ, גוטע שווערע קארעלנ.

— נו, איכ האָב דאָכ דיר שוינ וויפל מאָל געזאָגט: גיי זיכ דורכ צו פרײדל סטעמפעניוס, וועסטו דיר אויסקלײַבנ, וואָס דײַנ הארצ גלוסט. אויב דו ווילסט, קומ מיט מיר באלד. צוליב מיר וועט זי דיר אָפגעבנ ניט טײַער.

אונדזער שווארצע פרײדל, וואָס האָט זיכ פארנומענ מיט פראָצענט אונ מיט מאשקאָנעס, מײַנסטנס קארעלנ, האָט ביסלעכווײַז, אזוי, אפ א גלעכטער, אָנגעהויבנ אונטערצוהאנדלענ מיט דער דאָזיקער סכוירע, וואָס זי האָט געהאט בעיאד גאנצ ביליק אָפצוקויפנ בא אירע באלכוויוועס אונ נאָכדעמ דאָס אראָפברענגענ אויכ ביליקער, ווי אלע קאראלניצעס (ווײַבער, וואָס האנדלענ מיט קארעלנ), אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז זי האָט טאקע אָנגעהויבנ דערמיט צו האנדלענ אפ אנ עמעס מיט אלע בארדיטשעווער אונ מיט אלע בראָדער. גאנצ מאזעפעווקע האָט שוינ געוווּסט, אז א רעכטע בײַטש קארעלנ קריגט מענ בא פרײדלענ, בא פרײדל סטעמפעניוס.

א וווּנדערלעכע זאכ! ווי קומט צו פרײדלענ אזא פעיִקײַט צומ מיסכער, אזא באנעמונג מיט די קוינימ, אזוי קאָנענ אײַנרעדנ? אז דוואָסי־מאלקע מיט דער שנור זענענ ארײַנגעקומענ צו איר אינ שטוב ארײַנ, האָט זיי פרײדל אָפגעגעבנ א ברייטנ באָרעכ־האבע:

— סקאָצל קומט! וואָס מאכט איר, דוואָסי־מאַלקע? איר ווייסט, אַז איכ האָב שוינ אפ אײַכ אַנ אויג פונ לאַנג אָנ?

— וואָס זשע איז אזעלכעס, פריידל?

— וואָס איז, פרעגט איר? שוינ א יאָר, אַז איר האָט געבראכט אזא צירונג צו זיכ אינ שטוב אַרײַנ — אונ גאָרניט! איר זאָלט דאָס אַמאָל אַרײַנגיינ מיט אײַער שנור זיכ אויסקלײַבנ עפּעס אזעלכעס, וואָס איר פּאסט! פע, כלעבנ, דוואָסי־מאַלקע, עס איז אזש מיר א ביזאָיענ!

— איר זענט אַוואַדע גערעכט, פריידל־סערדצע, נאָר וואָס בינ איכ שולדיק, זאָגט שוינ אַליינ, אַז מײַנ שנור וויל ניט קיינ קאַרעלנ, וויפל איכ בעט זי?

— גאָט אײַכ גאָר א נײַס! וואָס הייסט, זי וויל ניט? דאָס איז בא אײַכ וויל מענ ניט; בא מיר, נישקאָשע, וויל מענ!

אונ פריידל האָט אינ דער גיכ געעפנט א גאַנצ גרויסנ קאַסטנ, גרינ געפאַרבט, אונ האָט אָנגעהויבנ ארויסציִענ פונ דאָרטנ איינ ביינטל קאַרעלנ נאָכנ אַנדערנ אונ פאָרלייגנ פאַר די קוינים, מיט פיל פאַרשידענע דיבורים דערבײַ אונ מיט ווינטשעניש, גאָר ווי א רעכטע סויכערטע.

— זעט איר, דוואָסי־מאַלקע, אַז איר זאָלט מיכ פאָלגנ, וואָלט איכ אײַער שנור געהייסנ נעמענ אָט די בײַטש קאַרעלנ, איכ זאָל אזוי ריינ זײַנ פונ שלעכטס מיט אײַכ אינייִנעם, ווי מע דאַרפ גאָר האָבנ נאָכ אזא בײַטש קאַרעלנ „אָרליאַנער” פערל! איר טוט זיי נאָר אָנ, זײַט מויכל, אפנ האַלדז, אָט אזוי־אָ — אזא יאָר זאָל איכ האָבנ, ווי זיי פּאסנ אײַכ צו אײַער ווײַסנ האַלדז! טראָגט זיי געזונטערהייט; אונ לאָז גאָט געבנ, אַז אײַער שוויגער זאָל אײַכ קאָנענ קויפנ איבער־איאָר אינ דער צײַט כאָטש אזעלכע גרויסע פערל עפּעס א פינפ שנירלעכ. אַכ, ווי זיי קליידנ אײַכ צום פּאָנעם! זאָגט שוינ איר, דוואָסי־מאַלקע, איר זענט דאָכ יאָ א מיווינטע אפ קאַרעלנ, לאָמיכ האָבנ אזא יאָר, ריבוינע־שעל־אוילעם!

בא די ווערטער האָט פריידל ארויסגעכאַפּט א שפּיגעלע פונעם קאַסטנ אונ האָט זיכ געשטעלט אקעגנ ראָכעלענ, אונ די גרינע אויגעלעכ האָבנ געבלישטשעט בא פריידלענ פאַר גרויס נאַכעס, אונ א שווייס איז איר ארויסגעטראָטנ פונ פיל רעדעניש מיט שוועס אונ מיט ווינטשעניש.

— אונ אײַער סטעמפּעניו טוט זיכ זײַנס? — האָט איר דוואָסי־מאַלקע געזאָגט, אָנגעוויזנ מיטנ פינגער אפ דעם ביידער, פונוואַנענ עס האָבנ זיכ געלאָזט הערנ זעלטענע זיסע קוילעס.

— יאָ, ער שפּילט דאָרטנ, — האָט פריידל געענטפערט און האָט גענומענ באַווײַזנ נאָכ אַנדערע מיניִמ קאָרעלנ, אַזוינע און אַזוי־נע, און דערווײַל האָט זיכ צווישנ פריידלענ מיט דוואָסי־מאַלקענ פאַרקניפּט אַ לאַנגער שמועס, ווי עס געהער צו זײַנ צווישנ צוויי קרעמערקעס, אַז מע צערעדט זיכ וועגנ געשעפט.

ראָכעלע איז געזעסנ אינ אַ זײַט און האָט דעמ שמועס פונ דער שווינגער מיט פריידלענ נישט געהערט. ראָכעלע האָט געהערט אַנ אַנדער שמועס, אַנ אַנדער קאָל, גאָר אַנדערע ווערטער, וואָס האָבנ זיכ געלאָזט הערנ פונ סטעמפּעניוס פידעלע, אַזעלכע ווערטער, וואָס זענענ איר געגאַנגענ גלײַכ אינ האַרצנ אַרײַנ, און זי איז ערשט דעמלט אופגעשטאַנענ פונעמ אָרט, אַז דאָס פידעלע האָט אופגעהערט צו שפּילנ און סטעמפּעניו האָט זיכ באַוויזנ אפ דער טיר. זייערע אויגנ האָבנ זיכ באַגעגנט, און זיי זענענ ביידע רויט געוואָרנ, ווי פײַער... סטעמפּעניו איז געבליבנ שטיינ בײַ דער טיר, ניט אַהינ, ניט אַהער, און ראָכעלע האָט געקוקט אפ אימ, געזאָגט בעשאָס־מײַסע דער שווינגער, אַז עס איז שוינ צײַט צו גיינ אַהיימ. דוואָסי־מאַלקע האָט זיכ אַ כאַפּ געטאָנ מיט אַ ברעכ אינ די הענט:

— אוי, אַ דונער איז מיר! זעט נאָר, ווי מיר האָבנ זיכ פאַרעדט! נו, וואָס וועט איר בײַ מיר נעמענ, פריידל, פאַר די קאָרעלנ? בײַ מיר טאָרט איר ניט נעמענ טײַער, פריידל, מיט מיר דאַרפט איר האַנדלענ אפ נעמאָנעס!

— אפ ריינע נעמאָנעס! הערט איר, דוואָסי־מאַלקע, איכ זאָל זיכ דערווערגנ מיטנ ערשטנ ביסנ, אויב איכ זאָג אײַכ אַ ליגנ! סאָסי האָט מיר געטיקעט פאַר די קאָרעלנ אַכצנ קערבלעכ, איכ זאָל אַזוי זײַנ געזונט, ריבוינע־שעל־אוילעמ, מיט מײַנ מאַנ! נאָר גאָרניט, איכ בינ זיכ מעיאַשעװ—סאָסי איז סאָסי, און איר זענט דוואָסי־מאַלקע. איכ גיב אײַכ זיי אָפּ פאַר פופצנ קערבלעכ, און איכ זאָל עס ניט פאַר־מאָגנ אפ מײַנ אייגנס, אויב איכ פאַרדינ דערבײַ עפּעס, גאָטעניו!

— פופצנ יאָק פופצנ, צוועלפ וועל איכ אײַכ געבנ, פריידל. צוועלפ קערבלעכ מעזומענ געלט.

— אוי, געזונט זאָלט איר מיר זײַנ, דוואָסי־מאַלקע, דינגט זיכ נישט! — האָט פריידל אויסגעשריגנ מיט גרויס היץ און האָט אָנגע־נומענ דוואָסי־מאַלקענ פאַר ביידע הענט אפ דעמ אויפנ, ווי צוויי ווײַבער נעמענ זיכ פאַר די הענט, בעשאָס זיי גייענ טאַנצנ אַ פריילעכס.

אינ דער מינוט האָבנ זיכ דערווײַל ראָכעלע מיט סטעמפּעניונ געקאָנט בעסער איבערוואַרפנ מיט אַ פּאָר ווערטער.

— איך האָב אײַך געוואָלט עפּעס זאָגן, סטעמפּעניו.
— איך האָב אײַך אויך געוואָלט זאָגן, ראָכעלע.
— איר האָט מיר שוין געזאָגט.
— ווען?
— אינעם בריוול.
— נאָך ווינציק.
— שוין צופֿיל.
— ניין, קיין הונדערט־טײל אַפֿילו.
— איר האָט א טעות.
— איך שווער אײַך בײַ מײַן לעבן, איך שטארב! ווי קאָן איך זיך מיט אײַך זען?
— איך ווייס ניט, ווי מיר קאָנען זיך זען.
— סײַדן פֿאַרנאַכט?
— ווו?
— אויף דער מאָנאַסטירסקער גאַס.
— ווען?
— שאַבעס־צונאַכטס. איר וועט אַרויסגיין פֿון יענער זײַט צום מאָנאַסטירסקן גאָרטן.
— איך קאָן ניט, איך וויל ניט.
— איר מוזט, ראָכעלע, איך בעט אײַך, גייט אַרויס אויף איין מי־נוט! זײַט דאָרטן, איך וועל שוין וואַרטן. שאַבעס־צונאַכטס, לעמאַנ־האַשעם, ראָכעלע...
— איך וועל ניט זײַן.
— איר וועט זײַן, ראָכעלע, איר וועט זײַן!..
— נו, טאָכטער, — האָט זיך אָנגערופֿן דוואָסי־מאַלקע, — קום, לאָמיר גיין אַהיים. קוים אויסגעזוכט פֿאַר פֿערצן קאַרבן. אָ, איך האָב גאָר גיט געוווּסט, פֿריידל, אַז איר זענט אַזאַ בעריע א סויכערטע!
— ע, דוואָסי־מאַלקע־לעבן, געזונט זאָלט איר מיר זײַן, איר קאָנט זיך גוט דינגען, נישקאָשע, א גוטן טאָג, גייט געזונט! טראָגט געזונט! פֿאַרניצט געזונט! צערײַסט געזונט!

---

— אויף קוליעס זאָל זי גיין, ווי זי האָט דאָס מיר אויסגעקאָכט דאָס וואַסער! — האָט פֿריידל געזאָגט צו סטעמפּעניון, צוגעמאַכט נאָך זיי די טיר. — און זי, די שנור, די ווײַסע טעלעצע, זיצט און שווײַגט. עס פּאַסט איר אַזוי די קאָרעלן, ווי א כאַזער פּאַטשערקעס...

XX

## נאָכאמאָל קארעלן

אז ראָכעלע איז געקומענ אהיימ מיט דער בייטש קארעלנ, האָט זי די שוויגער צוגעפירט צומ שווער מיט אזא גליקלעכנ שמייכל, גלייכ ווי זי וואָלט דאָ געוווּנענ מי־יעדייע־וואָס.

— וואָס זאָגסטו, אייזיק־נאפטאָלי, אפ די קארעלנ? א מעציִע, טאַקע א קאָשערע מעציִע!

אייזיק־נאפטאָלי איז צוגעגאנגענ נאָענט צו ראָכעלענ, האָט זיכ שטארק איינגעקוקט, ווי א רעכטער מייווענ, האָט א שמארע געטאָנ מיט דער נאָז אונ א פרעג געטאָנ:

— וואָס האָסטו באצאָלט פאר זיי, וויפל?

— נו, טרעפ, ביסט דאָכ עפּעס א סויכער, נו אדעראבע, טרעפ?— האָט אימ דוואָסי־מאלקע געזאָגט מיט א שמייכעלע.

— איכ ווייס ניט, צי טייער צי וואָלוול?

— אז איכ זאָג דיר א מעציִע, שויטע, א מעציִע, ווי בא א גאַנעוו! מאָל דיר, איכ האָב זיכ געננוג אָנגעהאריקעט, אויסגעקאָכט דאָס וואסער מיט דער דאָזיקער מאכליארקע די קלעזמערקע, א סיפע איר אינ פּאָנעמ! גו־נו, זי קאָנ זיכ גוט דינגענ, אנ עמעסע סעדיכע! דער רועכ ווייסט זי, וו אונ ווענ זי האָט זיכ עס אזוי אויסגעלערנט! א פּיסקעלע בא איר — טאקע נאָר אפ שרייפלעכ, פּעכ אונ שוועבל אויס איר מויל, אונ אז זי רעדט מיט א קוינע, פּינעט זי, ווי א העכט, א מיסע־מעשונע זאָל אפ איר קומענ, אפ דער בטעמפּעניוכע!.. נו, וואָס שווייגסטו, אייזיק־נאפטאָלי? זאָג שוינ, לאָמיר הערנ דיינ מעווינעס: וואָס, אשטייגער, דארפנ קאָסטנ אָט די קארעלנ?

— אָט די קארעלנ וואָס דארפנ קאָסטנ? — האָט אייזיק־נאפטאָלי געענטפערט, אָנגענומענ זיכ בא דער באָרד. — אָט די קארעלנ דארפנ קאָסטנ אזוי גרויס, אזוי גרויס, — שא נאָר, לאָמיכ דיר זאָגנ אקוראט, איכ זאָל מיכ ניט אָפּנארנ, — א מעציִע, זאָגסטו, א מעציִע? אויב זיי זענענ א מעציִע, האָסטו באדארפט פאר זיי באצאָלנ ניט ווייניציקער, ווי זעקסטהאלבנ קערבלעכ, נאָר ווערט זענענ זיי אלע זיבנ.

— לאָקש!!! — האָט דוואָסי־מאלקע אויסגעשאָסנ, ווי פונ א

הארמאט, און אײַזיק־נאפּטאָלי האָט אזש א ציטער געטאָנ און אָפּגעטראָטנ אינ א זײַט. — לאָקש אײנער! בעהײמע בעצוראס־פערד! אזא בײַטש קארעלנ — זעקסטהאלבנ קערבלעכ?! מעשוגענע לעמעשקע! א שטומער וואָלט דאָכ עס ניט אויסגערעדט אינ א יאָר! האָסט אויגנ צי נײנ? נא, קוק זיכ צו, דו אָפּגעריסענער נאר!

און דוואָסי־מאלקע האָט אָנגענומענ ראָכעלענ פאר א האנט, האָט זי צוגעפירט צום שווער, איר אופגעהויבנ דעם קאָפּ און באַוויזנ אײַזיק־נאפּטאָלינ די מעציִע, געשאָטנ מיט שטעכווערטלעכ און מיט קלאָלעס. אײַזיק־נאפּטאָלי נעבעכ האָט געשמאָרעט מיט דער נאָז, געפינטלט מיט די אויגנ און מוירע געהאט שוינ אויסרעדנ א וואָרט, ביז גאָט האָט זיכ אפ אימ דערבארעמט, און ס׳איז אָנגעקומענ מוישע־מענדל מיטנ שטעקעלע פונעמ מארק — האָט שוינ מוישע מענדל גענומענ שאצנ די קארעלנ בא ראָכעלענ אפנ שײנעמ, ווײַסנ האלדז און האָט געטראָפנ, אז זײ דארפנ קאָסטנ, בעלי־גוזמע, א דרײַערל... דאָ האָט זיכ דוואָסי־מאלקע אזוי צעפלאמט, אז זי האָט זיכ אזש צעווײנט, ווי א קלײנ קינד, פאר גרויס דאָסאדע, וואָס קײנער האָט נישט פארשטאנענ, וואָס פאר א גרויסע מעציִע זי האָט געהאנדלט, און עפּשער פאר הארצווײטעק, וואָס סטעמפעניוכע האָט זי אזוי גראָב אָפּגענארט.

— דאָצ א סויכער! — האָט זי געזאָגט צו מוישע־מענדלענ. — פונקט אזא מײווינ, ווי דער טאטע זײַנער! וואָס עפּעס א דרײַערל, זונאָ? פארוואָס ניט ווײניקער?

— דערפאר, וואָס זײ זענענ מער ניט ווערט, דערפאר, וואָס די קארעלנ זענענ זײער פּאָשעטע קארעלנ. איכ האָב אויכ געזענ אמאָל קארעלנ, מאמע. לאָז זיכ דיר דאכטנ, אז איכ האָב שוינ געזענ אמאָל א רעכטע בײַטש קארעלנ...

דעמ גאנצנ טאָג האָבנ זיכ אלע דרײַ געקריגט און געיאָדעט פאר די קארעלנ.

— ער זאָל מיר בעסער געבנ מיט א פּיסטויל אינ הארצנ, — האָט דוואָסי־מאלקע געטײַנעט, — וואָלט בא מיר פיל מער גיכע געווענ, אײדער הערנ פונ אימ דאָס וואָרט „זעקסטהאלבנ”! מײלע, לאָז זײַנ די מאכליארקע, די כאָליערע זאָל זי באקומענ הײַנטיקנ טאָג, האָט מיכ אָפּגענארט (מיכ האָט נאָכ קײנער ניט אָפּגענארט!), — מײלע, באפט זי דער שווארצ־פינצטער־ביטער יאָר מיט איר סטעמפעניוג אינאײנעמ! אָבער צו וואָס טויג נאָכ זאלצנ יענעמ אפ די וואונדנ און ארויספאָרנ מיט א מעקעכ „זעקסטהאלבנ”? נא דיר גאָר „זעקסט־

האלבנ"! זעקסטהאלבנ טוצ מאקעס איר אפנ לייב אונ זעקסטהאלבנ קאדאָכעסנ איר אינ דער לעבער! איכ וועל, מאָל דיר, בא איר מיינ געלט, מיינ בלוט, ארויסרייסנ, ווי בא א הונט פונ די ציינ, מאָל דיר! אָבער פארגינענ זיכ זאָגנ „זעקסטהאלבנ"?!

---

די גאנצע סצענע איז אונדזער ראָכעלענ אזוי נימעס געוואָרנ, אז זי האָט די קארעלנ פארנ שלאָפ אויסגעטאָנ אונ באהאלטנ בא זיכ טיפ-טיפ אינ קאסטנ, מיט דער דייע, אז זי זאָל זיי שוינ מער ניט אָנטונ ווייל זי וועט לעבנ. מער פונ אלצ האָט אונדזער ראָכעלענ פארדראָסנ, וואָס מוישע-מענדל האָט זיכ פארנומענ אָפקריגנ מיט דער מוטער פאר די קארעלנ אונ איז אפילע נישט צוגעגאנגענ צו איר, ווי עס דארפ צו זיינ, ווי עס פירט זיכ, זאָגנ „פארניצ געזונט". מע האָט זי דעמ גאנצנ טאָג ארומגעפירט פאר די הענט, געקוקט אפ אירע קארעלנ, פונקט ווי מע באטראכט א קונ; איטלעכער איז צוגעגאנגענ אונ האָט איר אופגעהויבנ דעמ קאָפ, געטאפט די קארעלנ — אונ אָנ איר האָט מענ גאָר פארגעסנ... ראָכעלע, וואָס איז בעטעווע ניט געווענ קיינ בייזע, קיינ קייסנטע, האָט דעמ גאנצנ טאָג געפייערט אפ אלעמענ, אונ נאָכ מער אפ מוישע-מענדלענ. דער דאָזיקער בעוורעמאנ האָט זיכ גאנצ פיינ אָפגענעסנ מיטיק אונ איז זיכ אוועק אינ בעסמעדרעש אריינ. אונ אזוי ווי עס איז געווענ יענעמ אָוונט אינ בעסמעדרעש א שטיקל סימכע, א סיעמ, לאָכינ איז שוינ מוישע-מענדל איבערגעבליבנ דאָרט פונ נאָכ מײַרעוו ביזנ ווייסנ טאָג אריינ, ווי ער פלעגט עס טונ גאנצ אָפטלעכ.

ראָכעלע איז גאָר איינגאנצנ געווענ לוי-אלײכעמדיק, שטארק צעקאָכט. דאָס פּאָנעמ האָט איר געפלאמט, ווי א העליש פייער, דער קאָפ האָט איר געטרישטשעט, אונ אינ די אויערנ האָט איר געקלונגענ אונ געפייפט. זי האָט גאָר ניט געוווסט, וואָס מיט איר טוט זיכ... קיינ וועטשערע האָט זי ניט געקאָנט עסנ. געוויינלעכ, האָט איר דוואָסי-מאלקע גענונ געפיקט אינ קאָפ אריינ, פארוואָס זי עסט ניט, פארוואָס זי טרינקט ניט — נאָר אומזיסט: ראָכעלע איז אוועק מיט רויטע אויגנ צו זיכ, האָט זיכ גיכ אויסגעטאָנ, ארייננגעלייגט אינ בעט אריינ, אונ פונ אירע אויגנ האָבנ זיכ מיטאמאָל א גאָס געטאָנ טרערנ, — ווארעמע, הייסע טרערנ, אונ א סאכ, א סאכ.

XXI

## א שווערע נאַכט

וואָס האָט ראָכעלע געוויינט? זי האָט אַליינ נישט געוווּסט, וואָס זי וויינט, אונ האָט אַפילע נישט געפילט, אַז זי וויינט. דאָס האַרצ איז איר שוינ פונ א צײַט געווענ שווער, זייער שווער, נאָר פּלוצעמ האָט זיכ עס צעווייקט, צעגאָסנ אונ אויסגעגאָסנ זיכ דורכ טרערנ. ראָכעלע האָט געפילט, ווי מיר האָבנ שוינ אויבנ געזאָגט, אַז זי איז עלנט, אַז עס גייט איר עפּעס אָפּ, אַז עס פעלט איר עפּעס, נאָר וואָס פעלט איר — דאָס האָט זי ניט געוווּסט אונ ניט געקאָנט וויסנ. ראָכעלע האָט גאַנצ גוט געוווּסט, אַז אירע עלטערנ האָבנ זי כאַסענע געמאַכט אונ האָבנ זי געפּאַטערט. דאָס וואָרט „געפּאַטערט" איז שוינ גענוג אַפ צו פילנ, ווי ווײַט מע ווערט אָפּגעריסנ: קינדער — פונ עלטערנ אונ עלטערנ פונ קינדער. דאָס וואָרט „געפּאַטערט" קומט אויס זייער אָפט צו הערנ בא אונדז, ייִדנ, קימאַט אינ יעדער מישפּאָכע. דאָס וואָרט „געפּאַטערט" איז א גרויסער ביזאָיענ, א באַליידיקונג פאַר אונדזער גאַנצער אומע, וואָס פּײַנט זיכ אויס מיט איר באַרמהערציקײַט... מער פונ אַלע איז איר דערגאַנגענ מוישע־מענדל מיט זײַנע גענג, מיט זײַנ פירעכצ קעגנ איר. ראָכעלע האָט פאַרשטאַנענ, וואָס פאַר א ראָלע זי שפּילט מיט איר שיינקײַט אונ מיט איר גוטסקײַט, מיט איר ערלעכקײַט אונ מיט איר געטרײַשאַפט בא איר מאַנ דעמ טאַכשיט. ראָכעלע האָט ארויסגעזענ, וואָס זי איז בא אימ...

וואַל־קולאָמ איז ראָכעלע גלאַט געווענ צעשרויפט, צערודערט אונ פאַרטומלט די לעצטע צײַט. א קלייניקײַט, וואָס זי האָט איבערגעטראָגנ פונ סטעמפּעניונ? ראָכעלע, די פרומע ראָכעלע, וואָס האָט ניט דורכגעלאָזט אַפ איר לעבנ קיינ האָר פונ ייִדישקײַט, נישט איבערגעטראָטנ קיינ מינדסטנ דינ פונ אַלע דינימ, וואָס זענענ שײַעכ צו דער ייִדענע, — ראָכעלע, א ייִדיש ווײַבל פונ טײַטש־כומעש, האָט אינ זינענ א פרעמדנ, באַקומט פונ אימ בריוולעכ, באַגעגנט זיכ מיט אימ — אונ גאָרנישט! אַדעראַבע, זי פילט, ווי עס ציט זי צו אימ, נישט מיט עפּעס א שלעכטער מאַכשאָווע, כאָלילע! נאָר גלאַט אַזוי, זענ אימ אונ הערנ, ווי ער שפּילט אַפנ פידל.

אַכ, זײַנ שפּילנ, זײַנ שפּילנ! ראָכעלע וואָלט אייביק ניט גע־נעסנ, ניט געשלאָפנ, נאָר הערנ סטעמפּעניונ, הערנ אימ אונ... זענ

אימ! זײַנע אויגן, אַז זיי קוקן, וואַרעמען זיי, גלעטן זיי, כּישופֿן זיי...
אַך, זײַנע אויגן!

ראָכעלע כאַפּט זיך אָן מיט בײדע הענט פֿאַרן קאָפּ און הערט זיך צו, ווי די שלייפֿן קלאַפּן, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט, און די נעשאָמע ציט, ציט. זי ווייסט נים, וואָס מיט איר טוט זיך. זי דעקט זיך איבער מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ און דערזעט איר אומאַליקע כאַוועַר־טע, כּײַע־עטל, אַלע־האַשאַלעם. ראָכעלע דערמאַנט זיך אָן יענער מײַסע פֿון כּײַע־עטלען מיט ביניאָמינען, און עס גייט איר איבער אַ פּראָסט איבערן לײַב. זי הויבט זיך אויף פֿון דער קאָלדרע און דערהערט פּלוצעם זייער אַ באַקאַנט געזאַנג, אַ באַקאַנט שפּילן פֿון אַ באַקאַנט פֿידעלע. ראָכעלע האָט געמיינט, אַז עס ווײַזט זיך איר אויס, נאָר ווײַטער־ווײַטער האָט זי אַלץ נעענטער געהערט דאָס שפּילן, וואָס מע שפּילט, געוויינלעך, באַם אָפּפֿירן פֿון דער כאָסענע די מעכוטאָ־נים אַהיים. ראָכעלע האָט שוין דערהערט און דערקענט אַקוראַט, וואָס מע שפּילט; ראָכעלע האָט אויך דערקענט סטעמפּעניוס פֿאַרגיין זיך אויפֿן פֿידל, און עס איז שוין פֿאַר איר ניט געווען קיין ספֿק, אַז דאָס פֿירט אָפּ סטעמפּעניו די מעכוטאָנים אַהיים נאָך דער כופּע־וועטשערע. נאָר ווי קומט ער אַהער? אָף דער גאַס איז הײַנט נים געווען קיין כופּע, און דאָ זענען נישטאָ קיין מעכוטאָנים! וואָס קאָן דאָס באַטײַטן? די פּויק מיט די טאַצן לאָזן זיך אָבער הערן אַלץ נעענטער און נעענטער. די גאַנצע כעוורע שפּילן געשמאַק; נאָר מער פֿון אַלץ לאָזט זיך הערן סטעמפּעניוס פֿידעלע, וואָס פֿאַרדעקט מיט זיסן שפּילן, מיט דעם ווייכן געזאַנג אַלע אַנדערע קייליִם.

ראָכעלע קאָן ניט אײַנליגן. זי שפּרינגט אַראָפּ פֿונעם בעט, גייט צו צום פֿענצטער, עפֿנט עס אויף און בייגט זיך איבער העכער האַלב אין דרויסן אַרויס.

ראָכעלע האָט שוין לאַנג אַזאַ נאַכט נישט געזען. די לעוואָנע שפּאַצירט איבערן הימל, און אַרום איר האָבן זיך אויסגעשאָטן אַלפֿיי־אַלאָפֿים שטערן — בריליאַנטן, וואָס שעמערירן אין די אויגן. די לופֿט איז וואַרעם, גרינג און פֿריש. קיין שום ווינטל, אַזוי, אַז די הויכע טאָפּאָליעס, וואָס זעען זיך פֿונעם גרויסן מאָנאַסטירסקן גאָרטן, שטייען אויסגעצויגן, ווי סאָלדאַטן אָף דער וואַך. קיין בלעטל רירט זיך נישט. נאָר זעלטן־זעלטן טוט עס אַ טראָג פֿונעם מאָנאַס־טירסקן גאָרטן אַ שיינעם רייעך פֿון שמעקנדיקע גראָזן, ווי בסאָמים, וואָס איז אין מאַזעפּעווקע שטאַרק אָנגעלייגט, מאַכמעס באַטאָג הערט זיך דאָרט אַן אַנדער רייעך...

צו דער דאָזיקער אויסגעצייכנטער נאַכט פּאַסט אַקוראַט אונדזער ראָכעלע די שיינע, — די ריינע, די ערלעכע ראָכעלע מיט איר גרויסן ווײַסן האַלדז, אַף וועלכן עס ליגן צעשאָטן אירע רײַכע בלאָנדע האָר (אַך, ראָכעלע האָט דען געקאָנט אין אַזאַ צײַט געדענקען, אַז די לעוואָנע און דער מעכאַבער פֿונעם ראָמאַן קאָנען זען אירע אייגענע האָר?). אירע אויגן זענען געווען ניט ווינציקער בלוי און לויטער, ווי דער בלויער לויטערער הימל, און איר שיין ליכטיק פּאָנעם איז ניט געווען מיִעסער פֿון דער שיינער, ליכטיקער נאַכט, נאָר ראָכעלע האָט ווינציק־וואָס געטראַכט וועגן דעם: איר קאָפּ איז געווען דאָרטן, וווּ עס האָט זיך געהערט דאָס זעלטענע שפּילן, און איר האַרץ איז געווען דאָרט, וווּ סטעמפּעניום פֿידעלע.

די קלעזמער שפּילן עפּעס אַזוי טרויעריק, גלײַך ווי זיי וואָלטן אָט ערשט עמעצן באַהאַלטן, אין דער ערד אַרײַנגעלייגט. באַ אונדז אַ סימכע באַווײַזט זיך אַרויס דורך אַ געוויין, און מאַכמעס גרויס פֿרייד מיט פֿאַרגעניגן פֿאַרגיסן מיר טרערן... נאָך אומעטיקער ווײַזט אויס דאָס שפּילן אום האַלבע נאַכט, ווען די גאַנצע וועלט האַלט אין איין שלאָפֿן, נאָר איין ביסל ייִדן זענען זיך מעסאַמייעך מיט אַ ווײַנענדיקס, גייענדיק צוריק פֿון דער כופּע־וועטשערע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ: וואָס איז? מע האָט געפּאַטערט אַ קינד, פֿאַרשטייט איר מיך, פֿאַרזאָרגט, הייסט דאָס, באָרעך־האַשעם, — נו, מאַכטייסע... אין דער דאָזיקער שטילער, שיינער זומער־נאַכט הערט זיך סטעמפּעניום פֿידעלע נאָך מער, ווי אַלעמאָל; עס קלעמט דאָס האַרץ, ציט די נעשאָמע, נעמט אַרויס דאָס בײַעס — און ראָכעלע שטייט אַ האַלב־נאַקעטע באַם פֿענצטער און הערט זיך צו. זי וויל אַנטלויפֿן פֿונדאַנען, צומאַכן דאָס פֿענצטער און אַנטלויפֿן, נאָר עס האַלט זי צו, ווי מיט אײַזנס, ווי אַ מאַגניט ציט עס זי. זי קוקט זיך אײַן און הערט זיך צו אַזוי ערנסט, גלײַך ווי זי וואָלט הערן ניט זײַן פֿידעלע, גלײַך ווי זי וואָלט הערן, ווי ער רעדט צו איר, ווי ער טײַנעט, ווי ער בעט, ווי ער וויינט... און ניט נאָר ראָכעלע אַליין הערט זיך אײַן אין די דאָזיקע שיינע מעלאָדיען פֿון סטעמפּעניום פֿידעלע אין דער דאָזיקער ליכטיקער זומער־נאַכט: די לעוואָנע מיט די שטערן, די ווײַכע, פֿרישע לופֿט, די גאַנצע נאַטור מיט אַלע אירע באַשעפֿענישן האָבן ווי אויפֿגעוואַכט פֿון זייער דרימלען, זיך אויפֿגעשטעלט אַף אַ רעגעלע, ביכדיי צו הערן, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין געזאַנג אום האַלבע נאַכט? וואָס איז דאָס פֿאַר קוויִעס אום האַלבע נאַכט? דער נאַכט־מעשוירער,

דער פֿאַרשפּעטיקטער סאָלאָווײ אינעם מאָנאַסטירסקן גאָרטן, דער־הערט אַזאַ מין מוזיק, האָט זיך געפּרובירט פּאַרקאַטשען אויפֿן העלדזל, באַווײַזן זײַנע שטיקלעך, ווי זײַן שטיגער איז; נאָר עס איז אים אַצינד, אין סאַמע טאַמוז, נישט געראָטן איבערשטשעגאָליען סטעמ־פּעניום פֿידעלע, מאַכמעס באַלד נאָך וועסנע האָט ער נעבעך, ווי אַלעמאָל, אָנגעוואָרן די קיילע, און פֿון זײַן זיס קאָל איז אים נאָר געבליבן אַ קוויטש, ווי בײַ אַ כאַזן נאָך יאָמים־נויראָים, לעהאַוודל... דער האָן, דער שרײַער, דערהערט דאָס שפּילן פֿון די קלעזמער און גערעכנט, אַז ס'איז שוין טאָג, איז אַראָפּ פֿון דעם סידעלע, האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די פֿליגל, האָט געזאָגט דעם פּאָסעק, אויסגע־לאָזט דעם געוויינלעכן „קוקוריקו“ מיט אַ „מונח אתנחתא“ 1 און איז זיך אַוועק צוריק אין זײַן רו אַרײַן אַ בערויגעזער, וואָס מע האָט אים מאַטריעך געווען אומזיסט און אומנישט... אַפֿילע די הינט, די קלאָווים, פֿונווײַטנס, פֿון דער מאָנאַסטירסקער גאַס, דערהערט די ייִדישע קלעזמער אינמיטן נאַכט, האָבן אָנגעהויבן לעכאַטכילע, ווי זייער מינהעג איז, צו בילן און צו וואָיען, און זענען אויך אַנשווייגן געוואָרן, געזוכט זיך אַן אָרט, וווּ צו לייגן זיך אָפּרוען. אויך די קו, דוואָסי־מאַלקעס בורע בעהיימע בײַ דער שטוב, האָט אויפֿגעהערט צו מאַלעגיירען, האָט אויפֿגעשטעלט די אויערן, אַרויסגעלאָזט פֿונעם בויך אַ טיפֿן קרעכץ, ווי אַ זינדיקער מענטש. און דעם שאָכנס צוויי ציגן האָבן זיך פֿון גרויס היספּײַלעס מיטאַמאָל אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד, זיך געביטן מיט די ערטער, באַווײַזן דערווײַל איינס דאָס אַנדערע, אַז זיי האָבן הערנער. האַקלאַל, אַלץ האָט אויפֿגעלעבט, באַווײַזן, אַז עס הערט דאָס שפּילן אין דער דאָזיקער שטילער, ליכטיקער, וואַרעמער קישעפֿדיקער זומער־נאַכט.

אין דער זעלבער צײַט איז אויך אונדזער ערלעכע ראָכעלע גע־שטאַנען בײַם פֿענצטער, ווי צוגעקאָוועט מיט אײַזנס. זי שטייט, ווי שטאַרק פֿאַרוווּנדערט, רירט זיך ניט מיט קיין אייווער, ווי צוגע־שרויפֿט, און ווייסט גאָר ניט, אַף וואָס פֿאַר אַ וועלט זי איז. „נו, אַ נאַכט! אײַ, אַ נאַכט! טאַטעניו!“... זי שטייט און הערט זיך אײַן מיט אַלע כושים, זי שלינגט די פֿרישע לופֿט מיט אַ פֿולן מויל. זי איז אינגאַנצן פֿאַרקישעפֿט. זי קוקט אין בלויען הימל אַרײַן און דערמאָנט זיך אָן יענע זומער־נאַכט, ווען זי פֿלעגט מיידלווײַז זיצן אין דער היים אויף דער פֿריזבע (זאַוואַלעניקע), קוקן אַרויף, אויף די ווײַסע פּאַסן,

---

1 מונאַך עסנאַכטאָ — אַ געוויסער טאָג באַם לייענען די טוירע.

געשפּילט בעשאַם-מנוחע אין צייכנס (מיילעשקעס) און געזונגען דאָס באַקאַנטע לידל:

די לעוואָנע שײַנט אינמיטן דער נאַכט,
און פּערעלע זיצט בײַ דער טיר,
זי זיפצט, זי קרעכצט, זי איז שוין פאַרטראַכט —
אוי, אַ ווייטעק איז איר!
זי זיפצט, זי קרעכצט, זי איז דאָך פאַרטראַכט —
אוי, אַ ווייטעק איז איר!..

דאָס לידל האָט זי דעמלט געזונגען, נאָר זי האָט דאָס ניט פאַר־שטאַנען; איצינד פאַרשטייט זי דאָס יאָ, אפילו נישט איבגאַנצן, דאָך פאַרשטייט זי דאָס, זי פילט עס. זי פילט, אַז עס ציט זי עפּעס אהין, אין דרויסן אַרויס, אויף דער פרײַער לופט. זי פילט, אַז ס'איז איר דאָ ענג, היים און נימעס, נימעס!.. ראָכעלע דערמאָנט זיך נאָך אַ לידל פון יענע לידלעך, וואָס זי פלעגט זינגען מיידלווײַז, זומער-לעבן, אין דרויסן בײַ דער טיר:

באַם ברעג וואַסער טו איך שטיין
און קאָן צו דיר ניט קומען;
אוי, פונוויטנס רופסטו מיך —
איך קאָן אָבער נישט שווימען!
אוי, פונוויטנס רופסטו מיך —
איך קאָן צו דיר ניט שווימען!..

„פונוויטנס?“ — ער איז דאָך שוין גאָר נאָענט! אָט איז ער, סטעמפּעניו, מיט זײַן פידעלע, מיט זײַנע לאַנגע האָר, מיט זײַנע שוואַרצע, ברענענדיקע, פײַערדיקע אויגן, וואָס קוקן אויף איר טאָמיד און וואַרעמען זי מיט זייער גלאַנץ, מיט זייער פײַער. און עס ווילט זיך איר אין דער מינוט אייביק שטיין נאָענט נעבן אים, שטיין און אייביק הערן זײַן שפּילן, און אייביק זען זײַנע שיינע אויגן... נאָר אײַן זאַך קאָן ראָכעלע נישט פאַרשטיין: ווי קומט ער אהער, סטעמ־פּעניו, אום האַלבע נאַכט, מיט זײַן פידעלע?

וואָרום קומט אהער סטעמפּעניו מיט די מעכוטאָנים? — אָט דאָס האָט זי בעשום־אויפן נישט געקאָנט פאַרשטיין, וויפל זי האָט זיך ניט געבראָכן דעם מויעך. ראָכעלע האָט זיך דערמאָנט, אַז ערגעץ אויף דער שול־גאַס איז הײַנט געווען אַ כופע. ווי זשע קומען אהער די מעכוטאָנים? ערשט דעמלט האָט זי פאַרשטאַנען דעם סאָד, אַז זי האָט דערזען שוין גאָר נאָענט, טאַקע קימאַט נעבן זייער שטוב, די קלעזמער מיט די מעכוטאָנים. ערשט דעמלט האָט זי געטראָפן דאָס

דעמעניש, אז זי האָט דערזענ, ווי סטעמפעניו האָט זיכ פונקט נעבנ זייער שטוב, גראָדע אקעגנ איר פענצטער, אָפּגעשטעלט אונ האָט צוגעהויבנ צו שפּילנ נאָכ מיט מער פרישקייט, מיט מער כיישעק. ערשט דעמלט האָט ראָכעלע פארשטאנענ, וואָס סטעמפעניו האָט דאָ אויפגעטאָנ: ער האָט געשלעפּט מיט זיכ די גאנצע כעוורע, אלע מעכוטאָנים מיטנ גאנצנ אוילעמ, פונ דער צענטער גאס אהער, פאר־ביי זייער שטוב. אונ צוליב וועמענ? — לעכאטכילע איז דאָס איר אפילע געווענ זייער אָנגענעמ, אונ דאָס הארצ האָט זיכ איר אזוי געפרייט, אז עס איז שיר נישט ארויסגעשפּרונגענ פונ דער ברוסט. אונ נישט ווילנדיק, האָט זיכ ראָכעלע צעלאכט צו זיכ אליינ מיט אזא פריילעכ געלעכטער, אז זי האָט זיכ איבערגעשראָקנ פאר איר קאָל, האָט א קוק געטאָנ אָפּ זיכ, ווי זי שטייט דאָ האלב־נאקעט, מיטנ האלדז אינ דרויסנ, מיט די אייגענע האָר, — אונ איז געשווינד אָפּ־געשפּרונגענ פונעמ פענצטער, אינ דער גיכ עס צוגעמאכט אונ האָט זיכ אריינגעוואָרפנ אינ בעט אריינ.

— ווי איז מיר, ווינד איז מיר! — האָט זיכ ראָכעלע גע־טראכט. — צו וואָס מע קאָנ קומענ, אז מע באקלערט זיכ ניט פריער, ווו מע איז אינ דער וועלט! שטעלנ זיכ אינמיטנ נאכט א נאָ־קעטע אינ פענצטער פאר אזא־נ־אוילעמ מאנצבילנ; אינ זינענ האָבנ אזעלכע פּוסטע נארישע זאכנ, ארומגיינ מיט אזעלכע מיעסע מאכ־שאָוועס וועגנ א סטעמפעניו... אונ סטעמפעניו — מע דארפ זיינ א באלנ פירנ א גאנצע זייִדנע יִידנ איבער צענ גאסנ — צוליב וואָס? צוליב וועמענ? מע דארפ האָבנ, פונדעסטוועגנ, אנ אזעם אזעלכעם צו טונ! פונוואנענ נעמט זיכ עס בא אימ אזא...? איכ מוז עס אימ פרעגנ. מע דארפ זענ, ס'זאָל האָבנ אמאָל א כאָפּ. ער וויל מיכ אומ־גליקלעכ מאכנ!.. איינ מאָל פאר אלע מאָל, מע דארפ זיכ מיט אימ אויסשמועסנ, ווי זאָגט מענ: „בעסער דער ערשטער רויגעז"... ער דערציילט דיר א מייסע: „ליב־שמיב"! גאנצ לייטיש, כלעבנ... שא־בעס־צונאכטס, זאָגט ער, אפּ דער מאָנאסטירסקער גאס, דאָרט וועט ער מיר שוינ קלאָר מאכנ אינגאנצנ זיינ מיינ... איכ וואָלט שוינ גערנ, דער ליבער שאבעס־צונאכטס זאָל שוינ קומענ גיכער, לאָמיר שוינ הערנ וואָס אונ ווענ? איכ וועל געווים ארויסגיינ, וואָס האָב איכ מוירע? פאר וועמענ? מוירע דארפ מענ האָבנ נאָר פאר גאָט!.. עס איז דיר נאָר אנ אָנשיקעניש, אנ אָפּגעטאָנענע זאכ אונ גענוג!.. ניט אומזיסט דערציילט מענ זיכ אָנ אזויפיל מייסעס... נאָר וואָס האָט ער צו מיר? צו מיינע יונגע יאָרנ? אונ ווער איז שולדיק, ווענ ניט

איך אליין? מע טאָר ניט וויסן יענעמס קיין וועג... מוישע־מענדל זאָל אצינד זיין, וואָלט איך אים אַלצדינג דערציילט. נאָר ווו איז ער? ער הערט מיך זייער? וואָס גייט דאָס אים אָן, וואָס איך מוטשע מיך, ווי אייגער פארן טויט?.. אָבער מע דארף לייענען קרישמע. נישט גוט, אז מע לייענט נישט קיין קרישמע!..

„לישועתך קויתי ד׳,
קויתי ד׳ לישועתך,
ד׳ לישועתך קויתי״ 1...

ראָכעלע באהאלט זיך טיף־טיף אין די קישנס אריין, דעקט זיך איבער שטארק מיט דער קאָלדרע, זי זאָל נישט הערן דאָס שפילן פון די קלעזמער, און לייענט קרישמע אפ א קאָל: „לישועתך קויתי ד׳״... נאָר דורכן פענצטער גאנווענען זיך אריין די זיסע געזאנגען פון סטעמפעניוס פידעלע, וואָס ווערן אַלע מינוט שטילער, זעלטענער און ווייטער. און ראָכעלע לייענט קרישמע:

„לישועתך קויתי ד׳,
קויתי ד׳ לישועתך,
ד׳ לישועתך קויתי״...

און סטעמפעניוס פידעלע — קוים־קוים וואָס עס הערט זיך שוין פונווייטנס, און די לעצטע קוילעס ווערן ווי פארשטארבן, און ראָכעלעס אויגן ווערן ביסלעכווייז צוגעשלאָסן, און אירע ליפן שעפטשען נאָך, קוים־קוים וואָס מע הערט:

„לישועתך. . . . . . . . . . . . . . . . . .
קויתי........ לישועתך
...קויתי...״ . . . . . . . . . . . . . .

און ראָכעלע ווערט אנשלאָפן.

* * *

ראָכעלע ווערט אנשלאָפן, און עס כאָלעמט זיך איר, אז סטעמפעניו טוט איר אָן א בריטש קארעלן... אין איין זייט שטייט דער שווער אין טאַלעס־אוטפילן, און פריידל שלאָגט אים, פאטשט אים,

---

1 לישואָסכאָ קיוויסי אדוינאָי.

אף וואָס די וועלט שטייט... מוישע־מענדל איז טויט־שיקער, פאַרט רייטנדיק אף א קאַטשערע, מאַכט מעשוגענע האַוויַיעס, און סטעמפּעניו טוט איר אָן א בייטש קאַרעלן... אין דער אַנדערער זייט שטייט כּײַע־עטל, אָנגעטאָן שאַבעסדיק, אויסגעצירט, ווי א באַס־מאַלקע, שמייכלט אַזוי פריינטלעך, אַזוי ליבלעך, און צינדט אָן א סאַך ליכט.

„וואָס טוסטו, כּײַע־עטל? — פרעגט זי ראַכעלע. — לעמיַי צינדסטו אָן אַזוי פיל ליכט?"

„וואָס פאַר א שײַלע? — ענטפערט איר כּײַע־עטל מיט א געלעכטער. — עס איז דאָך ערעוו שאַבעס: שוין צייט ליכט בענטשן!"

ראַכעלע קוקט אף די ליכט, ווי העל זיי ברענען און זיי לײַכטן, און סטעמפּעניו טוט איר אָן א בייטש קאַרעלן... ער שטייט נעבן איר אַזוי נאָענט, אַז זי הערט, ווי ער אָטעמט. ער שטייט און קוקט איר גלײַך אין די אויגן אַרײַן און וואַרעמט זי מיט זײַן קוקן אף איר. ראַכעלע קוועלט, לאַכט און זינגט, און סטעמפּעניו טוט איר אָן א בייטש קאַרעלן...

פּלוצעם ווערן די ליכט פאַרלאָשן. כּײַע־עטל און אַלץ אַרום און אַרום ווערט פאַרשוווּנדן, עס ווערט פינצטער־כווישעך און שטאַרק קאַלט, ווי אין א קעלער, ווי אין א קייווער... דער ווינט בלאָזט און פײַפט, און עס הערט זיך א געזאַנג, א טרויעריק געזאַנג: עס הערט זיך, ווי א פידל שפּילט, שוין ווידער א באַקאַנט פידעלע, סטעמפּעניוס פידעלע. סטעמפּעניו אַליין איז שוין נישטאָ, נאָר זײַן פידעלע לאָזט זיך הערן, אָבער אַזוי טרויעריק, אַזוי אומעטיק, ווי דער נוסעך פון „נעילע". און עס הערט זיך עפּעס, ווי עמעצער וויינט, כליפּעט. דאָס וויינט כּײַע־עטל אף אירע יונגע יאָרן, וואָס זענען איבערגעלאָפן, ווי א כאָלעם, אף איר ליבהאַרציקן ביניאָמינען, וואָס ער האָט זי פאַרביטן אף אַן אַנדערע, פאַרגעסן כּײַע־עטלען, פאַרגעסן...

„אוי, מאַמעניו!" — שרײַט אויס ראַכעלע און כאַפּט זיך אויף, קערט זיך איבער אף דער אַנדערער זײַט, ווערט אַנשלאָפן און זעט ווידער אַלערליי כאַלוימעס. א גאַנצע נאַכט פּלאָנטעט זיך איר און עס דאַכט זיך איר, אַז זי פילט, ווי סטעמפּעניו שטייט נעבן איר און טוט איר אָן א בייטש קאַרעלן... נאָכדעם קומט ווידער כּײַע־עטל מיט שוואַרצע ליכט, וויינט, טרויערט, לייענט אף א קאָל טכינעס פון כּײַנע־לאָשן: „אַלמעכטיקער פאָטער אין הימל, דו שטאַרקער גאָט! הער איבער אַלע הערן, דו מײלעך איבער אַלע מעלאָכים, וואָס פון אײביק ביז איײביק ביסטו נאָר גאָט! צו דיר זאָל קומען און פון דיר זאָל באַוויליקט ווערן אונדזער היים געבעט. דו זאָלסט פאַרנעמען די

טפילעס פונ די הײנע נעשאָמעס, וואָס טוענ שטײנ פאר דײַנ קיסע־האקאָוועד אונ בעטנ ראכמימ פונ פאר דיר פאר אונדז, אונ פאר די לעבעדיקע, וואָס אָפ דער ערד, וואָס זענענ פול מיט זינד, ווי א מיל־גראָמ, אונ די אָוועס־אַוויסײנו...״

כײַע־עטל זאָגט די טכינעס הויכ. זי וויינט, זי יאָמערט, זי קלאָגט — אונ ווערט פארשווונדנ...

## XXII

## עס צינדט זיכ אָנ א פײַער

אינ דער שטאָט מאזשעפעווקע איז דאָ א מאָנאסטיר, וואָס איז געבויט, ווי מע דערציילט, נאָכ פונ מאזעפען. א הויכע, א ווײַסע געמויערטע וואנט רינגלט ארומ דעמ מאָנאסטיר פונ אלע פיר זײַטנ אונ פארנעמט דרײַ כאלאָקימ פונ דער שטאָט. אינ איר, אינ דער וואנט פונ איינ זײַט געפינענ זיכ די געוועלבנ (די גרעסטע קלייטנ), פונ דער אנדערער זײַט — טיפע קעלערס, וו עס איז אמאָל געווענ באהאלטנ, ווי מע זאָגט, דאָס גאנצע געווער (קלייזײַענ) פונ די הײַדאמאקעס, אונ איצט ליגט מענ דאָרט אָפ עפל אונ אנדערע מינימ סכוירעס. די דריטע וואנט איז באוואקסנ מיט דערנער אונ באשיצט מיט די הויכע טאָפּאָליעס אונ אנדערע ביימער, וואָס געפינענ זיכ פונ יענער זײַט וואנט אינעמ גרויסנ מאָנאסטירסקנ גאָרטנ; די פערטע וואנט איז הויל אונ גלאט, אינ פיל ערטער אָפגעקאלופעט אונ אָפגעפאלנ די ליימ מיט די ציגל, אזוי אז עס בעט זיכ פאריכטנ שוינ לאנגע יאָרנ. אקעגנ געפינענ זיכ הײַזער מיט הײַזלעכ, הויפנ מיט הייפעלעכ, ייִדישע אונ גוייִשע, אונ די שמאָלע גאס, וואָס איז צווישנ דער הויכער מאָנאסטירסקער וואנט אונ צווישנ די הײַזלעכ, ווערט אָנגערופנ די מאָנאסטירסקע גאס.

דאָרט, אָפ דער מאָנאסטירסקער גאס, אינ ווינקל, וו עס הייבנ זיכ אָנ די ביימער, איז פאָרגעקומענ דאָס ערשטע זעניש פונ אונדזערע ליבנדע — ראָכעלע אונ סטעמפעניו.

די לעזער, וואָס זענענ געוווינט געוואָרנ צו די „העכסט־אינטערעסאנטע ראָמאנענ״, האָבנ נעבעכ גענוג אָנגעליטנ זיכ ביז אהער פונעמ דאָזיקנ ראָמאנ, וואָס ס'איז נישטאָ אינ אימ קיינ שומ רירנדיקע סצענעס אונ טרעפעגישנ. קיינער שיסט זיכ ניט, קיינער סאמט זיכ ניט. מע באגעגנט זיכ ניט מיט קיינ גראפנ אונ מיט מארקיזנ. מע זעט

זיכ אלצ מיט פראָסטע מענטשלעכ, מיט קלעזמער גאָר אונ מיט גע-ווייַנלעכע ייִדישע ווײַבלעכ. די דאָזיקע לעזער קוקנ שוינ אוואַדע ארויס אפ דעמ שאבעס-צונאכטס; זיי ווארטנ אפ א טשיקאווע-פיקאנ-טע סצענע אפ דער מאָנאסטירסקער גאס... איכ מוז אָבער פאָרויס זאָגנ, אז זייער ארויסקוקנ איז אומזיסט: קיינ שום טשיקאווע-פי-קאנטע סצענעס וועט דאָ נישט זײַנ, וואָרעמ אונדזער ראָכעלע איז געקומענ אהער נישט כאָליע ווי א באַל-אוויירעניצע, נישט ווי אנ אויסגעלאסענע, וואָס לויפט זיכ קושנ אינ דער פינצטער מיט איר ליבנ... כאס-ווע-שאָלעמ! ראָכעלע האָט נאָר געוואָלט פרעגנ בא אימ, וויאזוי האָט ער, סטעמפעניו קלעזמער, געהאט א האָזע, אזא אזעמ, צו שרײַבנ איר, רעב אײַזיק-נאפטאָלים שנור, מוישע-מענדלס ווײַב, א בריוול, אונ נאָכ אזא בריוול?!..

„איכ מוז דאָס אימ פירהאלטנ! — האָט זי געטראכט. — איכ מוז דאָס אימ זאָגנ איינ מאָל פאר אלע מאָל! ווי זאָגט מענ: „עס איז בעסער דער ערשטער רויגעז"...

דער דאָזיקער געדאנק איז איר ניט געקומענ פלוצעמ. ראָכעלע האָט געהאט צײַט א גאנצע וואָכ, אונ נאָכ מער — דעמ גאנצנ טאָג שאבעס אפ צו קלערנ וועגנ דעמ, אונ, אוי-וויי, וואָס זי האט איבער-געלעבט אינעמ דאָזיקנ איינעמ טאָג! וואָס פאר א שרעקלעכע מיל-כאָמע האָט זי אויסגעהאלטנ מיטנ יעיצער-האָרע... ניינ, דאָס וואָרט „יעיצער-האָרע" פאסט לאכלוטנ נישט אהער: ווי קומט דאָס צו איר, צו אזא ייִדיש ווײַבל, צו אזא ערלעכ ווײַבל, וואָס האָט קיינמאָל נישט געלעזנ קיינ ראָמאנענ אונ האָט נישט געוווּסט פונ קיינ ליבעס, כוצ די מײַסע מיט איר כאַווערטע כײַע-עטל אָלע-האשאָלעמ, וואָס מיר האָבנ וועגנ איר אויבנ געשמועסט, — ווי קומט דאָס צו איר יעיצער-האָרע, ליבע? — נארישקײַטנ! זי זאָל כאָטש זײַנ א מיידל, איז עפעס אנדערש. פאָרט, ווי זאָגט מענ, א פרײַ פייגעלע, נישט צוגעדעקט דעמ קאָפ, א מענטשל פאר זיכ. אָבער א ווײַבל, אונ א פרומ ווײַבל פונ שיינעמ גראַד, פונ הוילע ייִכעס! זי איז געווענ אפ זיכ אליינ לאהאַ-דויג-אולעאַבייד, פלאמ-פײַער, אונ האָט זיכ קיינ אָרט ניט געקאָנט געפינענ. אָט האָט זי זיכ צוגעלייגט בא זיכ אפנ בעט, אָט האָט דאָס זי אופגעטראָגנ, ווי איינעמ, וואָס ליגט אפ א היציקער שלאָפקײַט, עס ווערט אימ „מלאָסנע" אפנ הארצנ אונ עס נודעט אימ ארויס די נעשאָמע, — ער וואָלט נאָר געלאָפנ אינ דער וועלט ארײַנ... ראָכעלע כאַפט זיכ אופ אונ נעמט זיכ גאָר צומ טײַטש-כומעש. זי עפנט אופ

די סעדרע „וישלח"[1], און — מערקווירדיק! אירע אויגנ שטעלנ זיכ אָפּ אפנ פּאָסעק: „ותצא דינה בת לאה[2], איז דינאָ, די טאָכטער פונ לייאָ, ארויסגעגאנגענ זענ די טעכטער פונעמ לאנד, האָט זי שכעמ, דער זונ פונ כאמויר, גענומענ מיט גוואלד, ותדבק נפשו בדינה[3], און שכעמ האָט זיכ באהעפט אינ דינאָ. דער בעכײַע שרײַבט: שכעמ האָט איר אײַנגערעדט..."

אזוי האָט ראָכעלע ארײַנגעקוקט אינ איר טײַטש-כומעש, וואָס די שווינגער האָט איר געשענקט, נאָכ בעשאָס זי איז געוועזנ א קאלע, אונ ביסלעכווײַז האָט זי אָנגעהויבנ צו פארגעסנ, אז זי זיצט איבערנ טײַטש-כומעש, אונ אירע געדאנקענ האָבנ זי ווידער פארטראָגנ אהינ, צו סטעמפּעניונ, אפ דער מאָנאסטירסקער גאס, אונטער די ביימער, ווו ער האָט איר צוגעזאָגט ווארטנ — אונ ער וועט אוודע דאָרטנ ווארטנ... נאָר קוימ איז סטעמפּעניו געקומענ איר אפ דער מאכשאָווע, אזוי האָט עס זי געצויגנ צו אימ, ווי א מאגניט, אונ זי האָט נישט פארשטאנענ, וואָס דאָס איז.

„איכ וואָלט אימ נאָר געוואָלט פרעגנ, וואָס האָט ער צו מיר אונ וואָס וויל ער פונ מײַנ לעבנ האָבנ?"...

אונ דאָ דערמאָנט זיכ ראָכעלע אינ איר כאווערטע כײַע-עטל, אָלע-האשאָלעמ, ווי זי האָט נעבעכ געליטנ איבער איר ביניאָמינענ... נאָר כײַע-עטל איז אָבער געוועזנ בינ'אָמינס אנ אייגענע אונ איז געווענ א מיידל: אָבער זי, ראָכעלע, איז דאָכ אנ „איישעס-איש" (אוי-אוי, וואָס פאר א הארב וואָרט דאָס איז פאר א יידישער טאָכטער!). אונ ער — ווער איז ער? א קלעזמער! וואָס קער ער זיכ מיט איר אָנ? וואָס פאר א שמעלקע איז ער מיט איר, וואָס ער שרײַבט צו איר בריוולעכ? א פּאָטעפּאלנאָסט פונ א קלעזמערוק, א האָזע א ביסל פונ א יונגאטש!

„די וועלט זאָל זיכ קערנ, — האָט זי בא זיכ אָפּגעפּאסקנט, — די וועלט זאָל זיכ קערנ, מוז איכ דאָס אימ זאָגנ! וואָס האָב איכ מוירע פאר אימ? איכ וועל זיכ זענ מיט אימ, איכ וועל דאָרטנ זײַנ. נישקאָשע, קיינער וועט מיכ נישט זענ. איכ וועל זיכ ארויסכאפּנ אפ א מינוט. ס'איז נישט ווײַט, אָט באלד, אָט דאָ אקעגנ"...

אונ ראָכעלע קוקט דורכ דעמ אָפענעמ פענצטער אפ דער מאָנאסטירסקער גאס ארויס אונ זעט די ביימער, די הויכע טאָפּאָליעס, ווי זיי שטייענ שטאָלצ, אונ זי הערט די פייגל, ווי שיינ זיי זינגענ פונעמ

---

1 „וואַישלאכ". 2 וואטייצײַ דינאָ באס לייאָ. 3 וואטידבאק נאפשוי בעדינאָ.

גאָרטנ ארויס. אונ אירע מאכשאָוועס טראָגנ זיכ איינגאנצנ איבער אהינ, ווו שפּעטער מיט א שאָ, אָדער נאָכ ווינציקער, וועט זי זיכ זענ מיט אימ אונ וועט רעדנ מיט אימ אויג־אפ־אויג. אונ זי פילט, ווי דאָס הארצ הייבט איר אָנ צו קלאפּנ אונ צו צאפּלענ, אונ (דעמ עמעס, דעמ עמעס מוז מענ זאָגנ!) עס איז איר גרויס די מינוטנ — זי וואָלט שוינ גערנ, עס זאָל שוינ זײַנ נאכט. דער שווער מיטנ מאנ וועלנ קומענ פונ שול אונ וועלנ אָפּמאכנ האוודאָלע, די שוויגער וועט זיכ נעמענ איבערטאָנ אונ ליארעמענ מיקויעכ דעמ סאמאָוואר אונ מיקויעכ דעמ באָרשט צו דער מעלאווע-מאלקע — אונ אָט דעמלט וועט זי כאפּנ אפ זיכ די שאל אונ ארויסגיינ פּאמעלעכ, אפ דער טיר, א ביסל אפ דער גאס, אזוי, מײַסע שפּאציר, — ווער וועט זיכ דאָס ארומקוקנ אפ איר? ביז זי וועט קומענ אהינ, ווו... אכ, עס ציטערט אפ איר דאָס לײַב, די בעקלעכ פלאמענ איר, אונ דאָס הארצ — אוי, דאָס הארצ! עס פאלט איר אָקערשט נישט ארויס, אונ וואָס ווײַטער ציט דאָס זי אלצ מער אהינ, אזוי, אז זי האָט שוינ מער קיינ זאכ נישט אינ זינענ. זי זעט פאר זיכ קיינ זאכ נישט, נאָר די ביימער פונעמ מאָנאסטירסקנ גאָרטנ, נאָר סטעמפּעניונ מיט זײַנע פלאמ-פײַערדיקע אויגנ. זי הערט קיינ זאכ נישט, אכוצ דאָס שיינע זינגענ פונ די פייגל, וואָס דאָרט אינ גאָרטנ, אונ דאָס געטלעכע שפּילנ — סטעמפּעניוס. אינ דער מינוט איז ראָכעלע אינגאנצנ איבערגעגעבנ צו איינ געדאנק — אהינ, צו סטעמפּעניונ, מיט סטעמפּעניונ, אונ קיינ זאכ אינ דער וועלט איז נישט אימשטאנד זי אײַנצוהאלטנ אינ דער דאָזיקער צײַט...

## XXIII

## דאָס פײַער ברענט אונ ווערט באלד פארלאָשנ

אונ סטעמפּעניו, קוימ איז געוואָרנ נאכט, אזוי האָט ער די בעוורע קלעזמער ארויסגעמעשאליעכט אפ א „זמירעס*, האָט קלאָמפערשט גענומענ דאָס פידעלע אונטערנ אָרעמ, ביכדיי פרײַדל זאָל מיינענ, אז ער איז אויכ אפ דער כאסענע. נאָר ארויסגעגאנגענ פונ

* דעמ שאבעס־צונאכטס, וואָס פאר דער כופע, קלײַבנ זיכ צונויפ מיידלעכ צו דער קאלע טאנצנ — אונ דאָס הייסט „זמירעס"; אינ אונדזערע ערטער הייסט עס גלאט „שאבעס־צונאכטס" (באמ. פונ אויט.).

שטוב, האָט ער דאָס פידעלע איבערגעגעבנ מעכטשינ, אונ אליינ האָט עס אימ אוועקגעטראָגנ אינ דער מאָנאסטירסקער גאס ארײַנ, אונ ארומגעגאנגענ הינ אונ צוריק אונטער דעמ שאָטנ פונ די ביימער, האָט ער זיכ אלע מינוט אָפּגעשטעלט, געקוקט אהינ, פונוואנענ סע האָט באדארפט אָנקומענ ראָכעלע די שיינע. אז זי וועט זײַנ — דאָס איז פאר אימ קיינ סאָפּעק ניט געווענ. דאָס הארצ האָט אימ געזאָגט, אז יאָ. ער האָט עס גוט ארויסגעזענ נאָכ אירע אויגנ דעמלט, אז זיי האָבנ זיכ געזענ בא פריידלענ בײַמ מעסטנ די קארעלנ.

אונ סטעמפעניו האָט נישט געהאט קיינ טאָעמ: עס איז ניט אוועקגעגאנגענ קיינ פופצנ מינוט, האָט ער דערזענ פונ יענער זײַט גאס שוועבט אײַנע מיט א ווײַס טיכל אפנ קאָפּ; זי גייט געשווינד אונ קוקט זיכ ארומ אינ אלע זײַטנ. דאָס ווײַסע טיכל איז איר אָנגעדרוקט ביז קימאט איבער די אויגנ, אונ עס ציטערנ איר די הענט, די ציינ אינ מויל, דאָס הארצ אינ דער ברוסט אונ דאָס גאנצע לײַב. זי קוקט זיכ גוט אײַנ, זי בלײַבט שטיינ, זי דערזעט סטעמפעניונ אונ טוט זיכ א לאָז צו אימ מיט די ווערטער:

— מיט וואָס פאר א האָזע, פרעג איכ אײַכ...

— זאָג מיר ניט „איר“, ראָכעלע, זאָג מיר „דו“... — האָט איר סטעמפעניו געענטפערט אונ האָט זי אָנגענומענ בא ביידע הענט אונ האָט איר ארײַנגעקוקט גלײַכ אינ די אויגנ ארײַנ. ראָכעלע האָט דערזענ אינ זײַנע אויגנ פונקט דעמ זעלבנ גלאנצ פונ די שטערנ, וואָס האָבנ אראָפּגעקוקט אינ דער דאָזיקער שיינער זומער־נאכט פונעמ טונקל־בלויענ הימל... אלע מאזעפּעווקער ייִדנ האָבנ אָפּגעמאכט האוודאָלע אונ האָבנ געזונגענ, ווי דער שטייגער איז, די „אייליִאָהוס“, געזיפצט אונ געטראכט, געדארט דעמ מויעכ אפ דער וויסטער פּארנאָסע, זיכ געווינטשעוועט דעמ זכוס פונ יענעמ כאָסיד, וואָס האָט געטראָפנ דאָס גליק, צו באגעגענענ זיכ מיט אייליִאָהו־האנאָווי אונ אָפּגעבנ אימ שאָלעמ אונ אָפּנעמענ בא אימ שאָלעמ. די מאזעפּעווקער ווײַבער וואַרפנ אראָפּ די שלייערס פונעמ קאָפּ, טוענ אויס די שאבעסדיקע קליידער, די צירונג, אונ נעמענ זיכ צו דער וואָכעדיקער ארבעט. מיט איינעמ וואָרט, מאזעפּעווקע איז פארנומענ ארויסצובאגלייטנ דעמ ליבנ שאבעס־קוידעש — אונ קיינעמ קומט גאָר ניט אפ די געדאנקענ, אז אינ דער צײַט שטייט ראָכעלע, דוואָסי־מאלקעס שנור, מיט סטעמפעניו דעמ קלעזמער אפ דער מאָנאסטירסקער גאס אונ האָבנ צווישנ זיכ א שמועס מיקויעכ עפּעס גאָר נישט קיינ ייִדישע זאכנ... נאָר דער בלויער הימל, די העלע שטערנ, וואָס קוקנ אראָפּ

מיט זייער גלאנצ, נאָר די הויכע מאָנאסטירסקע טאָפּאָליעס, נאָר די באכט־פויגלענ אינעם גרויסנ מאָנאסטירסקנ גאָרטנ, וואָס רופּנ זיכ איבער אפּ זייער לאָשנ, — נאָר זיי הערנ אונ זעענ דאָס אלצ צו; נאָר זיי ווייסנ, אז אינ דער דאָזיקער שיינער צויבערלעכער נאכט, אונטער די מאָנאסטירסקעביימער, אפּ דער גוילשער גאס, אונ אָט דאָ נעבנ סטעמפּעניונ, האָט זיכ ראָכעלע געפּונענ אינ אזא מינ גייער לאַגע, אז זי האָט זיכ גאָר פּארגעסנ, ווער זי איז אונ וואָס זי איז. דאָ, אפּ דער שיינער פּרעכטיקער באטור, האָט זיכ ראָכעלע געפילט אזוי, ווי נאָכ קיינמאָל ניט אינ איר לעבנ. דער פּאכעד, וואָס איז אפּ איר געפּאלנ, בעשאס זי איז אהער געגאנגענ, האָט פּלוצעמ אָפּגע־טראָטנ פונ איר, אונ עס האָט זיכ איר אויסגעוויזנ, אז עס זעענ בא איר אויסגעוואקסנ פליגל אונ זי איז פריי, ווי א פייגעלע, אונ קאָנ פליענ, פליענ... סטעמפּעניו האָט זיכ צוגערוקט צו איר נעענטער אונ האָט אנידערגעלייגט זיינע הענט בא איר אפּ די אקסלענ. ראָכעלע האָט א ציטער געטאָנ. זי האָט געוואָלט אָפּטרעטנ פונ אימ, נאָר זי האָט דאָס ניט געטאָנ. זי האָט נאָר א קוק געטאָנ אפּ סטעמפּעניונ, אונ פונ אירע ליכטיקע בלויע אויגנ האָבנ אראָפּגערונענ צוויי טרערנ.

— וואָס וויינסטו, ראָכעלע? — האָט סטעמפּעניו א פרעג געטאָנ, אָפּווישנדיק איר די טרערנ מיט זיינע הענט.

— אכ, סטעמפּעניו, עס איז מיר אזוי גוט אָט דאָ, נעבנ... איינ... נעבנ... דיר, סטעמפּעניו! פּארוואָס בינ איכ... פּארוואָס בינ איכ ניט...

— מיינע, ווילסטו זאָגנ? ביסט מיינע, ראָכעלע, ביסט מיינע!

— וואָס הייסט, איכ בינ דיינע, סטעמפּעניו? וויאזוי קאָנ דאָס זיינ?

— דו ביסט מיינע, פּארשטייסטו מיכ, הארצ מיינס, ווייל איכ בינ דיינער אפּ טאָמיד, אפּ אייביק, ביזנ פינצטערנ גרוב, ביזנ קייווער אריינ ביכ איכ דיינער, לעבנ מיינס!

— ביניאָמינ האָט אויכ אזוי געזאָגט, האָט זיכ געשוואָרנ — אונ צומ סאָפּ...

— וואָסער ביניאָמינ? — האָט זי סטעמפּעניו פּארוווּנדערט א פרעג געטאָנ, געקוקט ראָכעלענ אינ די אויגנ אריינ, ווי מע קוקט אפּ א קליינ קינד, וועמ עס זאָגט א ווילדע נארישקייט. — פונ וואָס פּאר א ביניאָמינ רעדסטו, נעשאָמע מיינע?

— ביניאָמינ, ביניע־עטלס געשוועסטערקינד. מיינ באַווערטע ביניע־עטל די יעסוימע האָט געהאט א געשוועסטערקינד, וואס האָט געהייסנ

ביניאָמינ, האָבנ זיי אָפּגערעדט פונ לאַנג, אַז זיי זאָלנ זיכ נעמענ, ער האָט איר צוגעזאָגט, געשוואָרנ בײַ זײַנע הייליקע נעמאָנעם — און צום סאָפ... אָבער, האָט זי געהאַט אַ מיעסנ סאָפ, בײַע־עטל נעבעכ, זי איז שוינ לאַנג געשטאָרבנ, אָלע־האַשאָלעמ, לאָז זי מיר מויכל זײַנ... נאָר ביניאָמינ איז בײַ איר געווענ דאָס בײַעס, זי איז אויסגעגאַנגענ נאָכ זײַנע טריט. זי האָט דאָס מיר אַליינ דערציילט... זי שטייט מיר פאַר די אויגנ, און עס ווײַזט זיכ מיר אויס, אַז אָט זיצט זי בײַם פענצטער, איכ זינג איר לידלעכ, און זי וויינט און זאָגט אַלץ: „אײַ, גלייב זיי ניט, מע טאָר זיי ניט גלייבנ, די מאַנצבילנ!“...

ראָכעלע דערציילט פונ איר כאַווערטע בײַע־עטל די יעסוימע, און סטעמפּעניו קושט ראָכעלעס די הענט, גלעט זי, האַלדזט זי, קוקט איר אינ די אויגנ אַרײַנ — און ראָכעלע דערציילט אַלץ פונ בײַע־עטלען, וויאַזוי זי איז שטילערהייט אויסגעגאַנגענ, ווי אַ ליכט, נאָכ איר ליבנ טײַערנ ביניאָמינען...

בײַע־עטל איז שוינ געווענ פונ עטלעכע יאָר טויט, נאָר ראָכעלע האָט זי גוט געדענקט. בײַע־עטל איז איר אָפטמאָל געקומענ צו כאָלעם. אַצינד האָט זיכ איר אויסגעדאַכט, אַז בײַע־עטל שטייט פונ יענער זײַט וואַנט, אָנגעטאָנ אינ טאַכריכים, און קוקט אַריבער אַהער און ווינקט צו איר, אָנווײַזנדיק איר אויף סטעמפּעניון און שאָקלענדיק מיטנ קאָפּ, ווי איינער רעדט: „וואָס טוסטו דאָ?“...

— צו וואָס טויג עס דיר, ראָכעלע מײַנ לעבנ, צו וואָס טויג דיר רעדנ, דערמאָנענ אַזעלכע זאַכנ, און נאָכ אַקעגנ נאַכט? טו בעסער אַ קוק אויף מיר מיט דײַנע שיינע ליכטיקע אויגנ, וואָס לײַכטנ און בלישטשענ, ווי צוויי שיינע בריליאַנ...

סטעמפּעניו האָט נאָכ ניט אויסגערעדט דאָס לעצטע וואָרט, האָט זיכ ראָכעלע אַרויסגעריסנ פונ זײַנע הענט מיט אַזאַ שטאַרקײַט, אַז סטעמפּעניו האָט זיכ איבערגעשראָקנ פאַר איר.

— גאָט איז מיט דיר, ראָכעלע, וואָס איז דיר אַזוינס געשענ?

ער האָט זי געוואָלט כאַפּנ ווידעראַמאָל, נאָר זי האָט זיכ ניט געלאָזט, זי האָט געציטערט און געשעפּטשעט: „דו זעסט? אָט איז זי!.. אָט שטייט זי!.. אָט קוקט זי אַהער, אַהער“...

— ווער שטייט? ווו שטייט? וואָס רעדסטו דאָס, ראָכעלע? נעשאָמע מײַנע, קום צו מיר, נאַ דיר אַ האַנט...

— אײַ! לאָז מיכ, לאָז מיכ, סטעמפּעניו, לאָזט מיכ! איר זעט, אָט שטייט עפּעס אַ ווײַס? אָט, ס'איז זי, ס'איז בײַע־עטל!..

אוי, לאָזט מיכ, לאָזט מיכ!.. מיט וואָס פאַר א האָזע פרעג איכ אײַכ...
א גוטע נאַכט! א גוטע!..

אונ ראָכעלע איז פאַרשוווּנדנ געוואָרנ אינעם שאָטנ פונ די ביימער. סטעמפּעניו האָט נאָר געקאָנט זעגנ, ווי צוויי עקנ פונ דער ווײַסער שאַל, וואָס האָבנ זיכ צעלאָזט פונעם ווינט, האָבנ אויסגעוויזנ, ווי צוויי ווײַסע פליגל. אָט אזוי ווערט אנטרונענ א גוטער מאַלעכ, אָט אזוי ווערט פאַרשווּנדנ א גוטער כאָלעם...

אָ, יידישע טאָכטער! אָט דאָ האָסטו זיכ באַוויזנ מיט דײַנ ערלעכקײַט, מיט אינגאַנצנ דײַנ ריינקײַט. אָ, יידישע פרוי! אָט דאָ האָסטו זיכ באַוויזנ מיט דײַנ גאַנצער געטרײַשאַפט, מיט דײַנ גאַנצער איבערגעבנהײַט!..

---

געקומענ אהיימ, האָט ראָכעלע געוואָלט פאַר אַלע אויסזאָגנ, אויסשרײַענ, ווו זי איז געווענ אונ מיט וועמענ זי האָט זיכ געזענ. נאָר זי האָט געטראָפנ דאָס גאַנצע הויזגעזינד זיצנ ארומ טיש מיט נאָכ עטלעכע געסט בא א גרויסנ סאַמאָוואַר, פאַרטיפט אינ א וויכטיקנ שמועס פונ געשעפט, ווי דער שטײגער איז שאַבעס־צונאַכטס בא יידנ צונויפקלײַבנ זיכ ערגעצ, אונ נאָכ דעמ גאַנצנ מעסלעס, וואָס מע האָט גערוט, שמועסנ א ביסל וועגנ מיסכער, וועגנ מאָרגנדיקנ יאַריד, אונ גלאַט אזוי וועגנ וועלט־זאַכנ.

— איכ וועל זיכ ניט „טאַשנ"*, — האָט געזאָגט א גראָב יידל, א שניט-קרעמער. — לאָז דאָס גײנ אינ דער ערד אַרײַנ! איכ בינ קלאָר אינ די יאַרידימ גאַנצ געווענ, נאָר גריזאָטע מיט האַרצווייטעק קאָנ מענ פונ אזעלכע יאַרידימ האָבנ!

— פאַרוואָס? — רופט זיכ אָנ דוואָסי-מאַלקע, האַלטנדיק די הענט צונויפגעלייגט אונטערנ האַרצנ. — איכ ווייס ניט פאַרוואָס, רעב יודל, איר זענט אזוי בערויגעז אפנ יאַריד? פאַראַכטאָגנ האָב איכ בא אײַכ געזענ, קײנ אײַנהאָרע, א שעפע, אפ אַלע יידנ געזאָגט געוואָרנ! איר האָט, דאַכט זיכ, א גאַנצנ טאָג געלייזט געלט?

— בא דיר הייסט אַלצדינג געלייזט געלט! — האָט זיכ אָפּגערופנ אײַזיק-נאַפטאָלי, נישט קוקנדיק אפנ ווײַב אונ וואַרפנדיק אפ ביינדלעכ פונ די „שטשאָטעס".

---

* טאַשנ הייסט אפ קרעמער־לאָשנ — זיכ שטעלנ אפנ יאַריד מיט א קראָמ.
(באַמ. פונ אווט.).

— אונ איכ וואלט זיכ געווונטשנ ניט קיינ ערגערנ יאריד, ווי פאראכטאגנ זונטיק, — האט זיכ אנגערופנ מוישע-מענדל, געקוקט אינ די כעשבוינעס אריינ, — וואס דארפ מענ דא לייקענענ, פארשטיי איכ ניט?

— אט דאס איז טאקע די מייסע, — זאגט יודל, — אז איר ווילט ניט גלייבנ יענעמ. בא אײַכ, אז מע דערזעט צענ אריילימ גייענ זיכ צונויפ אונ מע צעטראגט מיר שיר די קראמ, הייסט דאס שוינ גע־לייזט געלט, אונ מע פארגינט שוינ נישט.

— ווייסט איר וואס, רעב יודל? — רופט זיכ אנ א יונגערמאנ, א קאסאקער אפ ביידע אויגנ. — לאמיר אוועקווארפנ דעמ יאריד, עס איז נאכ דא מארגנ א גוטער טאג, אונ מע וועט זיכ נאכ מיט אימ גוט אנעסנ; לאמיר בעסער שמועסנ פונ עפעס אנדערש.

אונ דער אוילעמ הייבט אנ צו שמועסנ וועגנ וועלט-זאכנ, וועגנ עסרויגימ, וועגנ בעסמעדרעש-איניאנימ, געוויינלעכ, אויכ וועגנ מיל־כאמע. אלע רעדנ, אלע רייכערנ, דער סאמאוואר זידט אונ פארעט, אונ די שטוב איז פול מיט רויכ. אינ אויוונ הייצט זיכ: עס קאכט זיכ א בארשט מיט גענדזענע פריידקעס צו דער מעלאווע-מאלקע.

— ווו ביסטו געווענ, ראכעלע? — האט זיכ דוואסי-מאלקע גע־ווענדט צו דער שנור.

— אט דא... אפ דער מאנאסטירסקער גאס...

— וויאזוי איז אינ דרויסנ? שיינ? גאט זאל העלפנ, עס זאל כאטש האלטנ דער וועטער ביז נאכ אלע יארידימ... וואס איז דיר, טאכטער, דער קאפ טוט דיר וויי, וואס דו ביסט אזוי בלייכ? טאמער וואלסטו זיכ א ביסל צוגעלייגט בא זיכ אפנ בעט?

בא די ווערטער האבנ זיכ אלע אומגעדרייט אונ א קוק געטאנ אפ ראכעלעס בלייכ פאנעמ, אונ האבנ אלע אינ איינ קאל באשלאסנ, אז זי איז פארטשאדעט געווארנ פונעמ סאמאוואר. ראכעלע איז אוועק־געגאנגענ צו זיכ אינ כיידער אריינ זיכ צולייגנ אפנ בעט, אונ דא האט דער אוילעמ געמאכט א שמועס וועגנ טשאד, וואס א טשאד, אזא קלייניקייט, א גאלע גארניט, דאכט זיכ, — וואס, מ'שטיינס-געזאגט? א רויכ! — קאנ קוילענ א מענטשנ אפ טויט. אונ איינער האט דער־ציילט, אז בא זיינ זיידנ, אלעוו-האשאלעמ, איז אמאל שיר דאס גאנצע הויזגעזינד פונ דער וועלט נישט געגאנגענ פונ א טשאד. דער אנדערער האט דערציילט נאכ א שענערע מייסע, וויאזוי בא זיינ פעטער האט זיכ דאס גאנצע הויזגעזינד שיר געסאמט פונ א מינ פיש, וואס הייסט „מארינקע“, אזוי, אז מע האט זיי קוימ מאצל געווענ פונעמ

טויט. דער דיטער האָט דערציילט אויכ זייער א שיינע מייסע פונ א לעצ, פונ א דאָמאָוויק, פונ אנ אוילעמ־האַטויעניק... אזוי לאַנג, ביז מע איז אריפ אפ דעמ טויט.

— וואָס מע זאָל ניט רעדנ, אפנ טויט מוז מענ דאָכ ארופקומענ!— האָט זיכ אָנגערופנ איינער.

— אליהו הנביא 1... מע דארפ א קוק טונ, אליהו התשבי 2, וואָס טוט עפעס מייַנ פלויניסטע? אליהו הגלעדי 3... — האָט זיכ מוישע־מענדל פלוצעמ שטיל א זאָג געטאָנ, צוגעזונגענ די איילייאָהוס פונ שאבעס־צונאכטס. ער איז אופגעשטאנענ פונ טיש אונ איז געגאנגענ געוואָר ווערנ צו ראָכעלענ.

# XXIV

## ראָכעלע קערט זיכ אומ אפנ גלייַכנ וועג

— גוואלד, יידנ, ראטעוועט!—האָט דער אוילעמ דערהערט א קאָל פו־ נעמ זייַטיקנ כיידער, אונ אלע האָבנ זיכ געלאָזט לויפנ אהינ, אינ כיידער ארייַנ, ווו ראָכעלע איז געלעגנ אויסגעצויגנ אפנ בעט, דער קאָפ פאר־ וואָרפנ ארופ, אונ נעבנ איר איז געשטאנענ מוישע־מענדל האלב־טויט.

— וואָס איז? ווער איז? געבאלעשט? וואסער! גיכער!

— וואסער! וואסער! — האָבנ אלע יידנ געשריגנ, אונ קיינער האָט זיכ נישט גערירט פונעמ אָרט.

— אוי, א מאקע דער מאמענ! — האָט הוואָסי־מאלקע אויסגע־ שריגנ אונ האָט געבראכט א קוואָרט וואסער, אָנגענומענ אינ מויל אריינ אונ באשפריצט ראָכעלענ דאָס פאָנעמ, וואָס איז געווענ טויט, ווי די וואנט.

— לאָז מענ רופנ דעמ דאָקטער! — האָט מוישע-מענדל געשריגנ ניט מיט זייַנ קאָל.

— דעמ דאָקטער! דעמ דאָקטער! — האָבנ ווידער אלע יידנ גע־ שריגנ, געקוקט איינער אפנ אנדערנ.

— מע באדארפ איר בינדנ די הענט מיט א פאטשיילע אונ קוועטשנ די נאָז!

— די נאָז! די נאָז! — האָבנ אלע יידנ געשריגנ אונ געשטאנענ אפ איינ אָרט.

---

1 איילייאָהו האנאָווי. 2 איילייאָהו האטישבי. 3 איילייאָהו האגילאָדי.

— אָט אזוי, דוואָסי-מאלקע, שטארקער, שטארקער! — האָבנ די געסט אונטערגעגעבנ כיישעק דער באלעבאָסטע, וואָס האָט געארבעט מיט אלע קיילימ: געריבנ, געקוועטשט, געגאָסנ וואסער, געריסנ די אויגנ — אזוי לאנג, ביז מע האָט די פארכאליעשטע ראָכעלע אָפּגעמינ-טערט אונ אופגעזעצט. ראָכעלע האָט זיכ ארומגעקוקט אָפ אלע זייטנ, ווי א פארשלאָפענע, אונ האָט געפרעגט: „ווו בינ איכ? עס איז מיר הייס, הייס!"...

— צעגייט זיכ א ביסל, אוילעמ! צעגייט זיכ! — האָט דוואָסי-מאלקע געזאָגט אונ האָט מעשאלייעכ געווענ דעמ גאנצנ אוילעמ אינ זאל ארייג אונ איז אליינ מיט מוישע-מענדלענ איבערגעבליבנ נעבנ ראָכעלענ, וואָס האָט ניט אראָפּגעלאָזט קיינ אויג פונ מוישע-מענדלענ.

— וואָס איז דיר, טאָכטער, געשענ? — האָט די שוויגער געפרעגט.

— וואָס איז דיר, ראָכעלע? — האָט זי מוישע-מענדל געפרעגט, אנגעבויגנ זיכ שטארק איבער איר קאָפּ.

— לאָז די מאמע ארויסגייג פונדאנענ, — האָט אימ ראָכעלע געענטפערט שטילערהייט.

— מאמע, גיי, זײַ מויכל, ארויס פונדאנענ, — האָט איר מוישע-מענדל געזאָגט. ער האָט באגלייט די מוטער פונעמ כיידער אונ צוגע-גאנגענ צוריק צו ראָכעלעס בעט.

— זאָג מיר, וואָס איז דיר? — האָט זיכ צו איר מוישע-מענדל געווענדט דאָס ערשטע מאָל מיט גרויס ליבשאפט.

— אוי, מוישע-מענדל, שווער מיר, אז דו וועסט קיינעמ ניט זאָגנ... שווער מיר, אז צווישנ אונדז וועט דאָס בלײַבנ... זאָג מיר צו, אז דו וועסט מיר מויכל זײַנ, וואָס איכ האָב זיכ אקעגנ דיר... ווענ ניט כײַע-עטל, אָלע-האשאָלעמ, זאָל מיכ דערמאנענ... אכ, ווענ ניט כײַע-עטל... אכ, מוישע-מענדל, טײַערער מײַנער!

— באטראכט זיכ, ראָכעלע, וואָס דו זאָגסט. דו רעדסט פונ היץ! וואָסער כײַע-עטל?

— מײַנע א באווערטע, כײַע-עטל, אָלע-האשאָלעמ, כײַע-עטל די יעסוימע, זי איז שוינ לאנג אָפ דער עמעסער וועלט! זי איז מיר שוינ עטלעכע מאָל געקומענ צו כאָלעמ. נאָר הײַנט, נאָר איצט... אכ, מוישע-מענדל, בייג זיכ צו מיר צו נאָענט, נאָענט... אָט אזוי... איכ האָב מוירע... איכ האָב כאראָטע... אוי, איכ האָב כאראָטע!

אונ ראָכעלע האָט זיכ וואָס ווײַטער אלץ נעענטער צוגערוקט צו מוישע-מענדלענ, ביז זי איז אײַנגאנצנ געלעגנ בא אימ אָפ די הענט. אינ כיידער איז געווענ פינצטער. נאָר איינ ליכטיקער פאס האָט זיכ

אריינגעצויגנ דורכ דער טיר פונ זאל, אונ ראָכעלע מיט מוישע-מענד־
לענ האָבנ קוימ־קוימ געקאָנט זענ איינס דאָס אנדערע. זייערע אויגנ
האָבנ זיכ באגעגנט, אונ א פײַערל האָט זיכ אינ זיי אָנגעצונדנ. אָט
דאָס פײַערל, וואָס איר קאָנט זענ נאָר בא די גליקלעכע געליבטע צומ
ערשטנ מאָל, ווענ דאָס הארצ רעדט, נישט דאָס מויל, ווענ מיט די
אויגנ שמועסט מענ זיכ דורכ, ניט מיטנ מויל.

— זאָג מיר, מוישע-מענדל געטרײַער, בינ איכ טאקע בא דיר
אזוי טײַער?

— א שײַלע א ביסל? — ענטפערט איר מוישע-מענדל. — ביסט
בא מיר אײַנגעבאקנ אינ הארצנ, ווי א... איכ ווייס אלייג ניט וואָס...

אפ אנ אנדער אויפנ האָט מוישע-מענדל ניט געקאָנט ארויסזאָגנ
זײַנ ליבע צו ראָכעלענ. נאָר מע מעג אימ גלייבנ, אז ער האָט עס
געמיינט מיטנ גאנצנ הארצנ, אזוי ערנסט (אונ עפשער נאָכ ערנס־
טער), ווי דער פײַנער באָכער, וואָס האָט פיל מער שטאָפ אפ ארויס־
צוגעבנ זײַנע געפילנ דורכ ווערטער.

נאָר לאָמיר זיי לאָזנ, דאָס גליקלעכע פאָרפאָלק, אָט דאָ אינעמ
האלב־פינצטערנ כיידער, ווו אינ א יאָר ארומ נאָכ דער כאסענע האָבנ
זיי דאָס ערשטע מאָל געהאט די געלעגנהייט אויסצורעדנ זיכ א ביסל
דאָס הארצ איינער פאר דעמ אנדערנ, זיצנ ווי די טײַבעלעכ... דאָס
וואָס איז א גאנצ קײַלעכיק יאָר געווענ פארבאָרגנ טיפ אינ הארצנ,
איז פלוצעמ ארויסגעשווומענ ארופ, ווי בוימל אפנ וואסער...

* * *

אבי ראָכעלענ איז געוואָרנ א ביסל גרינגער, זיצט זיכ מוישע-
מענדל נעבנ איר אונ זינגט זיכ שטילערהייט, אונטער דער נאָז, די
„אייליאָהוס“ ווי פריער:

— אליהו הנביא... אליהו התשבי... אליהו הגלעדי...

אונ ראָכעלע רופט זיכ אָנ צו אימ:

— איכ האָב צו דיר א באקאָשע, מוישע-מענדל. זאָג, איכ וועל
בא דיר פועלנ צי ניינ?

— דעהײַנע? וואָסער א באקאָשע? זאָג, ראָכעלע, וועסט אלצ בא
מיר פועלנ, אפילע דאָס טעלערל פונעמ הימל וועסטו בא מיר פועלנ.

— גענוג שוינ, מוישע-מענדל, צו זיצנ אפ קעסט. קיינ בעסמעד־
רעשניק ביסטו ניט, עטלעכע קערבלעכ האָבנ מיר, דאנקענ גאָט, —

לאָמיר אַרויספאָרן אין אַ גרויסער שטאָט אַריין, קיין יעהופּעץ. דאָרטן, צווישן מײַנע פֿרײַנט, מײַן מישפּאָכע, און מיט דיר — וועט מיר זײַן גוט ווי די וועלט. מיר וועלן שוין זײַן אַלײן. געגון שוין עסן קעסט, ב'לעבן, ס'איז מיר שוין אַזוי נימעס, אַזוי טרייף, אַז סע גייט מיר גיט אײַן גאָרניט... מיר זענען דאָ צווישן דיניקע עפּעס ווי פּרעמדע, ווי ווילד-פּרעמדע...

מוישע-מענדל בלײַבט זיצן און באַטראַכט אַ ביסל ראַבעלען פֿאַרוואונדערט. נאָכדעם צעשאָקלט ער זיך, ווי פֿריער, און זינגט זיך ווײַטער די „איילײַאָהוס".

— אַך, זייער פֿײַן... איש זעף 1... פֿון־מײַנעטוועגן? אליהו הנביא... אפילו נאָכשאַבעסדיקע וואָך!

— אַלצדינג פֿיר איך בא דיר אויס, מוישע-מענדל, אַלצדינג! — זאָגט צו אים ראַבעלע מיט גרויס ליבשאַפֿט. איאָ? מיר וועלן זיך זיצן אַלײן; איך וועל מיר זײַן אַ באַלעבאָסטע און וועל דיך אָפּהיטן, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פֿונעם אויג... אַך, מוישע-מענדל, ביסט אַזאַ צעטראָגענער, אַז מע הערט פֿון דיר קיינמאָל קיין גוט וואָרט! נאָר הײַנט ביסטו עפּעס גאָר אַנדערש, גאָר אַנדערש...

— אליהו הנביא... — זינגט מוישע־מענדל שטילערהייט. — אליהו התשבי... אליהו הגלעדי...

און דאָרט, אין זאַל, צווישן די מאַנצבילן, גייט אַן אַנדער שמועס: דער אוילעם פֿאַלט אָפּ פֿאַרשיידענע האַמצאָעס, פֿאַרוואָס האָט דאָס אײַזיק-באַפּטאַליס שנור פּלוצעם געקאָנט כאַלעשן? איינער זאָגט, אַז דאָס איז פֿון אַ גוט-אויג; דער אַנדערער דרינגט פֿאַרקערט, אַז ס'איז אַ מין ווינטל געכאַפּט; און דער דריטער, אַ באַטאָגטער ייִד, וואָס האָט שוין אויסגעגעבענע קינדער, זאָגט זיך זײַן האַמצאָע:

— פֿאָלג זשע מיך, איך האָב אַלײן דרײַ שניר, בין איך שוין קלאָר אין דעם איניען; איך זאָג אײַך, ס'איז „פּאָסטעוועקעס". אײַזיק-באַפּטאָלי, גרייט זיך אָפּ אַ לעקעך-און-בראָנפֿן אָדער אַ ברים... דוואָסי-מאַלקע, מאַזלטאָוו אײַך! אײַער שנור — נו־נו, מאַכטייסע!.. וואָס שעמט איר זיך דאָ אַזוי, דוואָסי-מאַלקע? נישקאָשע, ס'איז אַ ייִדישע זאַך...

דוואָסי-מאַלקע שמעלצט זיך פֿון גרויס פֿאַרגעניגן; זי קוקט שוין לאַנג דערויף אַרויס.

---

1 איש זאָאַפּ.

— נו-נו! — זאָגט זי קלוימערשט מיט א בייזער. — גייט שוינ גייט מיט אײַערע קאַטאָוועסלעכ! מע דאַרפ בעסער א קוק טונ, וואָס הערט זיכ מיטנ באָרשט? עפּעס געדויערט ער היינט בא איר מער ווי אַלע שאַבעס-צונאַכטס!..

XXV

## אינ א יאָר אַרומ

„א שטילע וועטשערע!" — זאָגט דער לעזער, אפּאָנעמ, שטאַרק ניט צופרידנ, מאַכמעס ער איז דערצויגנ געוואָרנ אפ יענע „העכסט אינטערעסאַנטע" ראָמאַנענ, ווו מע הענגט זיכ אונ מע טרינקט זיכ, ווו מע סאַמט זיכ אונ מע שיסט זיכ, אָדער ווו פונ א מעלאָמעד ווערט א גראַפ, פונ א דינסטמיידל — א באַס-מאַלקע, אונ פונ א באַהעל-פּער — א פּיפּערנאָטער... וואָס זאָל איכ טונ, אז בא אונדז איז נישטאָ קיינ גראַפנ מיט קיינ באַס-מאַלקעס? בא אונדז זענענ פּראָסטע ייִדנ, פּראָסטע ווײַבלעכ, ייִדישע טעכטער אונ ייִדישע קלעז-מער... נאָר צו וואָס טויג דאָס פאַרענטפערנ זיכ? אצינד מעג שוינ דער לעזער זאָגנ, וואָס ער וויל. קוים האָב איכ אימ שוינ צוגעפירט ביז אַהער, וועט ער שוינ גיינ מיט מיר ווײַטער אונ וועט וועלנ ווײסנ דעמ סאָפּ: וואָס האָט זיכ אויסגעלאָזט מיט ראָכעלענ? וואָס האָט זיכ אויסגעלאָזט מיט סטעמפּעניונ?

מיר לאָזנ איבער א גאַנצ יאָר (וואָס איז א יאָר אינעמ מענטשנס לעבנ?), אונ מיר קומענ צו אײַזיק-נאַפּטאָלינ שאַבעס-צונאַכטס אפ מע-לאַווע-מאַלקע אונ טרעפנ דאָרטנ די אייגענע פאַרשוינענ, וואָס פאַראַ-יאָרנ אונ הערנ די זעלבע שמועסנ, וואָס פאַראַיאָרנ, נישט געמינערט א האָר. מע רעדט אזוי לאַנג וועגנ יאַריד, פּאַרנאָסע, פּידיענ, קינ-דער, — ביז מע קומט אַרופ אפ מוישע-מענדלענ מיט ראָכעלענ, וואָס זיצנ איצט אינ יעהופּעצ.

— ווײַז נאָר אַהער, דוואָסי-מאַלקע, דאָס בריוול, וואָס די קינ-דער שרײַבנ פונ יעהופּעצ, — רופט זיכ אָנ אײַזיק-נאַפּטאָלי צומ ווײַב. — נאַט, לייענט, רעב יודל.

— לאָז ער לייענענ! — זאָגט יודל, אָנווײַזנדיק אפנ קאַסאָקנ יונגנמאַנ.

דער קאַסאָקער נעמט דאָס בריוול אונ לייענט עס, ווי א וואַסער.

„שלום וכל טוב סלה לאהובי אבי החכם המפורסם המופלג מופלא מוהר"ר אײַזיק-נאַפּטאָלי ב"ר משה יוסף ז"ל ולאמי הצנועה החסידה והמפורסמת אשת חיל כאסתר וכאביגיל כש"ת

מרת דוואָסי־מלכה בת משה־מענדל ז"ל עם כל ב"ב שלום 1...
וכזוהר השמש בערפלי חושך בתכלת הרקיע, שם בעליונים בגבהי שחקים מבין מחרכי אור יקרות וקפאון לטוהר 2"...

— כיינ! — שרײַענ אלע, — נײַנ, ניט דאָס! דאָס איז גלאַט אזוי, ווייס איכ, מעליצע, ייִנגלשע זאכנ. זייערע נארישקייטנ! לייענט ווײַ־טער, אפ יענער זײַט.

דער קאסאַקער קערט איבער דאָס בריוול אונ לייענט:

„אונ אודות 3, וואָס דו פרעגסט מיכ, אָבי היקר 4, איכ זאָל דיר שרײַבנ מיקויעכ פאַרנאָסע והמסחרים דפה 5 יעהופּעצ, בינ איכ דיר מוידיִע..."

— אַ, אָט דאָס מיינט דער פּאָסעק! — זאָגט דער אוילעמ צו־פרידנ. — לייענט, לייענט ווײַטער!

„בינ איכ דיר מוידיִע, אז ביותר 6 גייט דאָ אָנ שניט־סכוירע, גם 7 צעלניק, ראַק צעלניק נישט אזוי, קעמוו שניט־סכוירע; גם באַקא־לייע איז גם כן 8 ניט שלעכט, נישט ערגער ווי אצליכם 9 בעמאזעפּעוו־קע. וואָלצײַג איז דאָ בעיויקער 10, טאַקע מיט גאָלד גלײַכ. צוקער, קמח 11 אוקלײַענ איז דאָ גם כן א מיסכער, עס גייט לעזאגראַניצע, אונ ייִדנ פאַרדינענ דערבײַ א שיינ קערבל. — האַקלאל, יעהופּעצ איז אנ ארץ מברכת 12, די שטאָט גופע איז מוירעדיק גרוים, ס'איז קעדײַ זי אָנצוקוקנ! עס איז קלאָל אנ אנדער וועלט בפה 13 יעהופּעצ, איר קאָנט בפה באַגעגענענ אזא ייִדנ, וואָס איר ווערט אינ לעבנ ניט זאָגנ,

1 שאָלעם וועכאָל טווו סעלאָ לאאהווי אָווי העכאָכאָמ האמעפורסאָמ האמופלאָג ופלאָ מוירייִנו האָראוו רעב אײַזיק־נאפטאָלי בענ רעב מוישע־יויסעפ זיכרוינו ליוור־ראָכאָ אולעימי האצנואָ האכ(א)סידאָ וועהאמעפּ׳רסעמעס איישעס כאיִל קעעסטער ווטכאאוויגאיִל קווויד שיימ טיפארטאָ מאָראס דוואָסי־מאלקע באס מוישע־מענדל זיכ־רינו ליוראָכאָ אימ קאָל בניי־בייסאָמ שאָלוימ...

—פרידנ אונ אלדאָס גוטס צו מײַנ געליבטנ פאָטער, דעמ כאָכעמ דעמ באוווּסטנ, דעמ גרויסנ לאמדנ דעמ ווונדערלעכנ, אונדזער לערער דעמ ראָוו רעב אײַזיק־נאפ־טאָלי דער זונ פונ מוישע־יויסעפ, זיכרוינע־ליוראָכאָ, אונ צו מײַנ מוטער דער צנוע, דער פרומער אונ דער באַרימטער, דער בעריע, ווי עסטער אונ ווי אוויגאיִל, דער פראַכט פינ איר נאָמענ, דער הארנטע דוואָסי־מאלקע, די טאָכטער פונ מוישע־מענדל, זיכרוינע־ליוראָכאָ, מיט זייער גאנצ הויזגעזינד פרידנ.

2 קעזויהאר האשעמעש בעארפעליי כוישעכ ביסכיילעס האָראָקיִא, שאָמ באָעליוינימ בעגאָוהיי שכאָקימ מיבײַנ מא־כאראקיי אויר יעקאָרויס וועקיפּאָוינ לאָטויהאר — ווי די שײַנ פונ דער זונ אינ פינצטערע כמארעס אינ דער הימל־בלויקײַט, דאָרט אינ דער הייכ אינ די הימל־הויכקײַטנ פונ צווישנ די שפּאלטנ איז טײַער ליכט אונ פריר־לויטערקײַט.
3 אוידויס — וועגנ. 4 אָווי האיאָקאָר — מײַנ טײַערער פאָטער. 5 ווע־האמיסכאָרימ דעפּוי — אונ די היגע מיסכאָרימ. 6 בעיויסער — מערסטנס, באזונדערס. 7 גאמ — אויכ 8 גאמ קייִנ — (אזוי) אויכ. 9 עצליייכעמ — בא אײַכ. 10 — טײַער. 11 קעמאכ — מעל. 12 אנ ערעצמעווירעכעס — א געבענטשט אנד. 13 בעפּוי — דאָ.

אז ס'איז א ייִד. גם איז דאָ א מיסכער פּאַפּיר, פּה איז אַלצדינג א מיסכער. אונ ייִדנ דרייענ זיכ דאָ אפ דער בערזע, קויפנ אונ פאַרקויפנ אלערליי אקציעס, אונ מעקלערס פאַרדינענ געלט לאַריווו. גם זוגאָסי מאָראס ראָבעלע, לאָזט אײַכ אלעמענ גריסנ גאָר פרײַנטלעכ. זי שרײַבט אײַכ בעצמה 1, יעזור הש"ת 2, מיר זאָלנ הערנ פונ אײַכ גם כן בסורעס טויוועס — אָמיינ. גם אודיעכם 3, אז האקלייט, וואָס איכ האָב געדונגענ, איז אינ סאמע פּראָנט באַלעקסאנדראָווסקי אוליצא, אונ האפּידיענ איז באָרעכ־האשעם גאָר ניט שלעכט. זוגאָסי מאָראס ראָבעלע שעטיכיע האָט זיכ שוינ אויסגעלערנט די מעלאָכע אונ קאָנ שוינ רעדנ עם הקונה 4. ראָק אל 5 יארידים אײַנקויפנ פאָר איכ בעצמי 6, איכ האָב קרעדיט אצל 7 האסאָכרים בעמאָסקווע אובעלאָדז. מיט מאָסקווע איז ניט שלעכט צו האנדלענ, מאָסקווע פאַרקויפט אַל סאָוועסט אונ האָט ליב א ייִדישנ קוינע. אפילע אז עס מאכט זיכ אנ אָנזעצ, האלט מאָסקווע אונטער אונ לאָזט ניט פאלנ. דירעס איז פּה ביוקר גדול 8, פאר צוויי אלקערס מיט א קיכ צאָל איכ דאָ הונדערט פינפ אונ זיבעציק רובל א מעשעכ, כוצ האָלצ אונ וואסער, אונ דאָ איז אלצדינג טײַער, מיט גאָלד גלײַכ. אונ צום מיינסטנס פאַרנעמענ זיכ דאָ ייִדנ מיט מעקלערײַ, אונ ייִדישע מעקלערס זענענ בפּה פאַראנ לאָרויוו, אונ א ייִד האָט דערפונ א קערבל בעקאָוועד. האקלאל, יעהופּעצ איז א מאָקעמ־פּארנאָסע, גיב גאָט געזונט אונ שטארקײַט אונ צו הערנ דאָס נעמלעכע פונ אײַכ, ווי עס ווינטשט אײַכ

ממני בנכם דורש שלומכם והצלחתכם כל הימים משה־מענדל

הלא"א מוהר"ר 9 אײַזיק־נאַפּטאָלי מימאזעפּעווקע.

גריסנ לדודי היקר ולדודתי היקרה עכב"ב 10.

גריסנ להנגיד 11 ר' יודל עכב"ב.

גריסנ להגגיד ר' סימכע־הערש עכב"ב.

---

1 בעאצמאָ — זעלבסט. — 2 יאַזויר האשעם־יִסבאָרעכ — זאָל גאָט העלפנ. — 3 גאַם אוידיִאכעם — איכ גיב אײַכ צו וויסנ. 4 אימ האקוינע — מיטנ קוינע. 5 אאל — אפ. 6 בעאצמ — זעלבסט. — 7 אייצעל — בא. — 8 פּוי בעיוקער גאָדל — איז דאָ שטארק טײַער. — 9 מימעני בינכעמ דוירייש שלוימכעמ וועהאצלאָכאסכעמ קאָל האיאָמים מוישע־מענדל בעננ לאאדוינֵי אָווי מוירי יי״נו האָראוו רעב — פונ מיר אײַער זונ, וואָס ווינטשט אײַכ פרידנ אונ האצלאָכע אלע יאָרנ, מוישע־מענדל, דער זונ פונ מײַנ האר מײַנ פאָטער אונדזער לערער דעמ ראָוו. — 10 לעדוידי האיאָקאָר אולעדוידאָסי האיעקאָראָ אימקאָל בנ״ײ־בײסאָמ — מײַנ טײַערנ פעטער אונ דער טײַערער מומע מיט זייער גאנצ הויזגעזינד. — 11 לעהאנאָגיד — דעמ נאָגיד.

גריסן להנגיד ר׳ דובער עכב״ב.

גריסן להנגידה מרת סטיסי-ביילע עכב״ב.

גם בני יוסף נ״י 1 גריסט אײַך אַלעמען גאָר פֿרײַנטלעך.

הנ״ל 2.

„אויך איך לאָז גריסן מײַן האָכגעשעצטן שווער און מײַנער ליבער שוויגער, לעבט וואָל! איך מעלד אײַך פֿון מײַן געזונט, גיב גאָט אָף ווײַטער ניט ערגער. אויך מײַן יאָסעלע לאָזט אײַך גריסן און דאַנקט דער שוויגער־לעבן פֿאַרן העמדל פֿיל מאָל. ער זאָגט אײַך צו דער־פֿאַר, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן און ער וועט, אים־יִרצע־האַשעם, אין דרײַ־פֿיר יאָר אַרום אָנהייבן צו גיין אין כיידער, וועט ער, אים־יִרצע־האַשעם, לערנען מיט כיישעק און וועט זײַן, אים־יִרצע־האַשעם, אַן ערלעכער ייִד, גיב גאָט מיט לאַנגע יאָר, אָמיין. שוויגער־לעבן, אויב איר קאָנט אײַנד אויסאַרבעטן פֿון יאָסעלעס וועגן אַ יאַרמעל־קעלע מיט אַ פּאָר שיכעלעך פֿון בליטשקע, וואָלט איך אײַך זייער גע־דאַנקט, מאַכמעס איך בין זייער פֿאַרנומען אין געשעפֿט און קיין אַם ווײַל איך ניט צונעמען צו יאָסעלען, עס איז נישט קעדײַ. איך האָב נאָר געדונגען אַ מיידל און צאָל איר פֿיר קערבלעך אָף מײַן גאַנג, וויגט זי מיר דאָס קינד און טרײַבט די קו אין טשערעדע — איר וואָלט געדאַרפֿט זען, וואָס פֿאַר אַ קו איך האָב געקויפֿט! זי גיט גאַנצע פֿיר קוואַרט מילך, זייער טײַערע מילך, און איך האָב, באָרעך־האַשעם, פֿון איר קעז און פּוטער. נאָר מוישע-מענדל-לעבן האָט פּלוצעם פֿײַנט באַקומען מילכיקס. שטראָפֿט אים אויס, איך בעט אײַך, ער היט זיך קלאַל נישט אָפּ! יאָסעלע רײַסט זיך איצט אָפּ אַ קאָל, ער וויל נעבעך עסן, מיר זאָל זײַן פֿאַר אים! איך שליס מײַן בריוו און לאָז גריסן אַלע אונדזערע פֿרײַנט און ליבע פֿרײַנט גאָר הערצלעך און בעט אָפּשרײַבן ענטפֿער לעמאַן־האַשעם, און פֿאַרבלײַב אײַער גליק־ווינטשנדע און איבערגעבנסטע שוויגער-טאָכטער כלתכם 3 ראָכל״.

— נו? — זאָגט בערל דער גראָבער, — האַלעוואַי אָף מײַנע קינ־דער געזאָגט געוואָרן נישט ערגער!

— איר זינדיקט, דוואָסי־מאַלקע, איר זינדיקט, — זאָגט יודל. — כ׳לעבן, איר זינדיקט!

— אַוואַדע, אַ דאַנק זײַן ליבן נאָמען, וואָס ס׳איז ווי, קיין אײַנ־

1 גאַם בני יוסף נייִרוי יאָיר — אויך מײַן זון יוסעף, זײַן ליכט זאָל לײַכטן. — 2 האַנאַל — האַניזקאָר לעייל — דער אויבן דערמאָנטער. — 3 קאַלאָסכעם — אײַער שניר.

האָרע, גוט. נאָר זי טוט מיר באַנק — איכ קאָנ זי ניט פאַרגעסנ, רעב יודל, איכ קאָנ זי ניט פאַרגעסנ!

אונ הוואַסי-מאַלקע רעכנט אויס יודלענ אַלע מײַלעס פונ איר שנור מיט אַלע אירע פּאַסמעמקעס אונ באַווײַזט אים, פאַרוואָס זי קאָנ זי נישט פאַרגעסנ. דער גאַנצער אוילעמ רעדט, שמועסט מיקויעכ יע־הופּעצ אונ מיקויעכ יעהופּעצער מיסכאָרימ. נאָכדעמ נעמט מענ צו קאַפּעלעכ, מע טרינקט לעכאַימ, האַלטנדיק דאָס קעלישעקל אינ דער האַנט גאַנצ לאַנג, אונ מע ווינטשעוועט אײנער דעמ אַנדערנ אַלדאָס גוטס, אונ אַפ דעמ קלאַל-יִסראָעל בסורעס-טויוועס מיט יעשועס־ווענעכאָמעס, ביז דער באָרשט קומט אַרופ אַפנ טיש אונ צעשפּרייט אַ מעכײַעדיקנ רייעכ איבער דער גאַנצער שטוב, אונ דער אוילעמ ווערט פריילעכ. מע פאַרעדט זיכ אונ מע פאַרגעסט זיכ אָנ מוישע־מענדלענ, מיט ראָכעלענ, מיט דער שטאָט יעהופּעצ אונ מיט אַלע מיטאַנאַנדער.

# XXVI

## סטעמפּעניו פאַרזוכט דעמ עמעסנ טאַמ פונ געגנעמ

נאָר אײנ מענטש קאָנ ניט פאַרגעסנ די שײנע ראָכעלע.

דער לעזער שטויסט זיכ, אַז דאָ שמועסט מענ מיקויעכ סטעמ־פּעניונ.

יאָ, מיקויעכ סטעמפּעניונ שמועסט מענ. ווער איז אימשטאַנד אי־בערצוגעבנ זײַנע גרויסע יעסורימ? ווער קאָנ פילנ זײַנ האַרצ אונ פאַרשטײנ זײַנ גרויס פאַרדראָס?

„סטײַטש, פאַרדראָס! סטײַטש, דאָסאָרע! — טראַכט זיכ סטעמ־פּעניו. — אַפילע ניט מאַזקיר געווענ, נישט איבערגעקערט די צונג, קײנ צוויי צעבראָכענע ווערטער נישט אָפּגעשריבנ, כאָטש פונ יוויצע ווענג: נאַ, ווייס כאָטש, אַז איכ פאָר אַוועק — נע, ביזיוינעס!“...

סטעמפּעניונ האָט זיכ נאָכ אַזעלכעס קײנמאָל ניט געטראָפנ, כאָטש טרעפנ האָבנ זיכ אימ געטראָפנ פאַרשידענע טרעפענישנ, אונ אַמאָל — נאָכ זייער מיִעסנע, מיט אַ בייזנ סאָפ, ווי מיר האָבנ שוינ אויבנ דערמאַנט. נאָר אַזאַ שלאַק, אַזאַ מאַפּאָלע, ווי מיט ראָכעלענ, האָט זיכ אימ אַפילע ניט געכאָלעמט. סטעמפּעניו, וואָס איז געווענ אַזאַ כאָשעוו באַמ רעבנ אינ הויפ, אַז אַפילע דעמ רעבנס טעכטער האָבנ מיט אימ געטריבנ קאַטאָוועס, סטעמפּעניו, וואָס אַפילע די

גראַפיניע ברעזשעזשקאַ מיט אַלע „פּאַנעס" זענען געווענ נאָכ אימ די קאַפּאָרע, אַרויסגעשיקט נאָכ אימ די קאַרעטע, גערעדט מיט אימ אַפ פראַנצויזיש, — האָקלאַנ!, סטעמפּעניו זאָל האָבנ אַזאַ נאָז, אונ נאָכ אַזוי מיִעס, פונ אַ פּאָשעטנ יִידיש ווײַבל!

— זי טוט מיר האַרציק באַנק! — האָט זיכ סטעמפּעניו מוידע געווענ פאַר זײַנ קאָמפּאַניע קלעזמער. — זי טוט מיר האַרציק באַנק, אָט דאָס ווײַבל, אונ איכ וואָלט איר נאָכגעפּאָרנ ביז יעהופּעצ, ווענ ניט... ווענ ניט... — סטעמפּעניו קוקט זיכ אַרומ אַפ אַלע זײַטנ, אונ כעוורע ווייסנ שוינ, ווע מ׳ענ ער זוכט דאָ מיט די אויגנ.

די גאַנצע כעוורע קלעזמער האָבנ ליב געהאַט סטעמפּעניונ, ווי דאָס לעבנ, אונ זענענ קאַפּאַבל צו גיינ פונ-זײַנעטוועגנ איִנ פײַער אונ איִנ וואַסער. אונ ווי ליב זיי האָבנ געהאַט סטעמפּעניונ, אַזוי האָבנ זיי פײַנט געהאַט פריידלענ. זיי האָבנ זי נישט געקאָנט אָנקוקנ פאַר איר קאַרגשאַפט, פאַר איר זשעדנעקײַט צום געלט אונ פאַר אַלע אירע מיִעסע טנועס.

— קאָלזמאַנ ער איז געווענ אַ באָכער, — האָבנ כעוורע גע־שמועסט צווישנ זיכ, — איז אַ סמאַליער 1 געווענ בײַ אימ העפּקער, אונ מע האָט זיכ געקאָנט אַרומ אימ פּאָזשיווענ. אַמאָל כאַפּנ אַפּ אייביק אַ גמילאַס־כעסעד אַ סטראָמערל 2 צי אַ שפּענערל 3 אונ אַמאָל אַזוי אַ מאַטאָנע. אַצינד, זינט די מאַרשאַס, ימאַכ־שמאָ, האָט אימ צוגענומענ צו זיכ איִנ די לאַפּקעס אַרײַנ, פייגערט ער אַלײנ נאָכ אַ גראָשנ, כאָטש הענג אימ אויפ. ניטאָ אַמאָליקע יאָרנ מיט די אַמאָליקע וועטשערעס בײַ סטעמפּעניונ, מיט די אַרומפּאָרעכצנ! הײַנט ליג איִנ דער קרענק, דאָר אונ קוואָר אונ ווער געשוואָלנ ווי אַ באַרג פאַר הונ־גער. דאָס גאַנצע יאָר זיצ אָנ אַ שטיקל קרעל 4 אונ קוק אַרויס אַפּנ ראָשכוידעש עלול! זאָלסט זאָגנ, זי זאָל עס פונ יויצע ווענג מעכאַבעד זײַנ אַ גאָש־בראָט מיט אַ גלעזל טיי, רופנ אַמאָל פונ דערעב-ערעצ ווענג עסנ — עסנ זאָלנ ווערעמ איר לײַב!

— גלייבט מיר, עס מאַכנ זיכ איצט אָפּט צײַטנ, ווענ עס דאָקאַ־רעט זיכ בעריענ 5, אַז ס׳איז אַ שרעק, נאָר זי זאָל מיר אַנידערלייגנ גאָלד, וואָלט איכ בײַ אַזאַ שלאָק נישט פאַרזוכט קיינ שטיקל קרעל.

— וויאַזוי לעבט ער מיט איר, מיט אַזאַ יאַשטשערקע, מיט אַזאַ

1 סמאַליער—קערבל.—2 סטראָמערל—דרײַערל.—3 שפּענערל — פינפערל. — 4 קרעל—ברויט. 5 דאָקאַרעט זיכ בעריענ—עס ווילט זיכ עסנ.

(באַמ פונ אוונ.)

נעווײלע? איכ וואָלט שוינ לאַנג אויעלכעם געסאַמט אָדער געהאַנגענ, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, ווי איר זעט מיכ לעבנ!

— אײַ, סטעמפּעניו, סטעמפּעניו, ליגסטו נעבעכ אינ דער ערד, ווי א באַרג, אונ באַקסט בייגל!..

אָט אַזוי שמועסנ זיכ אויס וועגנ סטעמפּעניונ זײַנ קאָמפּאַניע קלעזמער, וואָס זעענ זײַנע צאָרעס, פילנ זײַנע ווייטעקנ, כאָטש ער רעדט מיט זיי ניט וועגנ דעם.

אַז פריידל איז אינ מאַרק, אָדער זי איז פאַרנומענ מיט אירע מאַשקאָנעס אונ מיט אירע קוינים, איז נאָכ ווי-עס-איז: סטעמפּעניו איז מעכאַבער די כעוורע מיט פּאַפּיראָסנ, מע זיצט, מע לעצעוועט, מע דערציילט מײַסעס פונ אַמאָל, אונ מע רײַכט די פּאַפּיראָסנ אָפּ וואָס די וועלט שטייט. נאָר אָט קומט אַרײַנ פריידל, ווערט אַלעמענ קאַלע-בוטנע אָפּנ האַרצנ, אונ כעוורע הייבט זיכ אָנ אַרויסרוקנ איינ-ציקווײַז.

— זעט נאָר זעט, ווי מע האָט דאָ אָנגעקורעט, ווי אינ א קרעטש-מע! — זאָגט פריידל, שמאָרענדיק מיט דער נאָז אונ קוקנדיק אָפּ דעמ פּעקל טאַבאַק, וואָס טאָגט שוינ. — נאָר גערייכערט, נאָר גע-קורעט אונ געגוגו! עס טוט מיר שוינ וויי מײַנ קאָפּ פונ אײַערע צי-גאַרנ, איר וועט מיכ קראַנק מאַכנ! דו מיינסט, סטעמפּעניו, ס'איז א מײַלע, וואָס דו רייכערסט אַזוי פיל? פאָלג מיכ, סטעמפּעניו, הער אויפ צו רייכערנ, נעשאָמע מײַנע! גלייב מיר, עס שאַדט דיר צום געזונט:

— וואָס טויג דיר, פריידל, געזונט-געשמונט? זאָג בעסער, אַז דו זשאַלעוועסט מיר א גילדנ אָפּ פּאַפּיראָסנ — אונ געגוג. צו וואָס טויג דיר אָנשטעלנ?

— וואָס זאָגסטו אָפּ זײַנ טאַטנ? נא דיר גאָר אָנשטעלנ! איכ מיינ זײַנ טויווע, אונ ער קומט דיר מיט זײַנע אָנשטעלנ. נא דיר נאָכ, טאַמער איז קאַרג צום שיינעם פרימאָרגנ, וואָס איכ האָב הײַנט גע-האַט, זיכ אָנגעהאַריקעט, אויסגעקאָכט דאָס וואַסער, אָפּגעגעסנ דאָס האַרצ, נישט געלייזט א גראָשנ, אונ דערצו נאָכ געזידלט געוואָרנ, ווי א דינסט, ערגער ווי א דינסט, געשוואַרצט דאָס פּאָנעם, געמאַכט מיט בלאָטע גלײַכ — אונ סכוירע ליגט אונ פוילט...

— איכ וואָלט א באַלנ זײַנ וויסנ, פריידל-כערדצע, וואָס פּראַטע-סטו אַזוי? וואָס קאַרגסטו? די קינדער דײַנע האָבנ דיכ באַפאַלנ?

— קוק אימ נאָר אָנ א ביסל, איכ בעט דיכ, א נעבעכל! ער ווייסט נישט, מע דאַרפ אימ פּיקנ די צונג דאַרפ מענ אימ, איכ זאָג דיר! מיסטאַמע טראָג איכ דאָכ דאָס אָפּ דער מאַמענ מײַנער, — איאָ, סטעמ-

פּעניו? אָדער איכ עס דאָס אַלײנ אופּ, אַזאַ פּרעסערנ, אַ זויפּערנ, ווי דײַנ ווײַב איז, מע זאָל גאָר באַהיט אונ באַוואָרנט ווערנ, — איאָ, סטעמפּעניו? אַנו, קוק מיר גלײַכ אינ די אויגנ אַרײַנ, סטעמפּעניו, איאָ?

— איכ זאָג דענ, אַז דו עסט אופּ? אַדרעאַבע, איכ זאָג פּאַרקערט, איכ זאָג...

— דו זאָגסט, דו זאָגסט... איכ וויים, וואָס דו זאָגסט! דו האָסט נאָכ צו זאָגנ, איאָ, סטעמפּעניו? דו דאַרפסט נאָכ האָבנ טײַנעס צו גאָט, וואָס האָט דיר צוגעשיקט אַזאַ אויסברענגערנ, ווי איכ, וואָס איכ קאָנ דיר מאַכנ פונ אַ גראָשנ צוויי, אונ דיכ אינ זינענ האָבנ טאָג ווי נאַכט. אַדרעאַבע, זאָג, וואָס פעלט דיר, וואָס גייט דיר אָפּ? דו שווײַגסט? איכ וואָלט גאָר געוואָלט ויסנ, ווו וואָלסטו שוינ אַציַנד אָנגעשפּאַרט מיט דײַנ פידעלע, ווענ דו זאָלסט מיכ ניט האָבנ, סטעמ־פּעניו, פאַר אַ ווײַב?

— או־וואַ!

— זאָלסטו טאַקע ויסנ, אַז „או־וואַ!“. עס ווײַזט אויס, אַז דו האָסט פאַרגעסנ, וואָס פאַר אַ פּאָנעם דו האָסט געהאַט צו דער כאַ־סענע — נאָנ אַ העמד אופנ לײַב, קיינ גאַנצע פּאָר זאָקנ, קיינ קישעלע, קיינ ציכעלע, קיינ לײַב־אונ־לעבנ, אונ פאַרדינט האָסטו שטיקער געלד — ווו איז דאָס אַהינגעקומענ?

— אָט פלי איכ דיר אָפּגעבנ דינ־וועכעשבנ פונ מײַנע פאַרדינסטנ באָכערווײַז.

— אַ! אָט דאָס איז דאָכ די מײַסע מיט דיר, סטעמפּעניו! דו קאָנסט ניט לײַדנ, אַז מע זאָגט דיר דעמ ריינעמ עמעס, אונ האָסט נאָכ טײַנעס צו יענעמ דערפאַר, וואָס יענער שלאָגט זיכ קאָפּ אינ וואַנט פאַר דיר, האָרעוועט, קריכט אינ דער ערד, פאַרגינט זיכ ניט קיינ שטיקל ברויט אופצועסנ, פאַרומערט זיכ דאָס לעבנ, אונ אַלצ צו־ליב וועמענ? צוליב אימ! אַלצ פונ־זײַנעטוועגנ, טאָמער ווייסטו פאַר וואָסערע מײַסימ־טויווימ? ער וועט מיסטאַמע שטעלנ אַ גילדענע מאַ־צייווע נאָכ מײַנ קאָפּ — אַז אָכ אונ וויי איז מיר...

— וואָס האָב איכ דיר געטאָנ? אונ ווער טשעפּעט דיכ?

— וואָס זאָלסטו מיר טונ? האָסט מיר גענוג געטאָנ! האָסט מיר פאַרוויסט מײַנ וועלט! האָסט גענומענ אַ יונג קינד, אַ מיידל אַ ניונ־קעלע, אונ האָסט מיט דײַנ ציגנעלע מיכ איבערגערעדט, צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, אָפּגעליגנערט פונעמ קאָפּ ביז די פיס. וואָס וואָלט מיר שלעכט געווענ, איכ זאָל דיכ נישט געווענ קענענ? איכ וואָלט

מיר אָפגעזוכט מײנ גלײבנ און װאָלט נישט געװענ סטעמפעניומ װײַב — א גליק האָט מיך געטראָפנ!

— נו, עפּשער האָסטו כאראַטע אפנ שידעכ, פרײדל? ס'איז דאָ א ראָװ אינ מאזעפעװקע, און א טײַכ, און מע קאָנ שרײַבנ געט...

— א-א-א? אָט דאָס איז דײַנ מײנ? קוים אמאָל זיכ אויסגע־קװעטשט! דו מײנסט, איכ װײס ניט, אז דו קוקסט דערופ ארויס? דו װילסט פונ מיר פּאָטער װערנ! איכ װײס, סטעמפעניו, איכ װײס, מיכ װעסטו ניט נארנ! איכ בינ דיר גרויס אינ די אויגנ! נאָר פאר־װאָס קומט דאָס מיר, סטעמפעניו? איכ פרעג דיכ, אדעראבע, זאָג מיר, פארװאָס קומט דאָס מיר? לאָמיכ אויכ װיסנ!

— עט! — ענטפערט איר סטעמפעניו, טוט א מאַכ מיט דער האַנט, גײט אװעק צו זיכ אינ כײדער ארײַנ און נעמט זיכ אראָפ דאָס פידעלע פונ דער װאַנט.

דאָס פידעלע — דאָס איז איניאַנצנ זײַנ טרײסט, זײַנ אײנציקער כאװער אפ דער װעלט. מיטנ פידעלע קאָנ ער פארגעסנ זײַנע יעסורימ, דערמאַנענ זײַנ יוגנט, זײַנ פרײַהײַט, װאָס ער האָט אָנגעװאָרנ אפ אײ־ביק, אפ אײביק! פיל פארשײדענע פארשײַנע רופט אימ ארויס דאָס געזאַנג פונ זײַנ פידעלע; פיל שײנע, ליכטיקע, פרײלעכע בילדער פונ אמאָל שטעלנ זיכ אימ פאָר, װענ ער הײבט אָנ צו שפּילנ; זײ בא־װײַזנ זיכ — און אנטלויפנ!..

צװישנ די אלע אמאָליקע בילדער רירט אימ אָנ מער פונ אלע אײנ בילד, װאָס ער קאָנ גאָר נישט פארגעסנ: דאָס שײנע ליבע בילד פונ ראָכעלענ מיט איר ליכטיק פּאָנעמ, מיט אירע בלויע אויגנ, מיט די לאַנגע ברעמענ, מיט איר װײַסנ האַלדז און מיט איר זיס, גוט שמײ־כעלע, פאר װעלכעס ער איז גרײט אלצ, אלצ אװעקצוגעבנ!

סטעמפעניו שפּילט און שפּילט; ער שפּילט לאַנג, קעדײ דער שאָטנ פונ ראָכעלענ זאָל ניט פארשװינדנ װערנ, װי טאָמיד. ער װיל כאָטש זענ איר שאָטנ. די מאַכשאָװע אפילע װעגנ ראָכעלענ איז בא אימ טײַער, זײער טײַער.

* * *

אינ יענער צײַט האָט סטעמפעניו געשפּילט אזוי, װי ער האָט נאָכ קײנמאָל נישט געשפּילט. אינ יענער צײַט, קאָנ מענ זאָגנ, האָט ער דערגרײכט אינ זײַנ שפּילנ ביז דער העכסטער מאַדרײגע. װער עס האָט אימ אינ יענער צײַט נישט געהערט שפּילנ, דער האָט נאָכ קײנ גוטס נישט געהערט.

אַזוי קוועלנ מיר אַלע, ווענ דאָס פֿייגעלע זינגט זיך איינ שטיינגעלע: עס כאַלעמט זיך דעמ פֿייגעליע גרינע בלעטלעכ, בלויענדיקע קוויטנ, פֿרײַע לופֿט, א פֿרײַע וועלט, אנ אָפֿענע וועלט, א גרויסע ברייטע וועלט, אונ עס באַקומט כיישעק צו זינגענ, אויסצוגיסנ דאָס ביטערע הארצ — אונ עס זינגט, עס וויינט, עס צעגיסט זיך! אונ מיר קוועלנ אַלע, קלויבנ דערפֿונ טײַנעג, האָבנ עמעס פֿאַרגעניגנ.

— זי מוט מיר האַרציק באַנק! — זאָגט סטעמפּעניו צומ הונדערטנ מאָל פֿאַר זײַנ קאָמפּאַניע קלעזמער, — איכ בענק נאָכ איר בעעמעס, ווי נאָכ אַנ אייגענער. איכ וואָלט איר נאָכגעפֿאָרנ ביז יעהופּעצ, ווענ ניט...

אונ סטעמפּעניו קוקט זיכ ארומ אפֿ אַלע זײַטנ אונ דערזעט פֿריידלעכ, ווי זי שטייט אונ טײַנעט איבער א קויגעטע פֿונ קאַרעלנ, פֿונ זײַדענע טיכלעכ אונ פֿונ בלימשקע...

אונדזער פֿריידל האָט ביסלעכווײַז אײַנגעפֿירט א גאַנצע קראָמ בא זיכ איינ שטוב אונ איז געוואָרנ א רעכטע סויכערטע, גלײַכ מיט אַלע מאַזעפּעווקער קרעמערקעס.

גאַנצ אָפֿטלעכ קומט צו איר צוגאַסט איר מוטער, ציפּוירע די גראָבע. זי זאָגט, אז יעשײַקע בענקט זייער נאָכ דער טאָכטער אונ שיקט זי געוואָר ווערנ, וואָס פֿריידל מאַכט. נאָר פֿריידל ווייסט, אז ס׳איז א ליגנ; זי ווייסט גאַנצ גוט, אז די מאַמע איז זשעדנע איינ דער היימ א שטיקל ברויט, קומט זי אהער א ביסל זיכ אָפּפּאַסטנ אונ מאַכט זיכ דאָ גאָר א גאַנצנ קימפּעט.

— ווייסטו וואָס, טאָכטער, מאַכ אונדז עלכע פּוטער-בולקעס, ווי איכ פֿלעג אמאָל מאַכנ, געפֿלאָכטענע אונ גוט אויסגעטריקנט. דאָס מיט ציקאָריע איז זייער געזונט, אונ ווער עס קאָנ פֿאַרדייענ מיט א סאַכ פּוטער — איז גאָר גוט. אונ אפֿ אָנבײַסנ היימ צופֿרעגלענ די פֿלאָסטערנ פֿונ די גענדז מיט א ציבעלקע. דער טאַטע, אויב דו געדענקסט, האָט דאָס ליב פֿונ טאָמיד אָנ. געזונט, טאָכטער, זאָל מענ זוכנ איינ שיסל...

אונ ציפּוירע באַלעקט זיכ אוש אונ טראַכט צו אַלע טאָג א נײַעמ אָנבײַסנ מיט א נײַעמ וואַרמעס מיט א מיטיק אונ מיט א וועטשערע,— אונ מע קאָנ ניט זאָגנ, אז פֿריידל איז דערפֿונ שטאַרק צופֿרידנ. די ערשטע וואָכ טראָגט זי דאָס ווי-עס-איז איבער, נאָר אפֿ דער אַנדערער וואָכ הייבט זי זיכ אָנ צו בלאָזנ אפֿ דער מאַמענ, די מאַמע — אפֿ איר, ביז מע צעאַמפּערט זיכ אונ מע לאָזט אויס דעמ גאַנצנ קאַס

צו סטעמפעניון, וואָס וויל זיך אַרײַנמישן אין מאַכן שאָלעם צווישן ווײַב מיט דער שוויגער.

— ס'איז נישט דײַן אייסעק! — זאָגט צו אים פֿריידל. — דו האָב נאָר קיין יעסורים ניט, איך וועל מײַן מאַמען דײַן יערושע ניט אוועקגעבן. זײַ רויִק, סטעמפּעניו!

— אַ שיינער מ׳גניידעם! — זאָגט די שוויגער פֿון איר זײַט מיט אַ שטאָך. — אין אָקס האָט אַ לאַנגע צונג און קאָן קיין שויפער ניט בלאָזן! באַ לײַטן אַ שוויגער האָט קאָוועד גלײַך ווי אַן אייגענע מאַמע. ער זעט, דאַכט זיך, גאַנץ גוט, וואָס פֿאַר אַ קאָוועד איך האָב פֿון מײַן טעכטערל, ווי זאָגט מען: שנײַץ די נאָז און שמיר דאָס פּאַ־נעם, — און ער זאָל עס איר אַפּילע איבערקערן די צונג. אויך מיר אַ מאַן, מ'שטינקס־געזאָגט, אַבי געקליפּט אויף פֿידעלע! איך פֿאַרשטיי דאָס גאָר ניט, וויאַזוי ווערט דאָס אים ניט נימעס, מאַטעניו! וואָס מײַן מאַכטער גענומט זיך אַזוי איבער — ווייס איך ניט: אַז דאָס מאַזל גייט — קעלבט זיך אַן אָקס אויך. מע האָט שוין געזען אַזעלכע בע־ריעס, ווי דו! דײַן שווער איז אַמאָל געווען אַזאַ שיינער פֿידלער, ווי דו, נאָר גאָרניט, ווי זאָגט מען: אַ נײַער בעזעם קערט ריין, צו אַלצ־דינג דאַרף מען האָבן מאַזל, און אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם. בע־רויגעז, סטעמפּעניו, דאַרפֿסטו אָפּ מיר ניט זײַן, וואָס איך זאָג דיר דעם ריינעם עמעס, און כאָטש יעדער הונט איז אַוואַדע אַ באַלעבאָס אָפּ זײַן שוועל, נאָר קיין פֿרעמדע בין איך דיר ניט, פֿאָרט אַ שוויגער, און אַז מע שפּילט זיך מיט דער קאַץ, נעמט מען פֿאַר ליב איר קראַץ...

און ציפּוירע שיט מיט ווערטלעך, ווי פֿון אַ זאַק, ווי איר שטייגער איז, אַז זי צערעדט זיך. נאָר סטעמפּעניו הערט נישט אויס ביזן סאָף: ער נעמט זיך צו דער פֿידל, ווי טאָמיד, ווי אַלעמאָל, ווען ס'איז אים שוין גוט אָנגעזאָליעט אויפֿן האַרצן — און דערמלט פֿאַרגעסט ער דאָס ווײַב, מיט דער שוויגער, מיט אַלע צאָרעס. און עס שטעלט זיך אים פֿאַר אַלץ יענע ראַכעלע מיט די בלויע אויגן...

„זי טוט מיר האַרציק, האַרצעדיק באַנק!" — טראַכט זיך סטעמ־פּעניו און קלערט אַלץ טאַכבולעס, וויאַרום קומט מען צו איר, וויאַזוי און ווו קאָן מען זי זען נאָכאַמאָל...

פּוסטע מאַכשאָוועס! ער ווייסט ניט, אַז זײַן לידל האָט ער שוין אָט באַלד־באַלד אָפּגעזונגען, אַז זײַן וועלטל האָט ער שוין קימאַט אָפּ־געקומען: ער זעט ניט, ווי זײַנע שיינע שוואַרצע לאָקנס ווערן וואָס ווײַטער שיטערער, ווי זײַנע פֿײַערדיקע אויגן ווערן אָן ביסלעכווײַז דעם גלאַנץ און ווי אָפּ זײַן ווײַסן שטערן לייגן זיך שוין קנייטשן.

נאַרישער גיבער! פֿאַרגעס זיכ נישט. זע, ווי באַ דער זײַט שטייט דײַנ דלילע, דײַנ ווײַב פֿריידל. די דאָזיקע דלילע האָט דיכ פֿאַרוויגט, פֿאַרשלעפֿערט באַ זיכ אױפֿנ שויס, שטילערהייט אָפּגעשווירנ דײַנע לאַנגע האָר אונ צוגענומענ באַ דיר דעמ קויעכ, אײַנגאַנצנ דײַנ קויעכ, ווי יענע דלילע באַ שימשנ־האַגיבער... דיר איז געבליבנ אײַנציקער אײנ טרייסט אױפֿ דער וועלט — די פֿידל.

שפּיל, סטעמפּעניו, שפּיל אױפֿנ פֿידל! שפּיל, אונ מיר וועלנ האָרכנ...

# יאָסעלע סאָלאָווײ

## א ייִדישער ראָמאַן

Лучшему другу и вернейшему товарищу

**О. М.**[1]

в знак глубочайшей преданности посвящает

**АВТОР**

---

1 אָ. מ. זײַנען די איניציאַלן פֿון שאָלעם־אַלייכעמס פרוי אָלגא מיכײַלאָוונא.

ליבער, טײַערער פרײַנט!

מײַנ צווייטנ ייִדישנ ראָמאַנ „יאָסעלע סאָלאָוויי“ ברענג איכ דיר בעמאַטאָנע הײַנט, צו דעם טאָג פונ דײַנ געבוירנ ווערנ. איכ האָפ, אַז די דאָזיקע מאַטאָנע וועט בא דיר אָנגענעמ זײַנ, ניט דערפאַר, וואָס איכ זאָל מיכ אײַנרעדנ, אַז זי איז מיט אַלע מײַלעס; איכ ווייס בא מיר זייער גוט, אַז איכ האָב נאָכ ניט אינגאַנצנ אויסגעפאָלגט דעם זיידנס רעב מענדעלעס קלאָל, אַז „א ווערק דאַרפ מענ פײַלנ און פײַלנ“, — מאַכמעס צוויי טײַמימ: ריישימ, דערלאָזט ניט די צײַט, מע איז דאָכ ניט מער ווי א זינדיקער מענטש, מ'שטייגט געזאָגט, און בעסאַכאַקל נאָר א האַלבער שרײַבער, דאָס הייסט האַלב סויכער און האַלב שרײַבער, ווי געוויינלעכ בא ייִדנ; מע באַדאַרפ איכ זינענ האָבנ די וועלט אויכ, ניט נאָר אוילעמ־האַבע אַלייִנ... וועהאַשייניס, איז מענ דאָכ טאַקע, צווישנ אונדז רעדנדיק, יונגעלײַט, מענטשנ, וואָס האָבנ קיינמאָל קיינ צײַט ניט, אַכאַשטראַנימ, אַלצ געיאָגט, געכאַפּט, אינ אײַנ מוירע, מע זאָל כאָלילע ניט פאַרשפּעטיקנ... נאָר וואָס רעדנ? ווײַל איכ רעכנ דערויפ, וואָס דו ווייסט, אַז ווי ווײַט נאָר מײַנ מעגלעכקײַט איז געווענ, האָב איכ געאַרבעט און מיט מײַנ „יאָסעלען“ מי געהאַט, ביז גאָט האָט מיר געהאָלפנ און איכ האָב אימ דערלעבט צו זענ, אַז ער האָט כאָטש עפּעס א פּאָנעמ פונ א לעבעדיקנ פאַרשוינ.

נעמ זשע צו, ליבער פרײַנט, די דאָזיקע מאַטאָנע מײַנע, אַזוי ווי זי איז, און לאָז זי דיר דינענ צומ צייכנ, ווי אַזוי עס ליבט דיכ און שעצט דיכ

דײַנ בעסטער, עמעס געטרײַער פרײַנט,

דער מעכאַבער

קיִעוו, 26 דעצעמבער 1889

I

# יאמפעלע גייט אויס זינגענ

אזעלכע אויסבערעגנער, ווי די באלעבאטימ פונ דער קאלטער שול אינ מאזעפעווקע, איז שווער צו געפינענ אפ דער גאנצער וועלט. „וואס זיי קאסט אפ א יאר כאזאנימ, — אזוי זאגט מענ אינ שטאט, — וואס ווי קאסט אפ א יאר כאזאנימ, וואלט זיכ דאס יעדער געמענט ווינטשנ האבנ אפ זײנ אײגנס". געמענ נעמט זיכ דאס דערפונ, וואס די מאזע־פעווקער ייִדנ ביכלאל זײנענ, ווי עס איז באוווסט אפ דער גאנצער וועלט, פונ טאמיד אנ שארפע מעוויינימ אפ נעגינע; נאר אזעלכע ליב־האבער אפ זינגענ, ווי די באלעבאטימ פונ דער קאלטער שול, קריגט מענ גאר נישט, מע זאל אויספארנ וועלטנ. קומט אראפ קיינ מאזעפעוו־קע דער בארימטער פ י צ י — ווו דאווענט ער? אינ דער קאלטער שול; ווו הערט מענ י ע ר ו כ ע מ ע נ? נאדער נ י ס י נ? אדער מ י צ י נ? — אינ דער קאלטער שול. עס איז שוינ בא זיי אײנגעפירט אזוי פונ קאד־מוינימ, אונ ס'איז רעכט, קיינער פרעגט ניט קיינ קאשעס. עס קומט זיי דארט אנ שווערלעכ, ביז זיי קלויבנ זיכ צו א רעכטנ באלטפילע, וואס מע זאל פונ אימ האבנ האנאע אונ ניט שעמענ זיכ מיט אימ קעגנ לײטנ. זיי קאכנ אויס גענוג דאס וואסער, ביז דער כאזנ געפעלט זיי איטלעכנ באזונדער אונ ביז ער טרעפט זיי צו זייער שניט מיט זייער כאראקטער. נאר קוימ האט ער זיי שוינ צוגעטראפנ, אזוי בלייבט ער שוינ בא זיי א שטענדיקער, אנ אייביקער, אונ עס איז שוינ פאר אימ גאר קיינ בעסערס ניטא אפ דער גאנצער וועלט. אט אזעלכע מינימ ברוימ זעננ זיכ די באלעבאטימ פונ דער דארטיקער קאלטער שול, אונ אט אזא מינ באלטפילע איז בא זיי געווענ שמוליק יאמ־פעלער. געהאט האט שמוליק א קאל — א „שאגת־ארי" 1, דאס הייסט א געמבע פונ א לייב, מיט זייער א שיינ „פיסטל", דאס הייסט

---

1 שאאגאס־ארי.

א מינ בײַ־קאָל, אפ וועלכנ ער פלעגט זיכ בעריױש פארקאטשענ. „מיט זײַנ „ממקומך" 1,—אזוי האָט מענ אפ אימ געזאָגט,—„לאָזט זיכ אויס די וועלט; דעמ „ממקומך" האָט ער גענאשט פונעמ ק ר ו־ ט ז ע ר"... אויכ האָט שמוליק געהאט א רײַכנ האַלדז אונ איז געווענ א פײַנער באַל־איוורע; זײַנ „זאָגנ" איז געווענ גאָלד מיט זילבער... „ווענ, אשטייגער, אונדזער שמוליק",—אזוי האָבנ אפ אימ געזאָגט די באַלעבאטימ פונ דער קאַלטער שול,—„ווענ, לעמאָשל, אונדזער שמוליק זאָל שטודירנ אפ נאָטנ, וואָלט ער גרינג אריבערגעפּוצעוועט פ י צ י נ אונ מ י צ י נ אונ י ע ר ו כ ע מ ע נ מיט אלע הײַנטיקע וועלט-כאזאָנימ! אונדזער שמוליק, אבי ער וויל נאָר, קאָנ ער נאָכ הײַנט אויכ אוועק־לייגנ מיט איינ „קעסערל" זינגענ, מיט איינ וואָלעכל א רעכטס, די אלע הײַנטיקע בײַע בעריעס מיט זייער גאַנצנ כאָר דאָרטנ!"... יאָמימ־נוי־ראָימ פלעגט שמוליק דאַווענענ מיט מעשוירערימ; אימ פלעגט אונ־טערהעלפנ טאקע זײַנ זונדל י אָ ס ע ל ע, אפ א פײַפּעדיק קעלכל, אונ נאָכ צוויי מעשוירערימ: איינער א באס אונ דער אנדערער א שרײַער—אונ גענוג; דאָס איבעריקע האָט שוינ שמוליק אלײנ אויסגעארבעט מיט זײַנ אייגענעמ „געבענטשטנ" האַלדז. די „שטיקלעכ", וואָס שמוליק פלעגט אפ יעדנ יאָמטעוו „אויסשטעלנ", האָט מענ באַטראכט אינ דער שטאָט געזונגענ א גאנצ יאָר קעסיידער; דאָס הייסט, ניט מע האָט זיכ צונויפגעקליבנ ערגעצ אינ איינ אָרט אפ צו זינגענ,—דערפ איז קיינ צײַט ניטאָ אונ ס'איז עפּעס גאָר נישט אזוי אופגעלייגט אפנ הארצנ, אז מע זאָל זיכ פּלוצעמ אנידערזעצנ זינגענ; נאָר יעדער באזונדער פאר זיכ, בא זײַנ טיש, אָדער אפילע אינ גאס גייענדיק, האָט זיכ שטילער־הייט איבערגעזונגענ די אלע „שטיקלעכ", וואָס שמוליק האָט באַ־שאפנ. פונ קיינ נאָטנ, ווי אויבנ איז געשטאנענ, האָט שמוליק נישט גע־ווּסט, דאָס הייסט, ער האָט געהערט, אז ס'איז דאָ כאזאָנימ, וואָס זינגענ פונ נאָטנ, נאָר געזענ האָט ער דאָס נאָר איינמאָל אפ זײַנ לעבנ. דאָס איז געווענ דעמלט, ווענ פ י צ י איז דורכגעפאָרנ איבער מאזע־פּעווקע מיט זײַנע אכצנ מעשוירערימ. שמוליק האָט געהערט א סאכ כאזאָנימ אפ זײַנ לעבנ, נאָר אלע האָבנ זיי געזונגענ אפנ אלטנ שטייגער, דאָס הייסט, אָדער אונ „אויסגעשטעלטע" זאכ אָדער גאָר „פונעמ קאָפּ". מע באדארפ ניט מער, ווי דער פ א ר ע צ ע ר כאזנ איז געווענ גרויס, האָט אימ שמוליק געהערט דאַווענענ א מוסעפ באמ רעבנ, אונ דאפקע אָנ נאָטנ, וועט ער דעמ טאמ געדענקענ וויל ער וועט לעבנ. נאָר אז

1 מי־קרימכנ.

פ י צ י איז אַראָפּגעפֿאָרן מיט זײַנע אַכצן מעשׂוירערים קיין מאָזע־פּעווקע. האָט שמוליק דאָס ערשטע מאָל דערהערט, ווי מע דאַוונט מיט נאָטן; ער איז פֿון פ י צ י ס דאַוונען אַזוי אַנציקט געוואָרן, אַז ער איז געבליבן צוגעקאָוועט צום אָרט. „אָט דאָס הייסט נאָטן! נ אָ ט ן !״... דעם גאַנצן שאַבעס איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ טויטער, זיך גאָר נישט געקאָנט קיין אָרט געפֿינען. „אָט וואָס הייסט נאָטן!״ — ער האָט קוים דערלעבט דעם שאַבעס־צונאַכטס. ער האָט אָפּגעמאַכט האַוודאָלע און האָט געזאָגט צו זעלדען זײַן ווײַב, אַז ער וועט דאָס גאָר ניט אויסהאַלטן. ער מוז זיך דורכגיין צו רעב שאַבסען אויף דער אַכסאַניע זיך זען מיט דעם דאָזיקן פ י צ י ן און זיך דורכשמועסן מיט אים פּנים־אל־פּנים. אָפּזאָגנדיק די „אייליאָהוס״, האָט זיך שמוליק אונטערגעגאַרטלט, גענומען מיט זיך זײַן יאָסעלען און איז זיך דורכגעגאַנגען מיט אים צו רעב שאַבסען אויף דער אַכסאַניע. שמועסנדיק מיט פ י צ י ן פֿון איניען־האַבאָראָנעס, האָט אים שמוליק געבעטן, ער זאָל זיך מאַטריע זײַן „זאָגן״ אים עפּעס אַ שטיקל פֿון נאָטן און קלאָר מאַכן דעם איניען אַקוראַט. לעסאָטשילע האָט אים פ י צ י אויסגעלאַכט, געטריבן פֿון אים קאַטאָוועס; נאָר באַטראַכטנדיק שמוליקס ערלעך נאַיוו פּנים און אויספּרוּוונדיק די שטימע זײַנע, האָט זיך אין פ י צ י ן צעברענט דער כאָזן, און ער האָט אים פֿירגעזאָגט עטלעכע שטיקלעך פֿון ז ו ל צ ע ר ס סידער מיט אַלע זײַנע אַכצן מעשׂוירערים. שמוליק איז אַרויס פֿון די קיילים, און עס האָבן זיך אים געשפּעלט טרערן אין די אויגן. „וואָס איז שײנער? אָט הײַנט זע איך ערשט אַרויס, רעב פּיצי, וואָס פֿאַר אַ מין קאַליקע, וואָס פֿאַר אַ דער־רועכ־וויסט־וואָס איך בין!״ — האָט שמוליק געזאָגט ביטמימעס און האָט אים אַ ווײַז געטאָן אויף זײַן יאָסעלען. „זעט איר, רעב פּיצי, אָט דעם קליינעם? ס׳איז מײַנער, מײַן זון הייסט דאָס; איר מעגט אים האָרכן״. פ י צ י האָט אויסגעפּרוּווט יאָסעלען, און זײַן שטימע איז אים זייער געפֿעלן; שמוליק האָט אַליין פֿון פ י צ י ס מויל געהערט, „אַז דאָס קינד איז אַ קיילע־שליימע, אַז ער האָט זייער אַ שיינע „שאַפּראַנע״, און מיט דער צײַט, ער זאָל זיך אויסאַרבעטן, קאָן ער ווערן אַ לײַט״... די דאָזיקע ווערטער זענען שמוליקן אַרײַן אין כאָז אַרײַן, און פֿון יענער צײַט אָן האָט ער ניט אויפֿגעהערט צו טראַכטן: „וואָס טוט מען מיט יאָסעלען? מיילע, איך בין שוין אַ פֿאַרפֿאַלענער, וואָס איז שײַן, איך וועל שוין שטאַרבן אַ קאַליקע; אָבער מײַן יאָסעלע? לאָז ער מיר גאָר אונטערוואַקסן, אָנהייבן צו לייגן טפֿילין. אים־ירצע־האַשעם, וועל איך אים אָוועקגעבן צו אַ גרויסן כאַזן, צו

פ י צ י נ, אָדער צו מ י צ י נ, אָדער גאָר צו י ע ר ו כ ע מ ע נ, אימ-ירצעהאשעמ, מיט גאָטס הילפ"... עס האָט זיכ אימ פונ דעמאָלט אָנ קעסיידער פאָרגעשטעלט, אַז יאָסעלע באַדאַרפ זײַנ אַמאָל א באַרימטער, א וועלט-כאַזנ, אַזוי ווי פ י צ י, אונ עפּשער טאַקע אַזוי ווי נ י ס י — פאַרוואָס ניט? וואָס איז? מיר האָבנ דענ ניט געזעענ, וויאַזוי פונ א יונגל א שנעק וואַקסט נאָכדעמ אויס א מענטש, וואָס א מענטש הייסט?

— יאָסעלע, — רופט זיכ אָנ שמוליק צו זײַנ זונדל, בעשאַס יענער קומט פונ כיידער פאַרפלאַמט אונ דאָס קאַשקעטל איז אימ אַפּ דער זײַט,— יאָסעלע, דו ווילסט זײַנ א וועלט-כאַזנ, דו שקאָץ איינער?

יאָסעלע בלײַבט שטיינ פאַרטראַכט, אונ די אייגלעך גלאַנצנ אימ. א שפּילע, אויב עס ווילט זיכ אימ זײַנ א וועלט-כאַזנ? נאָכ פונ קינדווײַז אָנ איז זײַנ האַסאָגע געווענ צו זײַנ א כאַזנ; קיינ גרעסערס אונ שענערס דערפונ האָט זיכ יאָסעלע גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלנ. אונ זינט ער האָט געהערט פ י צ י נ דאַווענ, איז אינ אימ דער כיישעק צו זײַנ א כאַזנ געוואָרנ נאָכ גרעסער. דאָס דאַווענ אינ מאַזעפעווקע פונ פ י צ י נ מיט זײַנע אכצנ מעשוירערימ האָט אָנגעמאַכט בא יאָסעלענ אינ האַרצנ, גלײַכ ווי בא שמוליקנ, א גאַנצ איבערקערעניש. אינ דער צײַט, ווענ שמוליק איז געווענ פאַרנומענ מיט פ י צ י נ, האָט זיכ דערווײַל יאָסעלע צונויפגעסקאָמפּאַניעט מיט פ י צ י ס קלײנע מעשוירערימלעכ, פונ וועלכע ער איז געוואָר געוואָרנ א סאַכ זאַכנ: רייִשיס, האָבנ זיי אימ דערציילט, אַז זיי פאָרנ אויס די גאַנצע וועלט, אונ וווּהינ זיי קומענ, פאָרט מענ זיי אַרויס אַקעגנ מיט גרויס פּאַראַד, עס קערט זיכ די וועלט; מע טראָגט זיי אַרומ אַפּ די הענט, מע איז זיי אומעטומ מעכאַבעד פונעמ שענסטנ אונ פונעמ בעסטנ — האַקלאַל, עס איז א לעבנ, אַפּ אַלע ייִדנ געזאָגט געוואָרנ!.. באַטראַכטנדיק די דאָזיקע זינגערלעכ מיט זייערע שיינע שוואַרצע קאַפּאָטקעלעכ אונ מיט זייערע קײַלעכיקע סאַמעטענע הימעלעכ, האָט זיי יאָסעלע בעעמעס מעקאַנע געווענ; יאָסעלע האָט זיי מעקאַנע געווענ נישט אַזוי אַפּ זייערע קאַפּאָטקעלעכ מיט די הימעלעכ, ווי אַפּ זייער זינגענ באַמ אָמעד מיט פ י צ י נ. ער וואָלט זיכ געשעצט גליקלעכ, ווענ ער זאָל זײַנ, ווי זיי, א מעשוירער בא פ י צ י נ.

„ווי דערלעב איכ שוינ מײַנ באַרמיצווע!" — האָט זיכ יאָסעלע געקלערט, אונ יענע גליקלעכע זינגערלעכ זענענ אימ ניט אַרויסגעקראָכנ פונעמ קאָפּ אפילע אַפּ א מינוט. זיצנדיק באַמ כומעש, פלעגט ער ניט איינ מאָל כאַפּנ א מיעסנ פּסאַק פונעמ רעבנ פאַר זײַנ טעווע

פארטראכטנ זיכ בעשאס לערנענ. „א יינגל זאָל גאָר אינ זינענ האָבנ פייגעלעכ, מאלאָכימ, בעשאס מע לערנט!" — פלעגט דער רעבע אפ אימ זאָגנ. דאָס לערנענ אונ דער כיידער זענענ געווענ פאר יאָסעלענ א משא כבדה 1, אונ ווײַבאלד ער האָט נאָר געהאט א פרײַע מינוט, פלעגט ער זיכ קאטשענ אפנ העלדזל, נאָכמאכנ פּיציס טענאָר, צעברומקענ זיכ אפ דער גראָבער סטרונע, ווי פּיציס באס, אונ רײַסנ זיכ אפ די גלײַכע ווענט. בא זיכ אינ האלדז האָט ער געפילט, ווי עס קיצלט אימ טאָמיד אונ עס ווערגט אימ עפּעס אינווייניק; ער האָט געפילט, אז ווענ ער זאָל זיכ קאָנענ גוט אויסשרײַענ, אויס-זינגענ, וואָלט אימ צוגעקומענ א שטיק געזונט.

II

## שמוליק דער באזנ דערציילט מײַסעס פונ באזא-נימ, אונ יאָסעלע לייגט צו קאָפּ

די וועלט, וווּ יאָסעלע האָט זיכ געפונענ קינדווײַז, איז געווענ פול מיט זינגענ אונ מיט כאזאָנימ. פונ קינדווײַז אָנ האָט ער זיכ אָנגעהערט בא שמוליקנ אינ שטוב פארשידענע מײַסעס פונ וועלט-כאזאָנימ, וואָס האָבנ זיכ קוינע-שעמ געווענ מיט זייער זינגענ, אונ זייער נאָמענ איז נאָכדעמ פארבליבנ אפ אייביק צווישנ ייִדנ. די דאָזיקע מײַסעס וועגנ הערשעלע דאָס יינגעלע, וועגנ דעמ ווילנער באלעבעסל, וועגנ ארקע פידעלע, אוכעדוימע, האָבנ אימ נישט געלאָזט צורו, אונ ער פלעגט טראכטנ וועגנ זיי טאָג אונ נאכט. יאָסעלע פלעגט זיכ פאָרשטעלנ, אז ער איז אליינ הערשעלע דאָס יינגעלע, וואָס האָט צו עלפ יאָר אָנגעטאָנ א טאלעסל, געדאווענט באמ אָמעד אונ מאריש-אוילעמ געווענ. אז ער פלעגט אמאָל בלײַבנ איינער אליינ אינ שטוב, פלעגט ער זיכ אָנטונ אינעמ טאטנס טאלעס, אוועקשטעלנ זיכ בא דער וואנט אונ, מאכנדיק מיט די הענט, פראווענ כאזאָנישע שטיק, זיכ רײַסנ אפ קוילעט, זינגענ אונ „מיספאלעל זײַנ", קאטשענדיק זיכ אפנ האלדז. שמוליק האָט אימ אמאָל געטראָפנ אינ אזא מינ אויפנ, האָט ער אימ גוט מעבאבער געווענ, דעמ שקאָצ, אונ אָפּגעשיקט אינ כיידער ארײַנ, ווי געוויינלעכ. יאָסעלע אָבער האָט

---

1 מאסאָ קווייראָ — א שווערע מאסע.

צומ ביידער ווינציק-וואָס בײשעק געהאַט, אונ דער רעבע האָט מיט אימ געהאַט צו זינגענ אונ צו זאָגנ. ער האָט ניט פאַרשטאַנענ, וואָס הייסט דאָס: א יונגל זאָל זיינ שטענדיק פאַרטראַכט אונ דער קאָפּ זאָל אימ ליגנ ווייס איכ ווו? יאָסעלעס גרעסטער פאַרגעניגנ נאָכ אַלס פיצל קינד איז געווענ, אַז עס איז געקומענ די צייט פאַר יאָמים-נוי-ראָימ, ווענ שמוליק פלעגט זיכ באַדאַרפנ פאַרטיק מאַכנ צומ דאַווענענ אונ א וואָכ זעקס פאַר ראָשעשאָנע איבערזינגענ אַלע שטיקלעכ מיט זיינע מעשוירערימ, — אינ יענער צייט פלעגט יאָסעלעס נעשאָמע זיינ אַפנ הימל. ער האָט קוימ דערלעבט די גליקלעכע מינוט, וואָס דער רעבע לאָזט די קינדער אַהיימ עסנ, אונ פלעגט קומענ צו לויפנ, אָפּכאַפּנ דאָרט, ווי־עס־איז, דעמ וואַרמעס, זיכ פאַררוקנ אינ א ווינקעלע אונ צוהערנ, ווי דער טאַטע צעגייט זיכ אַפ א זיס קאָל, צענעמענדיק מיט ביידע הענט מיט א געבעט, אונ זאָגט: „אוי-וויי — אוי-וויי — אוי-וויי — אוי־וויי!“... אונ די מעשוירערימ כאַפנ אימ אונטער: „אַטונענעמ דעי-עי-עי!“... גליקלעכ איז יאָסעלע געווענ, אַז קיינער האָט אימ ניט באַמערקט, אונ ער האָט געקאָנט אָוועקזיצנ אַזוי אינ א ווינקעלע אונ אויסהערנ דאָס גאַנצע דאַווענענ ביז דער „עבודה“ [1]. בעסער פונ אַלצ האָט יאָסעלע ליב געהאַט הערנ די מייסעס, וואָס דער טאַטע פלעגט דערציילנ פאַר זיינע מעשוירערימ פונ באַרימטע וועלט-כאַזאַנימ: וויאַזוי זיי האָבנ זיכ געמאַכט א נאָמענ אַפ דער וועלט. עס איז אימ זייער געפעלנ די מייסע, וויאַזוי פ י צ י איז געוואָרנ כאַזנ. „פונ באַר-דיטשעוו שטאַמט ער אַרויס, — אַזוי האָט שמוליק דערציילט וועגנ פ י צ י דעמ וועלט-כאַזנ, — פונ באַרדיטשעוו, פונ אונטער דער גרעב-ליע; זיינ טאַטע איז געווענ א שאַמעס. נאָכ יונגלווייז האָט פ י צ י אַרויסגעוויזנ, אַז ער איז א קיילע. פריער איז ער געווענ א מעשוירערל בא א כאַזנ, נאָכדעמ האָט ער פאַרלאָרנ די שטימע, האָט מענ אימ אָפּגעגעבנ צו א גאָלדשמיד; נאָר מאַכמעס ער האָט זייער ליב געהאַט דאָס זינגענ, האָט ער זיכ שטענדיק געריבנ צווישנ כאַזאָנימ אונ צווישנ קלעזמער. ער איז געווענ, וואָס איר ווילט: ער איז געווענ א פייקלער, געגאַנגענ מיט די טאַצנ אונ איז שוינ געווענ, זאָגט מענ, א וואַסער-פירער אויכ, ביז ער האָט זיכ באַגעגנט מיט גרויסנ ר ע ב צ אַ ל ע ל נ; האָט אימ ר ע ב צ אַ ל ע ל געזאָגט: „וואָס איז שיינ, דו נאַר, צו וואָס טויג דיר זיינ א וואַסערפירער? דו האָסט א שיינערע קיילע — א האַלעז!“... בקיצער, ער האָט זיכ אָוועקגעלאָזט קיינ ל ע מ ב ע ר-

---

1 אוווידע.

ריק און איז געקומענ פונ דאָרטנ מיט א נאָמענ און מיט א קאָוועד, האַלעווײַ אפ מײַנ יאָסעלענ געזאָגט געוואָרנ כאָטש האַלב, ריבוינע-שעל-אוילעמ!"... דערהערנדיק פונעמ טאַטנ אַזעלכע ווערטער, איז בא יאָסעלענ שיר דאָס האַרצ נישט אַרויסגעשפּרונגענ פאַר סימכע; ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז מע שיקט אימ אויך קיינ לעמבעריק, און ער קומט אויך פונ דאָרטנ מיט אַזאַ נאָמענ און מיט אַזאַ קאָוועד, ווי פּיצי... שמוליק האָט געהאַט מײַסעס פונ כאַזאָנימ לערעוו, איינע שענער פונ דער אַנדערער. ער האָט געוווסט איטלעכנ באַזונדער פונעמ שוירעש. „לעמנ באַכמאַנ?" — האָט שמוליק געזאָגט צו זײַנע מעשוירערימ, — „לעמנ באַכמאַנ? וואָס איז שײַעכ? דער גרויסער באַכמאַנ! וואָס איז ער געווענ פריִער? פאָרט אַרײַנ קיינ קעשענעוו, וועט מענ אײַך דערציילנ. וואָס דענ מיינט איר? מע שטייט אופ פלוצעמ אינדערפרי און מע ווערט א באַכמאַנ, א פּיצי, א ניסי? נאָר איינ סענדער מירער איז געווענ א ייִד א נאָגיד, א גוויר, און האָט געזונגענ נאָר פונ קאָוועד וועגנ; אָט דאָס איז זײַנ „יראו עינינו" 1, וואָס איך זינג אימ. ס'איז דאָ, ס'איז פאַראַנ כאַזאָנימ גרויסע הײַנט אויך; ס'איז פאַראַנ א ניסי בעלזער, א כעזקעלע, א פּיצי, אַנ עלי-עדאָוויד טשערניגאָווער, א שקודער כאַזנ, — וואָס איז שײַעכ? און נאָך כאַזאָנימ לערעוו. נאָר אַזעלכע כאַזאָנימ, ווי אַמאָל זענענ געווענ, געפינט מענ שוינ הײַנט ניט. קערוימע-לעמאָשל, ווו געפינט איר הײַנט אַזאַ כאַזנ, ווי אַרקע פידעלער ווי טעבעסקער איז געווענ, וואָס די וועלט פלעגט פאַרנ הערנ זײַנ שטימע, וואָס איז געווענ א פידעלע, ניט קיינ שטימע? צי, אַשטייגער, ווו קריגט איר הײַנט אַזאַ מינ קאַנאַריק, וואָס זאָל האָבנ א מאַטאָנע פונעמ קייסער פראַנצ-יאָסעפ אַלײנ? צי, אַשטייגער, ווו נעמט איר הײַנט אַזאַ רעב דאָוויד כמעלניקער מיט זײַנע דרײַ זינ? ער איז דאָך בעעמעס געווענ לפני מלכים יתיצב 2, געמעגט זינגענ פאַרנ מײַלעכ אַלײנ! ער פלעגט זיך אויסשטעלנ זינגענ טרוילערש, און דאַפקע מיט א לאַנגנ טאַלעסקאָטנ, און דאַפקע מיט א צילינדער אופנ קאָפּ, אַז ס'איז געווענ מעכײַע-נעפאָשעס! צי, אַשטייגער, איר האָט הײַנט אַזאַ מינ כאַזנ, ווי דער קרוטיער כאַזנ, טאַקע דעמ גרויסנ ניסימס א זיידע? צי, לעמאָשל, רעב אַווראָמ כאָסיד פונ לעמבעריק, וואָס איז געווענ איינ שטשאַגאָל אינ דער וועלט? צי קאַשטאַנ מיט זײַנ ווידוי, וואָס ער האָט געמאַכט פאַרנ טויט? צי, אַשטייגער, אַזאַ מינ, ווי

1 ייִרו אייניינו. — 2 ליפניי מעלאָכימ ייִסיאַצייוו.

דער ווילנער באלעבעסל, ווי מע האָט אימ גערופנ? ווו הערט מענ גאָר הײַנט אזוינס? וואָס איז שײַנ, מיסטאמע האָט איר דאָכ געהערט די מײַסע מיטנ ווילנער באלעבעסל? ס'איז א שײנע מײַסע, איר מעגט דאָס אויסהערנ. גערופנ האָט מענ אימ יויעל-דאָוויד, ער איז געווענ א פארשוינ, אז ס'האָט זיכ אויסגעלאָזט די וועלט, אונ א קיילע האָט ער געהאט — שמועסט מענ ניט: איר קאָנט פארשטײנ, אז צו עלפ יאָר האָט ער געדאווענט יאָמימ-נוראָימ פארנ אָמעד. זײַנ נאָמענ איז געגאנגענ אזוי ווײַט, אז ער האָט געגרייכט ביז צומ גראפ, אונ דעמ גראפ האָט זיכ פארוואָלט הערנ, וואָס פילדערט דאָרטנ אזוי דער אוילעמ? האָט ער אימ מיסטאמע געשיקט רופנ. יויעל-דאָוויד איז ארײַנגעקומענ צומ גראפ דאפקע מיט א יארמעלקע אפנ קאָפּ. דאָרט זענענ געווענ פיל גרויסע לײַט, סראָרעס. דאָס באלעבעסל האָט זיכ טכילעס שטארק פארשעמט פאר אזא אוילעמ אונ א ביסל דערשראָקנ אויכ; נאָר ער האָט זיכ אוועקגעשטעלט מיטנ פּנעמ צומ וואנט אונ האָט אָנגעהויבנ צו באווײַזנ זײַנע קונצנ, „שטעלנ א האלדז" אונ ארויסבאווײַזנ גרויסע בעריעשאפטנ, ווי ער האָט געקאָנט. אימ האָט אײנער אונטערגעהאלטנ אפנ פידל, אונ דער גאנצער אוילעמ איז געבליבנ ווי פארגאפט, גאָר נישט ווײסנדיק, וועלכעס איז האלדז אונ וועלכעס איז פידל, — אזא לויטערע שטימע האָט יויעל-דאָוויד געהאט, אונ אזוי הויכ פלעגט ער מיט איר נעמענ אונ דערלאנגענ, טאקע נאָר „ביזנ גיבל" 1, ווי מע זאָגט. שוינ צומ סאָפ קימאט האָט בא דער פידל געפּלאצט די קווינטע, אונ מע האָט באדארפט אויסלאָזנ א זאכ אפ דער דינסטער אָקטאווע. וואָס זשע מײנט איר? איז זיכ מעיאשעוו מײַנ באלעבעסל אונ נעמט אָנ, וואָס איז שײַנעכ, מיטנ האלדז פּונקט אָט דאָס, וואָס מע קאָנ דערלאנגענ נאָר מיט א פידל. אונ האָט נאָכ דערבײַ אוועקגעמאכט עטלעכע קונצנ, ווי א סאָלאָווײטשיק. אונ אז ער האָט זיכ אויסגעלאָזט, האָט זיכ שוינ דער גראפ ניט געקאָנט אײַנהאלטנ: ער איז צוגעגאנגענ צו אימ אונ האָט אימ א קוש געטאָנ אינ שטערנ. דער גראפ איז געווענ זייער א גוטער מענטש, נאָר זי, די גראפיניע ימאכ-שמאָ, איז געווענ זייער א גרויסע מארשאס אונ האָט פײַנט געהאט א ייִדנ, ווי איר קאָנט זיכ פאָרשטעלנ. אז דאָס באלעבעסל איז ארײַנגעקומענ מיטנ יארמעלקע אפנ קאָפּ, איז זי געווענ אזוי אינ כּעס, אז זי איז גרייט געווענ אימ דעמ קאָפּ אראָפּצונעמענ. נאָר אז ער האָט אָנגעהויבנ צו זינגענ, איז זי באלד

1 ביז דער סטעליע, ביז דער העכסטער מאדרייגע.

אָפּהענטיק געוואָרן און איז נאָכדעם צוגעגאַנגען צו אים, אים אָנגע-
נומען פֿאַר דער האַנט און אים געדאַנקט עטלעכע מאָל פֿאַר זײַן
זינגען, געפֿרעגט אים, ווי אַזוי ער הייסט און וויפֿל ער איז אַלט? י ו י-
ע ל-ד אָ ו י ד האָט איר דערויף אַלצדינג געענטפֿערט, נישט קוקנדיק
איר אין פּנים אַרײַן, מאַכמעס זי איז געווען אַ זעלטענע פֿאַרשוין. זי
אָבער האָט אויף אים יאָ געקוקט, האָט זיך לאַנג געשפּיגלט אין זײַן
פּנים, אים נישט אָפּגעלאָזט פֿון זיך בעשום-אויפֿן, אַלץ געקוקט
אויף אים און געקוועטשט אים די האַנט, אים געדאַנקט. אויפֿן אַנדערן
טאָג, וואָס איז שיין. קומט אַ שאַליעך ווידער פֿונעם גראַף און רופֿט
אים אין פּאַלאַץ אַרײַן גאָר אויף אַ שום טערעץ. וואָס טוט מען? סע
העלפֿט אָבער נישט; אַז דער גראַף רופֿט, קאָן מען קיין דאָוואָר-אַכער
נישט זײַן און מע מוז גיין. צום סאָף לאָזט זיך אויס אַ מײַסע — ווער,
וואָס? דער גראַף איז גאָר נישט געווען אין דער היים, נאָר זי, די גראַ-
פֿיניע ימאַכ-שמאָ; זי איז אַרויסגעגאַנגען אַקעגן י ו י ע ל-ד אָ ו י ד ן
מיט זײַנע מעשוירערים אין אויסגעסטראָצלטע, באַהאַנגען מיט גאָלד
און מיט דימענטן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, און דערלאַנגט אים די האַנט
מיט זייער אַ פֿרײַנטלעכער מינע, גלײַך ווי זי וואָלט שוין געווען מיט
אים באַקאַנט מי-יעדייע פֿון וועגן אָן. די מעשוירערים האָט זי געבעטן
מעכילע, זיי זאָלן צוואַרטן אַ ווײַלע אין זאַל, און אים האָט זי אַרײַנ-
געפֿירט צו זיך אין איר ביידער אַרײַן, אַנידערגעזעצט אים אויף אַ טײַערן
סאַמעטענעם דיוואַן, מעכאַבעד געווען אים, וואָס איז שיין, מיט זיסע
שפּײַזן און מיט טײַערן פּראַנצווײַן אויף גילדערנע קיילים. ער האָט זיך
פֿון די זיסע שפּײַזן אָפּגעזאָגט, און דעם ווײַן, געווייגטלעך, נישט גע-
וואָלט טרינקען בעשום-אויפֿן; וויפֿל זי האָט אים נישט געבעטן, עס
האָט איר נישט געהאָלפֿן. אַז די גראַפֿיניע ימאַכ-שמאָ האָט דערזען,
אַז ס'איז שלעכט, האָט זי אים אָנגעכאַפּט בײַ דער קאַפּאָטע, אַזוי ווי
פּוטיפֿערע האָט אָנגעכאַפּט אַמאָל יויסעף-האַצאַדיק... און י ו י ע ל-
ד אָ ו י ד איז אַנטלאָפֿן פֿון דאָרט קוים מיטן לעבן. פֿון דעמלט אָן,
דערציילט מען, איז זי געוואָרן נאָך מער מאַרשאַס, און אַז זי האָט
דערזען אַ ייִדן, פֿלעגט זי ווערן, וואָס איז שיין, אָנגעצונדן, און
האָט אַרויפֿגעפֿירט דעם גראַף אויף, ער זאָל ווערן אַ סוינע-ייִסראָעל.
און מיטן ב אַ ל ע ב ע ס ל האָט זי זיך אָפּגערעכנט אויף אַן אַנדער
אויפֿן. עס האָבן זיך געפֿונען אַזעלכע לײַט, טאַקע צווישן אונדזערע
ייִדעלעך, וואָס האָבן פֿאַר געלט אָוועקגעקוילעט אַ מענטשן. וואָס, מיינט
איר, האָבן זיי געטאָן? זיי האָבן אים אײַנגעגעבן אַזאַ געטראַנק און
האָבן אים אָפּגעסאַמט די שטימע. דאָס ב אַ ל ע ב ע ס ל נעבעך, וויבאַלד

ער איז געבליבנ אָנ א קאָל, איז ער אַרײַנגעפאַלנ אינ א שרעקלעכער מאָרע-שכוירע אונ איז געוואָרנ, וואָס איז שײַנ, אַפּ אַלע סאָנימ. ער האָט זיכ נאָכדעמ ארומגעשלעפּט איבער דער וועלט, אָפּגעריסנ, אָפּגע-שליסנ, נישט רעדנדיק צו קײנעמ א וואָרט. אָט אַזוי האָט זיכ אויסגע-לאָזט דער סאָפּ פונעמ ווילנער באַלעבעסל, אונ אַלצ איבער איר, ימאַכ-שמאָ!"...

בא יאָסעלענ אינ הארצנ האָבנ די מײַסעס אָנגעמאַכט א גאַנצע באַסײַנ: „באַלעבעסל", „פֿידעלע", „קאַנאַריק", „גראַפּיניע", „פּויטו-פערע" אובעדוימע אזעלכע בילדער זענענ אימ נישט ארויס פונ קאָפּ, אונ דאָס הארצ האָט אימ קעסײדער געצויגנ אהינ, צו פ י צ י נ, צו נ י ס י נ, צו י ע ר ו כ ע מ ע נ! עס איז אימ שוינ געגאַנגענ דאָס צענטע יאָר. נאָכ א יאָר, נאָכ א יאָר ווערט ער באַרמיצווע, אונ דער טאַטע שיקט אימ אַפּ אַהינצו. די גאַנצע וועלט איז פאַר אימ פול געווענ מיט פאַרשידענע קוילעס אונ געזאַנגענ. כאַזאָנימ אונ מעשוירערימ זענענ אימ קײנמאָל פונ קאָפּ נישט ארויסגעקראָכנ, אונ אינ דער צײַט, ווענ דער רעבע האָט געהאָרעוועט איבער אימ מיט נאָכ טאַלמידימ אַפּ דער געמאָרע, — דעמלט פלעגט זיכ יאָסעלע גאָר פאַרגעסנ אָנ דעמ רעבנ מיט דער געמאָרע, אונ עס פלעגט זיכ בא אימ אָפּטמאָל ארויסרײַסנ פונעמ האַלדז א קוויטשל, א פײַפּ אָדער אַזוי א מעשונעדיק קאָל, ווי א קריי פונ א האָנ, גאָר אלײנ נישט ווייסנדיק וואָרום. דערבײַ פלעגט אימ, געוויינלעכ, דער רעבע אראָפּלאָזנ א שײנעמ פּאַטש: „דאָרטנ, מיטנ טאַטנ באַמ אָמעד, וועסטו קרייענ, ניט דאָ!"...

באַמ אָמעד האָט יאָסעלע אונטערגעהאָלפנ דעמ טאַטנ נאָר יאָמימ-נויראָימ, אונ דאָס איז פאַר אימ געווענ דאָס בעסטע שטיקל צײַט: ערשטנס, וואָס מע האָט אימ אָפּגענומענ פונעמ כײדער פריער מיט א כוידעש, אונ צווייטנס — דאָס זינגענ: דאָס זינגענ איז בא אימ געווענ זייער טײַער. דאָרטנ, באַמ אָמעד, האָט ער שוינ פאַר קײנ פּעטש קײנ מוירע ניט געהאַט; דאָס העלדזל איז אימ געווענ פרײַ, אונ ער האָט זיכ געקאָנט אָנשרײַענ, וויפל דאָס הארצ האָט געגלוסט. אינאײנעמ מיט שמוליקס האַלדז האָט זיכ יאָמימ-נויראָימ באַמ אָמעד געלאָזט הערנ אויכ יאָסעלעס פײַפנדיק קעלכל, אונ דער אוילעמ האָט אָנגעקוואָלנ פונ זיי ביידנ. מעוויינימ האָבנ אַפּ אימ געזאָגט, אַז ער וועט זײַנ א קײלע-שליימע אונ וועט אַמאָל אריבערגײנ דעמ טאַטנ זײַנעמ. שמו-ליק אָבער האָט דערפונ געהאַט ווינציק-וואָס נאַכעס; עס איז אימ נישט אײַנגעגאַנגענ דער קאָוועד, זעענדיק, אַז יאָסעלע וואַקסט אינ שטויבער ארײַנ, אונ ער קאָנ אימ גאָרנישט העלפנ. שמוליק דער

כאַזנ, כאָטש ער איז געווענ אינ שטאָט זייער אָנגענומענ, פונדעסטוועגנ האָט דאָס אימ נישט געשאַדט צו זײַנ א קאַפּצנ, ווי אלע מאַזעפּעווקער קלייקוידעש, וואָס באַדאַרפנ אַרויסקוקנ אַפּ די דאָרטיקע האַכנאָסעס, מ'שטיינס-געזאָגט. אינ מאַזעפּעווקע, ווי עס איז באַוווסט, איז דאָס סבירעס אלײנ, וואָלטנ זיי געמעגט, ווי מע זאָגט, פאַרוואַרפנ די ציינ אַזוי גרויס. דער דאָזיקער אויליעמ זאָלנ דאַרפנ אַרויסקוקנ אַפּ דאָס סבירעס אלײנ וואָלטנ זיי געמעגט, ווי מע זאָגט, פאַרוואַרפנ די ציינ אַפּ די באַנטעגנעס; דער איקער איז בא זיי די האַכנאָסע, די זײַטיקע האַכנאָסעס, דאָס קערבל, וואָס פאַלט אַרײַנ מינ-האַצאַד. די דאָזיקע זײַטיקע האַכנאָסעס דאָס זענענ: די „שיסל“, וואָס מע שטעלט ערעוו יאָמקיפּער אינ שול, דאָס „כאַנעקע-געלט“, דאָס „פּורימדיקע שאַלאַכ-מאָנעס“, דער „בע-ע-עבור“ [1] אַפּ אלע סימכעס אוכעדוימע. שמוליק דער כאַזנ מעג זיכ האָבנ א זעלטענעמ האַלדז אונ אויסשטעלנ א זאַכ, ווי נ י ס י, ווי פּ י צ י אונ אַפילע ווי י ע ר ו כ ע מ-ה א ק אָ ט נ, נאָר אַז עס קומט כאַנעקע, מעג ער זיכ, נישקאָשע, נעמענ א שטעקנ מיטנ לאַמטערנ אונ אַרויסגיינ א ביסל איבער דער שטאָט, ווינטשעווענ יעדנ באַזונדער „דערלעבנ איבעראיאָר“ אונ נעמענ... א נעדאָווע. אויכ פּורימ מעג אימ אָנשטיינ נעמענ א שאַל, אַרײַנלייגנ אַהינצו א צוקער-לעקעכל מיט א שטיקל פלאָדנ אונ אַרומשיקנ פונ איינ באַלעבאָס צומ אַנדערנ אונ נעמענ פאַר דעמ דאָזיקנ שאַלאַכ-מאָנעס... א נעדאָווע.

III

## וויאַזוי שמוליק באַקענט זיכ מיט זײַנ שכיינע זלאַטע די צעלניקערנ, אונ זייערע קינדער— צווישנ זיכ

האָבנ אָנ אייגענע שטוב האָט אינ מאַזעפּעווקע נישט קיינ קליינע ווערט; א נאַכלע, א לאָכ, א זעמליאַנקע — אַבי ס'איז אייגנס, אונ מע באַדאַרפ נישט אָנקומענ צו יענעמ, קריכנ אינ שכיינעס אַרײַנ. זלאַטע די צעלניקערנ האָט זיכ געהאַט איר אייגנ שטיבל, אַפילע נישט קיינ געהויבענע פּאַלאַצנ, נישט קיינ סאַכ פּאָקאָיעס, — א דרײַ כאַדאָרימ נידעריקע, אײַנגעבויגענע, מיט שפּיציקעוואַטע ווינקלענ, אונ א קיכ, אָנ א הויז, אָנ א הויפ אונ אָנ א שומ שטעלכל בא דער האַנט, נאָר

1 „באַוואָור“.

א בוידעמ אונ גענוג. נאָר דאָס וואָלט נאָכ געווענ נישקאָשע, ווענ דער דאכ זאָל זײַנ א דאכ. עס איז אָבער גאָר קײנ דאכ ניט; מ'שטײנס-געזאָגט, א צוויי קראָקוועס מיט א ביסל ערד אונ מיט א ביסל שוואַרצע שטרוי איבערגעדעקט, ערטערווײַז באַוואַקסנ מיט גרינע פּעטשעריצעס, אַזוי אַז פונדערווײַטנס זעט אויס די שטוב ווי א סוקע, באַדעקט מיט גרינעמ סכאַכ. נאָר דאָס וואָלט נאָכ אַלצ געווענ אָנ אַנ אומגליק, ווענ דער גראַפּ, דער פֿאַרעצ פונ דער שטאָט, זאָל ניט דערקוטשענ מיט זײַנע כעפּציעס: אימ ווילט זיכ, די גאַנצע שטאָט זאָל זיכ איבעראַנײַס דערקנ מיט אײַזנ, מיט שינדל אָדער, לעכאָל-האַפּאָכעס, מיט האָלצ, אונ קײנ שטרוי זאָל גאָר ניט געדאַכט ווערנ. זלאַטע די אַלמאָנע האָט זיכ גענוג אָנגעמאָנ א קיעכ, ביז זי האָט צונויפ-געשלאָגנ א גראָשנ מיט א גראָשנ אונ האָט זיכ געשטעלט דעקנ איר נאַכלע. נאָר דאָ האָט זיכ ארויסבאַוויזנ גאָר א נײַער אומגליק: נאָר-וואָס מע האָט זיכ אַנידערגעשטעלט צעוואַרפנ דעמ דאכ, לויפט ארײַנ צו זלאַטענ אינ שטוב ארײַנ שמוליק דער כאַזנ מיט א גוואַלד.

— רעציייעכטע! אינ גאָטעס ווילנ, וואָס טוט איר דאָס? איר ווילט מיכ, וואָס איז שײַעכ, מאַכנ אומגליקלעכ? וואָס האָט איר צו מיר? געהאָרעוועט, געהאָרעוועט, קוימ דערלעבט זיכ א שטיקל נאַכלע, קומט איר אונ מאַכט פונ מיר א טעל!

— אָט האָסטו דיר די אַנדערע טעג יאָמטעוו! וואָס פאַר א טעל? — פרעגט אימ זלאַטע פאַרוווּנדערט. — ווער טשעפּעט אײַכ מיט אײַער נאַכלע?

— איר פרעגט נאָכ, ווער טשעפּעט מיכ? — האָט זיכ שמוליק צעלאָזט גאָר אָפּ אַנ אַנדער אויפנ. — א ייִדענע בלײַבט א ייִדענע: לאַנגע האָר — קורצער סייכל.

— אָט ווייסט איר, וואָס איכ וועל אײַכ זאָגנ? — האָט אימ זלאַטע געענטפערט, ארײַנקומענדיק אינ קאַעס ארײַנ. — כאָטש איר זענט כאַזנ אינ דער קאַלטער שול, פונדעסטוועגנ, איר זאָלט אָפּ מיר קײנ פאַריבל ניט האָבנ, וואָס איכ זאָג אײַכ דעמ עמעס: זײַנט גאָט האָנדלט מיט נאַראָנימ, האָט ער נאָכ אַזא נאַר, ווי איר זענט, נישט באַשאַפנ.

— זענט איר נאָכ, הייסט דאָס, אַנ אַזעס-פּאָנעמטע אויכ? — האָט זיכ שמוליק צעפלאַקערט. — לוי-דײַ, וואָס איר צעוואַרפט מיר מײַנ שטוב, מאַכט פונ מיר, וואָס איז שײַעכ, א טעל-אוילעמ, האָט איר נאָכ א האַזע צו זידלענ אַנ ערלעכנ ייִדנ? איכ האָב שוינ געהאַט

אַפֿ מײַנ לעבנ אַלערלײ שכײנימ אונ שאַלנטעס, װאָס איז שײנער, טפֿו זאָל דאָס װערנ!..

— טפֿו זאָלט איר בעסער װערנ מיט אַלעמענ, װאָס ס'איז אײַנ ליב הײַנטיקנ טאָג, ריבױנע-שעל-אױלעמ, עס זאָל זיכ אָנקלעפּנ אָנ אײַכ, אונ װי איכ האָב ערגעץ א סױנע, ליבער גאָט! איכ בינ אױכ, באָרעכ-האַשעמ, געװעסנ אינ שכײנעס אונ האָב נאָכ אזא מינ באַגעגעניש ניט געטראָפֿנ, זינט איכ לעב, זינט איכ שטײ אַפֿ מײַנע פֿיס! װי פֿאַרגינט זיכ דאָס א ייִד אַרײַנקומענ צו יענעמ אונ אזױ אָנכאַפּנ אַנ אַלמאָנע אונ שפּײַענ יענעמ אינ פּאָנעמ אַרײַנ פֿלוצעמ פֿונ דער העלער הױט?!..

— שששא, שאַט נאָר, װאָס טוט זיכ דאָ? — האָט זיכ אַרײַנגע-מישט, אַרײַנלױפֿנדיק א דערשראָקענע, זעלדע די כאַזנטע, א נידעריקע, א שװאַרצע ייִדענע מיט זײער שײנע גוטע אױגנ. — װאָס איז דאָ באַ אײַכ פֿאַר קױלעס?

שמוליק מיט זלאַטענ האָבנ זיכ בײדע צעלאָזט צו דער כאַזנטע אױסדערצײלנ איר דאָס מאַכלױקעס, װאָס איז צװישנ זײ פֿאָרגעקו-מענ; נאָר מאַכמעס זײ האָבנ בײדע געשריגנ, איבערשלאָגנדיק אײנס דאָס אַנדערע, דעריבער האָט זעלדע ניט געקאָנט פֿאַרשטײנ, װער ס'איז דאָ גערעכט אונ װער ס'איז אומגערעכט.

— װײסטו װאָס, שמוליק? דו גײ אַהײמ, דאָרט האָב איכ דיר צוגעגרײט א גלעזל ציקאָריע, אונ איר, זלאַטעניו, זעצט זיכ אָקאָרשט צו אָט דאָ מיט מיר אַפֿ דער באַנק, װעלנ מיר שמועסנ פּאַװאָלינקע, צו װאָס טױגנ די געװאַלדנ? די גאַס װעט זיכ צונױפֿלױפֿנ, מע װעט מײ-נענ, כאָלילע, אַז מע קױלעט דאָ מענטשנ אינמיטנ העלנ טאָג!

ערשט, אַז שמוליק איז אַװעקגעגאַנגענ אונ זלאַטע מיט זעלדענ האָבנ זיכ א ביסל פֿאַנאַנדערגערעדט, איז מענ געקומענ צו א שטיקל טאָלק. די מײַסע דערפֿונ איז אזױ: זלאַטע דער אַלמאָנעס שטוב מיט דער אַנדערער שטוב, װאָס שמוליק דער כאַזנ האָט ערשט ניט לאַנג געקױפֿט באַ רעב שאָלעמ-שאַכנע דעמ שױכעט אַפֿ אױסצאָלנ, זענענ געװענ בעסאַכאַקל מיט א װאַנט אָפּגעטײלט; דאָס הײסט, עס איז, אײגנטלעכ, געװענ אײנ שטוב, איבערגעצאַמט מיט עטלעכע ברעט-לעכ אונ איבערגעדעקט מיט אײנ דאַכ. דאָס פֿאַרשטײט מענ שױנ אַלײנ, אַז אָנרירנדיק די ערשטע קראָקװע, איז אײַנגעפֿאַלנ דער גאַנצער דאַכ, פֿונ שמוליקס שטוב אױכ — אונ דערפֿאַר איז דאָס שמוליק אַרײַנגע-פֿלױגנ אזױ צעקאָכט. זלאַטע מיט זעלדענ, װאָס זענענ געװענ באַקאַנט פֿריִער פֿונדערװײַטנס (װײַל זלאַטע האָט זיכ געהאַלטנ פֿאַר א מעיוכע-

סעס: פאָרט רעב אווראָמלס שנור, ווי וויַטער וועט שטיינ), האָבנ זיכ
נאָכ דעמ דאָזיקנ שמועס אזוי באפריַינדעט, אז זיי זענענ געוואָרנ
גיכ נעפעש-אכאָס, גאָר ווי אנדערע צוויי. דעמ דאָנ — איז געבליבנ —
זאָל מענ רעקנ בעשוטפעס, וועט קאָסטנ א סאַכ וועלוועלער, אונ דער בוי-
דעמ מעג אויכ זיינ א בעשוטפעסדיקער; נישקאָשע, מענ איז, באָרעכ-
האשעמ, באגלייבט אייננס באמ אנדערנ פונ צו גאנווענענ כאַלילע.

— איַיער מאנ, — האָט זלאטע געזאָגט צו זעלדענ, — איז א קאָ-
שערער ייִד; ווער ווייסט עס נישט? נו, אונ איר, זעלדע, זענט אויכ
נישט, כאַלילע, פונ די וויַיבער, וואָס זאָלנ זיכ ראַרעווענ אפ א פרעמדע
ציבעלע.

— אונ איר, — האָט זעלדע דערויפ געענטפערט זלאטענ, —
באדארפט נישט כאַלילע מיַינ זעקל קאַרטאָפליעס; איר מיינט, מע קענ
אייַכ נישט? מע ווייסט גאנצ גוט, ווער איַיער מאנ איז געווענ אונ פונ-
וואַנענ איר שטאַמט. ס'איז א שטיקל סוואַרע, אז מיַינ מאַמע, זאָל
זי האָבנ א ליכטיקנ גאנייערנ, איז געווענ בא איַיער באבע עסטערל אנ אָפ-
טע איַינגייערנ, דאָס הייסט, זי פלעגט איר אייַנקויפנ אינ שטוב אַלערײַנ
אלדאָס גוטס. אונ א שטוב איז בא איַיער באבענ געווענ, האלעוויַי
כאָטש האלב אפ אלע ייִדישע באַלעבאָסטעס! דאָס הייסט ראָכ איַיער
טאָכטער נאָכ איר, מיַינאַסטאַמ?

זלאַטע האָט זיכ אזש צעוויינט פאר וויַיכקייט פונ זעלדעס רייד,
אונ עס איז פונ דעמלט אָנ געוואָרנ צווישנ זיי א מוירעדיקע ליבשאפט.
אויכ זייערע קינדער זענענ צווישנ זיכ געוואָרנ גאנצ נאָענט; שמוליקס
זונ, יאָסעלע, אונ זלאטעס טאָכטער, עסטער, זענענ שוינ טאָמיד
געווענ אינאיינעמ, קימאַט ווי אינ איינ שטוב געוואַקסנ. שפּעטער, אז
זעלדע איז געשטאָרבנ אונ יאָסעלע איז געבליבנ א יאָסעמ, זענענ
די קינדער נאָכ מער צוגעלאָזט געוואָרנ איינער צומ אנדערנ. „אומ-
גליק, — זאָגט מענ, — בינדט צונויפ, שלעכטיקייט מאכט פריַינט-
שאפט"...

קאַלזמאַנ זעלדע האָט געלעבט, האָט שמוליק דער כאזנ פונ קיינ
נויט נישט געוווּסט: ער האָט זיכ ווי-עס-איז דורכגעשלאָגנ אונ גע-
לעבט, ווי א סאַכ אנדערע לעבנ דאָרטנ. נאָר עס האָט אימ פּלוצעמ
געטראָפנ א גרויסער אומגליק: זעלדע זיַינ וויַיב איז אימ אָפגעשטאָרבנ!
זעלדע די כאזנטע איז געווענ א קאָשערע, אנ ערלעכע ייִדענע; איר
פּלוצלעכ אָפשטארבנ איז געווענ פאר אירע אלע באקאנטע א גרויסער
בראָכ, אונ פאר שמוליקנ איז דאָס געווענ אזא אומגליק, אז ער האָט
געשוואָרנ פאר אנ איידע ייִדנ, אז ער וועט נישט אויסהאלטנ, ער

וועט נאָכ זעלדענ געווים נאָכשטארבנ. ס'איז גאָר נישטאָ וואָס צו רעדנ! אונ פונ כאסענע האָבנ שמועסט מענ ניט: „וואָס איז שײַנער? ווענ בא אימ וועט אויסוואקסנ האָר אפ דער דאָלאָניע, דעמלט וועט ער כאסענע האָבנ נאָכ זעלדענ!“ אזוי האָט שמוליק געזאָגט בעשאס שיווע זיצנ. עס האָבנ זיכ אָבער געפונענ אזעלכע, וואָס האָבנ אימ שטארק דעקוטשעט, גייענדיק צו אימ טאָג אפ טאָג אונ אײַנטײַנענדיק מיט אימ: „איר ווילט, אפאָנעמ, רעב שמוליק, זײַנ קליגער פונ דער גאנצער וועלט אונ גייג אקעגנ דעמ מיגהעג-האָוילעמ? די וועלט איז שוינ אזוי געשטעלט געוואָרנ איינ מאָל פאר אלע מאָל, אז א מאנצביל טאָר ניט זיצנ אלײנ, אונ איר ווילט זי מיט אײַער כאָכמע איבערמאכנ?“ די דאָזיקע לײַט האָבנ איבער שמוליקנ אזוי לאנג געטײַנעט, ביז ער איז א פאָר וואָכנ נאָכ שלוישימ זיכ דורכגעפאָרנ מיט רעב קאלמענ שאדכנ קיינ באַרדיטשעוו אונ גאָר גיכ געבראכט מיט זיכ א יידענע מיט א טערקישנ שאל... באַרדיטשעוו, דאנקענ גאָט, איז באוווסט אפ דער וועלט פאר אזא מאָקעמ, וואָס דאָרט קאָנ מענ איינ גלײַכנ געלט אָפזוענ די דאָזיקע סכוירע, דאָס הייסט — אנ אלמענ, א גאָרוש, א באָכער, — וואָס עס מאכט זיכ. באַרדיטשעוו, באָרעכ-האשעמ, איז אנ ארץ מבורכת 1, זי פארזאָרגט די אלע איבעריקע שטעט פונ יענער געגנט מיט ווײַבער פונ קאָל-האמינימ: אלמאָנעס, גרושעס אונ בסולעס. — ווי עמעצנס גוסט. אהינצו איז עס כאפט זיכ אראָפ אנ אלמענ, הייבט מענ אימ אָנ ארומצופירנ איבער די הײַזער, באווײַזנדיק אימ סכוירע פונ וואָס אנ אויג קאָנ זענ, אונ זײַט זיכער, ער וועט זיכ שוינ זײַנ גלײַכנ אָפזוכנ, ער וועט האנדלענ די מעציע אונ צוריקפאָרנ שוינ אינצווייענ... אהינצו האָט זיכ אויכ ארײַנגעכאפט אונדזער שמוליק; כעוורע האָבנ מיט אימ קיינ לאנגע שיעס ניט געמאכט — א וואָרט אונ צוויי אונ א כופע. אָנקוקנדיק די יעפייפיע זײַנע, אזוי, כאפנדיק, אפ איינ פוס, ביכדיי מע זאָל קאָנענ קומענ צוריק אהיימ אפ שאבעס, האָט שמוליקנ אויסגעוויזנ, אז ער האָט, באָרעכ-האשעמ, געטראָפנ גאנצ נישקאָשעדיק: „א יידענע. וואָס איז שײַנער? ווײַזט אויס א לײַטישער מענטש, באדארפ זײַנ נישט קיינ שלעכטע בענאטור, רעדט אזוי בענימעס, שמייכלט“... ערשט קומענדיק אהיימ אינ א פאָר וואָכנ ארומ, האָט זיכ נעבעכ שמוליק ארומגעקוקט, וואָס פאר א צאָרע, וואָס פאר א שלאק-פוראָניעס גאָט האָט אימ באשערט: גרוי אונ אלט האָט זי אימ געמאכט פאר דער צײַט. שמוליק איז בא איר אויסגעריסנ

1 ערעצ מעוורעכעס—א געבענטשט לאנד.

געוואָרנ אונ האָט געהאַט באַ איר אַ וויסט עלטער. אונ יאָסעלע נעבעכ איז אָפּגעקומענ אָפּ אַנ אַנדער אויפנ. ער איז איר געווענ גרויס אינ די אויגנ, געשטאַנענ איר ווי אַ ביינ אינ האַלדז. „דאָס יינגל, — האָט זי אַלצ געטײַנעט, — וועט מיכ נאָר אינ דער ערד אַרײַנטרײַבנ, סאָנע-ציִענ! פונ אינדערפרי ביז אָפּדערנאַכט וויסט דאָס נאָר עסנ אונ געננוג! דאָס מויל מאַכט זיכ אים נישט צו אָפּ קיינ מינוט, אונ איז נאָכ אַנ אומעס-פּאָנעמ אויכ: אַז מע זאָגט אים, וויינט ער נאָכ, פּעסטעט זיכ, דאָס ציטעריקע קינד!". גאָט ווייסט, ווו יאָסעלע וואָלט אַצינד אָנגעשפּאַרט, ווענ ניט שמוליקס שכיינע, זלאַטע די צעלניקערנ, מיט איר הויזגעזינד, וואָס האָבנ זיכ אָנגענומענ די קריוודע פונעמ דאָזיקנ אומשולדיקנ יאָסעמ.

IV

## זלאַטע די צעלניקערנ אונ איר טאָכטער עסטער

זלאַטע די צעלניקערנ האָט זיכ גערעכנט נאָכ פאַר איר מאַנס לעבנ פאַר איינע פונ די באַרימטסטע קרעמערנס, נישט נאָר אינ מאַזעפּעווקע אַליינ, נאָר אויכ אינ דער גאַנצער סוויווע פונ מאַזעפּעווקע; איר נאָמענ איז געווענ באַוווסט אָפּ אַלע גרויסע יאַרידימ. — אינ דער צײַט, ווענ מע האָט נאָכ באַ אַלע פעלקער צו טאָנ מיט דער שײַלע, צי איז די נע-קייווע אויכ עפּעס אַ מענטש, דאָס הייסט, צי מע מעג איר עפּעס געבנ אַנ אַרבעט אינ דער האַנט, צי איר אייסעק איז טאַקע נאָר די שטוב, דאָס טעפּל, די קינדער אונ דעסגלײַכנ; דעמלט ווענ גרויסע מענטשנ זיצנ אונ ברעכנ זיכ דעמ מויעכ איבער דעמ איניענ שוינ היפּשע עטלעכע יאָר, איבערפירנדיק אַזויפיל פּאַפּיר אונ טינט — שטייענ זיכ די מאַזעפּעווקער ייִדנ פונדערווײַטנס אונ מאַכנ כויזעק פונ זיי-ערע אַלע האַמצאָעס אונ אופטועכצנ, דענ באַ זיי אינ מאַזעפּעווקע שפּילט די ייִדענע פונ קאַדמויינימ פּונקט אַזאַ ראָליע, ווי דער ייִד, אונ די באַלעבאָסטע איז ניט קלענער פונעמ באַלעבאָס. אַדערבע, מע קאָנ זאָגנ, אַז קימאַט דער גאַנצער מיסכער אינ מאַזעפּעווקע געפינט זיכ באַ די ווײַבער אינ די הענט. עס טרעפט זיכ דאָרטנ גאַנצ אָפט, אַז דאָס ווײַב פאַרשטעלט דעמ מאַנ מיט איר נאָמענ לאַכלוטנ. עס געפינענ זיכ אַזעלכע מאַנענ, וואָס קימאַט מע ווייסט זיי גאָרנישט; מע קענ נאָר „זי" אונ געננוג. זלאַטע די צעלניקערנ איז געווענ איינע פונ די דאָזיקע ווײַבער, וואָס זענענ באַקאַנט מיט דעמ נאָמענ „אייִשעס-

כאַיל". אינ שטאָט האָט זלאַטע שטענדיק געהײסנ, אַפילע פאַר איר מאַנס לעבנ, „זלאַטע די צעלניקערנ", ניט זלאַטע לײװיס, אַפ איר מאַנס נאָמענ; אַדעראַבע, לײװי האָט געהײסנ אַפ איר נאָמענ — „לײװי זלאַטעס" דאָס הײסט: לײװי, װאָס איז דער מאַנ פונ זײַנ װײַב זלאַטע... אַזױ איז געװענ מיט זלאַטעס מוטער אױכ; „באַסיע די האַרטאָװניצע" האָט מענ זי גערופנ. זי איז אַלײנ געװענ אַנ אײשעס-כאַיל אונ האָט אױכ אירע טעכטער געמאַכט פאַר „אײשעס-כאַילס", ביכדײ זײ זאָלנ קאָנענ געבנ אַ מאַנ ברױט... אײדעמס האָט זיכ באַסיע די האַרטאָװניצע געקריגנ אַנטיקלעכ, צאַצקעלעכ, זײַדענע קינדער אונ מעיוכאָסימ. פאַר יִכעס האָט באַסיע געצאָלט אינ טאָג אַרײַנ. פאַר איר אײדעמ לײװי, זלאַטעס מאַנ, האָט זי געצאָלט צװײ מאָל נאַחנ, אַבי באַקומענ אים פאַר אַנ אײדעמ, מאַכמעס לײװי איז געװענ רעב אורעמל סלאַװוטערס אַ זונ, אונ רעב אורעמל סלאַװוטער איז געװענ אײַנגעטונקענ אינ יִכעס, אױסגעבונדנ קימאַט מיט אַלע גוטע-יִדנ. בעטעװע איז לײװי געװענ טאַקע זײער אַ װױלער יונגערמאַנ, נאָר נישט קײנ געזונטער, אַ יאַדעשליװער, עפּעס אַלצ גע-הוסט, געהוסט, ביז ער איז געשטאָרבנ, איבערלאָזנדיק זלאַטענ אַ יונגע אַלמאָנע מיט דרײַ פיצלעכ קינדער: עסטער — אַ מײדל פונ אַ יאָר אַכט, אונ צװײ בײדער-יִנגלעכ — עפראַיִמ אונ מענאַשע.

עסטער איז געװענ אַ באַס-יעכידע בײַ איר מאַמע, נאָר טנועס פונ אַ באַס-יעכידע האָט זי נישט געהאַט, דערפאַר װײַל זי האָט שױנ בײַ אירע עלטערנ ניט „זאַזנאַיעט" קײנ גוטע צײַטנ. זינט זי איז צו איר סײכל געקומענ, געדענקט זי נאָר שלעכטס אונ טרױעריקס: דער טאַטע שטעלט זיכ איר אַנדערש ניט פאָר, װי נאָר פאַרזאָרגט, פאַרקרענקט אונ פאַרכױשעכט, אונ די מאַמע איז שטענדיק פאַרנומענ מיט דער קראָמ, האָט קײנמאָל קײנ צײַט ניט, טאָמיד בײז, שטענדיק פאַרשאָלטנ זיכ אונ דעמ טאָג, װאָס זי איז געבױרנ געװאָרנ אַפ דער װעלט. צו דרײַצנ יאָר איז איר עסטער געװענ שױנ אַ גאַנצע הילפ אינ קלײט, פריִער אַכטונג געבנדיק גלאַט אַזױ, מע זאָל נישט גאַנװענענ, אונ נאָכדעמ רעדנ מיט אַ קונע, דערלאַנגענ אַ שטיקל סכױרע, אונ שפּעטער טאַקע העלפנ צומ געשעפט, לײזנ געלט. עסטער האָט געשעמט אינ שטאָט פאַר אַ גרױסנ באַרדאַס, אַ בעריע צומ געשעפט אונ אַ פײַנע באַלעבאַבטע. װו האָט זיכ עסטער אױסגעלערנט שרײַבנ אונ רעכענענ? — בײַ מאָטל שפּרײַז, װאָס האָט אױסגעלערנט אַלע מאַזעפּעװקער מײדלעכ לײענענ אינ שרײַבנ אונ רעכענענ. עס איז אינ מאַזעפּעװקע גלאַט קײנ נאָװינע ניט, װאָס עס װאַקסנ אױס קינדער זײער גראָטענע

און קאָנענ אלצדינג, נישט לערנענדיק זיכ אינ ערגעצ, נאָר „פונ זיכ אליינ"...

קאַלמאַנ ליוויו זלאַטעס האָט געלעבט, האָט ער, ווי א געטרײַער טאַטע און ווי אַנ איידעלער מענטש, א ייִד פונ לערנענ, אוואַדע געוואָלט, אז עסטער זאָל זײַנ א וווילקענענדיקע, און לויט זי האָט זיכ ארויסבאַוויזנ נאָכ קינדווײַז, האָט ליוויו גאָר אַנדערש בישט גערעכנט, אז עסטער וועט, אימ-ירצע-האשעמ, זײַנ א מיידל מיט אלע מײַלעס, ניט ווי אלע מאַזעפּעווקער מיידלעכ. געוויינלעכ, איז דאָס שוינ ניט אָנגעקומענ אזוי גרינג, מאַכמעס זלאַטע זײַנ ווײַב, וואָס איז בא אימ טאָמיד געגאַנגענ אינ ספּאָדעק, האָט דערופּ אזוי גיכ נישט געקאָנט מאַסקימ זײַנ: „נא דיר גאָר נאָכ, — האָט זי געטײַנעט מיט ליוויונ, א נעקייווע א לאַמדנ, א הונ קרייט קוקאַריקו, ב'לעבנ, נישט מיעס!"... אָפּ אליצ האָט זיכ ליוויו אונטערגעגעבנ זלאַטענ זײַנ ווײַב, נאָר אינ דעמ איניענ האָט ער זיכ געשטעלט שטאָל און אײַזנ: איינ מאָל פאַר אלעמאָל, עסטער באַדאַרפ זײַנ א מעלומעדעס! נאָר דער מענטש טראַכט, און גאָט לאַכט: עס איז ליוויונ נעבעכ ניט באַשערט געוועזנ זײַנ מאַכשאָווע אויסצופירנ, דיענ ער האָט זיכ נאָכ עטלעכע יאָר באַרעניש מיט דער גוטער קרענק, מיט דער טשאַכאָטקע, ראַכמאָנעליצלאָנ, געמוזט אָפּזעגענענ זיכ מיט דעמ לעבנ צו עטלעכע און צוואַנציק יאָר, איבערלאָזנדיק זײַנ ליבע, טײַערע עסטער אָפּ זלאַטעס הענט.

עסטער האָט דעמלט שוינ מער ניט געקאָנט אינ זינענ האָבנ דאָס לערנענ און דאָס שרײַבנ; דאָס ביסל, וואָס זי האָט געקאָנט, איז איר פאַרבליבנ, און דאָס איבעריקע איז זי שוינ דערגאַנגענ אליינ, רײַבנדיק זיכ צווישנ סאָכרימ. און עסטער האָט דערמיט אינ מאַזעפּעווקע שטאַרק אויסגענומענ. רעב קאַלמענ שאַדכנ האָט זיכ נישט געשעמט דאָס איר אינ די אויגנ צו זאָגנ איינמאָל, ארײַנקומענדיק צו זלאַטענ אינ קלייט ארײַנ.

— הערסטו, — האָט זיכ רעב קאַלמענ געווענדט צו זלאַטענ, סמאָרענדיק מיט דער נאָז און קלוימערשט קוקנדיק אָנ א זײַט, — הערסטו, זלאַטע, דו האָסט דאָכ שוינ א היפּשע מויד האָסטו, און א געראָטענע דאַפקע, א פאַרשוינ, קיינ אײַנהאָרע, אינ א בעריע-ניפלאָע, זאָגט מענ. וויפל איז זי אלט? הא? שוינ צײַט א טראַכט טונ עפּעס מיקויעכ א שידעכ, ווי זאָגט ער... א שיינ מיידל איז א האַלבער נאַדאָנ, הא?

— וויים איכ! — האָט אימ זלאַטע געענטפערט מיט א צופרידנ

שמייכעלע. — וואָס כאַפּסט איר זיכ אַזוי? ס'איז נאָכ דאָ צײַט; לאָז זי נאָכ הוליענ...

אונ עסטער האָט געהוליעט...

טאָג אונ נאַכט איז זי געווענ אײַנגעשפּאַנט אינ דער אַרבעט, נישט ווייסנדיק פונ קיינ שום פאַרגעניגנ. מע קאָנ זאָגנ בעפּיירעש, אַז עסטער איז קיינמאָל קיינ קינד נישט געווענ. די נאַרישע, קינדערשע יאָרנ זענענ איבערגעלאָפנ בא איר, ווי אַ כאָלעמ, אונ זי איז פרי געוואָר געוואָרנ, וואָס הייסט נויט, דײַגעס אונ אָרעמקײַט. זי געדענקט נישט, אַז זי זאָל אַמאָל זײַנ פריילעכ, ווי אַנדערע מאַזעפּעווקער מיידלעכ. טאָמער האָט עסטער אַמאָל אַ לאַכ געטאָנ, פלעגט איר די מאַמע זאָגנ: „איכ ווייס נישט, וואָס איז מיט דיר די סימכע אַזוי גרויס? וואָס דער טאַטע איז געשטאָרבנ אונ האָט מיכ געלאָזט אַ וויסטע, אַ פינצטערע אַלמאָנע מיט דרײַ קינדער צו מוטשענ זיכ אַפ דער וועלט?”... דאָס איז געווענ בא עסטערנ ערגער ווי געשלאָגנ; אַז מע האָט איר דערמאָנט דעמ טאַטנ, פלעגט זיכ איר אָפּרײַסנ אינ האַרצנ, אונ זי האָט שוינ מער קיינ קאָפּ נישט געקאָנט אויפהייבנ. זי האָט געדענקט דעמ טאַטנ, ווי דורכ אַ כאָלעמ, מאַכמעס זי איז אַלט געווענ סאַכאַקל זיבנ-אַכט יאָר, בעשאַס ער איז געשטאָרבנ. ער האָט זיכ איר טאָמיד פאָרגעשטעלט אַ קראַנקער, מיט אַ געל אויסגעטריקנט פּאָנעמ, נאָר מיט גרויסע, זייער גוטע בלויע אויגנ, וואָס האָבנ טאָמיד געקוקט אַפ איר מיט ראַכמאָנעס, גלײַכ ווי ליוויי האָט געוווסט, אַז זײַנ באַס-יעכידע וועט גיכ בלײַבנ אַ יעסוימע נעבעכ. עסטער געדענקט, ווי דער טאַטע פלעגט זי גלעטנ מיט דער האַנט איבערנ קאָפּ אונ בעשאַס-מײַסע הוסטנ אונ זיכ פאַרגיינ. אייביק וועט עסטער נישט פאַרגעסנ יענעמ טאָג, ווענ דער טאַטע איז געלעגנ בא זיכ אַפנ בעטל אָנ לאָשנ, נאָר געקוקט אַפ איר מיט זײַנע גוטע בלויע אויגנ, אונ, צורופנדיק זי צו זיכ מיט דער האַנט, אַלצ געגלעט זי איבערנ קאָפּ. דעמ דאָזיקנ קוק האָט זי לאַנג נישט געקאָנט פאַרגעסנ. אונ קוימ איז איר געווענ אַפנ האַרצנ עפּעס פריילעכ, לעבעדיק, האָט זי נאָר באַדאַרפט זיכ דערמאָנענ אינ יענעמ קוק, אַזוי איז איר באַלד פאַרשטערט געוואָרנ איר סימכע די רעגע, כאָטש זי איז נאָכ געווענ גאָר אַ קינד. זלאַטע האָט זי נישט געלאָזט, זי זאָל לאַנג בלײַבנ אַ קינד; זי האָט זי גיכ באַנוצט צומ געשעפט, צו דער קלייט, אונ עסטער האָט אַרויסבאַוויזנ אַזויפיל בעריעשאַפט, אַז זלאַטע האָט גאָר אָנגעקוועלט פונ איר: „איינס אונ אַ רעכטס, דאַנקענ דעמ וואָס לעבט אייביק כאָטש דערפאַר! — האָט זלאַטע געזאָגט. — וואָס וואָלט איכ געטאָנ, אַ וויס-

טע אלמאנע, ווענ איכ זאל האבנ אזעלכע קינדער, ווי בא לייטנ, גאט זאל ניט שטראפנ פאר די רייד? מיט איינ האנט שטראפט ער, דער וואס לעבט אייביק, מיט דער אנדערער האנט היילט ער... אט אזוי, טאכטער, לערנ זיכ, וועל איכ האבנ כאטש א שטיקעלע הילפ מיט מיינע יעסוימימ די פיצעלעכ, אונ אליינ וועסטו אויכ ווערנ א שטיקל מענטש"... עסטער האט זיכ געלאזט לערנענ אונ האט פארשטאנענ דאס געשעפט, ווי עס דארפ צו זיינ.

ווי עסטער איז געווענ א בעריע אינ קלייט, אזוי האט זי נאכ מער געטויגט אינ שטוב, דעמ דאלעס צו פארשטעלנ. „פארשטעלנ דעמ דאלעס" — איז איינע פונ די כאכמעס, וואס מע באדארפ אינ מא-זעפעווקע דערופ שטודירנ; ניט איטלעכער קאנ דאס. בא דער ערגסטער צייט האט עסטער געקאנט פירנ די שטוב אזוי קונציק, אז קיינער האט נישט געקאנט טרעפנ, ארייַנקומענדיק צו זלאטענ אינ שטוב ארייַנ, צי זי איז א נעגידע צי א קאפצנטע. רייַנ אונ ציכטיק איז דארטנ געווענ, ווי בא קיינ שום נאגיד אינ דער גאנצער שטאט; דאס עסנ — וואס ס'איז שוינ דארטנ געווענ, נאר דאס טישעכ, דאס געפעס אונ דאס דערלאנגענ — כאטש נעמ אונ שפיגל זיכ אינ דעמ! אויסקלערנ וואס ווארעמעס צו קאכנ באמ געמיינעמ גראר, אנ פלייש, אנ פיש, אנ שמאלצ, נאר גלאט אזוי מיט די הוילע פינפ פינגער — דאס איז עפעס נישט אזא גרינגע מעלאכע, אונ דערצו האט עסטער געטויגט. דאס מעבל בא זלאטענ אינ שטוב איז געווענ עפעס נישט אזוי באלעבאטיש, זייער אלטפרענקיש אונ שטארק צעפארנ; דערפאר אבער איז דאס טאמיד באצויגנ מיט אזעלכע ווייַסע ציכלעכ, אונ די פענצטער זענענ פארהאנגענ מיט אזעלכע פייַנע פארהענגלעכ, אז עס שעמערירט אונ פינקלט אינ די אויגנ, ווי עפעס רעכטס. די מאלבושימ, עמעס, זענענ שוינ א ביסל ארויס פונ דער מאדע, דערפאר זענענ זיי אבער טאמיד גאנצ, אויסגעוואשנ, אויסגעפרעסט — א מעכייע־נעפאשעס אנצוקוקנ! קיינ קינד איז אינ מאזעפעווקע נישט געגאנגענ ארומ זיכ אזוי רייַנ, אזוי שיינ ווי עפראימ מיט מענאשענ, זלאטעס קינדער, אונ עסטער אליינ — שמועסט מענ ניט; קוקנדיק אפ איר, האט מענ אינ שטאט געזאגט: „אפאנעמ, אז עס איז זלאטענ די צייט גאר נישקאשעדיק"... נעמענ דעמ קאפצנ, ארומוואשנ אימ, אויסקעמענ אימ, אויספוצנ אונ מאכנ אזוי, אז קיינער זאל אימ נישט דערקענענ, — דערופ איז עסטער געווענ איינ בעריע. נאר דער נאמענ, וואס עסטער האט זיכ געקויפט בא איר אינ א י ר שטאט, איז נאכ גארנישט אקעגנ דעמ שעמ, וואס זי האט געהאט אינ דער גאנצער סוויווע פונ מאזעפעווקע ארומ אונ

ארום. איר באָמענ האָט זיכ געלאָזט הערנ אפ דער וועלט צוליב די יארידימ, וואָס שטעלנ זיכ אויס אינ מאָזעפּעווקע דרײַ מאָל איג יאָר.

דרײַ גרויסע יארידימ שטעלנ זיכ אויס אינ מאָזעפּעווקע אונ גיבנ דער שטאָט די וועלט צו זענ; אָנ זיי איז א שטארקער סאָפּעק, אויב מאָזעפּעווקע וואָלט געהאַט א קיִעמ. דאָס זענענ די געוויסע דרײַ יא-רידימ: יוריע, ספּאס אונ פּאָקראָווע, אפ וועלכער דער מא-זעפּעווקער ייִד קוקט ארויס א גאַנצ קײַלעכיק יאָר, ארופּלייגנדיק דאָס גאַנצע שטיקל האָפענונג נאָר אפ זיי. נאָכ פריִער מיט עטלעכע וואָכנ הייבט מענ זיכ שוינ אָנ צו גרייטנ צומ יאריד, דאָס הייסט, ייִדנ לויפנ שוינ ארומ, ווי די פארסאמטע, אויסשמעקנדיק זיכ ערגעצ אָנ אָרט אונ פארכאפּנדיק וואָס פריִער א בעסער שטיקל פּלאצ. „ניטאָ קיינ צײַט, מע באדארפ זיכ פארטיק מאכנ צומ יאריד!“ אזוי זאָגט יעדער, אפילע דער, וואָס האָט נישט קיינ קראָמ, נישט קיינ שענק אונ נישט קיינ אײַנפאָר-הויז, נישט קיינ קאמער פונ מוועע, אפילע נישט קיינ עפּלקוואס; גלאַט אזוי א ייִד פונ א גאַנצ יאָר גרייט זיכ אויכ צומ יאריד; אפילע מעלאמדימ אונ כאזאָנימ קוקנ ארויס אפנ יאריד. איג פלוג איז אפילע א שטיקל קאשע, וואָס פאר א שײַכעס קאָנ האָבנ א מעלאמעד אָדער א כאזנ מיטנ יאריד? פונדעסטוועגנ צעלאָזט דער מעלאמעד דעמ כיידער א ביסל פריִער, אונ דער כאזנ פארלאָזט די מעשוירערימ אײַנמיטנ א „מלך עליון“ 1 — אונ מע לויפט אוועק גיכ אונ געשווינד אפנ יאריד, אונ מע קומט צוריק מיט דעמ, מיט וואָס מע איז אוועקגעגאַנגענ, דאָס הייסט, מיט ליידיקע הענט אונ מיט א גריזאָטע איג הארצנ: „סטײַטש, די וועלט קויפט, האַנדלט מעציִעס פונ קאָלטווו!“. קומענדיק אהיימ, כאפּט מענ נאָכ א רעכטנ פּסאק פונעמ ווײַב דערפאר, וואָס אלע כאפנ מעציִעס אפנ יאריד, נאָר זיי נית. „א וויסטער, א פינצטערער מאָרגנ אפ אלע סאָנימס קעפּ! — טײַנענ נאָכדעמ די ווײַבער. — א סימכע אפ אימ, א גליק האָט אימ געטראָפנ, אפנ הימל א יאריד! געווענ ברענגענ כאָטש א שטיקל זאָנגע אפ העמד-לעכ די קינדער, צי כאָטש א רעכטנ קראַנצ ציבעלעס אפ ווינטער, צי דאָס שווארצ-פינצטערע יאָר ווייסט די נעשאָמע דײַנע!“... „נא דיר א יאריד, טאָמער איז דיר קארג!“ — זאָגט נאָכדעמ דער מעלאמעד אָדער דער כאזנ אונ בלײַבט שטיינ א פארוואָגלטער, ארונפּלאָזנדיק די נאָז אונ אויסהערנדיק א גאַנצ צעטל פונ אלערליי קלאָלעס. אָט אזא קויעכ האָט איג זיכ דער יאריד איג מאָזעפּעווקע. נו, איז שוינ א

1 „מעלעכ עליוינ“.

כידעש, וואָס צווישנ די קרעמער ווערט כוישעכ, אז עס קומט י ו ר י ע, ס פּ א ס אונ פּ אָ ק ר אָ ו ו ע? עס איז שוינ א כידעש, וואָס מע צעשלאָגט זיכ פאַר די ערטער מיט די פּלעצער אונ וואָס מע שלעפּט איינער באַמ אנדערנ דעמ קוינע, רײַסנדיק אימ אפ אלע זײַטנ? אז מע וויל דערקע־נענ א מאזעפּעווקער ייִדנ, וו אָ ס ער איז, מיט אלע זײַנע מײַלעס אונ בעסרויִנעס, זאָל מענ אימ באטראכטנ דורכ א שפּאקטיוו פונדערווײַטנ בעשאס יאריד, ווענ ער שטייט אזוי מיט זײַנ ווײַב בא זײַנ שאלאש, רעדנדיק מיט זעקס קוינימ מיטאמאָל, ווײַזנדיק דעמ, דינגענדיק זיכ מיט יענעמ אונ מעסטנדיק אָדער וועגנדיק די סכוירע. דאָרט, אינ שאלאש, עסט מענ, דאָרט שלאָפט מענ סײַ זומער סײַ ווינטער. ער איז א גרויסער בעריע, דער מאזעפּעווקער ייִד, צומ יאריד; מיט איינ מויל רעדט ער פאַר צענ, מיט צוויי הענט טוט ער דרײַ מעלאָכעס, מיט צוויי אויגנ קוקט ער אפ פיר זײַטנ, וואוהינ עס גייט אוועק דער קוינע, ביכדיי מע זאָל אימ קאָנענ רופנ צוריק, שרײַענדיק: „א כאָדי גו סיודי, טשאָלאָוויטשע!” אונ דער איקער — אכטונג געבנ, מע זאָל ניט גאנווענענ. „דאָס לייזנ, — זאָגט ער, — איז נאָכ ווי־עס־איז, נאָר דאָס גאנווענענ, וואָס מע גאנוועט פונ אונטער די הענט, אוי, איז ניט אויסצושטיינ!” באטראכטנדיק דעמלט דעמ ייִדנ, ווײַזט זיכ אײַכ אויס, אז ער אונ זײַנ ווײַב אונ זײַנע קינדער זענענ לעכאטכילע בא־שאפנ געוואָרנ נאָר צוליב דעמ יאריד; זייערע פּענעמער פלאמענ בעשאס־מײַסע, די אויגנ ברענענ, די נאָז שמעקט, דאָס מויל רעדט, די הענט ארבעטנ, אלע איווורימ טוענ, עס איז כל עצמותיו תאמר־נה[2]: „גוואלד, ייִדנ, ס'איז יאריד!”...

זלאטע מיט עסטערנ ארבעטנ, גלײַכ מיט אלע יאריד־לײַט, אפ אלע קייליִמ דעמ גאנצנ טאָג. אזא טאָג! אָנרעדנדיק זיכ ווי א פּויק, ווערט מענ אזש הייזעריק אונ מאַט, אויסגעמוטשעט, הונגעריק אונ פארשמאכט, ווי נאָכ א טאָנעס, ביז גאָט העלפט, דער טאָג גייט אוועק אונ עס קומט די נאכט; דעמלט ווערנ די שאלאשנ פארהאנגענ פונ אויבנ ביז אראָפּ מיט לײַנטיכער, אונ אלע קרעמער מיט די קרעמערנס זעצנ זיכ אויס אפנ טיש, אונ מע הייבט אָנ יעדער באזונדער איבער־ציילנ דעמ פּידיענ, זאָגנדיק נאָכדעמ מיט א זיפצ: „אָט האָסטו דיר די מיכיע פונעמ יאריד — א טארעראמ! אפ אזא יאריד זאָל מענ ניט לייזנ קיינ געלט — איז שוינ עק וועלט אונ גענוג!”

— מאָלט אײַכ, — דערציילט אנ אלטער שניטקרעמער רעב

1 קאָל אצמויסאָוו טוימארנאָ—אלע זײַנע ביינער ריידנ.

פּײַוול, — אַז מע האָט שוין באַ מיר געקאָנט אָוועקלאַקכענען פונ אונ-טער דער נאָז אַ גאַנצע שטיק מאָראָזאָווס זאָנע פונ אַכצנ אַרשינ! איכ בינ שוינ העכער דרײַסיק יאָר קרעמער, אונ מע האָט נאָכ באַ מיר ביז הײַנטיקנ טאָג ניט געגאַנוועט קיינ פאָדעם אַפילע — אַ מײַסע-ניפלאָ! איכ קאָנ דאָס ניט פאַרשטיינ: אָט איז דאָס געלעגנ, דאַכט זיכ, פאַר מײַנע אויגנ, אונ אָט האָט דאָס אינ דער מינוט שוינ ניט געשטײַעט! מאָראָזאָווס זאָנע, פּערווע נומער, אַכצנ אַרשינ, אַזאַ רעציכע!

צווישנ אוילעמ ווערט אַ גערעדערײַ, יעדער דערציילט מײַסעס פונ-נעמ יאַריד. צווישנ אַלע קוילעס לאָזט זיכ הערנ אויכ עסטערס קאָל; יידנ הערנ זי אויס, קוקנדיק אַפ איר מיט אַ צופרידנ שמייכעלע אונ קראַצנדיק זיכ פאַר היספּײַלעס. „אַ גאַנצער מענטש, זלאַטעס מיידל!— זאָגנ נאָכדעמ די קרעמערס. — דאַכט זיכ, נאָכ גאָר אַ קינד, פאַרשטייט אָבער דאַפקע אַ געשעפט, ווי עס געהער צו זײַנ“...

מאַכמעס גרויס ענגשאַפט אונ מאַכמעס פיל פידיענ אַפנ יאַריד באַנוצנ די מאַזעפּעווקער ווײַבער, די איישעס-כאַילס, זייערע מאַנענ, די שייַנע יידנ, וואָס קערנ זיכ, צומייַסטנ, אַ גאַנצ יאָר נישט אָנ מיטנ געשעפט לאַכלוטנ גאָרניט; זיי באַנוצנ די מאַנענ ניט אַזוי צומ לייזנ געלט, ווי צומ היטנ, מע זאָל נישט גאַנווענענ. די דאָזיקע מאַנענ זענענ „פּוגאַלעס“, „סטראַשידלעס“; אַפנ קוק, דאַכט זיכ, גאַנצ פּײַנע יידנ מיט בערד, נאָר אינ טאָכ אַרײַנ — גרויסע לוי-יוצלעכס, טויגע-ניכצנ, יידענעס אינ הויזנ, ווײַבער מיט בערד אונ פּייעס... אַזאַ ראָליע האָט אַמאָל געשפּילט לייווי זלאַטעס באַ זײַנ לעבנ, אונ טאָמיד, ווענ זלאַטע דערמאָנט זיכ אָנ דעמ, באַדויערט זי זיכ אונ באַוויינט זיכ: „ניטאָ לייווינ, ניטאָ ווער ס'זאָל זיצנ אַכטונג געבנ באַ דער שטעל!“...

זלאַטע קלאָגט זיכ פאַר איר שאָכנ, שמוליק דעמ כאַזנ, אונ בעט באַ אימ, אַזוי ווי זײַנ יאָסעלע גייט מעמיילע אַרומ באַטל, לאָז ער כאַטש וויסנ אַ שטיקל אָל אַפ זיכ, לאָז ער כאַטש זײַנ אַ שוימער באַ דער שטעל, אַכטונג געבנ, מע זאָל נישט גאַנווענענ. שמוליק טוט איר צוליב, אונ יאָסעלע שטייט גלײַכ מיט זלאַטענ אונ עסטערנ אַפנ יאַריד אונ „העלפט לייזנ געלט“. יאָסעלענ, אייגנטלעכ, טוט דאָס האַנאָע, וואָס ער קאָנ העלפנ עסטערנ, איר נוצלעכ זײַנ מיט עפּעס אַ טויבע. צוליב עסטערנ וואָלט זיכ יאָסעלע נישט געפוילט אונ וואָלט געגאַנגענ אינ עק וועלט, אינ פײַער אונ אינ וואַסער, נאָר פאַר איר געטרײַשאַפט אַלײנ, פאַר איר גוט האַרצ אונ פאַר איר באַגיינ זיכ מיט אימ, אָרעמענ, עלנטנ יאָסעמ.

V

# יאָסעלע גייט ארומ פוסט אונ פאס,
# אונ עס ציט אימ אלצ „אהינ“

דער אוילעמ זאָגט א ווערטל: „מיט דער מאמע איז דער טאטע א פ אָ ט ע ר, מיט דער מומע — איז ער א פ ע ט ע ר“. שמוליק דער כאזנ, קאָלזמאנ זעלדע האָט גילעבט, איז יאָסעלע געווענ בא אימ א צאצקע, ער האָט זיכ שטענדיק געשפּיגלט אינ אימ: „מײנ יאָסעלע? איר וועט זענ, וואָס ס'וועט פונ אימ אמאָל זײנ!“ ווײבאלד אָבער זעלדע איז אימ אָפּגעשטאָרבנ, אונ ער האָט געבראַכט צו פירנ פונ בארדיטשעוו אָט א יענע יידענע מיטנ טערקישנ שאַל, האָט שמוליק צוליב איר אָנגעהויבנ ביסלעכווײז קאַלט צו ווערנ צו יאָסעלענ, כאָטש אינ הארצנ, קאָנ זײנ, האָט ער אימ ליב געהאַט ווי פריִער. זלאטע די צעלניקערנ האָט געברענט, קוקנדיק, ווי מע באגייט זיכ מיט יאָסעלענ. „ווי מיינט איר, רעב שמוליק, — פלעגט אימ אָפט זאָגנ זלאטע מיט א שטאָכ, — אשטײגער, אז זעלדע, אָלע-האשאָלעמ, זאָל געווענ בלײבנ אנ אלמאָנע, וואָלט יאָסעלע אזוי ארומגעגאנגענ פוסט אונ פאס? זי וואָלט אימ אויכ אָפּגענומענ פונעמ כיידער, עס זאָל פונ אימ אויסוואקסנ א ווייס-איכ-וואָס, א הינט-שלעגער?“ דערויפ פלעגט שמוליק ענטפערנ נאָר מיט א טיפנ זיפצ אונ מיט א קרעכצ אונ אויסדרייענ זיכ פונ זלאטעס מויל, אבי ניט הערנ מער איר רייד, וואָס דערלאנגענ אינ דער זיבע-טער ריפּ.

יאָסעלע איז געווענ, ווי אויבנ איז געשטאנענ, פונ קינדווײז אופּ בא זלאטענ אינ שטוב, ווי אנ אײגענער, אונ זינט ער איז א יאָסעמ געבליבנ, האָט אימ זלאטע נאָכ מער מעקארעוו געווענ, אפ אימ גרויס ראכמאָנעס געהאַט אונ זיכ אײנגעשטעלט פאר אימ, נישט לאָזנדיק, די שטיפמאמע זאָל זיכ מיט אימ באגײנ, ווי איר האָט זיכ געוואָלט. דערפונ איז צווישנ זלאטענ אונ צווישנ שמוליקס ווײב אויסגעבראָכנ א גרויס מאכלויקעס מיט א שרעקלעכער סינע אײנע צו דער אנדערער, אונ איבער זײנ ווײב האָט שוינ שמוליק אויכ זיכ געמוזט צעקריגנ מיט זלאטענ. דאָס הייסט, קריגנ האָבנ זיי זיכ, אײגנטלעכ, נישט גע-קריגט: אימ האָט נאָר זלאטע עטלעכע מאָל גוט אָפּגעזייפט דערפאר, וואָס ער לאָזט זיכ טרעטנ אפנ קאָפּ אונ וואָס ער לאָזט, מע זאָל באליי-דיקנ זײנ קינד.

— איר זענט, רעב שמוליק, איר זאָלט מיר מויכל זײנ, וואָס איכ

זאג איינ אזוי אפנטלעכ, איר זענט א צאפ, נישט קיינ מאנ. וואס הערט איר זי, די באַרדיטשעווער מאכשייפע? ווענ זעלדע, אלע-האשאלעמ, זאל איצטערט אופשטייג אונ זאל א קוק טאנ אפ איר יאסעלענ, וואלט זי זיכ געמעגט נאכאמאל באַגראבנ. א שיינער טאטע, ניטא וואס צו רעדנ! איכ וואלט זיכ אפ איינ געריכט א קרענק, כ'לעבנ! אזוי טוט אנ ערלעכער ייִד, איא?!

שמוליק פלעגט זי אויסהערנ, אנעמענ וואסער אינ מויל אריינ אונ אוועקגיינ צו זיכ מיט זיינע מעשוירערימ באשאפנ א נייעמ „יזכור לנו" 1 אפ ראשעשאנע. פאר זלאטענ האט שמוליק מוירע געהאט א סאכ מער, ווי פאר זיינ פלויניסטע, „די באַרדיטשעווער מאכשייפע", עס איז אימ געווענ פריקרע צו באגעגענענ זיכ מיט זלאטענ, וואס האט אימ שטענדיק דערמאנט זעלדענ. דאס איז פאר אימ געווענ ערגער פונ ערגער, אונ דערפאר האט ער זיכ פאר איר געהיט, ווי פאר פייער, אונ טאמיד געמשאטעוועט, אז ווענ זלאטע איז געקומענ פונ מארק, איז ער געווענ פארנומענ מיט זיינע מעשוירערימ איבער א „מכלכל" אדער א „ויאתיו" 2 אפ יאמימ-נויראימ, אדער אזוי זיכ געקאטשעט אפנ האלדז, אבי זיכ נישט באגעגענענ מיט זלאטענ. דערפאר איז אבער יאסעלע געלעגנ דארטנ טאג ווי נאכט. פונ צענ יאר אנ, זינט מע האט אימ אפגענומענ פונעמ כיידער, איז יאסעלע ארומגעגאנגענ באטל, נישט האבנדיק וואס צו טונ אונ נישט וויסנדיק וווהינ זיכ צו „פריטוליענ"; ער פלעגט זיצנ בא זלאטענ אינ קלייט, דארט אכטונג געבנ, אדער אינ שטוב, עפעס העלפנ טונ אנ ארבעט, דערביי צוזינגענדיק מיט זיינ זיסער שטימע, וועלכע עסטער האט זייער ליב געהאט צו הערנ. מיט עסטערנ האט יאסעלע געלעבט, ווי אנ אייגענער ברודער. זיי זענענ ביידע געווענ קימאט אינ איינע יארנ, פונ קלייניווייז אופ אינאיינעמ געוואקסנ. ביידע געוועזנ יעסוימימ, אונ ביידע אינ איינ צייט געוואר געווארנ, וואס באדייט שלעכטיקייט. אז עסטערנ איז שלעכט געווארנ אפנ הארצנ, פלעגט זי בעטנ יאסעלענ, ער זאל איר זינגענ פונ „דער ווילנער גאס"; יאסעלע פלעגט זיכ אוועקשטעלנ אינ-מיטנ שטוב אונ מיט דער מינע פונ אנ אקטיאר אויסציִענ אפ זיינ ווייכער, זיסער שטימע:

גיי איכ ארויס
אפ דער ווילנער גאס,

---

1 „אויד יִזקויר לאָנו". 2 „מעכאלקייל", „וועיעסאָוו".

הער איכ א קאָל

מיט א גרויס געשריי:

אוי־וויי! איכ הער, מע שרייט...

יאָסעלע פּלעגט זיכ צעהיצנ, פאַרגלאָצנ די אויגנ צו דער סטעליע, צוהאַלטנ זיכ מיט דער האַנט באַמ האַרצנ, זיכ פאַרגייִנ, מאַכנדיק בעשאַס־מײַסע אָנשטעלנ, ווי אַנ עמעסער אַקטיאָר.

— וווּ האָסטו זיכ אויסגעלערנט אַזעלכע טנועס? — האָט אימ איינמאָל עמעטער א פרעג געטאָנ.

— איכ האָב דאָס געזענ פונ פּ י צ י ס טענאָר, ווענ איכ בינ דאָרט געווענ מיטנ טאַטנ. פּ י צ י ס טענאָר האָט דערציילט, אַז אַזוי זינגט מענ אינ טעאַטער. אַז מע זינגט אינ טעאַטער, באַדאַרפ מענ זיכ אויס־ציִענ, מאַכנ מיט די הענט און מיט אַלע אייוורימ. אײַ, אײַ, זינגט ער, אָט דער טענאָר! ער האָט א פּרווו געטאָנ מײַנ שטימע און האָט מיר געזאָגט, אַז פּ י צ י וואָלט מיכ צוגענומענ בשתי ידים 1. איכ האָב דעמאָלט געטראַכט אַפילע א זאָג טאָנ דעמ טאַטנ מיקויעכ דעמ, נאָר איכ האָב נישט געוואָלט. איכ האָב מוירע געהאַט... אַצינד, אַז פּיצי זאָל קומענ אַהער, וואָלט איכ שוינ קליגער געווענ.

זאָגנדיק די ווערטער, פלעגט זיכ יאָסעלע פאַרטראַכטנ. אינ זײַנ קליינ קינדעריש האַרצ האָט געברענט א פײַערל, און עס האָט אימ אַלצ געצויגנ אַהינ, אינ דער גרויסער, פרײַער וועלט אַרײַנ. נ י ס י, פּ י צ י, י ע ר ו כ ע מ, נ אָ ט נ — אָט דאָס איז געווענ יאָסעלעס האַסאָגע, זײַנ ווונטש אינ זײַנע יונגלשע יאָרנ. צו גרייכנ צו איינער פונ די דאָזיקע זאַכנ — איז בא אימ געווענ די העכסטע מאַדרייגע אינ זײַנ קינדערשנ לעבנ. פאַרשידענע גילדענע כאַלוימעס האָבנ זיכ נישט אופּגע־הערט צו פּלאָנטענ און צו שוועבנ בא אימ אינ קאָפּ; דער בעסטער פונ די דאָזיקע אַלע זײַנע כאַלוימעס איז געווענ: אַוועקלאָזנ זיכ אַמאָל קיינ אַדעס צו פּ י צ י נ, אָדער צו מ י צ י נ קיינ טעטערעווצ און דאָרטנ זיכ אויסלערנענ נאָטנ. דאָס זעלבע, קאָנ זײַנ, איז געווענ אויכ שמוליקס ווונטש; ער האָט אָבער נישט געהאַט בעיעכוילעס אַרויס־נעמענ און געבנ אימ עטלעכע קערבלעכ אַפּ הויצאָעס; דערצו האָט ער נאָכ באַדאַרפט פרײַער איבערעדנ מיקויעכ דעמ מיט זײַנ פּלוינִיסטע, און דאָס איז געווענ פאַר אימ שווער כקריעת ים־סוף[2]. אַז יאָסעלענ האָבנ שוינ גוט צוגעטראָטנ די צאָרעס, פלעגט ער זיכ נית איינ מאָל פאַרטראַכטנ, טאָמער וואָלט געווענ א סוואָרע, אַז ער זאָל זיכ אַליינ

1 בישטיי יאָדאַיִמ — מיט ביידע הענט 2 קיקרי:אַס יאמ־סופ — ווי שפּאַלטנ דעמ יאמ

אוועקלאָזנ צו פּיצינ, נעמענ פּאָשעטע די פיס אָפּ די פּלייצעס — אונ ניטאָ מיכ! פאַר וועמענ האָט ער געאַכדעט מוירע צו האָבנ? יאָסעלע האָט שוינ אַפילע אָפּגעקלערט א פּלאַנ, ווענ אונ וואַזוי; עס האָט אימ אָבער באַנק געטאָנ איבערלאָזנ דעמ טאַטנ אַליינ באַמ אָמעד. שמוליק האָט זיכ שוינ אָנ יאָסעלענ גאָר נישט געקאָנט באַגיינ. ער איז געווענ זײַנ גאַנצע „פּאָדפּאָרע" באַמ אָמעד; אינ דער צײַט, ווענ יאָסעלע פלעגט זיכ צעלאָזנ אָפּ זײַנ העלדזל, פּײַפנ אונ טערעלייקענ אָפּ אַלערליי אויפאַנימ, האָט זיכ שמוליק דערוויַיל געקאָנט אָפּרוענ אונ אָנעמענ זיכ מיט נײַע קויכעס אָפּ צו אַרבעטנ ווײַטער. יאָסעלע, ווי שלעכט ס'איז אימ געווענ, האָט דעמ טאַטנ זייער ליב געהאַט, ראַכמאָנעס געהאַט אָפּ אימ. „וואָס וועט ער טונ אָנ מיר? ווער וועט אימ טראָגנ דעמ שאַלאַכ-מאָנעס אומ פּורימ, צעטראָגנ די שמורע-מאַצע ערעוו פּייסעכ, די עסרויגימ אָפּ סוקעס?... אַמאָל, אינ די גוטע יאָרנ, בעשאַס זעלדע, אַלע-האַשאָלעמ, האָט געלעבט אונ געפירט די שטוב-הויצאָע פונ איר אייגענער פּראַצע, פונ האָרעווענ געענדז, פונ פרעגלענ שמאַלצ, פונ פליקנ פעדערנ אונעדוימע אַזעלכע זײַטיקע פּאַרנאָסעס, האָט נאָכ שמוליק נישט באַדאַרפט אַזוי יאָגנ זיכ נאָכ די דאָזיקע ווײַטע האַכ-נאָסעס; אַצינד אָבער, אַז זעלדע איז אימ אָפּגעשטאָרבנ אונ ער האָט געבראַכט א יענע ידענע פונ באַרדיטשעוו, האָט זי אימ פאַרגרעסערט די מישפּאָכע מיט א צוויי-דרײַ פּיצלעכ אומשולדיקע באַשעפענישלעכ, וואָס באַדאַרפנ עסנ, אונ שמוליק האָט זיכ באַדאַרפט אָנטאָנ א קויעכ אונ אַליינ אַרויסשיקנ יאָסעלענ אָפּ דער שטאָט פּורימ אַרומטראָגנ דעמ שאַלאַכ-מאָנעס. דאָס איז געווענ פאַר שמוליקנ א גרויסער אָראָפּ-פאַל, צוזעענדיק זײַנ זונ, ווי ער גייט דאָס אַרומ איבער די הײַזער א באַרוועסער נעבעכ...

יאָסעלענ אַליינ האָט דאָס וויַנציק-וואָס געאַרט. פונעמ טאַטנס וועגנ איז ער געווענ גרייט צו טונ אַלצ אינ דער וועלט, ווענ ער זאָל נאָר וויסנ וואָס. „איכ זאָל זײַנ אַזוי גרויס, ווי פּ י צ י,—האָט זיכ יאָ-סעלע געקלערט, — וואָלט איכ דאָס לעצטע אוועקגעגעבנ מײַנ טאַטנ, אַבי נישט צו זענ זײַנע יעסורימ!" וואָס ווײַטער האָט יאָסעלע אָנגע-הויבנ אַלצ מער צו פילנ, ווי עס ציט אימ אינ ערגעצ, פלעגט אַרומגיינ פאַרטראַכט אונ פאַרזאָרגט. זײַנע מאַכשאָוועס זענענ געווענ דאָרטנ ערגעצ, גאַנצ ווײַט, עס איז באַ אימ אינ האַרצנ געזעסנ א מינ גײַסט, וואָס ער אַליינ האָט אימ וויַנציק פאַרשטאַנענ. עס האָט אימ געטראָגנ אינ דער לופטנ, נישט געלאָזט שלאָפנ אונ אַלצ געשלעפּט אימ ערגעצ:
„אהינ — אהינ! איינ מאָל פאַר אַלע מאָל — אהינ"...

VI

# ער זוכט זיכ אָפּ זײַנ גאנײדנ, נאָר מע טרײַבט אימ פונ דאָרטנ מיִעט ארויס

נישט האָבנדיק וואָס צו טונ, פלעגט זיכ יאָסעלע ארומשפּאנענ איבער דער שטאָט, אויסמעסטנ די גאסנ אינ דער לענג אונ אינ דער ברייט, אמאָל פארגיינ ווײַט הינטער דער שטאָט אונ דאָרט איינער אלייננ זיכ אויסציִענ אפ דער ערד, נישט ווײַט פונעמ וואלד, אונ צעלאָזנ זיכ אפנ האלדז, צעגיסנ זיכ אפנ טאטנס שטייגער, זאָגנדיק „עפּעס פונ יאָמימנוראָימ „א זאכ"... דאָרט, אפנ פרײַענ פלאצ, האָט ער זיכ געקאָנט אויסשרײַענ, אויסזינגענ זיכ. אונ דער ווידערקאָל פונעמ וואלד פלעגט זיכ אימ אָפּגעבנ מיט א קלאנג אונ מיט א הילכ, גלײַכ ווי די ביימער זענענ זײַנע מעשוירערימ אונ זיי האלטנ אימ אונטער. דאָ, אפנ פרײַענ פעלד, האָט זיכ יאָסעלע געפילט א סאכ היימישער, ווי בא זיכ אינ דער היימ; קיינער האָט אימ נישט געווערט צו זינגענ אונ צו שרײַענ, אונ ער האָט זיכ פאר קיינעמ נישט באדארפט שעמענ. אויכ האָט ער דאָ נישט געהאט אפ זיכ קיינ איבערהאר, קיינ שטיפ-מאמע, וואָס זאָל אימ יאָדענ, אונ קיינ טאטנ, וואָס זאָל זיפצנ אונ קרעכצנ אפ זײַנע יאָר אונ טעג. עפּעס גאָר א באזונדערע וועלט האָט דאָ יאָסעלע באשאפנ בא זיכ אינ קאָפּ: דער וואלד — דאָס איז זײַנ וואלד, צוליב אימ באשאפנ געוואָרנ, ער זאָל דאָ קאָנענ זינגענ; דאָס פעלד — דאָס איז זײַנ אייגענע „אימעניע", זײַנ גוטס, זײַנ גאנײדנ. דאָ, אינ דעמ גאנײדנ, ווו קיינער זעט אימ נית אונ הערט אימ נית, מעג ער זיכ, נישקאָשע, אָנטונ דאָס ווילטיק אונ זינגענ, אונ שרײַענ, אונ שפּרינגענ, אונ מאכנ אָנשטעלנ, וויפל זײַנ הארצ גלוסט. עס איז אָבער, אוי-וויי, נישטאָ קיינ אייביקע זאכ אפ דער וועלט! מע האָט יאָסעלענ גיכ פונ זײַנ נײַעמ גאנײדנ ארויסגעטריבנ, ארויסגעיאָגט מיט הינט, מיט שטעקנס אונ מיט שטיינער, כאָטש ער איז געווענ גאָט די נעשאָמע שולדיק.

עס איז געווענ א ווארעמער, א לויטערער זומער-טאָג. אינ שטאָט געוויינלעכ, בראָט די זונ אונ סמאליעט גאָר אָנ ראכמאָנעס, פאר-טרײַבנדיק די מאזעפּעווקער מארק-יידנ אונ מארק-ווײַבער אונטער דער סטאָיקע, ליגנ דאָרטנ אינ א שאָטנ אונ פאָכענ מיט דער נעשאָמע, אונ די היימישע ווײַבער, די גראָבע יידענעס, וואָס קאָנענ קיינ היצ נית איבערטראָגנ — אינ די קעלערס ארײַנ. די מעלאמדימ אינ די

כאַדאָרים דעמלט וואַרפֿנ אַראָפּ די קאַפּאָטעס, בלײַבנ זיצנ מיט די ברייטע אַרבל פֿונ דעמ העמד אונ מיט די געלע טאַלעס-קאָטנס, דאָס האַרצ צעכראַסטעט. מע הייבט די יאַרמעלקע אונ מע שוויצט, ווי אינ אַ באָד. די טאַלמידימ לאָזט מענ אַפּ צומ טײַכ זיכ באָדנ, פּליעסקענ זיכ אינ דער בלאָטע — עס ברענט ווי אינ גענעמ, נישטאָ זיכ וווּ אַהינצוטונ! יידנ מיט שטעקלעכ גייענ אַרומ אינ מאַרק, די אַרבל פֿאַרקאַטשעט, דאָס היטל פֿאַרוקט, מע רײַסט אָפּ זיכ דאָס לײַב, זאָגנ־דיק אייִנער צומ אַנדערנ: „נו, אַ היצ! אַנו, אַ טאָג! גאָר ניט אויסצו-שטיינ!“... אויכ די ציגנ אַפּ דער שול-גאַס, וואָס האָבנ ביז אַהער פֿאַר־שײַט געקלעטערט אַפּ די דעכער, געסיפּעט פֿונ דאַרטנ שטרוי פֿונ דער סטריכע, געלעקט די ווענט פֿונ די שולנ, געשפּרונגענ צו די ווײַבערשע טישלעכ אינ מאַרק, כאַפּנדיק אַלע מינוט אַ מיִעסנ פּסאָק פֿונ די קלייט-מעשאַרסימ, — אויכ די דאָזיקע פֿאַרשײַטע ציגנ האָבנ זיכ אײַנגעמידט פֿונ דער היצ, זיכ אַנידערגעלייגט, די פּיסלעכ אונטער זיכ, אויסגע־צויגנ די קעפּלעכ, אַרויסגעשטעלט די צינגלעכ, מאַכנדיק דערבײַ אַ מעשונע-נאַריש פּאָנעמ. האַקלאַל, עס ברענט אינ שטאָט, עס סאַרפּעט, אונ אַלע קוקנ שוינ אַרויס אַפּ דער ליבהאַרציקער נאַכט.

נישט אַזוי איז אָבער הינטער דער שטאָט, אינ פֿעלד, באַמ גרויסנ גרינעמ וואַלד. אַהינצו האָט זיכ עס יאָסעלע פֿאַרקלויבנ מיט זײַנ זינגענ, שרײַענ אונ פֿילדערנ. גייענדיק אַזוי באַמ וואַלד מיטנ שאָטנ פֿונ די ביימער אונ שלינגענדיק די פֿרישע קילע לופֿט מיטנ פֿולנ מויל, האָט זיכ יאָסעלע גאָר נישט אַרומגעקוקט, ווי ווײַט ער איז פֿאַרגאַנגענ פֿונ דער שטאָט. עס האָט זיכ פֿאַר זײַנע אויגנ פֿאַרשפּרייט אַ גרויסער גרינער קאָוויאָר, אַזאַ גלאַטער, אַזאַ מעכײַעדיקער, אַז עס בעט זיכ אַ וואַרפֿ טונ אַפּ אימ, אויסציִענ זיכ אינ רוענ, אונ רוענ אָנ אַנ עק. נאָר וואָס ווײַטער ווײַזט אויס דאָס גראָז אַלצ געדיכטער אונ שענער, אונ עס ציט אימ אַלצ ווײַטער אונ ווײַטער. ער פֿילט זיכ אַזוי גרינג, אַפּנ האַרצנ איז אימ אַזוי גוט, אונ אינ האַלדז באָרבלט, עס קיצלט, עס גלוסט זיכ זינגענ. עס פֿאַלט אימ אַרײַנ אינ קאָפּ אַ נײַער געדאַנק, אַ נײַער מינ נוסעכ פֿונ אַ „ועל המדינות בו יאמר“ 1, אונ יאָסעלע הייבט אָנ צו נעמענ אַלעמאָל העכער אונ שטאַרקער, אונ דאָס קאָל גייט אימ אַזוי פֿרײַ, אַזוי גרינג, אַז עס דאַכט זיכ אימ אויס, ווי הויכ ער זאָל ניט נעמענ דעמ טאָנ, קאָנ מענ נאָכ העכער נעמענ — אונ ער קנאַקט, ער זינגט, ער צעגייט זיכ, ער מאַכט טרעלנ אַזעלכע, וואָס ער

1 „וועאַל האַמדינויס בוי יעאָמײַר“.

אלײנ װוּנדערט זיכ, װי קומט דאָס צו אימ? ער פּלאָנטעט א מינ פאַנטאַזיע מיטנ האלדז, גאָר אלײנ נישט װיסנדיק, װוּהינ ער װעט פארקריכנ װײַטער אונ מיט װאָס װעט ער אויסלאָזנ; עס קומט צו די װערטער: „אשרײ איש [1] — װײַל איז צו דעמ, װאָס פארגעסט דיכ ניט אונ שטארקט זיכ מיט דיר, װארעמ דײַנע דאָרשער װעלנ ניט גע־שטרויכלט װערנ, אונ װעלנ זיכ ניט שעמענ אײביק אלע די, װאָס באַ־שיצנ זיכ אינ דיר"... צעלאָזט זיכ יאָסעלע אפ זײַנ האלדז אלצ לעבע־דיקער אונ שטארקער, אונטערשפּרינגענדיק, מאכנדיק מיט די הענט אונ שרײַענדיק אפ א קאָל:

„כל החוסים בך!

כל החוסים בך!"[2]...

פלוצעמ הערט יאָסעלע א מעשונע געשרײ: „קסי־קסי־קסי! אטו יעהאָ! קסי־קסי־קסי!" ער קוקט זיכ ארומ אונ בלײַבט טויט: א גאנצע טיטשקע פּאסטעכלעכ, מיט טאָרבעלעכ אפ די פּלײצעס, מיט גרויסע היטלענ אפ די קעפּ אונ מיט גראָבע בולעװקעס אינ די הענט, יאָגנ זיכ נאָכ אימ אונ פאר זײ לויפט א גרויסער שװארצער, מוירעדיקער, קודלאטער הונט. יאָסעלע פילט א שארפנ קלאפּ אונ נאָכדעמ — װי עפּעס עמעצער שלעפּט אימ, רײַסט אימ, שטשיפּעט אימ. אונ נאָכדעמ... נאָכדעמ געדענקט ער שוינ גאָרנישט.

אז ער האָט זיכ אופגעכאפּט, האָט ער שוינ קײנעמ נישט געזענ ארומ זיכ. פארטומלט, מעװױעשע, אינ איבערגעשראָקענער, מיט א צעריסענער, צעפּיצלטער קאפּאָטקע, האָט זיכ יאָסעלע אופגעהויבנ פונ דער ערד אונ האָט זיכ געלאָזט גײנ צוריק אהײמ נעבעכ מיט זײער א פארביטערט הארצ. ער האָט זיכ צעװײנט; ער האָט נישט פארשטאנענ, װאָס האָט צו אימ דער ריבוינע-שעל-אוילעמ מער װי צו אלע יינגלעכ פונ זײַנ גראַד? פארװאָס שטראָפט ער אימ אזוי? דאכט זיכ, דאװונענ דאװנט ער אלע טאָג, היט אָפּ אלע מיצװעס, װי עס געהער צו זײַנ, איז מעקײַעמ די מיצװע פונ קיבעד-אָװ; אפילע דער שטיפמאמע גיט ער אָפּ קאָװעד, מער װי זי פארדינט בא אימ.

— פארװאָס קומט דאָס מיר, ריבוינע־שעל-אוילעמ? מיט װאָס האָב איכ אזעלכעס פארזינדיקט, װאָס דו שטראָפסט מיכ אזוי?

אונ אויסדרײענדיק צומ לעצטנ מאָל דעמ קאָפּ צוריק, האָט זיכ יאָסעלע מיט א זיפצ אָפּגעזעגנט מיט זײַנ גאנײדנ, מיט דעמ פרײַענ פעלד, מיטנ גרינעמ שאָטנדיקנ װאלד אפ טאָמיד, אפ אײביק.

---

1 „אשרײ איש". 2 „קאָל האכויסימ באָכ".

VII

# יאָסעלע ווערט אַ באַלטשוווע און פֿאַלט אַרײַן אין אַ נײַעם אומגליק

נאָכדעם ווי מע האָט אים אַזוי מיעס אַרויסגעטריבן פֿון זײַן גאַ-נייִדן, איז יאָסעלע געקומען אַהיים אַ צעשלאָגענער, אַ צעפּלאַכ-טענער, מיט אַ צעפּליקט קאָפּאָטקעלע, האָט ער, געוויינלעך, באַקומען אַ שײנעם בערעכ-האָבע פֿון דער שטיפֿמאַמע, און מאַקע פֿונעם טאַטן אַלײן. שלאָגן האָט אים שמוליק נישט געשלאָגן קײנמאָל, נאָר ער פֿלעגט אים באַשטראָפֿן מיט ווערטער:

— איך פֿרעג דיך אַלײן: נו, טוט עס אַזוי אַ באָכער? גײט און צערײַסט אַ קאָפּאָטקעלע אַף פּיצ-פּיצלעך! איך וועל דיר מיסטאָמע, וואָס איז שענער, באַלד מאַכן אַ נײַעס? די גוטע פּאַרנאָסעס הײַנטיקע? ווען די מאַמע דײַנע זאָל איצטערט אופֿשטײן, איך ווײס? וואָס איז שענער...

יאָסעלע וואָלט אוועקגעגעבן מי-יודייִע-וואָס, אַבי ער זאָל נישט הערן מער דעם טאַטנס מוסער. אין דער מינוט האָט זיך יאָסעלע באַשוואָרן, אַז ווײַל ער וועט לעבן, זאָל שוין זײַן פֿוס מער נישט זײַן אין וואַלד, און ער וועט שוין פֿון שטאָט נישט אַרויסטרעטן, ער זאָל וויסן — גליקלעך צו ווערן!.. דאָס איז געווען דאָנערשטיק. אָפֿן אַנדערן טאָג, פֿרײַטיק הײַסט דאָס, איז יאָסעלע גאַנצפֿרי אַוועקגעלאָפֿן אין שול אַרײַן און האָט זיך אויסגעשטעלט דאַווענען, אָבער אַזוי פֿרום און מיט אַזויפֿיל האַרץ, ווי נאָך קײנמאָל נישט. נאָכן דאַווענען האָט ער זיך אַלײן גענומען שײַערן דער שטיפֿמאַמעס דאָס מעש מיטן קופּער, געלאָפֿן איר אין מאַרק אַרײַן „אַם אײן פֿוס" אײַנקויפֿן פֿעפֿער, לאָרבער-בלעטער מיט צימערינג מיט אײנגל-געווירץ, מיט „פֿאַר דרײַ גראָשן האָניק" צום קוגל, מיט קידעש אַף שאַבעס, און קומענדיק, האָט זיך יאָסעלע אַלײן אַ וואָרף געטאָן אָנרײַבן כרײן צום טיש און האָט זיך גענומען צו דער „פּיטנאַגע" זי שפּאַלטן אין בעט מיט אַ מעסער אין מיטן אײבערשטן פּינטל שטײסל אַזוי בערייִש, אַז די כאַזנטע האָט זיך שוין נישט געקאָנט אײַנהאַלטן און האָט אַ זאָג געטאָן אַזוי, פֿאַר זיך, פֿאַרקוקנדיק אין אויוון אַרײַן און צעבלאָזנדיק דאָס פֿײַער:

— וואָרעם? אַזוי באַדאַרף אַ יונגל! נישט וואַרטן, ביז יענער זאָגט גײ! האַריקע זיך, שיקערלעך, זאָגערלעך, שאַפּערלעך...

פֿון די ווערטער האָט יאָסעלע באַקומען אין זיך נאָך מער קוראַזש,

ווי פֿריִער. ער האָט זיכ געפֿילט אינ קוימ איבערקערנ א וועלט, קיימאַט ווי שימשונ-האַגיבער. ער האָט באַמערקט, אַז די שטיפֿמאַמע זוכט א ביסל וואַסער, האָט ער לאַנג ניט געטראַכט, פֿאַרקאַמשעט די פֿאָלעס פֿונעמ צונויפֿגעשטריגעוועט קאַפּאָטקעלע, געכאַפּט דעמ עמער אונ האָט אימ אינ עטלעכע מינוט אַרויפֿגעטראָגנ א פֿולנ, ווי אַנ אויג. שפּעטער האָט ער זיכ אָוועקגעזעצט מעוויר זײַנ די סעדרע אונ זאָגנ שיר-האַשירימ מיט אַזאַ זיסקײַט, אַז די כאַזנטע האָט אימ אַלײנ צוגעטראָגנ אַפֿנ דערקאַטש א ביסל לאָקשנ, באַשמאַלצט מיט א ציבעלקע פֿונ שמאַלצ. יאָסעלעס האַרצ איז געווענ יענעמ טאָג אונ דעמ אַנדערנ טאָג, דאָס הייסט שאַבעס, פֿול מיט ליבשאַפֿט אונ גע-פֿרײַשאַפֿט צו זײַנע אייגענע אונ מיט משוווע צומ אייבערשטנ. שאַ-בעס באַטאָג, דעמלט ווענ אַלע ייִנגלעכ שפּאַצירנ אַרומ אַפֿ דער באַר-דיטשעווער גאַס, האָט זיכ יאָסעלע אָוועקגעזעצט זאָגנ פּײַרעק מיט גרויס כיישעק. נאָכנ פּײַרעק האָט ער זיכ גענומענ געשמאַק צומ טילימ אונ האָט זיכ אָבער מעיאַשעוו געווענ, עס איז ניט קײנ פֿלאַצ: אַלע ערלעכע ייִדנ זאָגנ טילימ אינ בעסמעדרעש, אונ ער זיצט דאָ בײַ דער פֿאַמעניצע גאָר, — פֿע, מע באַדאַרפֿ גײנ אינ שול אַרײַנ!

אונ יאָסעלע נעמט אַפֿ זיכ דאָס שאַבעסדיקע קאַפּאָטקעלע, בינדט זיכ אַרומ דעמ האַלדז מיט א ווײַסער פֿאַטשײלע אונ לאָזט זיכ גײנ אינ שול אַרײַנ. אַפֿנ האַרצנ איז אימ איצט אַזוי גרינג, ווי נאָכ קיינמאָל ניט. ער פֿילט זיכ, ווי א מענטש, וואָס האָט זיכ מיט עמעצנ צעקריגט אונ האָט זיכ נאָרוואָס איבערגעבעטנ. עס ווײַזט זיכ אימ אויס, אַז צווישנ אימ אונ צווישנ דעמ גרויסנ לעבעדיקנ גאָט איז פֿאַראַנ א שטיקל שײַכעס; ער, יאָסעלע, אונ אָט די גאַנצע וועלט, וואָס ער זעט איצט פֿאַר זײַנע אויגנ, זענענ גאַנצ נאָענטע מעכוטאָנימ. די זונ, וואָס הייבט אָנ נאָרוואָס צו אונטערגײנ, אַראָפּלאָזנדיק זיכ גע-שווינד אַראָפּ־אַראָפּ, דער הימל, וואָס לויכט אונ וואָס באַפֿאַרבט זיכ בײַ דער זײַט מיט א העל-רויטנ פֿאַס, די פֿייגעלעכ, וואָס שווימענ אויבנ מאַכנעסווײַז, אַראָפּ אונ אַרויפֿ, ווייגנ זיכ, ווי א שיפֿ אַפֿנ יאַמ, — אַלצ, אַלצ איז אימ נאָענט, היימיש, עס געהער זיכ מיט אימ עפּעס אָנ, עס האָט א שײַכעס צו אימ... פֿאַרטיפֿט אינ עטלעכע אײַניאָנימ, גייט זיכ יאָסעלע ווײַטער אונ ווײַטער, גאָר ניט באַמערקנדיק, אַז ער האָט שוינ לאַנג איבערגעלאָזט די קאַלטע שול, מיט דער גאַנצער שול-גאַס, מיט דער באַרדיטשעווער גאַס אויכ, מיט די „האַמאַרניקעס", מיט די „קוזניעס", מיט דער „נײַער בריק", אונ איז שוינ גאָר אַפֿ דער „פּוילישער גאַס". יאָסעלע וואָלט געגאַנגענ נאָכ ווײַטער, ווענ עס זאָל

אים נישט געווען אָפּשטעלנ א מעשונע־זים געזאנג, עפּעס א מינ געט־
לעכ שפּילנ, זעלטענע קוילעס, אזעלכע, וואָס ער האָט זיי נאָכ אינ
זײַנ לעבנ קיינמאָל ניט געהערט. ער שטעלט זיכ אָפּ אונ הערט אונ
קאָנ זיכ גאָר זאַט ניט אָנהערנ. אז עס איז פאראנ אפּ דער פּוילישער
גאס, דאָרט אויפנ בארג ערגעצ, א „קאָסטיל“ — ווייסט ער גאנצ גוט;
אויכ ווייסט ער, אז דאָרט שפּילט מענ אויפנ „אָרגל“; נאָר הערנ האָט
ער דאָס נאָכ ניט געהערט קיינמאָל, מאכמעס, ערשטנס, איז אפּ
דער פּוילישער גאס פאראנ היינט אינ יעדנ הויפ, אונ צווייטנס, טאָר
מענ דאָכ גלאט ניט הערנ דעמ „אָרגל“ שפּילנ, זינט דער בייס-הא-
מיקדעש איז כאָרעוו געוואָרנ... אינ דער מינוט פארדריסט אימ
שטארק, וואָס די יידנ האָבנ פארזינדיקט, אונ עס טוט אימ הארצעדיק
באנק, וואָס יידנ האָבנ שוינ מער ניט זייער בייס־האמיקדעש, זייער
אָרגל, מיט זייערע לעווייִמ, וואָס פלעגנ שפּילנ אפּ אלערליי אינסטרו-
מענטנ אונ זינגענ הייליקע לידער... אונ דאָ דערווײַל פונ קאָסטיאָל
לאָזט זיכ הערנ דאָס שפּילנ מיטנ געזאנג, אונ ווי מיט א מאגנייט ציט
עס אימ אלצ ארופ-בארג, נעענטער צו זיכ. אונ פונ דאָרטנ, פונ ער־
געצ, גיסנ זיכ, גיסנ זיכ זיסע, הימלשע קוילעס, ווי א געזאנג פונ א
מענטשנ, פונ א סאכ מענטשנ אינײנעמ. אונ עפּעס א גראָב קאָל, א
דונער, פאלט אלצ מינוט פונ אויבנ אראָפּ, אז עס ציטערנ אוש די
ווענט מיט דער ערד אונטער די פיס, אונ נאָכדעמ — ווידער זיסע
געצייכנטע שטימענ, מינע געזאנגענ, וואָס שנײַדנ, שנײַדנ דאָס הארצ
ווי מיט א מעסער, אונ א שיינע גלאטע שטימע פונ א מענטשנ לאָזט
זיכ הערנ פונ דאָרטנ אונ פילט אָנ דאָס הארצ אונ רופט ארויס פאר=
שידענע מאכשאָוועס. יאָסעלע שטעלט זיכ פאָר, אז פונקט אזוי
האָבנ די לעווייִמ באדארפט זינגענ אינ בייס־האמיקדעש, געשפּילט
אויפנ „אָרגל“ אונ געלויבט גאָט דעמ האר פונ אלע הערשאפטנ —
אונ דאָס הארצ ווערט אימ פול. אונ די מאכשאָוועס טראָגנ אימ
אוועק אהינ, קיינ י ע ר ו ש א ל א י מ... די גאנצע צײַט פונעמ שפּילנ
אונ פונעמ זינגענ געדענקט ניט יאָסעלע, אפּ וואָס פאר א וועלט ער
איז; עס איז אימ ליכטיק אינ די אויגנ, עס איז אימ ליכטיק אינ אלע
אייווורימ; עס הייבט אימ ווי אינ דער לופטנ, עס טראָגט אימ ארופ,
ארופ, אויפנ הימל... פּלוצעמ הערט מענ אופ צו זינגענ אונ צו שפּילנ,
אונ יאָסעלע דערהערט אנ אנדער שטימע, א באקאנט קאָל, שוינ
פונ אנ אנדער זײַט. ער קוקט זיכ אײַנ, פונוואנענ דאָס קאָל גייט,
אונ דערזעט פאר זיכ א באקאנטנ פּאָרעצ מיט א פעט געגאָלט פּאָ-
נעמ. ער קוקט זיכ צו אונ דערקענט... דער קסיאָנדז! דעמ קסיאָנדז

האָט ער ניט איינ מאָל געזעענ בא זלאַטענ אינ קלייט קויפנ סבוירע. זײַנ קײַלעכיק געגאָלט פּאָנעם מיט דער רויטער גראָבער נאָז, וואָס האָט אויסגעזעענ ווי א גולקע, פלעגט זיכ אים טאָמיד אויסווײַזנ מע־שונע, מאַקע נאָר צום לאַכנ. יאָסעלע טוט זיכ א כאַפּ: „אַבי, ווו בינ איכ דאָס?" — אונ לאָזט זיכ אַראָפּ פונ באַרג...

אַפּ דער גאַס, הינטערנ באַרג, שטייט א רעדל פונ ייִדנ אונ יונ־געלײַט. מע שטייט אונ מע באַטראַכט די נײַע בריק, וואָס בויט זיכ, אונ מע שאַצט, מע רעכנט, מע זאָגט מעוויבעס, ווי געווײַנלעכ ייִדנ, אַז מע קומט זיכ צונויפּ בא א נײַעם בינינ. דערזעענדיק, ווי יאָ־סעלע לויפט פונ דאָרטנ באַרג־אַראָפּ, שטעלנ זיי אים אָפּ אונ מע טוט אים א פרעג:

— פונוואַנענ איז? פונ קאַסטיל?.. ווער ביסטו, ייִנגעלע?

— וואָס הייסט? — זאָגט דער אַנדערער. — דו קענסט אים ניט? ס'איז דאָכ שמוליקס, שמוליק דעמ כאַזנס זונדל!

— א פײַנער באָכער! גייסט אינ קאַסטיאָל, גייסטו?!..

— קוק אים אָנ, דאָס נעבעכל: שטייט, כאַפּש מעלק אים! א לײַ־טיש באָכערל!

— הײַנטיקע קינדער; גוטע יאָרנ זיכ דערלעבט! פיר אים אָפּ אַהיימ, דאָוויד־הערש! ער איז דאָכ פונ דײַנ גאַס. א שיינע מײַסע, נאָר א קורצע!..

דער גאַנצער געגנט, מיט אַלע מײַרעדיקע פּורגאָנעס, וואָס איז בא אונדז אויסגערעכנט אינ די הייליקע ספאָרימ, מיטנ קאַפּ־האַקאַל, דאָס הייסט, דאָס שלײַדערנ פונ איינ עק ביזנ אַנדערנ עק וועלט, מיט די אַלע מאַלאַכיי־כאַבאָלע אַרומ אונ אַרומ — איז א גאָרנישט אַקעגנ דעמ, וואָס יאָסעלע האָט זיכ פאָרגעשטעלט בא זיכ אינ קאָפּ נאָכ דער שרעקלעכער אַווירע, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָנ, אַלײנ נישט ווייסנדיק — ווו, ווענ אונ וויאַזוי קומט ער גאָר דערצו. ער האָט זיכ שוינ גערעכנט פאַר א פאַרפאַלענעם, פאַרשפּילט ביידע וועלטנ... ער האָט זיכ מויסער־נעפעש געווענ, מעקאַבל געוועזנ אַפּ זיכ אַלע שטראָפּ, וואָס א מענטש קאָנ צוקלערנ, אונ האָט זיכ באַשלאָסנ, איינ מאָל פאַר אַלע מאָל, נישט רעדנ קיינ וואָרט, ווי איינער רעדט: „שנײַדט מיכ, בראָקט מיכ, עסט מײַנ פלייש — איכ וועל אײַכ נישט זאָגנ!"... עס פאַרשטייט זיכ, אַז צום אַלעמ ערשטנ האָט זיכ שמוליק צו אים גענומענ מיט ווערטער, אים געשטראָפט מיט מוסער, וויפל ס'איז אינ אים אַרײַנ, אונ האָט געוואָלט וויסנ פונ אים נאָר איינ זאַכ: „ער זאָל אים זאָגנ, וואָס איז שײַעכ, ווי קומט ער גאָר אַהינ?"... נאָר אַזוי

ווי די וואַנט שווײַגט, אַזוי האָט אויכ געשוויגנ יאָסעלע. דאָס האָט שויג די באַזונטע נישט געקאָנט אויסהאַלטנ; זי האָט זיכ א לאָז געטאָנ צו יאָסעלענ, איז אָנגעפאַלנ אָפ אים מיט ביידע קולאַקעס, גע- פינעט און געהירטשעט, ווי א ווילדע כיַיע, און ווענ ניט זלאַטע, וואָס האָט דערהערט פונ יענער זײַט וואַנט דאָס קלאַפנ מיטנ פּאַטשנ, וואָלט אים די באַזונטע קיינ לעבעדיקנ פונ אירע הענט נישט אַרויסגע- לאָזט. זלאַטע האָט אים אַרויסגעריסנ פונ דער באַזונטע און האָט אים מעשאַליחעב געווענ צו זיכ אינ שטוב אַרײַנ, און אַלייג איז זי געבליבנ דאָ און האָט שמוליקנ געגעבנ א וויסטנ, א פינצטערנ פּסאַק, וואָס ער דערלאָזט, אַז פ ר ע מ ד ע הענט זאָלנ שלאָגנ זײַנ בלוט און פליייש. די באַזונטע פינ איר זײַט האָט איר אויכ ניט אָפּגעשווינג, און דער- ווײַל איז יאָסעלע ניצל געוואָרנ פונ שלעכטע הענט.

VIII

# עסטער האָרעוועט צו, און יאָסעלע פאָרט אוועק קיינ טעטערעוועס שטורינ באַזאָגעס

איינ קיק א וואַרעמער, איינ וואָרט א גוטס פונ עסטערנ איז פאַר יאָסעלענ געווענ א רעפוע צו אַלע צאָרעס, טייערס פונעם טאַטנ איבער- נעמ מיט די קלעפּ פונ דער שטיפמאַמעס זיינער. אַרייַנקומענדיק אינ שטוב אַרײַנ פונעם שפּאַציר שוינ שפּעטלעב און דערזעענדיק יאָסע- לענ, ווי ער שטייט אַזוי פאַרוקט אינ א ווינקעלע, א דערשלאָגענער, ווי אַנ אָפּגעפליקט הינדל, דאָס היטעלע צעקנייטשט, די בעקלעב רויט און אָנגעדראָלנ, ווי די פּאַמפּעשקעס, איז עסטער צוגעגאַנגענ צו אים גאַנצ נאָענט, האָט אים אָנגענומענ באַ חער האַנט און האָט אים א פרעג געטאָנ מיט א ווייכ קאָל, קוקנדיק אָפ אים מיט ראַכמאָנעס:

— וואָס איז, יאָסעלע? ווײַטער זיי?..

פאַר דער גאַנצער צײַט האָט זיכ יאָסעלע אָט דאָ דאָס ערשטע מאָל צעוויינט פאַר עסטערנ, ווי א קליינ קינד, און האָט איר אויס- דערציילט אינגאַנצנ די מייסע פונ אַלעמ ביז טאָוו, נישט פאַרלייקנט פונ איר קיינ האָר אַפילע, זיכ מוידע געווענ, ווי מע איז זיכ מוידע פאַר גאָט אַלייג. עסטערנ האָט דאָס שטאַרק אָנגענומענ באַם האַרצנ: זי איז געשטאַנענ די גאַנצע צײַט, וואָס ער האָט גערעדט, און האָט געהאַלטנ איינעמ פונ אירע לאַנגע ליכטיקע צעפּ, צעפּלאָכטנ, צוריק פאַרפּלאָכטנ און ווידער צעפּלאָכטנ, קוקנדיק אָפ אים ווי אינ פּאָנעם

ארוּנ מיט אירע שיינע בלויע אויגן. נאָכדעם האָט זי דעם צאָפּ אַ וואָרף געטאָן ארונטער, צוגעגאנגען צו יאָסעלען נאָך בעטנטער און האָט א זאָג געטאָן צו אים:

— ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן, יאָסעלע? דו דאַרפסט ניט זיין דאָ; דיין אָרט איז אין א גרויסער שטאָט, ערגעץ בא א גרויסן כאזן. קאָלזמאן דו וועסט דאָ זיין, וועט פון דיר נישט זיין גאָרנים. געדענק מיין וואָרט.

— הערסטו! — מאכט יאָסעלע, און דאָס פייערל פון זיינע אויגן גלאנצט ארויס פון דער פינצטער. — הערסטו! אָט דאָס איז דאָך די מייסע, וואָס איך שרייב שוין לאנג. איך וויל קיין טעמרעוועצ, צו מיציך. דאָרט, ווייס איך, וועל איך זיך עפּעס אויסלערנען, נישט ארומגיין, ווי איך גיי דאָ ארום באַטל, בין א מעשאָרעסל בא דער מומע. דאָרט, אין טעטרעוועצ, איז גאָר אן אנדער וועלט; דאָרט, אז מע קומט צו פאָרן...

— שאַ! — זאָגט צו אים עסטער, — דו זאָגסט טעטרעוועצ? איך קאָן איינעם א טעמרעוועצער; ער באַדאַרף אָנקומען נאָך שאבעס אפן יאָריד, איך וועל מיט אים רעדן. מיר דאַכט, עס וועט גיין.

— עפּשער א יענער, מיינסטו, דעם שניטקרעמער, וואָס שטייט טאָמיד די אנדערע קראָם פון אייך?

— יאָ, א יונגערמאן, זייער א וווילער מענטש, א ייד אָן א גאל. איך וועל מיט אים א רעד טאָן מיקויעך דיר... שאַ, אָט גייט די מאַמע.

— א גוטע וואָך! — מאכט זלאַטע, ארייןקומענדיק צו זיך אין שטוב ארײַן. — זאָג, עסטערל, „גאָט פון אווראָם" און ציגד אָן פייער... און דו קאָנסט שוין גיין אהיים, — רופט זי זיך אָן צו יאָסעלען. — איך האָב זיך דאָרט א ביסל אָפּגעקריגט פאַר דיר. נישקאָשע, ביסט א לייטיש באָכערל! בא לייטן קינדער זיצן שאבעס אין שול, און דו גייסט גאָר אין די קאָסטיאָלן ארײַן. האָסטו געהערט א האסאָנע!

— ניין, מאמע! — זאָגט עסטער און וויל אים פאַרענטפערן. — ס'איז ניט אזוי די מייסע... ער איז גאָר ניט געווען אין קאָסטיאָל, ער איז געווען נעבן קאָסטיאָל...

— א נייער מיילינץ־יוישער! — מאכט זלאַטע און שלאָגט איר אי־בער די רייד. — גיי, יאָסעלע, אהיים, מע וועט דיך שוין מער ניט משעפּען. נאָר זע, שאָנעווע זיך און זיי א סטאַטעק. די מאמע דיינע זאָל אופשטיין, וואָלט זי געהאָט ווינציק־וואָס נאַכעס פון דיר...

יאָסעלע גייט אַהיים, און עסטער הייבט אָן צו קלערן אַלערליי פּלאַנען, וואָזוי מאַכט מען, אַז יאָסעלע זאָל זיך קאָנען דערשלאָגן קיין מעטערעווע. „ער, מיט זיין קאָל, וואָלט געקאָנט זיין בא א רעכטן כאַזן. א ראַכמאָנעס אָף אים, ער ווערט דאָ נעבעך שטאַרק אויסגע-ריסן!"...

ווען די דריי גרויסע יאָרידים, וואָס זיינען אויבן דערמאַנט, יוריע, ספּאַס און פּאָקראָווע, זאָלן זיין באַשאַפן נאָר פאַר די מאַזעפּעווקער קרעמער אַליין, וואָלט אַוואַדע אַז וויל געווען די דאָרטיקע יידן. דער כיסאָרן איז אָבער, וואָס אַהין פאָרן זיך צונויף קרעמער פון דער גאַנצער וועלט קימאַט: פון מאַקאַרעווקע, פון קאַשפּערעוו, פון באַר-דיטשעוו, און פון יאַרמעלינעץ, און פון טעטרעוועץ, און פון אַרום און אַרום. מע פאָרט אַראָפּ קיין מאַזעפּעווקע אָפן יאַריד און מע שטעלט זיך אויס מיט אַזעלכע שאַרפע קראָמען, אַז עס נעמט אָפּ אַן אויג. און דערצו זיינען נאָך די צונויפגעפאָרענע אַזעלכע שאַרפע בעריעס צום לייזן געלט, אַז דער היימישער באַדאַרף זיך גוט אונטער-גאַרטלען, ער זאָל קאָנען בנישטיין אַקעגן דער דאָזיקער סאַקאָנעסדי-קער קאָנקורענציע. דערפון שפּרינגען אָפט אַרויס, געוויינלעך, שרעק-לעכע מאַכלויקעסן צווישן די „היימישע" מיט די „פרעמדע"; מאַנצ-בילן קריגן זיך, זידלען זיך, ווייבער צווישן זיך שטעלן זיך פייגן, און עס טרעפט זיך אַמאָל, אַז עס דערגייט צו פּעטש אויך. דערפאַר אָבער, אַז עס קומט דער הייליקער טאָג שאַבעס, ווען דער יאַריד ווערט געשלאָסן, דעמלט ווערט מען ווידער שאַלעם. די נעכטיקע פייגן מיט די פּעטש ווערן פאַרגעסן, און מע קומט אין די שולן אַריין הערן די מאַזעפּעווקער כאַזאָנים. מע נעמט זיי אויף פאַר שיינע געסט אין שול. מע טרעט זיי דעמלט אָפּ דעם אויבנאָן און מע איז זיי מעכאַבעד מיט די פיינסטע אַליעס, געוויינלעך, נישט אַזוי צוליב זייער קאָוועד, ווי צוליב זייערע נעדאָרים, פון וועלכע עס פאַלט אַריין א היפּשע קאָפּעקע. אָט יענעם שאַבעס גרייט זיך צו שמוליק דער כאַזן ווי געהעריק איז. ער פלייסט זיך פאַר די פרעמדע, און יאָסעלע פון זיין זייט באַווייזט אויך אַרויס, וואָס ער האָט, וואָס ער קאָן, אַזוי, אַז אַלע לעקן נאָכדעם די פינגער. קומענדיק נאָכדעם אין אַן אַנדער שטאָט, דערציילן זיי זיך פון יענעם מאַזעפּעווקער כאַזן: „איר זאָלט הערן אין מאַזעפּעווקע איז דאָ א באַלטפילע, האָט ער א האַלדז, וואָס איז א בידעש. אים העלפט א יינגעלע זיינס פון א יאָר צוועלף אָף א דין קעלבל, ווי א פייפעלע, וואָס סע לאָזט זיך אויס די וועלט! און דאַפקע אין מאַזעפּעווקע!"...

צווישנ די דאָזיקע צונויפגעפּאָרענע לײַט איז געווענ איינער א טע-
טרעווצער סויכער. ער איז געווענ, ווי עס האָט אויסגעוויזנ, א שאַר-
פער מייווינ אפ כאַזנים, אונ ביכלאל א יוידייא־נאַגנ, מאַכמעס צו־
הערנדיק זיכ צו שמוליקס שטיקלעכ, פלעגט ער צוקלאַפּנ מיט דעמ
פוס צומ טאַקט, האַלטנ דעמ קאָפּ אפ א זײַט מיט צוגעמאַכטע אויגנ
אונ גאָר דאַווענ זיכ אוועקשטעלנ מיט שמוליקנ שמועסנ מיקייעכ
כאַזאָנעס. דער טעטרעווצער יונגערמאַנ האָט ליב געהאַט צו דער־
ציילנ פונ זײַנע טעטרעווצער כאַזאָנימ, אַרויסבאַווײַזנדיק דערבײַ
פיל פאַרשטאַנד אונ בקיעס אינ איניענ-האַזאָנעס. „בא אונדז אינ
טעטרעווע זאָלט איר הערנ דאַווענענ!“... צו יאָסעלענ האָט זיכ דער
יונגערמאַנ אויכ זייער צוגעלאָזט, געגעבנ אימ א קניפּ אינ בעקל אונ
געזאָגט, אַז ער וועט זיכ „אויסזינגענ“, וועט ער האָבנ א זעלטענע
שטימע, אַז צו זײַנ זינגענ גייט אימ נאָר אָפּ נאָמענ, אונ ווענ ער זאָל
מיט זײַנ קאָל אַרײַנפאַלנ צו זיי קײנ טעטרעווע, צו מ י צ י נ אינ
די הענט אַרײַנ, וואָלט מיצי געמאַכט פונ אימ א לײַט.

שמוליק האָט אויסגעהערט דעמ יונגנמאַנס רייד מיט א ביטער
שמייכעלע, ווי איינער רעדט: „יאָ, ווו זשע טרעפט מענ אָבער דערצו
די קלינגערס?“... אונ יאָסעלע, הערנדיק אַזעלכע שמועסנ, האָט זיכ
אַזש באַלעכט, אונ עס איז אימ שיר דאָס האַרצ ניט אַרויסגעשפּרונגענ
פאַר פרייד. ער איז אינ דער מינוט געווענ מיט לײַב-אונ-לעבנ דאָרט,
אינ טעטרעווע, בא מיצינ.

בא יאָסעלענ אינ די אויגנ באַקומט דער יונגערמאַנ גאָר אַנ אַנ-
דער מינ גלאַנצ; ער קוקט אפ אימ, ווי אפ זײַנ אויסלייזער, ווי אפ
א מאַלעכ פונ גאָט. ער אונ זײַנ מאַזל מיט זײַנ גאַנצ לעבנ זענענ בא
דעמ יונגנמאַנ אינ די הענט. דער יאַריד אָבער איז זיכ דערווײַל
א יאַריד; מע באַדאַרפ האַנדלענ, גענעמנ זיכ מיט אַזויפיל מענטשנ
אונ ל ייז נ ג ע ל ט. יאָסעלע שטייט, ווי אַלעמאָל, בא זלאַטעס קראָמ,
גיט אַכטונג, דערלאַנגט, וואָס מע באַדאַרפ, פאָלגט א גאַנג, העלפט זיי
„טאַשנ זיכ“ אונ טוט געטרײַ. די גאַנצע צײַט רעדט ער נישט מיט
עמעצנ קיינ וואָרט מיקויעכ טעטרעווע אונ מיקויעכ דעמ יונגנמאַנ.
ער האָט מוירע צו מאַכנ א רייד וועגנ דעמ. אַדרעאַבע, אַז ער דערזעט,
ווי עמעצער מיטנ יונגנמאַנ רעדנ צווישנ זיכ, טרעט ער אָפּ אפ א זײַט,
אונ דאָס האַרצ בעשאָס-מעסע קלאַפּט אימ, געבעט זייער גוט: „ריבוינ-
ע-שעל-אוילעמ! — קלערט זיכ יאָסעלע, — שטאַרקער גאָט! גיב
אימ אַרײַנ א גוטע מאַכשאָווע, ער זאָל מיכ נעמענ קײנ טעטרעווע“...
אונ עסטער האָט געאַרבעט אפ אַלע סטראַשנ. זי האָט איבער-

געשמועסט מיטנ יונגמאנ אונ געפועלט, ער זאל בעמענ יאסעלענ קיינ מעטרעווענ אפ זיינע הויצאעס. עס איז איר אבער געבליבנ א שטיקל ארבעט בא שמוליקנ אונ בא זלאטענ. שמוליק, ווי ער האט געוואלט פארזארגנ דעמ טאכלעס פונ זיינ קינד, איז אימ שווער געווענ פונדעסטוועגנ מיט יאסעלענ זיכ צו שיידנ: „וואס איז שיינער, וויאזוי לאזט מענ דאס אפ א קינד?“... דערצו האט זיכ נאכ אריינ-געמישט די שטיפמאמע אינמיטנ: זי האט ניט פארשטאנענ, צו וואס דארפ מענ זיכ נאכ ארומפירנ מיט אזא טאכשיט, ווי יאסעלע איז? אויכ זלאטענ איז דער פלאנ ניט געווענ צומ הארצנ: נעמענ א קינד פונ א יאר דרייצנ אונ פארשיקנ, מאפקיר זיינ אימ ערגעצ דארטנ אינ דער פרעמד, נאט ווייסט צווישנ וואסערע מענטשנ!.. עסטער האט זיכ אבער גענומענ אפ אלע קוילימ אונ האט אזוי לאנג געארבעט, ביז זי האט איבערגערעדט די מאמע אויכ, אונ טייקעפ נאכנ יאריד האט זיכ יאסעלע גענומענ זיינ טפילינ-זעקל מיטנ גאנצנ קלומעקל אונ איז, אינ א מאזלדיקער שעה, אוועקגעפארנ קיינ מעטרעווענ. אינ יענעמ פרימארגנ איז יאסעלעס הארצ געווענ פול מיט פרייד אונ מיט גע-טריישאפט צו עסטערנ; ער זאל זיכ ניט שעמענ פאר לייטנ, וואלט ער זי ארומגענומענ אונ וואלט זיכ מיט איר צעקושט...

ווער איז דאס אימשטאנד צו איבערגעבנ די געפילנ, וואס יאסעלע האט געטראגנ אינ הארצנ צו זיינ עמעצנ גוטנ-פריינט, צו עסטערנ? דאס זענענ געווענ אזעלכע געפילנ, וואס לאזנ זיכ ניט ארויסגעבנ דורכ ווערטער; זיי באווייזנ זיכ ארויס נאר דורכ טרערנ. זאגנדיק אימ „פאר געזונט“, האט עסטער באמערקט, ווי יאסעלע פינטלט מיט די אויגנ, באהאלט דאס פנימ אונ הוסט אונטער מיט עפעס א מע-שונע קוויטש, קומ ארויסרעדנדיק דעמ „זיי געזונט“. יאסעלעס אויגנ זענענ געווענ באפייכט מיט טרערנ, מיט טרערנ פונ גליק, אונ האבנ געקוקט ווייט, ווייט, אפ יענעמ גרויסנ, ברייטנ וועג, וואס איז אימ פארגעשטאנענ אינ זיינ לעבנ.

## IX

## מיצי דער באונ פארהערט אימ זינגענ<br>אונ גייט ארויס פונ די קוילימ

ביז מע איז ניט אריבערגעפארנ די גרעבליע, דאס הייסט די גרע-ניצ פונ דער שטאט מאזעפעווקע, האט זיכ יאסעלע ניט געגלייבט אקוראט, אז ער פארט קיינ מעטרעווענ. ער האט זיכ ארומגעקוקט אלע מינוט, זיכ געהויבנ פונעמ ארט אונ האט אלצ מורא געהאט, טאמער

רופט מענ אימ אהיימ. א קאשע אפ א מיִסע: דער שטיפמאמע קאנ געפעלנ, אונ זי זאל הייסנ פארקערעווענ צוריק. ערשט אָט דאָ, קו־מענדיק צו די ווינטמילנ, אונ דערזעענדיק דעמ וואלד פונדערווייטנ, האָט יאָסעלע דערפילט, אז ער פּ אָ ר ט, אונ עס איז אימ געוואָרנ אפנ הארצנ אזוי ווי א מענטשנ, וואָס כאפט זיכ ארויס פונ אנ ענגער פינצטערער טורמע אפ דער ליבער פרייער לופט. קוקנדיק אפנ וואלד, האָט זיכ יאָסעלע דערמאנט אינ זיינ פריערדיקנ גאניידנ, פונ וועלכנ מע האָט אימ אזוי מיִעס ארויסגעטריבנ, אונ ער האָט שוינ געלאכט צו זיכ אליינ: „אויב מיר אנ אנטיק — דער וואלד! א טייערע מע־ציִע! אָט טעטרעוועצ — דאָרט איז א וועלט!“... איינ זאכ האָט יאָ־סעלע נישט פארשטאנענ: עס זיצנ, אָנ אינהאָרע, א פולע בויד מיט יידנ, אלע פאָרנ קיינ טעטרעוועצ, אונ פונ וואָס רעדט מענ? פונעמ יאריד, פונעמ פידיענ אונ פונ די מאזעפעווקער קויפימ! וואָס איז דאָס פאר מינימ ברוגימ פאראנ אפ דער וועלט?! טעטרעוועצ — אזוי האָט זיכ יאָסעלע פארגעשטעלט בא זיכ אינ קאָפּ — דאָס באדארפ זיינ א מינ ערטל, ווו אלצ זינגט אונ פרייט זיכ, מענטשנ גייענ ארומ פראנק-אונ־פריי, אייענער מיטנ אנדערנ ארומגענומענ. מע קריגט זיכ ניט, מע עסט זיכ ניט איינס דאָס אנדערע לעבעדיקערהייט, ווי דאָ, אינ מאזעפעווקע; מע האָט נישט אינ זינענ אזעלכע פוסטע געשעפטנ: יאריד, קוינע, פידיענ, פארנאָסע. אלע גייענ ארומ זיכ ציכטיק, ריינ; די פענעמער שיינענ, די אויגנ לויכטנ, עס איז א לעבנ ווי אינ גאניידנ, פונקט ווי דאָרטנ, אפ יענעמ אינדזל, וואָס ליגט אפ יענער זייט יאמ אוקיאָנוס, ווו עס איז א גאנצ יאָר זומער אונ ווו מענטשנ לעבנ אייביק, לויט די מייסעס וואָס ער האָט זיכ אָנגעהערט פונ זיינע באוויירימ אינ כיידער... היינט גלאט, אָנ אלעמענ, איז דאָכ דאָרטנ מ י צ י! א קלייניקייט מ י צ י...

אינ אזעלכע מאכשאָוועס האָט יאָסעלע פארבראכט דעמ גאנצנ וועג, קימאָט גאָר נישט באמערקנדיק די אלע דערפער מיט די שטעטלעכ, וואָס מע איז איבערגעפאָרנ אינ דער גאנצער צייט פונ דער נעסיִע. יאָסעלע איז דערמיט געווענ אָפּגעזונדערט, פארענדערט פונ אלע אי־בעריקע ייִנגלעכ פונ זיינ גראד, וואָס ער האָט זיכ טאמיד געפונענ נישט אפ דעמ אוילעמ; עפעס האָבנ אימ זיינע מאכשאָוועס מיט זיינ קויעכ־האדימיענ שטענדיק געטראָגנ אינ דער לופטנ, אונ אלצ, וואָס ער האָט געזענ, האָט בא אימ געהאט ניט אזא פּאָנעמ, ווי בא אלע אנדערע ייִנגלעכ. ער האָט מער געלעבט אינ דימיוינעס, ווי אזוי. האָט ער עפעס געהערט דערציילנ, אזוי פלעגט אימ זיינ קויעכ־האדימיענ

אויסמאָלנ מאָדנע-מעשונע זאַכנ אונ בילדער. האָט ער עפּעס פאַר־
קלערט אונ איניענ, אַזוי פלעגנ אימ די מאַכשאָוועס פאַרטראָגנ ווײַט
אַהינ אינ דעמ אוילעמ-האַדימיענ. אינ דער צײַט, לעמאָשל, ווענ ער
פלעגט זיצנ אינ כיידער גלײַכ מיט אַלע יינגלעכ איבער דער געמאָ־
רע, אָדער אינ שטוב איבער אַנ אַרבעט, פלעגט ער גאָר בעשאָמ־
מײַמע נישט אינ זינענ האָבנ, וואָס מע רעדט, אָדער וואָס מע טוט;
זײַנ נעשאָמע איז געווענ גאָר דאָרט ערגעצ, אונ עס האָט זיכ אימ
געדאַכט, אַז ער הערט אַלערליי מינימ קוליעס אונ געזאַנגענ. ער האָט
געקאָנט אויסהערנ אַ זאַכ דרײַ מאָל אונ נישט פאַרשטיינ איינ וואָרט.
אונ דערפאַר פלעגט ער, געוויינלעכ, נימ איינ מאָל כאַפּנ אַ מיִעסנ
פּסאַק פונ איטלעכנ באַזונדער. אַפילע ענטער, וואָס האָט געליעבט
מיט אימ, ווי אַ שוועסטער מיט אַ ברודער, פלעגט אימ אָפט באַ־
מערקנ, אַז ער הערט נימ, וואָס מע רעדט צו אימ. דערפונ איז גרינג
צו פאַרשטיינ, אַז מאַכמעס ער האָט זיכ יעדע זאַכ פאָרגעשטעלט מער
ווי עס איז, דערפאַר פלעגט דאָס אימ נאָכדעמ אויסווײַזנ שוינ צו
פּאַשעט, זייער וואָלוול אונ אָפּטמאָל נימעס-אומאָעס ווערנ...

אפנ דריטנ טאָג, גאַנצ פרי נאָכ, האָט יאָסעלע דערפילט, ווי דער
וואָגנ טרייסלט זיכ אונ עס קלאַפּט אונ עס טראַסקעט, ווי אָפּ שטיי־
נער, אונ אַ שיינע פּאַנאָראַמע פונ הויכע ווײַסע מויערנ מיט געפאַרב־
טע אײַזערנע דעכער מיט גרויסע שיינע הויפנ, אַרומגעזעצט מיט
ביימער, האָט זיכ צעשפּרייט אונ אַרויסבאַווײַזנ פאַר זײַנע אויגנ. „אָפּאָ־
נעמ, אָט דאָס איז טעטערעוועצ". — האָט יאָסעלע אַ טראַכט געטאָנ,
גלײַכ ווי דאָס האַרצ האָט אימ געזאָגט.

— נעמ דיר דײַנ קלומעקל, — האָט אימ דער שניטקרעמער אַ זאָג
געטאָנ, איבערגעבנדיק אימ אַ פּאַטשיילע, ווו עס איז געלעגנ דאָס
טפילנ-זעקל, אַ סידערל, דאָס שאַבעסדיקע קאַפּאָטקעלע, אַ פּאָר העמד־
לעכ ווײַסע מיט אַ פאַרדאַרט שטיקל ברויט, איבערגעבליבנ פונ די
וועג־שפּײַזנ. — אָט דאָ, זעסטו, זיצט מ י צ י. קריכ אַראָפּ אונ זאָג
אימ פונ-מײַנעטוועגנ, אַז ער זאָל דיכ צונעמענ, אונ, אימ-ירצע־
האַשעמ, מאָרגנ גיי זיכ דורכ צו מיר אַהיימ.

יאָסעלע האָט זיכ פאַרנומענ זײַנ קלומעקל. די בויד איז אַוועק־
געפאָרנ ווײַטער, אונ יאָסעלע איז געבליבנ שטיינ נעבנ אַ גרויסנ
מויער, נישט וויסנדיק, וווהינ צו גיינ.

— וועמענ דאַרפסטו, יינגעלע? — האָט אימ אַ פרעג געטאָנ
עפּעס אַ יידענע, אַרויסשטעקנדיק אַנ אָפּגעדעקטנ קאָפּ פונעמ פענצ־
טער, וואָס איבעמ אונטערשטנ עטאַזש.

— מ י צ י נ באדארפ איך, — האט יאסעלע געענטפערט גני-ציק. — רעב מיצי דעם כאזנ.

— אט דא אפ די טרעפ, זנו מויכל, אינ דער רעכטער האנט, — האט אים געענטפערט די ידענע, שמייכלענדיק.

יאסעלע האט זיך אראפגעלאזט אראפ, גאנצ נידעריק, אפ אזויפיל טרעפ — דאס ערשטע מאל אפ זיינ לעבנ — אונ איז ארינגעקומענ פריער אינ א פינצטערנ קארידאר אונ נאכדעם אינ א גאנצ פיינער שטוב מיט געפארבטע פאדלאגעס, מיט שיינע בענקלעך אונ מיט שפיגלענ, גאר גרויסארטיק, נאכ יאסעלעס מיינונג דעמלט, אונ ער האט דערהערט פונ ערגעצ ארויסגיינ זיסע קוילעס אלערליי: גראבע, גאר גראבע, מיטעלע, דינע אונ גאר קווישיקע. אונ אלע אינייינעם זענענ זיי עפעס צונויפגעגאסנ, צונויפגעשמעלט, ווי אינ א הארמאָ-ניע, פונקט אזוי, ווי ער האט אמאל, שוינ לאנג, געהערט אינ מא-זעפעווקע, בעשאס פ י צ י האט דארט געדאוונט מיט זיינע אכצנ מעשוירערים. שפעטער ווערנ אלע קוילעס שטיל, אונ עס לאזט זיך הערנ א געזאנג פונ איינעם, א זיס-רייני געזאנג. דאס געזאנג ווערט וואס וויינטער שטילער, נידעריקער, ביז עס ווערט פארשטארבנ. יאָ-סעלע שטייט איינמיטנ שטוב, ווי צוגעקאוועט צום ארט, אונ זעט גאר נישט פאר זיך דאס זעלבע ווינבל, וואס האט אים אנגעוויזנ, ווו מיצי וווינט.

— גיי ארינ אהיינצו, אינ יענעם נידער, אנ-א! — מאכט צו אים דאס ווינבל, אנווייזנדיק אים ווהינ. יאסעלע עפנט אופ די טיר אונ דערזעט פאר זיך א גאנצע כעורע יונגעלייט אונ קליינע יינגלעכ: זיי שטייענ אלע אויסגעשטעלט, ווי די סאלדאטנ, קוקנ ארינ אינ גרויסע ביכער, אייגער פונ דער כעורע האלט א שטעקעלע אינ האנט, אונ אויבנאנ, אפ א בענקל, זיצט א געוויינלעכער ייד מיט א גע-וויינלעכ געל שפיציק בערדל אונ מאכט צו אים, ווי א געוויינלעכער מענטש:

— וואס ווילסטו זאגנ?

„שוינ זשע איז דאס טאקע מיצי אליינ?“ — טראכט זיך יאסעלע אונ טוט א זאג:

— איכ באדארפ האבנ צו מיצי דעם כאזנ; איכ האב צו אים א גרוס איבערגעבנ.

— א גרוס? — פרעגט אים מיצי, — פונ וועמענ איז?

— טאקע פונ א היגנ שניטקרעמער; איכ בינ מיט אים אינייינעם געקומענ צו פארנ אהערצו.

— פונ א היגנ שניטקרעמער? — מאכט מיצי, — וויאזוי זשע רופט מענ אימ?

— וויאזוי רופט מענ אימ? — ענטפערט יאָסעלע, — אָט־וואַ, איכ האָב גאָר פארגעסנ א פרעג טאָנ אימ, וויאזוי ער הייסט אונ ווו ער זיצט.

ווי א זאלפ פונ עטלעכע הארמאטנ מיטאמאָל — אזא מינ געלעכטער האָבנ אויסגעשאָסנ די גאנצע כעוורע מעשוירערימ, אונ מיצי אליינ האָט זיכ אויכ צעלאכט, באטראכטנדיק יאָסעלענ אינ זיינ פארצווייפלטער לאגע, ווי ער שטייט זיכ אזוי מיטנ פעקל אינ האנט, דאָס קאפּאָטקעלע צעפליקט, געלאטעט, די שטיוועלעכ אויסגעדרייט אונ צעהאקט, דאָס קארטוזל — אָנגעוואָרנ דעמ קאָזעראָק מיטנ גאנצנ פאסאָנ, נאָר דאָס פענעמל שיינ, די האָר געקרייזלט, אונ די גרויסע קארע אויגנ לויכטנ אונ בלישטשענ, ווי מיט א פייערל אינ זיי.

— זאָג מיר נאָר, ווער ביסטו אונ פונוואַנענ קומסטו אָנ? — האָט אימ מיצי א פרעג געטאָנ מיט א פריינטלעכ שמייכעלע.

— איכ בינ יאָסל, שמוליק דעמ כאזנס זונ פונ מאזעפעווקע, — ענטפערט אימ יאָסעלע גאנצ טאקיפדיק. — מיכ האָט אהער געבראכט א היגער שניטקרעמער, אונדזערער א באקאנטער, צו מיצי דעמ כאזנ באשטעלנ פאר א זינגערל.

— אזוי די מייסע? — מאכט צו אימ מיצי. — נו, לייג זשע אנידער דאָס פעקל אונ קומ אהער נענטער, לאָמיכ דיכ אויסהערנ זינגענ.

טכילעס האָט אימ מיצי א פרווו געטאָנ, צי ער קענ נאָטנ. נאָכדעמ, זעענדיק, אז ער ווייסט ניט, מיט וואָס מע עסט דאָס, האָט ער אימ געהייסנ, ער זאָל אימ גלאט אזוי עפּעס א זינג טאָנ. יאָסעלע האָט געמיינט, אז מע באדארפ טאקע עפּעס „זאָגנ א זאכ". האָט ער גענומענ זינגענ א גאנצ שטיק פונ דער ראָשעשאָנעדיקער שמוינעסרע. לעבאטכילע האָבנ די כעוורע מעשוירערימ זיכ פארשטעלט מיט די הענט די מיילער, מע זאָל ניט זענ, ווי זיי לאכנ; וואָס ווייטער, איז דער געלעכטער געוואָרנ קלענער, די פענעמער זענענ געוואָרנ ערנסטער, אונ מע האָט זיכ אָנגעהויבנ איבערקוקנ איינס מיטנ אנדערנ פארוואונדערט, גאָר נישט פארשטייענדיק, וואָס איז דאָס פאר א מינ זינגענ — עפּעס נישט קיינ געוויינלעכע שטימע! מיצי האָט זיכ אָנגעשפּארט מיטנ קאָפּ אפ דער האנט, אופגעעפנט דאָס מויל אונ אויסגעשטעלט אפ יאָסעלענ די אויגנ, גלייכ ווי ער וואָלט אימ וועלנ איינשלינגענ, ווי ער שטייט אונ גייט. זינט מיצי האָט צו טאָנ מיט

זינגערס, האָט ער נאָכ אַזאַ מינ זינגענ נישט געהערט אונ זיכ אַפילע קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט אינ דער מאַכשאָווע. יאָסעלע האָט נישט געזונגענ, צולייגנדיק קויעכ, ווי אַנדערע, נישט געשריגנ, נישט געריסנ דעמ האַלדז, נאָר עס האָבנ זיכ אַליינ אַרויסגעגאָסנ פונ זײַנ האַלדז אַזעלכע זיסע, אײַנגענעמענע, ווייכע קוילעס, אַרויסגייענדיק פונעמ האַרצנ, פונ דער נעשאָמע, אונ דערלאַנגענדיק טיפ־טיפ אינ בײַנ אַרײַנ. דערבײַ האָט זיכ בא אימ, אינ זײַנ זינגענ, אַרויסבאַוויזנ אויכ פיל בערייעשאַפט, אַריבערפאַלנדיק פונ אויבנ אַראָפ, אונ פונ אונטנ אַרופ, אונ צעשיטנדיק זיכ אינ אַזעלכע ווילדע טרעלנ, אַז אַלע זע־נענ געבליבנ פאַרשטיינט, נישט וויסנדיק, פונוואַנענ נעמט זיכ דאָס בא אימ. אַז יאָסעלע האָט אויפגעהערט צו זינגענ, האָט זיכ מיצי אויפ־געכאַפט פונעמ בענקל, אונ האַלטנדיק זיכ מיט בײדע הענט פאַרנ קאָפ, האָט ער אָנגעהויבנ אַרומלויפנ איבער דער שטוב, ווי אַ מעשו־גענער, שרײַענדיק: „אײַ-אײַ-אײַ־אײַ!“

— זאָג נאָר, ווער ביסטו? פונוואַנענ ביסטו? וועמענס ביסטו?

— איכ האָב דאָכ אײַכ געזאָגט, — מאַכט יאָסעלע ביטמימעס,— אַז איכ בינ י אָ ס ל ש מ ו ל י ק ס פ ו נ מ אַ ז ע פ ע ו ו ק ע; איכ בינ געקומענ צו אײַכ זיכ באַשטעלנ פאַר אַ מעשוירערל.

— פאַר אַ מעשוירערל? — האָט מיצי געשריגנ. — אײַ־אײַ־אײַ־אײַ! פאַר אַ מעשוירערל, זאָגסטו? מירל! קומ נאָר אַהער, מירל!

אַפ דעמ געשריי איז אַרײַנגעקומענ טאַקע יענע ווײַבל, וואָס האָט אָנגעוויזנ יאָסעלענ, ווו מיצי וווינט, אונ מיצי, אָנווײַזנדיק מיט דער האַנט אַפ יאָסעלענ, האָט זיכ צעשריגנ אַפ קיילי-קוילעס:

— זעסטו אָט דאָס יינגל? דאָס איז דעמ מאַזעפעווקער כאַזנס אַ זונ. דאָס איז ער געקומענ אַהער צו מיר זיכ באַשטעלנ פאַר אַ מעשוי־רער. זינט איכ לעב, זינט איכ געפינ זיכ צווישנ כאַזאָנימ, האָב איכ נאָכ אַזאַ מינ שטימע נישט געהערט. מירל, ס'עקט זיכ די וועלט, ס'איז עק! עק, זאָג איכ דיר! הער נאָר אויס, יאָסל רופט מענ דיכ? — האָט אימ מיצי געזאָגט, אַ זעץ טוענדיק אימ איבער די פלייצעס. — יאָסעלע, איכ נעמ דיכ צו! דו בלײַבסט בא מיר בלײַבסטו! מירל, מע דאַרפ אימ מאַכנ אַנ אַנדער קאַפאָטקעלע, אַנדערע מאַלבושימלעכ... עפשער ווילסטו עפעס עסנ, יאָסעלע? מירל, גיב אימ עסנ! האָסט אימ באַדאַרפט הערנ זינגענ, מירל. וואָס זאָל איכ דיר זאָגנ? עק — אונ גענוג!

X

# א נײַ אָרט, נײַע מענטשנ, נײַע צאָרעס

טעטרעוועצ — דאָס איז געווענ א נײַער גאַנײדנ פאַר יאָסעלענ די ערשטע צײַט. קווירעמקאָל האָט ער זיכ דערפרעגט צו דער שול, אונ אַרײַנקומענדיק אַהינ דאָס ערשטע מאָל, האָט ער זיכ פאָרגעשטעלט, אַז ער איז אינ בײס־האַמיקדעש. באַטראַכטנדיק די מוירעדיקע דווי־בע געמאָלטע סטעליע מיט די געקינצלטע ווענט, אַפ וועלכע דער מאָלער האָט נישט געזשאַליעוועט קײנ פאַרב אונ האָט אויסגעמאָלט אַלערלײ בילדער, אינסטרומענטנ, עפּל, באַרנ, גרינע אוגערקעס אונ צעשנײטענע רויטע קאַווענעס, וואָס בעטנ זיכ אינ מויל אַרײַנ, אונטע־רווימע נאָכ אַזעלכע בעריעשאַפטנ, — האָט זיכ יאָסעלענ אויסגעוויזנ, אַז דערמיט עקט זיכ שוינ די וועלט אונ קײנ בעסערס אונ שענערס דערפונ קאָנ שוינ גאָר ניט זײַנ. אונ ווער שמועסט דעמ ערשטנ שאַ־בעס, ווענ מיצי האָט זיכ שוינ אוועקגעשטעלט דאָ מיט זײַנע אַלע מע־שוירערימ, אונ יאָסעלע אויכ בעסויכעמ, אונ דאָס כאָר האָט א זעצ גע־טאָנ דעמ „מה־טובו" 1 מיטנ געוויסנ נוסעכ פונ אַלע כאַרשולנ, האָט יאָסעלע געפילט, ווי א פראָסט גײט אימ איבער איבערנ לײַב אונ עס שטעלנ זיכ אימ אופ די האָר איינציקווײַז. צעלאָזנדיק זיכ נאָכ־דעמ אַפ זײַנ העלדזל, האָט ער קימאַט אַלײנ נישט דערקענט זײַנ קאָל — אַזוי האָט דאָס געקלונגענ אינ דער דאַזיקער שײנער הויכער שול. אויסער דעמ איז בא אימ געווענ אַלצ, וואָס ער האָט געזענ, א נײַס. די ערשטע צײַט האָט ער אַרומגעשפאַנט איבער דער שטאָט מיט א פאַריסענעמ קאָפּ אַרופ, צוהאַלטנדיק זיכ דאָס היטעלע, עס זאָל ניט אַראָפּפאַלנ, אונ פונ יעדער זאַכ איז ער געוואָרנ ניספּאָעל. עס האָט אימ פאַרדראָסנ איינ זאַכ — וואָס עסטער איז דאָ ניטאָ אונ זעט ניט די אַלע כידושימ, וואָס ער זעט. זײַנ האַרצ איז אימ געווענ פול מיט דאַנקענ אונ מיט ליבעניש צו האַשעמ־ייִסבאָרעכ, וואָס ער האָט אימ געבראַכט אַהערצו בעשאָלעמ.

עס פאַרשטײט זיכ, אַז שפּעטער, מיט דער צײַט, האָט טעטרע־וועצ אָנגעהויבנ אָנצווערנ דעמ גלאַנצ מיט דער שײנקײט אינ זײַנע אויגנ. דענ ער איז צו דעמ אַלעמענ געוווינט געוואָרנ. נוצ־לאָזע

1 „מאַ־טויווו".

האָט ער פאַרזוכט דאָ די אייגענע צאָרעס, וואָס איז מאַזשעפּעווקע,
נאָר אָפּ אַן אַנדער אויפן.

ווי מ י צ י איז געווען צו אים היים און צוגעלאָזט, אַזוי איז צו אים מ י צ י כ ע געווען קאַלט און פרעמד, האָט געקוקט אויף אים קרום, און שפּעטער איז זי זיך מיט אים באַגאַנגען קימאַט אַזוי, ווי אין דער היים די שטיפמאַמע זײַנע... נאָר דאָס האָט יאָסעלען נישט אַזוי אויסגעמאַכט, ווי די יעסורים, וואָס ער האָט נאָכדעם געהאַט פון זײַנע נײַע באַוויירים די מעשוירערים. דאָס איז געווען אַ נעוורע פון אַלערליי מענטשלעך, צונויפגעקליבענע באַכערימלעך פון אַלע מיסטן און צונויפגעלאָפענע פון אַלע מינין-לעכער. זעלטן האָט זיך געפונען צווישן זיי אַ לײַטיש יינגל, אַ „טאַטנס אַ קינד“, און מיינסטנטייל — לײַדיקע פּוסטע באַכערים און מוירעדייקע רעבילעטניקעס. פאַר גרויס קינע האָבן זיי יאָסעלען נישט געקאָנט סויוול זײַן, אים אָפּט געמאַסערט פאַר מיציען, געגראַבן, געבישטערט אויף אים, אויסגאַרנדיק בײַ אים, ווו ער האָט געהאַט ערגעץ אַ גראָשן. געלט פלעגט יאָסעלע באַקומען גאַנץ אָפטלעך פון יענעם שניטקרעמער, וואָס האָט אים געבראַכט אַהער. אויך פלעגט אים דער דאָזיקער שניטקרעמער — בענצי לייב-צים האָט ער געהייסן — פאַרופן צו זיך אַמאָל אויף אַ שאַבעס אָדער אויף אַ יאָמטעוו, מעקאַרעוו זײַן אים זייער און ברענגען אים דרײַ מאָל אין יאָר אַ הערצלעכן גרוס פון דער היים, קומענדיק פון יאַריד. די דאָזיקע גרוסן זײַנען בײַ יאָסעלען געווען נאָך מער אָנגעלייגט פון אַ גוטן וואַרעמעס און פון געלט; און ווער שמועסט, אַז בענצי לייבצים פלעגט אים נאָך ברענגען אַ בריוול פון זײַן טאַטן, איז דאָס געווען בײַ יאָסעלען גאָר אַ גרויסע מאַטאָנע. אויף די בריוולעך פלעגט ער אָפּענטפערן, אַז ער איז, באָרעכ-האַשעם, בחיים ושלום 1 און גייט בהרך הישר 2; ער היט אָפּ דעם טאַטנס געבאָט, נישט אַראָפּ כאָלילע פון דעם גלײַכן וועג און פירט זיך גאַנץ ייִדישלעך, פּונקט אַזוי ווי אין דער היים, נישט געמינערט קיין האָר. גייט אַלע טאָג אין בעס-מעדרעש אַרײַן דאַווענען און „זאָגט טילים“. אויך לערנט ער זיך צו שרײַבן און פאָלגט אויס אַלצדינג, וואָס דער טאַטע האָט אים אָנגעזאָגט פאַר זײַן אַוועקפאָרן. ער האָפט, אַז ער וועט, אים-ירצע-האַשעם, קומען אַהיים בעשאָלעם זיך זען באַשײַמפּערלעך, גיב גאָט מיט פריי-לעכע הערצער און מיט פיל נאַכעס — אָמיין! היערביי בעט ער לאָזן

1 בעכאַיִם וועשאָלעם — באַם לעבן און געזונט. — 2 בעדערעכ האַ־יאָשער — מיטן גלײַכן וועג.

גריסן פון־זיינעטוועגן להצנועה מרת זלאטע שתחיה 1 און אויך איר טאָכטער עסטער־לעב...

דערמאָנענדיק זיך אָן עסטערן, פלעגט אים צוען דאָס הארץ צו איר, אליין נישט וויסנדיק, וואָס דאָס באַדײַט. עפּעס איז אים עסטער געווען אײַנגעבאַקן אין הארצן, טאַקע גאָר ווי אַן אייגענע שוועסטער, און כוץ דעם טאַטן, האָט ער נאָך קיינעם אזוי נישט געבענקט, ווי נאָך איר. עס פלעגט אים צוקומען א שטיק געזונט, בעשאַס בענצי לייבצים פלעגט אים איבערגעבן א גרוס פון איר, מיט איר אייגענער האַנט צוגעשריבן. יאָסעלע פלעגט די ווערטער אירע א מאָל צען איבערלייע־נען און צוקוועטשן זיי צום הארצן שטארק, ווי מע קוועטשט צו א קליין קינד, וואָס איז טײַער און ליב... פונקט אזוי, ווי עס האָט אים אמאָל געצויגן פון מאזעפּעווקע קיין טעטערעווצע, אזוי האָט דאָס אים אצינד אָנגעהויבן ציען צוריק, נאָך מיט מער שטאַרקײַט, און ווען מיצי זאָל אים נישט געווען צוהאַלטן און אים וועלן אָפּלאָזן פון זיך, וואָלט ער עפּשער שוין געפאָרן אהיים. מיצי האָט אים אָבער זייער ליב געהאַט, זיך ארומגעפירט מיט אים, ווי מיט אן עווען־טאָוו, באַוווּנדערנדיק איטלעכן באַוועגונג, וואָס פאר א מין זינגערל ער האָט. „טאַקע גאָר בא מיר קאָן זיך אזעלכעס געפינען! — פלעגט מיצי זאָגן. — איך, אז איך וויל נאָר, קאָן איך מאַכן יעדנעם פאר א לײַט!“...

דאָס האָט געהערט איינער פון אמאָליקע מיצים מעשוירערים, געדאַליע באַס האָט מען אים גערופן, און איז געוואָרן אַפּ מיציס מאָלע־רעציכע. געדאַליע באַס איז שוין אליין געווען ערגעץ כאַזן. ער איז איינמאָל דורכגעפאָרן פארבײַ טעטערעווצע, און, ווי געוויינלעך א גוטער־פרײַנט, איז ער זיך דורכגעגאַנגען צו מיצין — פאַרט גע־געסן פון אים אמאָל ברויט — און האָט דאָרטן דערהערט יאָסעלען זינגען און איז שוין מער פון אים נישט אָפּגעטרעטן אַפּ קיין מינוט. געדאַליע האָט אלץ געמשאַטעוועט, ווי דערטאַפּט מען יאָסעלען אליין, און נאָכשפּירנדיק אזוי לאַנג, האָט ער אים זאַסטעמפּעט בא בענצי לייבצים אין שטוב און האָט אים דאָרטן גענומען צו דער אַרבעט. פריער באַוואָליענקע, אויספרעגנדיק בא אים אלצדינג, וואָס אים פּאַסט, און נאָכדעם האָט ער אים אָנגעהויבן דורכנעמען מיט רייד, אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז ער האָט אים ארופגעפירט דערויף, אז ס'איז פאר אים מער קיין פלאַן נישט צו זינגען בא מיצין אומזיסט און דערצו נאָך זײַן בא מיציכען א מעשאָרעס.

1 לעהאצנואָמאָראָס זלאטע שעטיכיע — צו דער פרומער הארנטע זלאטע זאָל לעבן,

— אזא רעציכע הערט זיכ נישט אינ דער האלבער וועלט! — האט געדאליע באם געמיינעט איבער יאסעלענ. — מע זאל נעמענ א קינד אונ מאכנ דאס פאר אנ עוועד-קנעכי, א פאדאנע אומזיסט, אונ זיכ נאכ בארימענ פאר איטלעכנ באזונדער מיט א פרעמדנ האלדז. אזוי, אז עס שלאגט צו דער גאל הערנדיק! אונ כוץ אלע זאכנ, גיי זיי א מעשארעס בא מיציכענ — אזא אזעס! רעב שמועלס א זונ! א ווערטעלע אויסצורעדנ? איכ קענ דענ ניט דעמ טאטנ דיינעמ? ווער קענ ניט רעב שמועלנ, דעמ מאזעפעוועקער כאזנ? א שיינע מיטע! וואס איז, ביסט אנ קוילים? אנ א האלדז? צי דו פארשטייסט ניט קיינ באטנ? איכ מיינ טאקע אנ לייצאנעס! איכ האב פאר דיר אנ ארט, נארעלע, אזא ארט, וואס דיינ טאטע אלייג וועט זאגנ, אז ס'איז א גליק פאר דיר. איכ זאג—אנ ארט! וואס טויג דיר אנ ארט? דו ביסט אלייג אנ ארט; דו ווייסט דאס כאטש צי נייג? פרעג מיכ, נארעלע, וועל איכ דיר זאגנ!

אונ געדאליע באם מאלט אויס יאסעלענ, וואס פאר א גליק פאר אימ איז, ווענ ער ווארפט אוועק מיציג אונ פארט ארויס אפ דער וועלט מיט אימ, מיט געדאליענ, אזוי ווי יענצ יונגעלע, אזוי ווי א ר ק ע פ י ד ע ל ע, דאס ו ו י ל נ ע ר ב א ל ע ב ע ס ל אוכעדוימע אזעלכע וועלט-כאזאנימ, וואס האבנ זיכ קוינע-שעמ געוועונ. בא יאסע-לענ איג דער מאכשאווע שטייענ אופ די אלע שיינע בילדער פונ אמאל, אונ ער איז פארטיק מיט לייב-אונ-לעבנ זיכ איבערגעבנ צו געדא-ליענ — אזא ווילער, ערלעכער, געטריינער מענטש!

— איינ זאכ וועל איכ בא אייכ בעטנ, רעב געדאליע! — מאכט צו אימ יאסעלע.

— זאג, מיינ קינד.

— איכ וויל פריער זיכ דורכפארנ אהיימ, צו מיינ טאטנ אונ צו מיינע פריינט.

— אכ, ס'טייטש, ווי דענ איז אנדערש?—ענטפערט אימ געדאליע באס. — א שיינע מיטע! סטייטש, ווי דענ? קיבעד-אוו! ע, הערסטו, ביסט נאכ גאר א קינד, ווי איכ זע ארויס פונ דיינע רייד. ווער קאנ דענ זיינ נעענטער פונ א טאטנ?

מיט די דאזיקע ווערטער בעמט אימ געדאליע באס אזוי שטארק, אז יאסעלע פוילט בא זיכ איינ מאל פאר אלע מאל: מע באדארפ פארנ אהיימ! געננוג זיכ אפגעוואלגערט אינ דער פרעמד — דריי יאר, שוינ צייט, כ'לעבנ.

בא זיינ געזעגענענ זיכ מיט מיציג אונ מיט אלע מעשוירערימ איז

געווענ אויב געדאליע באס אונ האָט געשטראָפט יאָסעלענ, פארוואָס ער ווארפט אוועק אזא טייער אָרט, אונ האָט אימ געגעבנ אנ אייצע, ווי אנ אייגענער טאטע, אז ער זאָל פונ דער היימ ווידער קומענ אהער, וואָרעמ דאָס איז זיינ טאכליס, דאָ האָט ער בעיאָד צו ווערנ א מענטש... מיציינ האָט יאָסעלע בעעמעס באנג געטאָנ, ווי אנ אייגנ קינד זיינס. ער האָט אימ ארומגענומענ אינ געקושט אימ, בענטשנדיק, ער זאָל קומענ געזונטערהייט אהיימ אונ גריסנ דעמ טאטנ זיינעמ אומבאקאנט.

— גאָר פריינטלעכ! — האָט יאָסעלע געזאָגט, ארייַנשפרינגענדיק אינ וואָגנ ארייַנ צווישנ נאָכ א סאכ פארשוינענ אונ איינמעסטנדיק זיכ דאָרט אַפ צוויי-דריי טאָג פאָרעכצ. — זייט געזונט! זייט געזונט! — האָט ער זיכ נאָכ עטלעכע מאָל אָפגעזעגנט, ארויסשטעקנדיק דעמ קאָפּ פונ דער בויד, אונ דער ציג האָט גערירט פונעמ אָרט, קלאַפנדיק אונ טראסקענדיק איבער די געברוקירטע גאסנ אונ קלינגענדיק מיט די גלעקלעכ „דזינ-דזינ-דזינ!". יאָסעלע שפרינגט אזש אונטער אַפנ אָרט פאר גרויס סימכע, וואָס ער פאָרט אהיימ. דאָס קלאַפנ, דאָס טראסקענ מיטנ קלינגענ פארשלעפערנ אימ, אונ זיינע מאכשאָוועס טראָגנ אימ אוועק אהינ, קיינ מאזעפעווקע, אהיימ, אהיימ!..

## XI

## יאָסעלע קומט צו פאָרנ, אונ מאזעפעווקע בידעשט זיכ: „וואָס א גרויסע שטאָט קאָנ מאכנ!"

עס איז פאראנ איינ זאכ נאָר, וואָס די מאזעפעווקער ייִדנ קאָנענ עס ניט פארשטיינ: עס וווּנדערט זיי טאָמיד, פארוואָס איז דאָס, וואָס יעדער, ווער עס כאפט זיכ נאָר ארויס פונ דאָרט אונ לאָזט זיכ אוועק אַפ דער וועלט, קערט ער זיכ אומ צוריק גאָר אנ אנדער מענטש? איטלעכער באזונדער קוקט אַפ אימ אונ קוועלט אונ ווערט ניספּאָעל: „דאכט זיכ, וואָס? דער אייגענער — אונ פאָרט ניט דאָס, וואָס פריִער! איר געדענקט אימ כאָטש, ווי ער איז ארומגעגאנגענ א באָרוועסער? גאָטס וווּנדער! וואָס א גרויסע שטאָט קאָנ מאכנ!"

באטראכטנדיק שמוליק דעמ כאזנס באָכערל, יאָסעלענ, בעשאס ער איז אָנגעקומענ צוריק פונ טעטערוועצ נאָכ זיינ אָפּזיצנ דאָרט דריי יאָר נאָכאנאנד, האָט מענ זיכ אינ מאזעפעווקע שטארק געכידעשט, גאָר נישט געקאָנט פארשטיינ, וויאזוי ארבעט זיכ עס אויס א ייִנגל

אינ אזא קליינער צײַט! יאָסעלע דאָס ייִנגל האָט זיכ איבערגעביטנ אונ איז געוואָרנ יאָסעלע דאָס באָכערל. ער איז געוואָרנ א גאַנצער מענטש, א באַרדאַס, כאָטש ער איז מער ניט אַלט געווענ דעמאָלט, ווי א יאָר זעכצנ. עס איז געווענ א פאַרגעניגנ אַפ אימ א קוק צו טאָנ. „וואָס א גרויסע שטאָט קאָנ מאַכנ!" — אַלע האָבנ געוווסט, אז שמוליק האָט אוועקגעשיקט זײַנ זונדל צו מיציע פאַר א מעשוירערל; נאָר קיינער האָט זיכ נישט געריכט, אז פונ יאָסעלענ, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג אַרומגעטראָגנ שאַלאַכ-מאָנעס, זאָל ווערנ אזא מענטש, ער זאָל זיכ אזוי איבערבײַטנ. אונ אז ווילדפרעמדע האָבנ אזוי אָנגעקוועלט פונ אימ, הײַנט ווי האָט באַדאַרפט אָנקוועלנ שמוליק אַליינ? שמוליק איז בעשאַס-מײַסע, ערעוו שאַבעס, געווענ אינ מערכעצ, ווענ מע האָט אימ אָנגעזאָגט די גוטע בסורע, אז זײַנ זונדל איז געקומענ צו פאָרנ פונ טעטערעוועצ. ער האָט א וואָרפ געגעבנ דאָס בײַזעמל מיטנ שעפל, זיכ געשווינד אָנגעטאָנ, אונ קומענדיק אַהיימ אינ אָנגעשמיסענער אונ אָנ אויסגעצוואָגענער, האָט ער פריִער געוואַשנ די הענט אונ ערשט נאָכ-דעמ צוגעטראָטנ יאָסעלענ דעמ שאָלעמ-אַליכעמ, אַרומגענומענ, צע-קושט זיכ מיט אימ אונ גענומענ באַטראַכטנ זײַנ זונ פונעמ קאָפּ ביז די פיס. יאָסעלע האָט זיכ אינ די דרײַ יאָר „א נאָפּ געטאָנ אַפ די פיס", ווי מע זאָגט. ער איז פונ מאָמיר אָנ געווענ נישט קיינ מיִעס קינד, געהאַט שיינע קאַרע אויגנ אונ געווענ א קלוג ציקאַווע ייִנגעלע; נאָר מאַכמעס גרויס אָרעמקײַט אונ דאַכקעס איז ער געווענ מאָמיר א גרינגער, א פאַרוואָגלטער, א דערהאַרגעטער, ווי א סאַכ ייִנג-לעכ אינ מאַזעפעווקע פונ זײַנ גראַד. איצינד אָבער האָט זיכ יאָסעלע, ווי עס ווײַזט אויס, דאָרט בײַ מיציע אינ טעטערעוועצ גוט אויסגעפאַשעט. ער האָט באַקומענ רויטע בעקעלעכ אונ זייער א פרײלעכ אויסזענ. דערצו איז ער געווענ מעלובעש ווי נאָכ קיינמאָל ניט בײַ זײַנ טאַטנ. שמוליקס האַרצ האָט זיכ געפרייט, קוקנדיק אַפ יאָסעלענ, אונ ער האָט זיכ געוווּנדערט גלײַכ מיט אַנדערע: „וואָס א גרויסע שטאָט קאָנ מאַכנ!"...

— וואָס זשע מאַכסטו גוטס? — האָט אימ שמוליק א פרעג גע-טאָנ, צוזעצנדיק זיכ מיט אימ בײַ איינ טיש אונ באַטראַכטנדיק יאָ-סעלענ מיט זײַנ שיינ קאַפּאָטקעלע, מיט די רויטע בעקעלעכ אונ מיט די אויסגעקעמטע פייעלעכ.

— וואָס זשע מאַכסטו עפּעס, טאַטע? — האָט אימ יאָסעלע גע-ענטפערט צוריק מיט א שמײכל, ווי דער שטייגער איז. יאָסעלע האָט זיכ נאָכ קיינמאָל ניט אזוי ציקאַווע אויסגעשמועסט מיטנ טאַטנ ווי

אציינד, אונ שמוליק האט א קוק געטאנ אפ זײַנ זונ, ווי פארווונדערט: יאסעלעס ציקאווועקײַט האט אימ לעבאטנילע אויסגעוויזנ א ביסל פריקרע; ער האט נאכ קיינמאל ניט געהערט פונ אימ אזעלכע ווערטער.

— וואס איז שײַנ, עט, ווי געווײנלעכ. — האט אימ שמוליק געענטפערט, ארופנאפנדיק אפ זיכ די זײַדענע שאבעסדיקע קאפאטע אונ קלויבנדיק זיכ איינ קלויז ארײַנ. — וואס מאכט דארטנ עפעס מיצי?

— וואס מיצי מאכט? — האט יאסעלע אויסגעצויגנ אפ א קאל, ווי א גרויסער. — האלעווײַ אפ דיר געזאגט געווארנ כאטש האלב!

באטראכטנדיק דעמ טאטנ, ווי ער איז איינ די דרײַ יאר אזוי פאר־עלטערט געווארנ, גרוי אונ אײַנגעבויגנ, דאס פאנעמ געקנייטשט, אונ די גרויסע קארע אויגנ אויסגעלאשנ, — האט בא יאסעלענ דאס הארצ געוויינט איגווייניק אונ ער איז אינ דער מינוט גרייט געווענ אוועקצוגעבנ פארנ טאטנ דאס לעבנ מיט דער נשאמע. שמוליק פונ זײַנ זײַט איז געווענ אזוי צעטראגנ פאר סימכע, אז ער האט זיכ מיט דער שאבעסדיקער קאפאטע אוועקגעאמפערט א היפשע ווײַלע, ביז ער האט קוימ געפונענ די ארבל. אויכ שמוליקס ווײַב, דערזעענדיק יאסע־לענ, איז געבליבנ שטיינ איינמיטנ שטוב פארגאפט, ווי איינער רעדט: „וואס זאגסטו אפ זײַנ טאטנ? א גאנצער מענטש געווארנ!“...

שמוליק איז פונ יאסעלעס קומענ אזוי צעטראגנ געווארנ, אז ער איז, רעדנדיק מיט אימ, פארקראכנ גאר איינ זײַטיקע שמועסנ מיקוי־עכ טעטרעווצער באלעבאטימ אונ מיקויעכ טעטרעווצער גאסנ אונ הײַזער, וואס זענענ אימ געלעגנ איינ דער לינקער פייע. יאסעלע האט געמיינט, אז דער טאטע אינטערעסירט זיכ בעעמעס אזוי מיט דער שטאט טעטרעוועצ, האט ער אימ מיט גרויס היספײַלעס אויסגעמאלט די גרויסע גאסנ די ברוקירטע, מיט די גרויסע מויערנ, וואס דער קאפ דרייט זיכ אזש, קוקנדיק אפ זיי, אונ די אלע איבעריקע נידושימ דארטנ. אונ שמוליק, באטראכטנדיק יאסעלענ, ווי ער מאכט מיט די הענט, אונ אײַנהערנדיק זיכ איינ יעדנ ווארט, ווערט אקארשט ניט צעגאנגענ פאר גרויס טײַנעג. פלוצעמ האט זיכ שמוליק א כאפ גע־טאנ: „אײַ־ווי, שוינ נאכ ליכט בענטשנ! ס׳איז שוינ צײַט גייני איינ שול ארײַנ!“

די שטאט איז, געווייכלעכ, באלד געוואר געווארנ פונעמ בײַס, אז שמוליק דעמ כאזנס זונדל איז געקומענ פונ טעטרעווצ. טויקעפ, ווי־באלד מע האט אפגעדאווענט מײַרעוו, האט מענ זיכ אנגעהויבנ שטופנ צו שמוליקנ אימ זאגנ: „גאט ליב אײַנ מיט אײַער גאסט!“ אונ יאסעלענ

אָפּשטעקנ שאָלעמ-אליכעמ, באַטראַכטנדיק אימ בעשאס-מײַסע, וואָס פֿאַר א פּאָנעמ ער האָט. די פֿאַרביסמסטע באַלעבאַטימ פֿונ שטאָט, די נעגידימ, האָבנ זיכ אויכ אָפּגעשטעלט רעדנ מיט שמוליקנ, אויס-פֿרעגנ אימ אָפּ זײַנ זונדל, ווו ער איז געווענ, וואָס האָט ער געטאָנ, אונ צי איז ער אַהער אָפּ לאַנג געקומענ, אונ וואָס קלערט ער צו טונ ווײַטער? דערבײַ האָט זיכ איינער פֿונ די נעגידימ, רעב אַלטער פּעסימ, א זאָג געטונ:

— א יושער וואָלט געווענ, רעב שמוליק, אַז אײַער זונדל זאָל זיכ דורכגיינ צו מיר, אימ-ירצע-האַשעמ, מאָרגנ נאָכ האַוודאָלע, בעלי-נעדער שאַבעס, א ביסל א זונג טונ, ווײַלנ מיר האָרכנ. עפּעס זאָגט מענ, אַז ער זינגט גאָר קיינ מײַסע ניט.

— וואָס איז שײַעכ, א זונג טונ? מאַכטייסע! — האָט שמוליק א זאָג געטאָנ, באַטראַכטנדיק יאָסעלענ, ווי ער שײַנט פֿונ די שאָלעמ-אליכעמס, וואָס ער באַקומט פֿונ אַלע זײַטנ.

— אונ איכ וואָלט געזאָגט, אַז אײַער זונדל זאָל אונדז מאָרגנ שענקענ א מוסעפֿל, — האָט זיכ אָנגערופֿנ א יונגערמאַנ, — בענטשנ ראָשכוידעש. מע זאָגט, אַז ער דאַווענט שוינ אויסגעצייכנט פֿאַרנ אָמעד. אײַזיק בעל-פּיי עס איז געפֿאָרנ מיט אימ אינ איינ בויד, דערציילט ער זיכ אָנ פֿונ זײַנ זינגענ אונ זאָגט, אַז ער באַדאַרפֿ דײַנט קאָנענ דאַווענענ, וואָס איז נאָר א כידעש!

— טאַקע, אַדעראַבע, כ'לעבנ! — האָבנ אונטערגעכאַפּט עט-לעכע באַלעבאַטימ. — טאַקע א יושער, ער זאָל אונדז דאַווענענ! הייסט אימ, רעב שמוליק! וואָס קאָנ עס אײַכ אַרנ? עס קאָסט אײַכ געלט?

— טאַ! — האָט שמוליק א זאָג געטאָנ, קוקנדיק אָפּ זײַנ יאָסע-לענ, אונ דער אוילעמ איז זיכ צעגאַנגענ פֿונ שול.

* * *

זלאַטע מיט עסטערנ האָבנ זיכ יענעמ פֿרײַטיק פֿאַרשפּעטיקט אינ קלייט, אונ קומענדיק אַהיימ, האָבנ זיי פֿונ די קינדער, פֿונ עפֿראַימענ מיט מענאַשענ, דערהערט די גוטע בסורע, אַז יאָסעלע איז געקומענ פֿונ טעטרעווע. „זאָלסט זענ, מאַמע, ווי יאָסעלע איז אויסגעוואַקסנ! — האָבנ עפֿראַימ מיט מענאַשענ דערציילט ביידע אײַנעמ, — געוואָרנ אַזא גרויסער, סאַקאָנעס!“ — בײַ זלאַטענ איז די בסורע געווענ זייער אָנגעלייגט, אונ בײַ עסטערנ — נאָכ מער.

זי האָט זיכ אָפ דער גיכ רײנ אָפגעוואשנ, זיכ אָנגעטאָנ שאבעסדיק, דאָס הייסט, מיט א פאָשעט, נאָר א רײנ ציכטיק מאלבעש, וואָס האָט פונ רײנקײט אונ ווײַסקײט אָפ איר געפינקלט, געשעמערירט אונ געזונגענ. עסטער האָט נישט געהאט די טעווע פונ אלע מאזעפעווער־קער מײדלעכ, וואָס האָבנ ליב זיכ אויסטראָצלענ, באהענגענ זיכ מיט שמאטעס, ארומשמעקנ זיכ מיט שמאָכטעס אלערלײ, ארופציִענ אָפ זיכ דעם רוועכ, ווי די מאָדע איז דאָרטנ. צווישנ די מאזעפעווקער אויסגעסטראָצלטע באהאנגענע מײדלעכ אונ אויסגעשלײערטע, אויס־געפוצטע ווײַבלעכ איז עסטער געווענ די אײנציקע, וואָס די מאָדע האָט זי נאָכ נישט באריִרט. דערזעענדיק דורכ די פענצטער, אז דער אוילעמ גײט שוינ פונ די שולנ, זענענ זלאטע מיט עסטערנ ארויסגעגאנגענ מעקאבל־פּאָנעמ זײַנ יאָסעלענ אונ זאָגנ שמוליקנ: „גאָט ליב אײַכ מיט אײַער גאסט". עס איז געווענ א ליכטיקער פרײַטיק־צונאכטס, זומער־לעבנ, א פאָר וואָכנ נאָכ שוועס אינ דער צײַט, ווענ אפילע די געוויסע מאזעפעווקער בלאָטע, וואָס שעמט אָפ דער וועלט, ווערט אויכ אויסגעטריקנט, ווענ אפילע אינ מאזעפעווער־קע פארטראָגט דאָס ווינטל א געשמאקנ רײעכ פונ גרינ גראָז אונ פונ פרישע בלעטלעכ מיט א ווײַטנ געזאנג פונעמ סאָלאָוויי, וואָס האלט זיכ אופ אײנעמ מאָנאסטירסקי גאָרטנ... עסטער האָט נאָכ פונדער־ווײַטנס דערקענט יאָסעלענ, אונ דאָס הארצ האָט איר אָנגעהויבנ צו קלאפנ, ציִענ זי צו אימ. שמוליק האָט זיכ אָפגעשטעלט, אָפגעגעבנ זלאטענ מיט עסטערנ דעמ „גוט־שאבעס", אונ זײ האָבנ אימ גע־זאָגט: „גאָט ליב אײַכ מיט אײַער גאסט!" שמוליק האָט דערציילט זלאטענ דעמ קאָוועד, וואָס יאָסעלע האָט הײַנט געהאט פונ די באלעבאטימ, וואָס ווילנ, ער זאָל זײ מאָרגנ, אימ־יירצע־האשעמ, דאווענענ מוסעפ. אונ יאָסעלע האָט זיכ בעשאס־מײַסע צוגערוקט א ביסל נעענטער צו עסטערנ, באטראכטנדיק זי בא דער האלב־קײַ־לעכיקער לעוואָנע מיט די דימענטיקע שטערנ, וואָס האָבנ זיכ אָפ־געשײַנט אינ אירע ליכטיקע אויגנ. עס האָט אימ צוגעצויגנ צו עס־טערנ מיט אזא קויעכ, אז ער איז גרייט געווענ אָנצונעמענ זי בא דער האנט, ווענ עס זאָל ניט געווענ שטײנ דערבײַ זײַנ טאטע מיט איר מאמע. נישט זעענדיק עסטערנ דרײַ יאָר, האָט יאָסעלע בײשעק געהאט צו בלײַבנ שטײנ אָט דאָ אינ דרויסנ אינ יענער שײנער זומער־נאכט א ביסל שמועסנ מיט עסטערנ. עס האָט אימ אצינד זײער פארדראָסנ, וואָס ער מוז גײנ אהײמ קידעש מאכנ, עסנ וועטשע־רע אונ זיכ נאָכדעמ לײגנ רוענ גלײַכ מיט אלע. עס איז אינ דרויסנ

אזוי שײנ, אזוי ליכטיק, אזוי װארעמ! די גאנצע נאטור איז שאַ־
בעסדיק: די לעװאָנע לײַכט, װי א זילבערנע מענאָרע, די שטערנ
שעמערירנ, װי די בענטשליכט, און זי, די שײנע קאלע, װאָס הײסט
„שבת מלכתא" 1, רוט און פרײט זיכ גלײַכ מיט אלע ייִדנ. די גאסנ
אינ מאזעפעװקע רוענ. מע פילט, אז ס'איז שאבעס. אינ אלע
פענצטער לײַכט זיכ פונ די בענטשליכט, און עס פינקלט אינ די אײגנ.
אלע באלעבאטימ זענענ שוינ אינ דער הײמ: זײ זענענ מעקאבל־
פּאָנעמ די מלאכי־השרות 2 און זענענ זײ מלוה 3 מאקע באלד צוריק
אינ זײער רו ארײַנ. עס הערט זיכ א געשמאקער רײעכ פונ דער פרישער
כאלע און זײער א שײנער אראָמאט פונ געפילטע פיש. ייִדנ עסנ און
קלויבנ טײַנעג פונ די ייִדישע מײַכאָלימ, װאָס האָבנ א ייִדישנ
טאַמ. שמוליק דער כאזנ מיט זײַנ זונדל שטײענ דאָ אינ דרויסנ נעבנ
זלאָטעס מיט עסטערנ, און מע שמועסט װעגנ יאָסעלעס אהײמ
קומענ. שמוליקס אלטע, אויסגעלאָשענע אויגנ צינדנ זיכ אָנ מיטנ
אמאָליקנ פײַערל אפ א מינוט, און זײַנ פּאָנעמ לויכט אימ און שײַנט
אימ אקעגנ דער לעװאָנע. מיט א זיפצ באװײַזט ער ארויס אלע מי־
נוט, װי צופרידנ און גליקלעכ ער איז. זלאָטע פארשטײט זײַנ
הארצ: זי קוקט אפ יאָסעלענ און װערט ברײטער װי לענגער פונ
גרויס נאכעס, גלײַכ װי ער װאָלט געװענ אירמ אן אײגנ קינד. און
יאָסעלע רוקט זיכ צו צו עסטערנ אלעמאָל נעענטער: ער קוקט איר
אינ פּאָנעמ ארײַנ און זעט, װי זי לאָזט אראָפּ די געדיכטע ברע־
מענ, און פארשטײט גאָר ניט, פארװאָס זי שעמט זיכ עפּעס הײַנט?
עס גלוסט זיכ אימ גאָר ניט אָפּטרעטנ פונדאנענ. אוי, גלוסט זיכ
ניט! נאָר דער טאטע זאָגט: „קומ, יאָסעלע, קידעש מאכנ!" און
ער מוז נעבעכ גײנ... פארנ אװעקגײנ דרײט יאָסעלע אויס נאָכאמאָל
דעמ קאָפּ צו עסטערנ, און נאָכ אײנ מאָל באגעגנט ער זיכ מיט אירע
שײנע אויגנ, און דער דאָזיקער קוק פארבלײַבט בא זײ בײדע אפ
א לאנגער צײַט אינ זײער זיקאָרנ. די גאנצע נאכט נאָכהעמ איז
יאָסעלעס קוק ניט אָפּגעטראָטנ פונ עסטערנ אפ קײנ מינוט, אופ־
װעקנדיק אינ איר הארצ פארשידענע געפילנ, פארשטעלנדיק איר אינ
קאָפּ אלערלײ טײַערע ליכטיקע מאכשאָװעס און װעבנדיק אזעלכע
שײנע פאנטאזיעס, פונ װעלכע עסטער האָט נאָכ גאָר ביז איצט קײנ
האסאָגע ניט געהאט.

---

1 „שאבאָס מאלקעסאָ". — 2 מאלאכײ־האשאָרײס — געמײנט: גאָטס מאלאָכימ. — 3 מעלאװע — באגלײטנ ארויס.

# XII

## ער דאוונט מוסעפ אינ דער קאלטער שול, אונ יידנ ווערנ ניספאעל

די קאלטע שול, ווו שמוליק איז כאזנ שוינ העכער פינפ אונ צוואנציק יאר, איז נישט געבויט געווארנ פאר א גאנצער שטאט מיט יידנ, קיינ אינהאלט. ווערליק זי איז אלט אונ איינגעהויקערט, איז געבויגנ פאר איר, אז זי קאנ געבנ ערטער נאר פאר אירע שטענדיקע באלעבאטימ, וואס זענענ אויכ ניט אלע צופרידנ. מאכמעס יעדער מענטש האט א נעשאמע, אונ איטלעכנ ווילט זיכ האבנ א שטאט אינ מיזרעכ-וואנט, אדער, לעכאל-האפאכעס, אינ „שפיגל-באנק". די אייגענע באלעבאטימ צווישנ זיכ האבנ אויכ צו זינגענ אונ צו זאגנ אונ קאנענ זיכ קיינמאל נישט אינטיילנ, נישט מיט די ערטער, נישט מיט די אליעס, נישט מיט די האקאפעס אונ עדויימע אזעלכע זאכנ, וואס זענענ נעגייע איטעמ נעפעש. הײנט וואס איז דא פאר־ראנ צו פאריבל האבנ אפ די דארטיקע באלעבאטימ, וואס זיי האבנ נישט געוואלט אריינלאזנ די גאנצע שטאט מיט יידנ אינ שול אריינ יענעמ שאבעס, ווענ יאסעלע האט באדארפט דאווענ מוסעפ? זיי האבנ זיכ מעיאשעו געווענ איינ מאל פאר אלעמאל: טייקעפ נאכ שאכרים פארשליסנ די טיר אונ נישט אריינלאזנ קיינעמ, ער מעג זײנ דעמ גאבעס אפילע אנ אייגענער טאטע. איז דאס אבער, צוריק שמועסנדיק, דענ א יוישער? וואס זענענ שולדיק די יידנ פונ יענע איבעריקע שולנ? וואס איז דאס פאר א העפקירעס נעמענ אונ פארשליסנ א מאקעמ־קאדעש פאר א גאנצער איידע מיט יידנ? עס איז ארומ דער קאלטער שול געווארנ וואס וויטער אלצ געדיכטער; מע האט זיכ צעלאזט אהינ פונ אלע באטע־מעדראשימ, צומייסטנ יונגעלײט, באכורימ אונ יינגלעכ, געקלאפט אינ דער טיר, געארבעט אזוי לאנג, ביז די טיר האט זיכ געעפנט אונ עס האט זיכ באוויזנ א רויטע באָרד: דאס האט דער שאמעס ארויסגעשטעקט א קאפ, בײדיי זיכ גוט אנצובייזערנ אפ זיי, עס זאל ווערנ א ביסל שטילער: „וואנ, שקאצימ, ווייסעבעווערניקעס, הולטײַעס! — האט דער שא־מעס געפילדערט, טופענדיק מיט די פיס אונ מאכנדיק מיט די קולאקעס ווי א רעצייעכ. — וואנ, אכבערוישימ איינע!" — נאר מע האט שוינ מער נישט באדארפט: עס האבנ זיכ אלע מיטאמאל א שפאר געטאנ, די טיר האט מענ געפאטערט באלד, דעמ שאמעס

האָט מען פאַרשטופּט אין אַ ווינקעלע און רעכט דורכגעפּאַטשט, ווי אים שטייט צו, און אין שול איז געוואָרן אַזאַ ענגשאַפט, אַז מע איז געשטאַנען איינער באַם אַנדערן אַף די קעפּ. אויך פון דרויסן איז די שול געווען באַלאַגערט מיט מענטשן. עס האָט זיך געוויגט די שטאָט, די וועלט האָט זיך געקערט — יאָסעלע בענטשט ראָשכוידעש, דאַוונט מוסעף!

און יאָסעלע האָט אָנגעטאָן אַ טאַלעס און איז אַרויף אַף דער בימע, וואַרפנדיק אַ קוק אַף דעם גאַנצן עוילעם און צוגרייטנדיק זיך צום דאַווענען. דאָס פּנים האָט אים געפלאַמט און עס האָט אַרויסגעשײַנט פונעם טאַלעס אַרויס. עס איז געוואָרן אַ שושקערײַ צווישן עוילעם, און אויך די ווײַבער האָבן זיך אַ שפּאַר געטאָן צו די פענצטערלעך אויבן. דער עוילעם איז געווען אויסער זיך, באַצײַטנס נאָך קוועטשנדיק זיך איינער דעם אַנדערן און שטופּנדיק זיך אַלץ אַהין, צו דער בימע, באַטראַכטן דאָס יונגע כאַזנדל. באַלעבאַטים האָבן גענומען קלאַפּן אין די שטענדערס — עס זאָל זײַן שטילער! צווישן עוילעם איז געוואָרן אַ געשריי: „שאַ, עוילעם! שששש־אַ־אַ!" יאָסעלע האָט זיך אויסגעגלײַכט, זיך אַנידערגעשטעלט, ווי אַ גרויסער כאַזן, אויסגעהוסט זיך, און אַז עס איז געוואָרן אין שול טאַקע אַף אַן עמעס שטילער, האָט ער אַ קלונג געטאָן מיט אַ שיינעם הילכיק קאָל: „יקום פורקן מן שמיא!" 1, און אין שול איז דורכגעלאָפן געשווינד, ווי אַ בליץ, אַ מין פרעסטל, וואָס האָט אָנגעריירט יעדן באַם לײַב, און אַלע זענען געוואָרן ווי פאַרשטיינט אַף עטלעכע מינוט, נישט ריירנדיק מיט קיין אייווער. ערשט דעמלט, ווען ער האָט אויסגעלאָזט דעם „ונאמר אמן" 2, האָבן אַלע מיטאַמאָל אויסגעלאָזט אַן „אַך", איבערקוקנדיק זיך איינער מיטן אַנדערן און קנייטשנדיק מיט די פּלייצעס. גאָר פאַרגעסן בעשאַס־מײַסע, אַז מע בענטשט ראָשכוידעש און מע דאַרף אין זינען האָבן, ווען דער מוילעד איז. ווער מוילעד? וואָס מוילעד? עס איז פול די גאַנצע שול מיט טרעלן, גלײַך ווי אַ סאָלאָוויי וואָלט זיך דאָ צעגאָסן אַף זײַן העלדזל. עס צעגייט זיך אין יעדן אייווער, עס שמירט דאָס האַרץ ווי מיט בוימל, עס ציט באַ דער נעשאָמע, עס ציפּעט באַם האַרצן, עס איז „כלות הנפש" 3 — וואָס מיר מוילעד? ווער מיר מוילעד? יאָסעלע דאַוונט, און עס דאַכט זיך, אַז עס זינגען צען מעשוירערים, ניט איינער. יאָסעלע

1 יעקום פורקאָן מין שמאַיאָ — 2 ווענוימאַר אָמיין. 3 קאַלויס האַנעפעש — געמיינט: ס'גייט אויס די נעשאָמע.

זינגט, און עס דאַכט זיכ, ווי אַ גאַנצע קאַפּעליע קלעזמער שפּילנ. אָט טוט ער אַ קלאַפּ מיטאַמאָל, ווי פונ צענ מיליער גייענ קוילעס, איינס העכער און שטאַרקער פונ דעמ אַנדערנ, אַזוי, אַז אַלע פענצ־טער קלינגענ; און אָט פאַרגייט ער זיכ, ווערט פאַרשטאָרבנ אַלע־מאָל שטילער און מיט אַזאַ מעסיקעס, מיט אַזאַ לוי־טערקייט, מיט אַזאַ דינקייט און גלאַטקייט, אַז עס גלעט דאָס לייב, עס רירט דאָס האַרצ, עס ווייגט די נעשאָמע און צעגלידערט, צע־שרויפט אַלע איייוורימ; און אָט טוט ער ווידער אַ זעצ מיטאַמאָל, ווי עטלעכע פידלענ, טראָמייטנ און פלייטנ אינייינעמ; ער עפנט דאָס מויל, און עס גיסט זיכ, עס לויפט פונ אַלע זייטנ און פילט אָנ די שול מיט אַזעלכע מינע פאַרשידענע געזאַנגענ, וואָס קיינער האָט דאָס נאָכ ביז אַהער ניט געהערט. קיינער האָט נאָכ אַזאַ מינ „מי־שבּרך"1 נישט געהערט, קיינער! אַפילע די גרויסע מעווינימ האָבנ נאָכ נישט געזענ פאַר זיכ אַזאַ מינ כאַזנ און נישט געהערט אַזאַ מינ דאַווענענ מיט אַזויפיל האַרצ, מיט אַזאַ וואַרעמקייט, אַזאַ הייסקייט. אַז עס איז געקומענ צו די ווערטער: „הוא יברך את כל הקהל הקדוש הזה" 2 — ער זאָל בענטשנ דעמ דאָזיקנ גאַנצנ אוילעמ, האָט יאָסעלע צעזוימענ מיט די הענט, גלייכ ווי ער וואָלט אָנווייזנ אַפ גאַנצ קאָהאָל, אַפ אַלע יידנ, וואָס געפינענ זיכ דאָ, און בעטנ גאָט פאַר זיי און פאַר זייערע ווייבער מיט די זינ און מיט די טעכ־טער זייערע מיט אַ באַקאָשע, מיט אַ ראַכמאָנעס־בּאָנעמ, אַרויס־רעדנדיק יעדעס וואָרט שאַרפ און ריינ פונעמ מיפנ, טיפנ האַרצנ. אויכ בא די ווערטער „וכל מי שנותנים"... ופת לאורחים" 3 — דער, וואָס גיט אַ שטיקל ברויט דעמ אוירעכ, „וצדקה לעניים" 4, — און דעמ אָרעמענ אַ נעדאָווע, — האָט ער געמאַכט אַזאַ מינע, גלייכ ווי ער וואָלט דערמאַנענ דעמ אוילעמ, אַז ס'איז דאָ יידנ, וואָס באַדאַרפנ אַ שטיקל ברויט, אַז ס'איז דאָ אָרעמעלייט, וואָס באַדאַרפנ אַ נע־דאָווע נעבעכ, — און האָט זיכ דאָ פאַרגאַנגענ אַפ זיינ שטייגער, איבערכאַזערנדיק דאָס עטלעכע מאָל מיט אַ געבעט און מיט ראַכמאָנעס, און איז באַלד איבערגעגאַנגענ שוינ גאָר ווידער אַפ אַנ אַנדער נוסעכ, אַרויסבאַווייזנדיק בעשאַס־מעסע אַזויפיל בעריעשאַפט מיטנ האַלדז, אַז דער אוילעמ איז געבליבנ אָפּהענטיק, פאַרקישעפט, גאָר נישט אַפ דער וועלט, און האָט לאַנג נישט געקאָנט קומענ צו זיכ. ערשט נאָכ ראַשכוידעש בענטשנ און צו דער שטילער שמוינע־

---

1 „מי־שעבייראכ" — 2 "הו יעוואָרייכ עס קאָל האקאָהאָל האקאָדיש האזע". — 3 „וועכאָל מי שענויסנימ". . „אופאס לאָוירכימ". — 4 „או צדאָקאָ לאָאנייִמ".

עסרע האָט זיך איינער מיטן אַנדערן שטיל איבערגערעדט אַפּן ווינק, מאַכנדיק. מיט די פּלייצעס: „ננו?!" — און אָפּגעכאַפּט די שמוינע־עסרע גיך, אַף איין פוס, ביכדיי צו הערן, וואָס וועט זײַן ווײַטער. צו דער „קדושע" האָבן זיך אַלע באַצײַטנס צוגעגרייט, דאָס הייסט, מע האָט זיך רעכט אויסגעהוסט, געבראַכט אין אָרדענונג די נעזער און אָנגעשטעלט מויל און אויערן צו האָרכן עפּעס אַ נײַעס. און יאָסעלע האָט געשענקט די מאַזעפּעוועקער ייִדן אַ „כתר" 1, אַזאַ מין „כתר", וואָס זייערע זיידעס אַפילע האָבן דאָס ניט געהערט, די דאָזיקע „קדושע" — דאָס איז געווען אַ מין פאַנטאַזיע פון אַ מע־שוירער, וואָס נאָר איין מאָל ווערט זי געבוירן אין זײַן מאַכשאָווע און מער קיינמאָל נישט. דאָס איז געווען אַ מאַכשאָווע, וואָס ווערט נישט אַרויסגעגעבן מיט ווערטער אָדער דורך נאָטן, נאָר עס רעדט, עס לאָזט זיך הערן; אַ מין שפּראַך, וואָס אַלע פאַרשטייען זי, אַ מין געדאַנק, וואָס איטלעכער האָט זיך אַף אים זײַן פּשאַט. יאָסעלע האָט צעלאָזט דעם האַלדז פרײַ אַף אַלע זײַטן, מאַכנדיק דערבײַ מעשונע־ווילדע וואַריאַציעס, דרייענדיק און בײַטנדיק, פלאַנטענדיק און פלעכטנדיק אַרויף און אַראָפּ, אין דער לענג און אין דער ברייט, דערלאַנגענדיק די העכסטע און די דינסטע אָקטאַווע מיט גענוג קונצן דערבײַ. די, וואָס האָבן דעם „כתר" געהערט, האָבן געשוואָרן, אַז בײַ די ווערטער „מלאכים המוני מעלה" 2 — האָט זיך זיי געדאַכט, ווי עס שוועבן און עס דרייען זיך אַרום מאַלאָכים פון אויבן מיט אַ גוזמע ייִדן פון אונטן, און אַלע אײַנײַנעם דרייען און פלעכטן און פלאָנטען אַ קדושע צו גאָט, רופנדיק איינער צום אַנדערן מיט אַ זיס קאָל: „קדוש! קדוש! קדוש!" 3... יאָסעלע האָט אויסגעלאָזט די קדושע מיט די ווערטער „הן גאלתי אתכם" 4 — איך האָב דאָך אײַך אויסגעלייזט, הויך און שמאַלץ; דאָס איז געווען ווערטער נישט פון קיין כאַזן, נאָר פון אַ נאָווי, וואָס רעדט אין נאָמען פון גאָט; ער איז מאַווטיעך, ער שטאַרקט זיי, די ייִדעלעך, זיי זאָלן נישט זײַן אַזוי געפאַלן בײַ זיך, וואָרעם „אני ה' אלהיכם" 5 — זיי האָבן אַ גרויסן גאָט, אַ שטאַרקן גאָט!.. יאָסעלע האָט געקאָנט אַרײַנלייגן אין יעדן וואָרט פיל קאַוואָנע און געפיל, זײַן האַלדז איז געווען מעסוגל אַרויסצוגעבן זעלטענע קוילעס, זיסע, ווי צוקער, גלאַטע, ווי בוימל, הויכע, ווי דער הימל, טיפע, ווי דער יאַם, און ריינע, ווי גינגאָלד.

---

1 „קעסער". — 2 „מאַלאָכים האַמוינײ מײַלאָ". — 3 קאָדויש. — 4 „היין גאָאַלטי עסכעם". — 5 „אני אדוינאָי עלויהייכעם".

ווי פון א זיסן שלאָף, ווי פון א גאַנײדן־כאָלעם האָט זיך דער אוי־לעם אויפגעכאַפּט, בעשאַס יאָסעלע האָט אויסגעלאָזט די קדושע און איז געגאַנגען ווײַטער, שוין ווידער איבעררײַסנדיק די שטימע גאָר אָפּ אין אַנדער שטייגער. בײַ די ווערטער „יהי רצון מלפניך" 1 — עס זאָל זײַן דער ווילן פאַר דיר, גאָט, — האָט יאָסעלע פאַרגלאַנצט די אויגן צו גאָט אַרויף און האָט אָוועקגעלייגט א באַקאָשע פאַר אים: „שתעלנו" 2 — זאָלסט אונדז ברענגען מיט א סימכע צוריק אין אונדזער לאַנד אַרײַן, „ותטענו" 3 — און זאָלסט אונדז אײַנפּלאַנצן, באַזעצן אינעם גרענעצ פון אונדזער אייגן לאַנד — מיט א געבעט, קימאַט מיט א געוויין און אַזעלכע טרויעריקע רירנדע קוילעס, אַז עס האָט אָנגענומען באַם האַרצן און עס האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. ייִדן האָבן זיך דאָס צעוויינט א ביסל. צעפּעסטעט פאַר גאָט, ווי געליבטע, האַרציקע קינדערלעך, פון טאַמיד אָן גע־באַלעוועטע, ציטעריקע בני־יעכידימלעך...

— ננו, יאָסעלע! ננו, א מוסעף!—האָבן זיי געזאָגט אַלע אין איין קאָל, צוריק פון שול גייענדיק און שפּאַרנדיק זיך צו שמוליקן, זאָגן אים א גוט־שאַבעס. — ננו, יאָסעלע! אײַ, יאָסעלע! ווײַל מיר וועלן לעבן וועלן מיר דאָס דאָזיקע מוסעפל נישט פאַרגעסן! דער טאַם דערפון וועט אונדז ליגן אייביק — אייביק!

— ס'איז גאָר נישט קיין מענטשלעכע שטימע מיט קיין מענ־טשלעכן האַלדז! — האָט געזאָגט מיט גרויס היספּײַלעס איטלעכער באַזונדער, זיצנדיק שוין באַם טיש. — נישט אַנדערש, אַז עס ליגט בײַ אים ערגעץ א פּײַפעלע אין מויל! ס'איז עפּעס א מין שפּיל־פּייגעלע. א סאָלאָוויטשיק, אַן עמעסער סאָלאָוויי — און גענוג!

## XIII

## באַלעבאַטים שיקן דעם באָזן „מיט די געסט", און דער סאָלאָוויי צעגיסט זיך אין זײַן שטייגער

שיקן „מיט די געסט" איז נאָך אַדהײַנט א מינהעג אין מאָזע־פּעווקע. אַז עס קומט צו איינעם אַן אָנגעלייגטער גאַסט, שיקן אים אַלע זײַנע גוטע־פרײַנט שאַבעס צום טיש א בוטל ווײַן אָדער א פלאַש מעד, און דאָס ווערט אָנגערופן „געשיקט מיט די געסט". יענעם

1 יעהי ראָצוין מילפאָנעכאָ". — 2 „שעטאַאַלייני". — 3 „וועסיטאָייני".

שאבעס האָט זיכ שמוליק דעמ כאזנס טיר נישט צוגעמאכט: דער
אריינ, דער ארויס; דאָס איז פונ אבע-מייער דעמ נאָגיד, דאָס איז
פונ מענדל דעמ גרויסנ, דאָס איז פונ רעב מענאשע דעמ רויטנ, אונ
דאָס — פונ יאנקל דעמ שווארצנ... שמוליק האָט איטלעכנ באזונ-
דער געהייסנ איבערגעבנ: „הערסטו, מיידעלע? זאָלסט זאָגנ דעמ
טאטנ דאָרטנ, ער זאָל דערלעבנ בא זײַנ עלטערער טאָכטער צו דער
באסעגע, וועלנ מיר דעמלט אָפּשיקנ מיט גוטנ ווײַנ!" אָדער: „הערסטו,
יינגעלע? זאָלסט זאָגנ דעמ טאטנ דײַנעמ, אימ-ירצע-האשעמ,
צו דײַנ בארמיצווע!"... שמוליקס פּאָנעמ האָט זיכ אזש פארפלאמט
פאר גרויס סימכע, אונ די אויסגעלאָשענע אויגנ זײַנע האָבנ זיכ
ווידער אָנגעצונדנ מיטנ פײַערל פונ אמאָל; ער איז דעמ דאָזיקנ שא-
בעס געווענ אפנ זיבעטנ הימל. אפילע די פלויניסטע זײַנע, פונ
וועלכער ער האָט נישט געהערט קײנ גוט וואָרט קימאט, פונ זינט
ער קענ זיכ מיט איר, האָט זיכ אויכ צעפלאקערט אונ האָט באוויזנ,
אז זי איז צופרידנ מיטנ גאסט, דורכ די צוויי קוגלענ, וואָס זי האָט
געמאכט, אײנעמ א לאָקשענעמ לעקאָוועד שאבעס, אונ אײנעמ א
בלעטערנעמ, א געקנעטענעמ מיט ראָזינקעס, לעקאָוועד דעמ גאסט.
„אנו? — האָט זי געזאָגט מיט א זיס שמייכעלע, — לאָמיר זענ
אקאָרשט, צי איז דער גאסט א גראָטענער צי נײנ? אָט וועלנ מיר
באלד האָבנ א סימענ פונעמ קוגל"...

— איר האלט נאָכ גאָר פונ מאָרנט, אפּאָנעמ? — האָט זלאטע
געזאָגט, ארײַנקומענדיק מיט עסטערנ צו שמוליקנ אינ שטוב ארײַנ.
צוליב דעמ גאסט האָט זיכ זלאטע איבערגעבעטנ מיט שמוליקס
ווײַב נאָכ אינ שול בעשאס אויסנעמעניש. די כאזנטע האָט צומ
ערשטנ אָנגעהויבנ צו רעדנ; זי האָט זיכ צוגערוקט צו זלאטענ אונ
האָט איר א זאָג געטאָנ:

— המ... מיר האָבנ עס הײַנט א גאסט! מײַנ מאנ, כ'לעבנ,
איז שטארק צופרידנ.

זלאטע האָט אפ איר א קוק געטאָנ בייז, ווי אײנער רעדט: „אהא!
האָמאָנס מאפּאָלע?" נאָר פונ מענטשלעכקײַט וועגנ האָט זי איר גע-
ענטפערט גאנצ פרײַנטלעכ: „גאָט ליב אײַכ מיט אײַער גאסט!" אונ
עס איז אוועק צווישנ זיי א לאנגער אונ זייער א אינטערעסאנטער
שמועס, אינ וועלכנ עס איז געווענ אויסגעמישט קאָל-מאמינימ-
ישעהו: אי כאלע, אי פיש, אי די קו, אי די שכײנע, אי דער שכיי-
נעס באָרשט, אי דער שכיינעס שנור די מופקערעס, וואָס טראָגט די

אײגענע האָר, ווי א געשליערטע האַנזי, אונ אזוי ווײַטער — אָנ א סאָפ.

— געדענקסט זשע, זלאַטע, — האָט די כאַזנטע עטלעכע מאָל געבעטנ, — לאָזט זיך לאַנג ניט בעטנ. אימ־ירצע־האַשעם, טײקעפ נאָכנ טיש, מיט עסטערנ, לעמאַנ־האַשעם!

זלאַטע האָט פאַרגעסנ די אַמאָליקע סינע צו דער כאַזנטע אונ איז געקומענ מיט עסטערנ אָפּגעבנ שמוליקנ קאָוועד. די כאַזנטע האָט זײ אופגענומענ אָפנ שענסטנ אופנ, זײ מעכאַבעד געװענ מיט קוגל אונ געזאָגט אַלעמאָל אָפ דײַטש, ווי מע רעדט בא זײ אינ באַרדיטשעוו: „פאַרוואָס געניסט איר עפּעס ניט, זלאַטעניו, כ׳לעבנ, איר האָט נאָכ גאָר ווייניק גענאָסנ!”

שפּעטער א ביסל איז אַרײַנגעקומענ אויכ זלאַטעס יִנגערע שוועסטער, א גוטער־פרײַנט אונ א נאָענטע שכײנע, די מומע יענטל מיט איר מאַנ ביינעשנ; אויכ רעב קאַלמענ שאַדכנ איז אַרײַנ מיט א שאַבעסדיק פּאָנעמ אונ מיט א ברייטנ גוט־שאַבעס, אונ טרינקענ־דיק „לעכאַימ”, האָט ער צוגעווינטשעוועט שמוליקנ, ער זאָל דערלעבנ גרויס נאַכעס אינ זײַנ זונדל, טאַקע אָפּ א קנאַסמאָל, אימ־ירצע־האַשעמ, אינגיכנ.

— כ׳האָב געגונג האָב איכ! — האָט רעב קאַלמענ געזאָגט, פאַרקאַטשענדיק די אַרבל פונ דער אַטלעסענער קאַפּאָטע ביז די עלנבויגנס אונ אָנעמענדיק זיכ בא דער גרויער באָרד. — זעט איר די באָרד מײַנע? זי האָט ניט אזויפיל האָר האָט זי ניט, וויפל שי־דוכימ איכ טראָג בא זיכ אָט אַ־דאָ־אָ (רעב קאַלמענ האָט באַוויזנ מיט דער האַנט אָפנ שטערנ). האָרכסטו, שמוליק?..

— וואָס איז שי־עכ? — האָט אימ שמוליק איבערגעשלאָגנ סאַ־מע אינמיטנ. — ווייס איכ, וואָס אײַכ קומט אַרופ אָפנ קאָפּ! מע האָט דאָס נאָכ אפילע ניט אינ זינענ!

בא די ווערטער האָט זיכ יאָסעלע איבערגעקוקט מיט עסטערנ, אונ עס איז זײ דורכגעלאָפנ אינ דער מינוט א מאַכשאָווע אינ קאָפּ, איינ מאַכשאָווע בא ביידנ גלײַכ; א נײַער געדאַנק, פונ וועלכנ זײ האָבנביידע ביז אַהער גאָר גישט געוווּסט, א געדאַנק, פונ וועלכנ א מאַזעפּעווקער מיידל אונ א מאַזעפּעווקער יִנגל ווערנ רויט ווי פײַער אונ זייער האַרצ ווערט געפּלעפט, געפּאַנגענ גאָר אומגעריכט. דער נאָמענ פונעמ געדאַנק איז: „כאָסנ־קאַלע”... דאָס וואָרט „כאָסנ־קאַלע” איז באַמ מאַזעפּעווקער מיידל אָדער באַמ מאַזעפּעווקער יִנגל א גאַנצער ראָמאַנ, א פּאָשעטער, נאָר א שיינער, א וווּנדערלעכער ראָ־

מאַנ, נישט קיינ געמאַכטער, נישט קיינ געמעלאָכעטער, נישט קיינ אויסגעטראַכטער, נאָר אַנ עמעסער ראָמאַנ, אָנ באָכמעס, אָנ קונצנ, אַזוי עמעס און אַזוי פּאָשעט, ווי די נאַטור אַליינ.

— אַצינד לאָמיר זיכ נעמענ אַקאָרשט צום איבעריקנ ביסל מאַשקע! — האָט שמוליק אויסגערופנ, נאָכדעמ ווענ ער האָט שוינ צום מעזומענ בענטשנ פאַרזוכט אַ קאַפּעלע און איז אַ ביסל פריילעכ געוואָרנ. — אַנו, ביינעש, נעמ זיכ נאָר, טו אַ פרווו!

ביינעש, ווי אַ יונגערמאַנ שוינ פונ הײַנטיקער וועלט אַ ביסל, האָט גענומענ עפענענ די פלעשלעכ, און דער אוילעמ האָט גענומענ פאַרזוכנ פונ יעדנס מאַשקע צו קאַפּעלעכ, טרינקענדיק לעכאַיִמ און צווינטשעווענדיק זיכ איינס דעמ אַנדערנ אַלדאָס גוטס מיט פאַרנאָסע און מיט יעשועס-אונעכאָמעס אויפנ קלאַל-יִסראָעל, אַזוי לאַנג, ביז מע איז געוואָרנ מעווסעמ, טאַקע רעכט פאַרקלאַפּט. מע האָט גענומענ רעדנ אַלע אינ איינ קאָל, שמייכלענ און ביסלעכווײַז אונטערדרימלענ, פּיקנ מיט דער נאָז אינ גלעזל אַרײַנ, שוינ קימאַט ניט טרעפנדיק צום מויל.

— זעט נאָר, זעט, ווי זיי האָבנ זיכ דאָס אַ ביסל אונטערגעפילנעוועט! — האָבנ די ווײַבער צווישנ זיכ געשמועסט, פאַרקלויבנדיק זיכ באַזונדער אינ אַ ווינקל און אָנווײַזנדיק מיט אַ געלעכטער אויף די מאַנצבילנ. — עס וואָלט נישט געווענ קיינ אוולע, איר זאָלט זיכ צוליינג אָפּרוענ אַ ביסל, כ׳לעבנ!

די מאַנצבילנ האָבנ דאָס אָבער געהערט, ווי דעמ פאַראיאָריקנ שניי: זיי האָבנ זיכ געטאָנ זייערס און צוגעווינטשעוועט זיכ אַלדאָס גוטס מיטנ קלאַל-יִסראָעל. און די ווײַבער האָבנ זיכ שטאַרק פאַרעדט וועגנ איניאָני-באַלעבאַטישקײַט, איבערעדנדיק איינס דאָס אַנדערע, און קיינער האָט גאָר קיינ צײַט נישט געהאַט צו באַמערקנ, ווי יאָסעלע האָט זיכ דערווײַלע צוגערוקט צו עסטערנ און האָט איר אויסדערציילט אַלצדינג, וואָס מיט אימ האָט פּאַסירט אינ די דרײַ יאָר. יאָסעלע איז נאָכ קיינמאָל נישט געווענ אַזוי אויפגעלייגט אויפנ האַרצנ, ווי יענעמ שאַבעס; עס האָט זיכ אימ געדאַכט, אַז ער איז אַ גרויסער, אַ גאַנצער מענטש, וואָס האָט שוינ פאַרזוכט גענוג צאָרעס אינ זײַנ לעבנ. די אייגלעכ האָבנ אימ געגלאַנצט, די בעקלעכ האָבנ געפלאַמט. און מאַכנדיק מיט די הענט, ווי אַ גרויסער, האָט ער אינ זײַנ לאַנגנ קאַפּאָטקעלע מיט די פייעלעכ אויסגעזענ פונדערווײַטנס, ווי אַ קליינ יִדעלע, אַ קליינס און אַ קורצס, נאָר מיט אַלע פּאָסטעמקעס, מיט אַלע פּישטשעקלעכ פונ אַ יִדנ. יאָסעלע האָט

איר דערציילט, ווי ביטער עס זענענ אימ געווענ די דרײַ יאָר, ווײַל
צאָרעס ער איז אויסגעשטאַנענ דאָרטנ, בײַ מ י צ י נ, ביז ער האָט
זיכ אַרופגעשלאָגנ אַפ אַ שטיקל דערעכ. לעכאַטכילע האָט אימ מיצי
אופגענומענ גאַנצ פרײַנטלעכ, זיכ באַרימט מיט זײַנ נײַ מעשוירערל
פאַר איטלעכנ באַזונדער. מ י צ י כ ע אָבער, דאָס הייסט מיצים ווײַב,
איז מיט יאָסעלענ ניט אַזוי צופרידנ געווענ, ווי מיצי; זי האָט אַפ
אימ געקוקט, ווי אַפ אַנ איבעריקנ עסער אינ שטוב; זי האָט געהאַט
גענוג עסערס אָנ אימ אויכ. זי איז אַליינ נישט געווענ קיינ אַקאָרע
אונ פלעגט צושטעלנ מיצינ אַ נײַ מעשוירערל אַלע יאָר, אַלע יאָר
אַ נײַס, אַנ אייגנס. מע האָט נישט אַרויסגעווזנ, אַז דאָס סאַכ קינד-
לענ אירס זאָל זײַנ בײַ איר מאַנ אָדער בײַ איר שטאַרק אָנגעלייגט;
גאָרניט, מאַכטייסע, ס'זאָל זײַנ ווינציקער מיט אַ קינד, וואָלט אַוואַדע
גלײַכער געווענ, נאָר ס'איז שוינ דאָ, לאָז עס זיכ שוינ וואַלגערנ.
אונ עס האָבנ זיכ דאָרט „געוואַלגערט" קינדער ווי מיסט, אונ ביז זיי
האָבנ זיכ אופגעכאַפט אַפ די פיסלעכ, האָבנ זיי נעבעכ געליטנ
הונגער, געגאַנגענ נאַקעט אונ באָרוועס, גוט אָפגעקומענ, גוט אויסגע-
ריסנ געוואָרנ. מע קאָנ זיכ שוינ גרינג פאָרשטעלנ, אַז יאָסעלע,
אַרײַנקומענדיק צווישנ אַזויפיל אָרעמע באַשעפענישלעכ, האָט, גע-
ווייניקלעכ, קיינ האָניק נישט געלעקט; ער איז פאַרשוואַרצט געוואָרנ
גלײַכ מיט זיי, טראָגנדיק די צאָרעס בײַ זיכ פאַרבאָרגנ. האַקלאַל,
יאָסעלענ איז באַשערט געווענ אינ טעטערעווע אויכ האָבנ אַ שטיפ-
מאַמע; זי האָט אימ באַנוצט אַפ שטוב-מעלאָכעס, אַרומגעשיקט אַפ
אַלע גענג, נאָכטראָגנ איר דעמ קאָשעק פונעמ מאַרק, גיינ מיט די
אויפעס צומ שויכעט, וויגנ דאָס קינד אונ נאָכ אַזעלכע אַרבעט טונ,
כאַפנדיק דערבײַ גאַנצ אָפט אַ רעכטנ פאַטש, אַ קניפ אונ אַ סטוסאַק,
ווי אַנ אייגנ קינד, אונ לייגנדיק זיכ גאַנצ אָפט שלאָפנ אַ הונגע-
ריקער אונ אַ דאָרשטיקער. הײַנט די יעסורימ, וואָס ער האָט גע-
טראָגנ דאָרטנ פונ זײַנע כאַוויירימ די מעשוירערימ, אוכעדוימע נאָכ
אַזעלכע זײַטיקע צאָרעס! יאָסעלע האָט געהאַט אינ טעטערעווע דרײַ
זייער ביטערע יאָר! ער האָט דאָס אָבער איבערגעטראָגנ שטילערהייט,
נישט דערציילנדיק מיצינ קיינ מײַסע, ביכדיי ער זאָל נישט אָנווערנ
די שטעלע, כאַס-וועשאָלעמ. די שטעלע איז בײַ אימ געווענ זייער
טײַער. ער האָט געלערנט מיט כיישעק הילכעס מעשוירער, דורכגע-
גאַנגענ דעמ גאַנצנ כיידער, געשטודירט אַפ כאַזנ, אויסאַרבעטנדיק
זיכ די שטימע, אונ ער קאָנ אַצינד זאָגנ בעפיירעש, אַז ער באַדאַרפ
שוינ מער נישט מיצים טוירע. ער איז קלאָר אינ נאָטנ, באָרעכ-האַ-

שעמ, אזוי גוט, ווי אלע מעשוירערימ, און איז שוינ מער ניט מע־
כויעװ צו טראָגנ מיציכענ דעמ קאָשעק פונעמ מארק און וויגנ
איר דאָס קינד. ער קאָנ שוינ אצינד פארטרעטנ די פייַנסטע שטעלע
באמ גרעסטנ וועלט־כאזנ, און ווענ ער פאָרט ארויס א ביסל אפ דער
וועלט, וועט ער געוויס ניט שלעכט מאכנ.

— אצינד בינ איכ געקומענ אהיימ אפ א פּאָר וואָכנ זיכ אָפּ־
רוענ. — אזוי האָט יאָסעלע אויסגעלאָזט זייַנ דערציילונג. — נאָכ־
דעמ וועל איכ שוינ וויסנ וואָס צו טאָנ. איכ וואַרט נאָכ אפ א בריוול
פונ אייגעמ, וואָס האָט מיר צוגעזאָגט מיכ נעמענ אפ זייַנע הוי־
צאָעס — און דערצו מיר צאָלנ נאָכ שוינ סכירעס, אכוץ זייַטיקע
האכנאָסעס. האקלאל, ער וועט מיכ גאָר גליקלעכ מאכנ, אבי איכ
זאָל ארויספאָרנ מיט אימ אפ דער וועלט. יענער ייִד איז אמאָל גע־
ווענ טאקע בא מיצינ מעשוירער. „גדליע גבאס" רופט מענ אימ.
ער האָט מיכ געהערט זאָגנ האלעל אינ טעטערוועצ, איז ער צו מיר
צוגעזאָטנ געוואָרנ: „וואָס טויג דיר, זאָגט ער, דאָס מעשוירערעס?
דו ווער בעסער אליינ כאזנ, אזוי ווי יענצ באלעבעסל, זאָגט ער,
וואָס די וועלט האָט מיט אימ געקלונגענ"... — איכ האָב דאָס אלצ
צו פארדאנקענ דיר, עסטער, וואָס דו מיט דייַנ מאמענ האָבנ מיכ
דעמלט אָפּגעשיקט קיינ טעטערוועצ. ווענ ניט איר, וואָלט איכ נאָכ
באדארפט זיכ וואלגערנ אָט דאָ, אינ דעמ וויסטנ מאזעפעווקע...

ארויסזאָגנדיק די לעצטע ווערטער, ווילט זיכ יאָסעלענ זייער
אָנעמענ עסטערנ בא דער האנט און דערציילנ איר דאָס אויכ, וויאזוי
ער האָט געבענקט נאָכ איר אלע דרייַ יאָר קעסיידער, וויאזוי ער
פלעגט בעטנ גאָט פארנ טאטנ און פאר איר אויכ, וויאזוי זי פלעגט
אימ אָפּט קומענ צו כאָלעמ און ארומנעמענ אימ, אזוי ווי זי פלעגט
אימ ארומנעמענ דעמלט, בעשאס זיי זענענ נאָכ געווענ קליינע קינ־
דער. יאָסעלע פילט, אז אצינד איז עפּעס אנדערש, נישט דאָס, וואָס
אמאָל איז געווענ... עס ווייַזט זיכ אימ אויס, אז עסטער איז ניט די
עסטער, וואָס פריִער. עסטער האָט זיכ בעעמעס אינ די דרייַ יאָר
ביִעשונע איבערגעביטנ, געוואָרנ העכער און שענער, און איר פּאָנעמ
האָט אויסגעזענ שוינ ניט אזוי קינדעריש, ווי פריִער. עס האָט זיכ
אימ אויסגעוויזנ, אז כאָטש די אויגנ זענענ די זעלבע ליכטיקע,
גלאנצנדיקע אויגנ, וואָס פריִער, נאָר דער קוק איז ניט דער, וואָס
פריִער, און דאָס גאנצע אויסזענ אירס איז ווי פונ א דערוואקסענעמ,
באיאָרטנ מענטשנ. אויכ דאָס רעדנ אירס און אלע אירע פאָסטעמ־
קעס איז ווי בא א גרויסע, ווי בא א קאלע. עס האָט זיכ אימ אויס־

געוויזנ, אז אפ איר ברייטנ, ווייסנ שטערנ ליגט א קנייטשל, ווי בא אנ עלטערנ מענטשנ, אונ דאס לאכנ אירס איז שוינ גאר נישט דאס, וואס אמאל. אז עסטער האט געלאכט, האט דאס קאל אירס געקלונגענ — עס האט זיכ געלאזט הערנ; אצינד האלט זי זיכ איינ, בעשאס זי באדארפ לאכנ, גלייכ ווי זי וואלט שוינ געווענ א באיאר־טע, א יידענע... יאסעלע זיצט אונ באטראכט זי פונ קאפ ביז די פיס. ער וויל געפינענ אינ איר די אייגענע עסטער, מיט וועלכער ער האט פארבראכט קימאט אלע זיינע קינדערשע יארנ, אונ עס דאכט זיכ אימ אויס, אז זי איז שטארק פארענדערט געווארנ. אונ וואס מער יאסעלע באטראכט זי, מער שעמט זיכ עסטער; וואס מער ער איז זיכ צו איר מעקארעוו, מער דערווייטערט זיכ פונ אימ עסטער. צווישנ די דאזיקע קינדער, וואס זענענ אמאל איניינעמ אפ איינ מיסט דער־צויגנ געווארנ, איז פלוצעמ אויסגעוואקסנ א וואנט, א מעכיצע. א מאכשאווע פונ דערעכ־ערעצ האבנ, פונ שעמענ זיכ, האט זיכ אריינגעכאפט צו זיי ביידע.

— מיר איז ניט באשערט געווענ צו הערנ דיכ דאוונענ, — האט אימ עסטער א זאג געטאנ מיט א פריינטלעכ שמייכעלע, — ביז איכ האב פארטיק געמאכט דעמ שאבעסדיקנ טיש, צוגעגרייט אלע שא־לעמיוזנ, איז אינ שול געווארנ אזא ענגשאפט, אז איכ האב מיכ גאר ניט געקאנט דערשלאגנ.

— אוי, טאקע? ביסט געגאנגענ אינ שול אריינ? — האט יאסעלע אויסגעשריגנ, אונ די אויגנ האבנ אימ פארוואונדערט געבלישטשעט. ער האט פלוצעמ דערפילט, אז עס ווילט זיכ אימ זינגענ; עס קיצלט אונ דראפעט אימ אינ האלדז; עס טראגט אימ אינ דער לופטנ — ער מוז, ער מוז זיכ אויסזינגענ!

זינגענ האט יאסעלע ליב געהאט נאר דעמלט, ווענ עס האט זיכ אימ געוואלט זינגענ. אונ וועלנ זינגענ פלעגט יאסעלע פונ טאמיד אנ נאר דעמלט, ווענ ס'איז אימ געווענ אדער זייער גוט, אדער גאר שלעכט אפנ הארצנ, — דעמלט, אז עס פלעגט אימ צוטרעטנ צומ הארצנ, פלעגט ער זיכ צעגיסנ אפנ האלדז, ווי א סאלאוויי. אויכ אצינד, נעבנ עסטערנ, האט זיכ יאסעלע געפילט, ווי דאס הארצ ווערט אימ ברייטער אונ פולער, עס ווילט זיכ אימ זינגענ. יאסעלע איז אופגעשטאנענ פונעמ טיש אונ האט זיכ אוועקגעשטעלט אינמיטנ שטוב גאר אונ האט אנגעהויבנ צו זינגענ. דער אוילעמ, וואס האט שוינ געהאלטנ גוט אונטערנ גלעזל, האט זיכ אופגעכאפט ווי פונעמ שלאפ אונ אופגעשטעלט די אויערנ. אויכ די ווייבער האבנ אוועקגע-

וואַרפן סאַמע אײַנמיטן אַ שמועס, ביכדיי צו הערן יאָסעלעס נע-
גינע.

געזונגען האָט יאָסעלע אָן ווערטער, דאָס, וואָס הייסט בעלאָשנ־
האַכאַזאָנים „נעמען אַ שטעל". אַזאַ שטעל פלעגט אַמאָל דאָס ווײַל־
נער באַלעבעסל זאָגן שאַבעס-צונאַכטס צו די ערשטע סליכעס.
„ייִדן, — דערציילט מען, — פלעגן שווימען אין טרערן פון גרויס
מעסיקעס"... אָט אַזאַ מין שטעל האָט אַצינד יאָסעלע גענומען. עס
האָבן זיך גלאַט אַזוי געגאָסן זעלטענע קוילעס, זיסע געזאַנגען פון
זײַן האַלדז, אַרויספליִענדיק פון דאָרטן און אָנפילנדיק די גאַנצע
שטוב. אָט האָט ער זיך צעגאָסן מיט אַ טרויעריק, האַרצרײַסנדיק
געזאַנג, מיט אַ ראַכמאָנעס און מיט אַ געבעט, מאַכנדיק מיטן האַלדז
פאַרשיידענע קונצן, גלײַך ווי די קוילעס וואָלטן זיך טוקן און גע-
גאַנגען פונעם וואַסער אַרויס; און אָט האָט ער זיך צעבייזערט
אַזוי, אַז די פענצטער האָבן געקלונגען פון זײַן שטאַרק הילכיק
קאָל. אָט איז ער זיך פאַרגאַנגען אַף זײַן שטילער ווייכער שטימע,
אַלעמאָל נידעריקער און נידעריקער, שטילער און שטילער, גלײַך ווי
ער וואָלט פאַרפאָרן ערגעץ ווײַטוווײַט, אַראָפּגעלאָזט זיך ערגעץ
גאַנץ נידעריק, זייער־זייער טיף, און פון דאָרטן געשיקט אַהער ווייי־
כע, גלאַטע געזאַנגען, צעשיטנדיק זיך בעשאַס-מײַסע אין אַזעלכע
דריבנע טרעלן, גלײַך ווי קליינע אַרבעסלעך וואָלטן זיך געקאַטשעט,
פאַלנדיק אַראָפּ-אַראָפּ איינס נאָכן אַנדערע מיט אַ שרעקלעך מעהי־
רעס... און אָט האָט ער זיך ווידער ווי אויפגעכאַפּט מיט אַ גוואַלד, מיט
אַן אויסגעשריי, מיט אַ בייזער און מיט אַ געבעט, אַפן ייִדישן גאַנג.
דער אוילעם האָט אַראָפּגעלאָזט די נעזער, די קאַרטוזלעך פאַרוקט
אַרויף, זיך פאַרטיפט, פאַרזאָרגט, געווען אַ יאָמטעוודיק, אַ באַטריבט,
פאַרוואָגלט, ווי דער שטייגער איז בײַ ייִדן, אַז מע דערהערט שפּילן
אָדער זינגען. אויך די ווײַבער האָבן צונויפגעלייגט די הענט אַפן
האַרצן, אָנגעצויגן אַ פרום פּנים, ווי אין שול צום דאַווענען, בע־
שאַס מע דאַרף ענטפערן „ברוך הוא וברוך שמו, אָמן"[1]... פון
שמוליקן שמועסט מען שוין גאָר ניט: ער איז געווען גאָר ניט אַף
דעם אוילעם; פון די עטלעכע קויסעס, וואָס ער האָט געמאַכט, האָט
זיך אים דאָס פּנים צעפלאַקערט, די אויגן צעברענט, און שמייכ־
לענדיק, האָט ער אויסגעזען, ווי אַ מענטש, וואָס האַלט באַם ווײַנען.
דאָס ביסל מאַשקע האָט אים אָנגעמאַכט אין קאָפּ אַ שטיקל מיש־

---

1 „באָרוכ הו אווואָרוכ שמוי, אָמיינ".

מאש: עס האט זיכ אימ פארגעשטעלט זעלדע זײַנ ווײַב, ווי זי שטייט אט דא ניט ווײַט, קוקט מיט טרערנ אונ קוועלט פונ יאסעלעס איר בעניאכידל. „נו, זעלדע, — מאכט צו איר שמוליק, — האסט זיכ, אשטייגער, גערעכט, וואס איז שײַעכ, אפ דײַנ יאסעלען, הא?"... עס שטעלט זיכ אימ פאר אינ דער מאכשאווע אלערליי פלאנענ; עס דאכט זיכ אימ, אז מע שלאגט אימ אפ די טירנ — מע וויל יאסעלענ פאר כאזנ. די קאצאווימ כאלעשנ, ווילנ אימ געבנ צוואנציק קערבלעכ א וואכ, אכוץ האכנאסע; די טעטרעווזער לײַט זענענ אבער אויכ נישט קיינ נאראנימ: זיי ווילנ אימ נישט אפלאזנ בעשומ־אויפנ... אונ פונ יאמפעלע, פונ קאשפערעוו, פונ מאקארעווקע אונ פונ אלע שטעט ארומ אונ באוואַרפט מענ אימ מיט בריוולעכ. „גיט אימ נאר אהער, רעב שמוליק, א רענדל אראפ — א רענדל ארופ, אבי גיט אימ אהער, אײַער יאסעלען!"... אט אזעלכע ליכטיקע אונ פרײַלעכע מאכשאוועס אונ געדאנקענ האבנ זיכ געפלאנטעט בא שמוליקנ אינ קאפ, פארוויגנדיק אונ פארשלעפערנדיק אימ אינ א זיסנ גאנײדנ־שלאפ. אונ יאסעלע האט נישט אופגעהערט צו זינגענ, מאכנ קונצנ מיטנ האלדז, צעגיסנדיק זיכ אפ טויזנטערליי אויפאנימ, ווי דאס שפיל־פייגעלע, בעשאס עס דערפילט אונ דערזעט פאר זיכ די שיינע ליכטיקע, ווארעמע זונ. יאסעלע האט דערזענ פאר זיכ עססטערנ אונ איז, אפאנעמ, פונ איר ניספאעל געווארנ, ארויסזאגנדיק זײַנ היספײַלעס ניט מיט ווערטער, נאר מיט ווונדערלעכע, געטלעכע געזאנגענ פונ זײַנ ווונדערלעכנ האלדז. דער סאלאוויי, דערפילנדיק די פרישע, נארוואס אופגעלעבטע וועסנע־צײַט, האט זיכ צעזונגענ, צעלאזט דאס העלדזל אונ צעגאסנ זיכ אפ זײַנ שטייגער.

## XIV

## געדאליע באס פירט ארויס יאסעלען אפ דער גרויסער פרייער וועלט

געדאליע באס, אפ וועלכנ יאסעלע האט ארויסגעקוקט, איז געקומענ גיכ, א סאכ גיכער, ווי יאסעלע האט גערעכנט. פארפארנ איז ער גלײַכ צו שמוליק דעמ כאזנ, אפגעלייגט בא אימ דאס פעקל אונ צעשפרייט זיכ, ווי א מענטש, וואס איז געקומענ גליקלעכ מאכנ די וועלט. בא שמוליקנ איז זײַנ קומענ צו פארנ געווענ שטארק אנגעלייגט, אונ ער האט דאס געהאלטנ פאר א גרויסנ קאוועד, וואס מענטשנ פארנ אראפ לעכאמטבילע צו אימ. דערצו איז אימ דער אוירעכ זייער געפעלנ געווענ פאר א לײַטישנ מענטשנ.

געדאליע באם איז געווענ אזא מינ פארשוינ, וואָס איז זייער שווער געווענ צו טרעפנ, וואָס ער איז. א ביסל איז ער געווענ פונ „היינטיקער וועלט": די קאפּאָטע א ביסל פארקירצט, די שווארצע גראָבע פייעס פארקאטשעט הינטער די אויערנ, אונ די שווארצע געדיכטע באָרד קיילעכיק, קוינציק ארומגעבויגנ, נישט כאָלילע ארומגעשוירנ. דערפאר האָט ער זיכ צו מייַרעוו אוועקגעשטעלט שמוינעעסרע, אפּ אנדערהאלבנ שאָ, זיכ שטארק געשאָקלט אונ געוואָרפנ מיטנ קאָפּ אפּ ביידע זייטנ — רעכטס אונ לינקס, ארויסלאָזנדיק אלעמאָל א טיפנ זיפצ פונעמ הארצנ. „עס ווייַזט אויס, א פרומער ייד" — האָט זיכ שמוליק געטראכט, בעטנדיק דעמ אוירעכ זיכ וואשנ אונ עסנ וועטשערע. די גאנצע צייַט פונ דער וועטשערע האָט געדאליע געשוויגנ, באטראכט שמוליקנ מיט זייַנ הויזגעזינד אונ געענטפערט יאָסעלענ נאָר א צוויי־דרייַ ווערטער: וואָס מאכט ד ע ר מעשוירער, וואָס מאכט י ע נ ע ר מעשוירער. ערשט נאָכנ בענטשנ, בא וועלכנ דער אוירעכ האָט פארגלאנצט די אויגנ ארופּ, ציילנדיק די ווערטער, האָט זיכ שמוליק אוועקגעזעצט מיט אימ באזונדער אינצווייענ אינ א ווינקעלע שמועסנ א ביסל מיקוייעכ דעמ איניענ, וואָס יענער איז צוליב דעמ געקומענ.

— ווילט איר, הייסט דאָס, אפּאָנעמ, אז יאָסעלע זאָל טאקע פאָרנ מיט אייַכ? — האָט אימ שמוליק א פרעג געטאָנ, פארקוקנדיק אימ אינ די אויגנ אריינ.

— וואָס הייסט, איכ וויל? — האָט אימ געדאליע באם געענטפערט, גלעטנדיק זיכ די באָרד. — ער איז בא מיר איינער, וואָס? איכ פאָר, באָרעכ־האשעמ, מיט זיבעצנ פארשוינ; מע באדארפּ אויסשטיינ אזא כעוורע, קיינ אייַנהאָרע, איז איכ ניט קיינ קלייניקייַט. ווי מיינט איר, רעב שמוליק? איר זענט דאָכ יאָ, ווי זאָגט ער...

— אוואדע, וואָס שמועסט מענ דאָ? — האָט אימ שמוליק געענטפערט, ווי א מענטש, וואָס איז געניט אינ אזעלכע זאכנ, — איכ מיינ אָבער דאָס, וועגנ מייַנ יאָסעלענ שמועס איכ; לעמאָשל, וואָס קאָנ ער האָבנ דערפונ, אשטייגער?

— וואָס הייסט האָבנ? — האָט אימ געדאליע געענטפערט, ווידער פארפאָרנדיק אינ א זייַט. — האָבנ צו האָבנ איז דענ גלייַכ? אמאָל מאכט זיכ, מע קומט אינ א שטעטל אונ מע פאָרט אוועק צוריק, מיט וואָס מע איז געקומענ, ווי זאָגט ער, בגפּו יבוא — בגפּו יצא [1], אונ אמאָל מאכט זיכ פארקערט, מע כאפּט דעמ טאָטער.

1 בעגאפּוי יאָוווי—בעגאפּוי יעיציי.

האקלאל, רעב שמוליק, הויצאָעס שלאָגט מען זיך אויס יאקאָס; אָט אזוי־אָ דרייט מען זיך; איר פאַרשטייט אָן אייסעק? אײַך באַדאַרף מען דאָך נישט דערציילן.

— יאָ, וואָס איז שײַעך. עס רעדט זיך אזוי, — מאכט שמו־ליק, — איך שמועס אָבער אַקעגן דעם, יעדער מענטש וויל דאָך וויסן, ווו ער האַלט, צי עס טראָגט אים צי ניט. איר פאַרשטייט?

— וואָס הייסט טראָגן? קאָן מען זאָגן אַף אַ כאַזן: עס לוינט צי עס לוינט אים ניט? איך פרעג אײַך, רעב שמוליק, איר זענט דאָך אַליין עפּעס, ווי זאָגט ער, ניט פון יענע כאַזאָנים. אַ כאַזן איז טאָמיד ווי אַ מילנער; קאָלזמאַן... איר פאַרשטייט? גאָרניט, עס דרייט זיך.

— יאָ, טאקע, איר זענט, כלעבן, גערעכט; איך באַדאַרף דאָך מיר אָבער וויסן מײַנס, איר פאַרשטייט? עלעהיי איר זענט דער קוינע, און איך בין דער סויכער; וואָס איז שײַעך? איר באָט אָן אַ פּרײַז, און איך וועל מיך שוין איבערלייגן און באַטראַכטן אַקוראַט. איר פאַרשטייט?

— שײַעך זאָגן דערבײַ אַ פּרײַז? — מאכט געדאַליע, צענעמענ־דיק די הענט און שמייכלענדיק דערבײַ זייער אַנגענעם. — עס וועט זיך שוין אַ ביסל אין גליק און אַ ביסל אין דעם, אויב מע נעמט אויס באַם אוילעם. אונדזערע יידן, ווייסט איר דען ניט, רעב שמוליק? דעם געפעלט און יענעם ניט. אָט נאָט אײַך פּ י צ י: שוין דאַכט זיך פּ י צ י אַליין, — פונדעסטוועגן, לאָמיר האָבן די בראָכעס, וואָס עס מאכט זיך אים... עט!

— ס'איז אויך עמעס! איך מיין גאָר ניט אזוי ווײַט; איך וואָלט צופרידן געוועזן מיט האַלב, מיט אַ דריט־בייַלעך פון פּ י צ י ן. לעוילעם איז דאָך מײַן יאָסעלע נישט מער, ווי אַ קינד, וואָס איז שײַעך?

— אָ, איר זאָגט אַ קינד, רעב שמוליק? בא אײַך קומט אויס, אַז אַ קינד באַדאַרף נישט קיין זאַך; די זײַטיקע זאַכן זענען דאָ, פאַרשטייט איר מיך, צען מאָל אזויפיל, ווי איר קאָנט זיך פאַרשטעלן.

— ניין, איך שמועס ניט פון דעם! — זאָגט שמוליק, פילנדיק, אַז ער איז פאַרקראָכן קיין בויבעריק. — איך האָב געוואָלט זאָגן גאָר אָן אַנדער זאַך.

— וואָס זשע? איר מיינט אַוואַדע די האַנהאָגע זײַנע? מעגט איר מיר גלייבן, רעב שמוליק, אַז...

— כאָלילע! — שרײַט שמוליק. — ניט דאָס מיין איך! איך רעד גאָר פון עפּעס אַנדערש!

— ע! לאָזט זשע זיכ דינענ, מײַנ ליבער ייד. איכ וויל אײַכ אויספירנ אקעגנ העמ טאקע, וואָס איר אליינ זאָגט דאָס... איכ מיינ אקעגנ קינדער...

אָט אזוי האָט מענ זיכ געפּלוידערט ביידע ביז גאנצ שפּעט אינ דער נאכט, אונ שמוליק האָט זיכ געלייגט שלאָפנ מיט גאָרניט. אפ מאָרגנ האָט גערדאליע באם אָנגעהויבנ אונטערטרײַבנ יאָסעלענ אינ וועג ארײַנ; ער האָט אימ אונטערגעגעבנ היצ אונ איז אימ נאָכגע־גאנגענ פוס־טריט. יאָסעלע פונ זײַנ זײַט, כאָטש עס איז אימ געווענ זייער אָנגענעמ צו פארברענגענ מיט זײַנע ליבע אונ גוטע־פרײַנט, נאָר עס האָט אימ געצויגנ אהינ, אינ דער גרויסער, פרײַער וועלט ארײַנ. ער האָט געזענ, אז ס'איז פאר אימ קיינ טאכלעס נישט צו בלײַבנ אינ מאזעפּעווקע, צו זײַנ געבונדנ אונ געצווונגענ. זײַנ ציל האָט ער נאָכ נישט דערגרייכט; יענע שיינע מײַסעס מיט יענע זיסע כאלוימעס וועגנ דעמ „יונגעלע”, „באלעבעסל”, „קאנאריק” אונע־דוימע אזעלכע האָבנ זיכ אימ ווידער פאָרגעשטעלט מיט זייער גאנצנ גלאנצ אונ מיט אלע זייערע אנטיקלענ, אונ עס האָט אימ אלצ געצויגנ אהינ... ער האָט זיכ נאָר אָפּגעבעטנ בא גערדאליע באם אפ צוויי טעג, ניט מער, צו פארברענגענ מיט זײַניקע, אָפּצוגעזע־גענענ זיכ מיט זיי פאר זײַנ אוועקפאָרנ אינ אזא ווײַטער נעסיע ארײַנ.

— וועג זשע, קלערט איר, זאָל ער קומענ צוריק אהיימ? — האָט שמוליק איינעמ טאָג פונ יאָסעלעס אוועקפאָרנ א פרעג געטאָנ בא גערדאליע באם, אונ עס האָט זיכ געלאָזט הערנ אינ זײַנ קאָל א מינ ציטערניש, ווי א מענטש, וואָס וויל וויינענ.

— וואָס הייסט אהיימ? — האָט אימ דערופ גערדאליע באם גע־ענטפערט, ווי זײַנ שטייגער איז, אָפּקערעווענדיק אינ א זײַט. — אפּאָנעמ, מיר פאָרנ דענ ערגעצ אינ איינ אָרט ארײַנ? מיר זענענ דאָכ וועלט־מענטשנ: הײַנט זענענ מיר דאָ, מאָרגנ דאָרטנ, פונקט ווי די יארידלײַט; מע ווייסט, צי מע וועט מאכנ גוט צי נײַנ? גאָרנישט, מע פאָרט — פאָרט מענ זיכ.

שמוליק האָט מיטאמאָל אָנגעווירנ דעמ קוראזש; ער איז יענעמ טאָג געווענ צערודערט, שטארק לוי-אלייכעמדיק. דער גדאנק: „ווער איז אָט דער גערדאליע באם אונ וואָס איז מיט אימ דער מער?” — איז שמוליקנ געקומענ אפנ קאָפּ שוינ צו שפּעטלעכ. דערצו האָט אימ זלאטע געפּיקט אינ קאָפּ ארײַנ, באווייזנ אימ, אז ער איז, מ'שטיינס־געזאָגט, א צאפּ, ניט קיינ טאטע: א טאטע זאָל זיכ ניט צעפּרעגנ פרי'ער, ווי בא לײַטנ...

אונ יאָסעלע האָט זיכ געקליבנ אינ וועג ארײַנ. עס איז געוואָרנ באַ שמוליק דעמ כאַזנ אינ שטוב א סומאַטאָכע — יאָסעלע פאָרט אוועק! מע האָט אימ צוגעגרייט עסנוואַרג אינ וועג ארײַנ, אָנגעבאַקנ קיכלעכ, קאָרזשעס אונ צוקער־לעקעכ. זינט יאָסעלע איז געקומענ פונ טעטרעוועצ, איז צו אימ די שטיפמאַמע גאָר איבערגעביטנ געוואָרנ; זי האָט אָנגעהויבנ צו קוקנ אפ אימ מיט דערעכ-ערעצ, אונ אז זי איז געוואָרנ גוט, איז שוינ צו איר גוטסקײַט נישט געווענ קיינ ברעג. דעמ גאַנצנ פרימאָרגנ איז זי ניט אָפּגעטראָטנ פונעמ אויוונ, אלצ געקאָכט אונ געבאַקט, געבראָטנ אונ געפּרעגלט, אלצ יאָסעלענ אינ וועג ארײַנ. דאָס פאָנעמ האָט איר געפלאַמט, דאָס טיכל האָט זי פארבונדנ מיט די עקנ ארונטער אונ האָט אליינ מיט אירע הענט אײַנגעפּאַקעוועט יאָסעלענ דאָס פעקל אינ וועג ארײַנ. צוזעענדיק פונ איר אזויפיל געטרײַשאַפט, האָט איר יאָסעלע מויכל געווענ בימכילע־גמורע אלע יעסורימ, מיט די צאָרעס, מיט די פעטש, וואָס ער האָט פונ איר אמאָל געליטנ. ער איז אינ דער צײַט גרייט געווענ ארומצונעמענ זי, ווי אנ אייגענע מאַמע. יאָסעלעס האַרצ איז פאַר זײַנ אוועקפאָרנ געווענ ווייכ, אָפּנ אונ געטרײַ צו אלעמענ. עס האָט אימ אויסגעוויזנ יעדע זאַכ יאָמטעוודיק. אלע מענטשנ מיט די גאַסנ מיט די הײַזער האָבנ אויסגעוויזנ באַ אימ פײַנ, ליכטיק אונ פריילעכ. מאַזעפּעווקע, מיט אירע בלאָטיקע, פינצטערע געסלעכ, מיט אירע פינצטערע, אײַנגעהויקערטע הײַזלעכ אונ מיט אירע פאַרכוישעכטע, פארזאָרגטע לײַט, האָט אויסגעזענ באַ אימ אינ די אויגנ טאַקע נאָר ווי א גאַנעידנ, ווו אלצדינג בליט אונ שײַנט, ווו אלצדינג לעבט אונ פרייט זיכ, אונ ער איז גרייט ארומצונעמענ אונ אויסקושנ יעדנ באַזונדער. זײַנע געדאַנקענ האָבנ אימ אזוי געטראָגנ, עס איז אימ געווענ אזוי גרינג אפ דער נעשאָמע, אז עס האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, ער האָט פליגל; ער איז נישט געגאַנגענ, נאָר ער האָט געטאַנצט; ער האָט נישט געקוקט, נאָר געשײַנט אונ געלײַכט; ער האָט נישט גערעדט, נאָר געזונגענ. האקלאל, יאָסעלע איז די גאַנצע צײַט אינ מאַזעפּעווקע געווענ אפּנ הימל — ער פאָרט! יאָסעלע האָט גענומענ דאָס טפילנ-זעקעלע מיטנ שטעקעלע אונ איז אוועקגעגאַנגענ אינ בעסמעדרעש ארײַנ דאַווענענ. נאָר פארבײַגייענדיק, האָט ער זיכ ארײַנגעכאַפּט צו זלאַטענ אינ שטוב ארײַנ, בכדיי צו געזעגענענ זיכ מיט עסטערנ.

XV

# ווי יאָסעלע געזעגנט זיכ מיט עסטערנ עטלעכע מאָל

איינ טאָג א ליכטיקנ האָט עסטער געהאַט אינ איר לעבנ, א גוטנ, א גליקלעכנ טאָג; דאָס איז געווענ יענער טאָג, ווענ יאָסעלע האָט זיכ געקליבנ אינ וועג אריינ. עס איז נאָכ געווענ גאָר פרי, בעשאַס יאָסעלע איז מיטנ טפילינ־זעקל אונטערנ אָרעמ אריינגעקומענ צו זלאַטענ אינ שטוב אריינ זיכ געזעגנענ. זלאַטע איז געווענ אינ קלייט, די קינדער מענאַשע אונ עפראַימ זענענ נאָכ געשלאָפנ. אינ שטוב איז געווענ נאָר איינ עסטער. זי איז געשטאַנענ באַמ פריפעטשיק, צעלייגט א פײַער אונ געקאָכט ציקאָריע אפ אָנבײַסנ. דערזעענדיק יאָסעלענ, האָט זי אראָפגעלאָזט די ארבל, וואָס זענענ איר געווענ פארקאַטשעט ביז די עלנבויגנס, ארויסבאַווײַזנדיק אירע שיינע, ווײַסע הענט, אונ דאָס פּאָנעמ איז איר געווענ פארפלאַמט פונעמ פײַער. די האָר זענענ איר געווענ צעפלאָכטנ, צעוואָרפנ אפ די אקסלענ אונ ווי־עס־איז צונויפגענומענ פונ אונטנ אונ אונטערגעשטעקט מיט א האָר־נאָדל, אונ דאָס האָט איר צוגעגעבנ נאָכ מער כיינ. דאָס ווײַסע פארטעכל האָט אפ איר געשעמערירט, צוגעבנדיק נאָכ מער ליכטיקייט צו איר ליכטיק שײַנענדיק פּאָנעמ. די הענט האָט זי צונויפגעלייגט אפנ הארצנ, אונ קוקנדיק אזוי פארטראַכט אפנ פײַער, האָט זי אויסגעהערט יאָסעלעס רייד, וואָס ער האָט גערעדט איבער איר גאָר אָנ אויפהער. אָנגעהויבנ האָט ער פונ דעמ, וואָס ער פאָרט אוועק אינ אזא ווײַטנ וועג אריינ, ער וועט זיכ דאָס אָנזענ א וועלט — טאַטעניו! ער וועט זײַנ אומעטומ: אינ מאַקאַרעווקע, אינ קאַשפערעוו, אינ גנילאָפּיאַטעווקע, אינ גלופּסק, אינ דנעפּרעוועצ אונ אינ טונעיאַדעווקע — אונ ווו ניט? געדאַליע באַס זאָגט אימ צו, אז ער וועט מיט אימ זײַנ אינ כמעלניצק אונ אינ גאָנטאָיאַרסק אויכ, אימ ווײַזנ דאָס טעאַטער דאָרטנ, ווו פ י צ י ם טענאָר איז הײַנט מעשוירער, דאָס הייסט, ער זינגט אלע נאַכט אינ טעאַטער, אונ מע זאָגט, ער איז דאָרטנ גליקלעכ, ווי די גאַנצע וועלט: ער שיקט איבער זײַנ טאַטנ געלט אָנ א שיר. זײַנ טאַטע איז כאַזנ אינ דער מאַקאַרעווקער קאַצאָווישער קלויז, אב אָני־וועעוויענ געווענ, אונ הײַנט, זינט זײַנ זונ איז אזוי גרויס אונ געהויבנ געוואָרנ, איז אימ גוט ווי די וועלט... יאָסעלע האָט געזאָגט, ווענ גאָט העלפט אימ כאָטש נאָר האַלב ווי פ י צ י ם טענאָר, כאָטש א צענטכיילעק, וואָלט

ער, נישקאָשע, באַוואָרנט זײַנ טאַטנ אַפּ די עלטערע יאָרנ אונ נישט געלאָזט אימ, ער זאָל זיכ איַנגרײַסנ דאָס געזונט באַמ אָמעד איינער אַליינ: „געננג געהאָרעוועט; ער מעג זיכ שוינ אָפּרוענ, כלעבנ".

באַ די ווערטער האָט זיכ יאָסעלע שטאַרק צעהיצט; די אויגנ האָבנ אימ געברענט, דאָס פּאָנעמ האָט אימ געשײַנט. יאָסעלע איז געווענ נאָכ גאָר א קינד, קאָנ מענ זאָגנ, א יינגל פונ א יאָר זיבעצנ, נית מער, נאָר א גרויס יינגל, איינער פונ די יידישע יינגלעכ, וואָס וואַקסנ אויס אונ ווערנ צײַטיק פאַר דער צײַט, פאַרטיקע יידעלעכ. אדאַנק די צאָרעס, וואָס ער האָט געטראָגנ פונ קליינווײַז אופּ, האָט זיכ יאָסעלע אויסגעאַרבעט, געוואָרנ א קליינ פאַרטיק יידל, געגאַנגענ ווי אנ אַלטער, גערעדט ווי א באַרדאַס, געפירט זיכ ווי א ייד. צוהערנדיק זײַנע רייד, האָט זיכ עסטער געכידעשט אַפּ אימ: עס האָט זיכ איר אויסגעוויזנ, אז ער איז עלטער געוואָרנ נישט מיט דרײַ יאָר, נאָר מיט צענ יאָר, אונ קוקנדיק אַפּ אימ, אַפּ זײַנ „אָסאָבע", האָט זי זיכ נית געקאָנט אײַנהאַלטנ, זי זאָל זיכ נית צעלאַכנ. עסטער איז עלטער געווענ פונ אימ מיט א יאָר אָנדערהאַלבנ אונ האָט טאָמיד געקוקט אַפּ אימ, אונ אויכ איצט, ווי אַפּ א קינד, א יינגל. דערהערנדיק פונ אימ אזעלכע ווערטער, האָט זי אימ גענומענ באַגראַכטנ אונ האָט אימ געלאָזט רעדנ, נישט איבערגעשלאָגנ אימ, ביז ער וועט נישט אויסלאָזנ ביזנ סאָפּ. אונ יאָסעלע האָט גערעדט גאָר אָנ אנ אופּהער, וואָס וויַטער, אַלץ מיט מער היץ, פאַרגעלייגט גילדענע פּלאַנענ אונ געקערט די וועלט. אז יאָסעלע האָט זיכ אָפּגעשטעלט אַפּ א מינוט, האָט אימ עסטער א זאָג געטאָנ מיט זייער א פרײַנטלעכ שמייכעלע:

— זע נאָר, זאָלסט נאָכדעמ נישט פאַרגעסנ, וואָס דו זאָגסט אצינד, אזוי ווי זאַלמענ־הערש, מײַנ מומע ברײַנעס עלטע־ער זונ, געדענקסט אימ? פריער, בעשאַס ער האָט באַדאַרפט אוועקפאָרנ קיינ בראָד, האָט ער איר צוגעזאָגט גילדענע בערג, אונ ווײַבאַלד ער איז געקומענ אַפּנ אָרט, האָט ער געשיקט עפּעס צוויי בריוולעכ, אונ נאָכדעמ האָט ער אופּגעהערט צו שרײַבנ ביז הײַנטיקנ טאָג. איכ זאָג עס אקעגנ דעמ, וואָס צוזאָגנ איז קיינ מעלאָכע נית...

— פונ די דאָזיקע ווערטער האָט מענ געקאָנט ארויסזענ, אז עסטער איז אויכ נית שטאַרק צופרידנ געווענ פונ יאָסעלעס אוועקפאָרנ; עפּעס איז איר דאָס האַרצ נית גרינג געווענ. אימ האָבנ די עטלעכע ווערטער, אפּאָנעמ, גוט דערלאַנגט; ער האָט זיכ נאָכ מער צעהיצט אונ געזאָגט:

— דו גלייבסט מיר, עסטער, צו יענעם שארלאטאן, צו זאלמען־הערשן? זאלמען־הערש איז פון טאָמיד אַן געווען א שייגעץ, און איזעס־פּאָנעם. עס איז נישט געווען דער טאָג, מע זאָל אים נישט קאטעווען פאר זיינע מיִעסע טוּועס... וואָס גלייבסטו מיר צו אים? האָב קיין מוירע נישט, איך וועל מיינע טאטן נישט פארגעסן קיינמאָל. איך וועל זיין דאָרט, און מיין נעשאָמע וועט זיין דאָ, בא מיינע ליבע און געטריַיע. איך וועל שיקן אָפטע בריוולעך, איך וועל דיר שרייבן, עסטער, אלע וואָך. וועסט מיר ענטפערן?

עסטער האָט געפילט, אז עס ברענט איר דאָס פּאָנעם, און האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן. שפּעטער, אז זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, האָבן זיי זיך ביידע גאנץ גוט פארשטאַנען, שוין פארשפּאָרט איבעריקע רייד. זיי האָבן נישט באדארפט פרעגן איינס באם אַנדערן קיין האסקאָמע. קיין ראָמאַנען האָבן זיי ביידע נישט געלייענט. זיי האָבן נישט געוווּסט, וויאַזוי מע איז זיך גויהעג אין אזעלכע איניאָנים, און האָבן דאָס נישט באדארפט וויסן: די נאטור ווייסט ניט פון קיין ראָמאַנען. יאָסעלע מיט עסטערן זענען פון קינדערוויַיז אָן געווען אייניינעם, און עס וואָלט זיי ביידן א גרוים כידעש געווען, ווען זיי זאָלן זיך באדארפן צעשיידן אָפּ טאָמיד, אָפּ אייביק. ביז אהער האָבן זיי דעם דאָזיקן געדאנק געטראָגן בא זיך אין הארצן פארבאָרגן; אציַנד, אז עס האָט זיך געמאכט, אז זיי האָבן זיך אויסגערעדט, נישט מיטן מויל, נאָר מיט די אויגן, מיטן קוק, איז דאָס שוין פאר זיי ביידע קיין סאָד נישט געווען. נאָר רעדן וועגן דעם איז פונדעסטוועגן געווען אַן איבעריקע זאך, און טאקע נישט אזוי גרינג אויך. נישקאָשע, עס איז געווען צווישן זיי ווי אָפּגערעדט: כאָסן־קאלע, וואָס איז דאָ פאראן וואָס צו שמועסן? זיי זענען נאָך ביידע יונגע קינדער. יאָסעלע וועט פריִער ארויספאָרן אָפּ דער וועלט; נאָכדעם וועט ער קומען, וועט ער... וועט זי... עס וועט שוין זיין רעכט!

— נו, דערווייַל, לאָמיר זיך, עסטער, געזעגענען, — האָט יאָסעלע א זאָג געטאָן, אויסציִענדיק עסטערן זיין האנט, ווי א מענטש, וואָס קומט אָן פון א גרויסער שטאָט און ווייסט די דאָרטיקע מינהאָגים. — זיי געזונט, עסטער!

— פאָר געזונטערהייט! — האָט אים עסטער געענטפערט, אויסציִענדיק אים איר האנט דאָס ערשטע מאָל אָפּ איר לעבן. עסטער האָט געפילט, ווי יאָסעלע קוועטשט איר די האנט שטארק, שטארק, און האָט איר האנט בא אים נישט ארויסגענומען. ווער ווייסט ניט

דעמ טאמ פונ אזא מינ האנט קוועטשנ? ווער ווייסט ניט דעמ פשאט פונ אזא מינ שאָלעמ־אליכעמ אָפּנעמענ?.. יאָסעלע מיט עסטערנ זענענ געווענ אפנ זיבעטנ הימל. זיי האָבנ זיך ביידע אפ א מינוט פארגעסנ אונ זענענ געווענ איבערגעגעבנ איינס דעמ אנדערנ מיטנ גאנצנ לעבנ. זייערע אויגנ האָבנ זיך נאָכאמאָל באגעגנט אונ גערעדט צווישנ זיך אפ זייער שפּראך, אפ שטומ־לאָשנ, אפ יענעמ לאָשנ, וואָס איז באקאנט אלע יונגע מענטשנ אינ דער מינוט, ווענ עס הייבט זיך אָנ בא זיי אינ הארצנ זייער ווענסנע־צײַט, די גליקלעכסטע צײַט פונ דער ערשטערווארעמער, עמעסער געטלעכער ליבע...

שטייענדיק אפ דער שוועל, האָט זיך יאָסעלע נאָכאמאָל אומגעקערט מיטנ פּנעמ צו עסטערנ אונ האָט איר געזאָגט נאָכאמאָל „זײַ געזונט". עסטער האָט אימ געענטפערט „פאָר געזונט", אונ יאָסעלע זאָגט ווידעראמאָל „זײַ געזונט" אונ וויל שוינ אָנהייבנ ארויסצוגיינ; פּלוצעמ קומט אָנ זלאטע פונ הינטער זײַנע פּלייצעס אונ מאכט אזוי:

— שא־שא, קוק אימ אָנ! וואָס פאר א „זײַ געזונט" אזוי פרי? האר אויס א קאפּעלע. ביז לייזער באלעגאָלע וועט זיך אמאָל אויסקראצנ קומענ מיט זײַנע דרײַ פּעגירעס, וועסטו זיך נאָך קאָנענ אָפּגעזעגענענ זעקס מאָל. גיי נאָר, יאָסעלע, דאוונ אָפּ אונ קומ צו אונדז אפ אָנבײַסנ. דעמ לעצטנ וואַרמעס באדארפסטו עסנ בא אונדז. דאָס וועט דיר זאָגנ יעדער מענטש מיט יוישער, אז עס באדארפ אזוי צו זײַנ! הערסטו, עסטער? האָט מיר פרומע־בלומע געבראכט אינ קלייט ארײַנ פיש, וואָס זאָל איך דיר זאָגנ?! גיי דערוויַל ארויס אינ קלייט ארײַנ, איך האָב דאָרט געלאָזט דאָס מעשאָרעסל אליינ. די פּידיוינעס זענענ, באָרעב־האשעמ, אזוי גרויס, כאָטש נעמ פארשלים די קראָמ, סאָנע־צ׳ינג, צו אלדי גוטע יאָר! זיצ אויס אזא טאָג אונ פרעגל זיך אפ דער זונ, טאָמער ווייסטו וואָס? גערענק זשע, יאָסעלע, אפ ווארמעס, לעמאנ־האשעמ, אפ ווארמעס! דעמ טאטנ מיט דער מומע וועל איך רופנ אליינ: ס'איז ראָשכוידעש, א האלבער יאָמ־טעוו. זיי מעגנ קומענ.

יענער טאָג, קאָנ מענ זאָגנ, איז געווענ דער בעסטער, דער ליבטיקסטער, דער גליקלעכסטער טאָג אינ עסטערס לעבנ. אפ אלצ איז א צײַט; עס קומט א צײַט אויך אפ דעמ איינציקנ בלימעלע, וואָס וואקסט אינ וואלד ערגעצ אינ א ווינקעלע, פארוואָרפנ, פארשטעלט, עלנט אונ וויסט. עס קומט אפנ עלנטנ בלימעלע די גוטע צײַט. עס קוקט אראָפּ אפ דעמ איינ שטראל פונ דער ליכטיקער

זונ. דאָס אופגעלעבטע, דערפרישטע בלימעלע הייבט אופ דאָס קעפּל
אפ א מינוט, צעלאָזט די בלעטעלעכ, שיינט אינ בליט, קוקט אינ
לויטערנ הימל אריינ אינ גיט אָפּ א ליבלעכנ גרוס דער מילדער
נאַטור, וואָס האָט נישט פארגעסנ אינ איר אויכ, עלנטע, אָרעמע בלומ..

# XVI

## ער פאָרט אוועק אונ פארגעסט דעמ „ווייַגעזונט“

ווי א ליכטיקער שטערנ, וואָס פליט דורכ אפ דעמ טונקעלנ הימל,
טוט א בלישטשע אינ די אויגנ, לאָזט איבער נאָכ זיכ א לאנגנ ליכ-
טיקנ פאס אונ ווערט פארשווונדנ, אזוי איז אויכ געווענ יאָסעלע
סאָלאָוויי אינ דער יידישער מוזיקאלישער, דאָס הייסט, כאזאָנישער
וועלט. אָט איז ער געקומענ אינ א שטאָט אריינ, געמאכט א ראַש
צווישנ די יידנ, זיכ באוויזנ אונ פארכידעשט, פארקישעפט דעמ
אוילעמ מיט זיינ ווונדערלעכנ מעשונע-זיס קאָל, מיט זיינ געטלעכ
דאַוונענ אונ זינגענ, — אונ אָט איז ער פארשווונדנ געוואָרנ, איבער-
לאָזנדיק די שטאָט פארגאפט אונ פארווונדערט, זיי זאָלנ רעדנ פונ
אימ, דערציילנ כידושימ, איינלייגנ נאָכ אימ די וועלט אונ געדענקענ
אימ מיט זיינ דאַוונענ ווייל זיי וועלנ לעבנ. נאָכ איידער ער איז גע-
קומענ צו פאָרנ ערגעץ אינ א שטאָט אריינ, פלעגט שוינ ווערנ, מיט
א וואָכ פריִער, א ראַש: „ער פאָרט! יאָסעלע סאָלאָוויי פאָרט צו
אונדז אפ שאַבעס!“ אונ אז יאָסעלע סאָלאָוויי איז געקומענ, איז
געוואָרנ אינ שטאָט ערד־טרעטעניש — אלע האָבנ געוואָלט הערנ
דעמ מאַזעפּעווקער סאָלאָוויי. צומיינסטנ פלעגט יאָסעלע סאָ-
לאָוויי דאַוונענ אפ בילעטנ, וועלכע דער אויילעמ האָט צעכאפּט נאָכ
פריִער, איידער מע האָט זיכ אומגעקוקט. מער ווי איינ שאַבעס האָט
יאָסעלע סאָלאָוויי נישט פארבראַכט אינ קיינ שטאָט, מע זאָל אימ
אפילע אָפּגילטנ, מאכמעס שטעט איז דאָ א סאַכ אונ מע דאַרפ
זיינ אומעטומ. ערשט נאָכ זיינ אוועקפאָרנ פלעגט אָנהייבנ צו קאָכנ
מיט אימ די שטאָט, איינער האָט איבערגעגעבנ דעמ אנדערנ זיינע
געפילנ מיט גרויס היספּייַלעס: „וואָס זאָגט איר עפּעס אפנ סאָלאָ-
וויי?!.. וואָס זאָגט איר אפ זיינ שטימע?.. האָט איר אימ כאָטש אָנ-
געקוקט רעכט אינ פּאָנעמ אריינ?.. וואָס זאָגט איר אפ זיינע מעשוי-
רערימ?.. נו, מאַזעפּעווקע! נונו, סאָלאָוויטשיקל!!“... עס האָבנ זיכ
געפונענ אזעלכע ליבהאָבער, וואָס זענענ אימ נאָכגעפאָרנ אינ דער
אנדערער שטאָט אריינ, ביכדיי זיי זאָלנ אימ קאָנענ הערנ נאָכאמאָל.

אפ דער גאַס, אז יאָסעלע האָט זיכ באַוויזנ, זענענ אים נאָכגעלאָפנ א גאַנצע כאָפּטע יונגלעכ, ווײַסעכעוורעניקעס, מיט א געשריי: „דער סאָלאָוויי! דער סאָלאָוויי!” אונ ניט נאָר קליינע קינדער, נאָר אויכ ייִדנ מיט בערד האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט א קוק טונ אפנ מאַזעפּעווו־קער סאָלאָוויי. דאַכט זיכ, וואָס איז געווענ צו זענ דאָרטנ? א באָכערל פונ א יאָר זעכצנ־זיבעצנ, מיט רויטע בעקלעכ אונ מיט צוגעגלעטע פּייעלעכ, מיט א לאַנג קאַפּאָטקעלע, ביז דער ערד, אונ מיט א האָזנ קאַפּעליושל — אָט דאָס איז אינגאַנצנ געווענ יאָסעלע סאָלאָוויי; נאָר זײַנ נאָמענ איז געווענ אזוי גרויס, זײַנ קאָל איז געווענ אזוי וווּנדערלעכ, זײַנ דאַווענענ איז געווענ אזוי געטלעכ־זיס, אז זײַנ פּאָנעם האָט אויסגעוויזנ מיט א באַזונדער כיינ, אונ א זכיע איז געווענ ווער עס האָט אים אָנגעקוקט.

ווי פונ יעדנ גרויסנ מענטשנ, האָט מענ זיכ אָנדערציילט פונ יאָסעלע סאָלאָוויי מײַסעס גענוג, אונ עס זענענ געגאַנגענ צווישנ ייִדנ לעגענדנ וועגנ אים אָנ א שיר. לעמאָשל, מע האָט דערציילט, אז ער טראָגט בא זיכ אינ האַלדז אזא מינ אינסטרומענט, א האַרמאָנקעלע אָדער א פּײַפּעלע, מיט וועלכנ ער מאַכט אזעלכע קונצנ; אונ עס קאָנ גאָר אַנדערש ניט זײַנ, דענ אזוי צו זינגענ איז גאָר ניט קיינ מענטשלעכער קויעכ. אַנדערע האָבנ דערציילט, אז ס'איז ניט קיינ האַרמאָנקעלע, ניט קיינ פּײַפּעלע, נאָר אזא האַלדז פונ געבוירנ אָנ. וואָרעמ בעשאַס ער איז נאָכ געווענ א קינד בא דער מאַמע אפ די הענט, האָט ער זיכ איינמאָל אזוי צעזונגענ, אז מע האָט פאַר אים מוירע געהאַט אונ אָפּגעפירט אים צומ רעבנ; דער רעבע האָט אים א קוק געטאָנ אינ האַלדז אַרײַנ אונ האָט אים געבענטשט, ער זאָל אזוי נויסע־כיינ זײַנ בא דער וועלט, ווי ער האָט נויסע־כיינ געווענ בא אים אינ די אויגנ. אויכ האָט מענ דערציילט, אז יאָסעלע עסט נישט קיינ שום זאַכ: קיינ ברויט, קיינ פלייש אונ קיינ פיירעס, אכוץ הייסע מילכ מיט גאָגל־מאָגלס — אונ פונ דעמ לעבט ער; ער טרינקט אויס א שאָק אייער יעדנ טאָג, אונ דערפאַר איז אים דאָס קאָל אזוי ריינ אונ געלײַטערט. „פרומ איז ער, — אזוי האָט מענ געזאָגט אפ אים, — ווי די וועלט, אונ לערנט אויסגעצייכנט”. כאָטש קיינער האָט אים נישט פאַרהערט, נאָר מע האָט געקאָנט אַרויסזענ נאָכ זײַנ פּאָנעם, אז ער באַדאַרפ זײַנ אַנ איידל קינד. „שיינ איז ער — אזוי האָט די וועלט געשמועסט, — אזוי, אז ס'איז אים נישט אינ פּאָנעמ אַרײַנצוקוקנ. פּריצימ, סראָרעס, גראַפנ אונ קניאַזנ פלעגנ זיכ שפּיגלענ אינ זײַנ ליכטיקער צורע”.

די אַלע מיטעס האָבן, געוויינלעך, געטריכט ביז מאַזעפּעווקע און זענען געווען פאַר שמוליקן, פאַר זלאַטען און פאַר עסטערן א גוטער באַלזאַם, א רעפואע צו זייערע יעסורים, וואָס זיי האָבן געהאַט פון אים: עס איז געווען אָפּגערעדט, אַז אַף סוקעס זאָל ער קומען אַהיים זיך אָפּרוען א ביסל און פאָרן ווײַטער; צום סאָף איז אַוועק־געגאַנגען אי סוקעס, אי פּייסעך, אי שווועס — און יאָסעלע איז נישטאָ; עס איז אַוועקגעגאַנגען נאָך א סוקעס — און יאָסעלע איז נישטאָ; עס איז אַוועקגעגאַנגען נאָך א סוקעס — און יאָסעלע איז אַלץ נישטאָ! ער שרײַבט: „אָט קום איך, אָט קום איך“ — און קומט ניט. מע זאָל וויסן ווו אים צו געפינען, וואָלט מען אים געשריבן, זיך דורכגעפאָרן צו אים; אָבער אַז ער פליט אַרום איבער דער וועלט, הײַנט דאָ, מאָרגן דאָרט — גיי זוך אים. א שטיקל גליק, וואָס ער שרײַבט כאָטש בריוולעך. שפּעטער האָט זיך אָבער דאָס גליק אויך אויסגעלאָזט; דאָס ערשטע האַלבע יאָר האָבן זיי געהאַט פון אים גוטע פריילעכע בריוולעך; טכילעס גאַנץ אָפטלעך, און נאָכדעם, וואָס ווײַטער, שוין נישט אַזוי אָפט, ווי פריִער. נאָר דאָך האָבן זיי געהאַט פון אים גוטע יעדיעס, אַז ער פאָרט אַרום איבער דער וועלט, ער מאַכט א ראַש, געפעלט דעם עולעם, מאַכט געלט און פאָרט ווײַטער. שמוליק האָט עטלעכע מאָל מעקאַבל געווען פון יאָסעלען א פּאַקעט מיט גראָבע עטלעכע קערבלעך, און מאַזעפּעווקע איז געגאַנגען מיט דעם כאָראָם. „וואָס זאָגט איר אַף אונדזער שמוליק דעם כאַזן? זײַן יאָסעלע שיקט אים איבער אַהערצו געלט גוזמאָעס! ער וועט ווערן א נאָגיד אַף דער עלטער!“... שפּעטער, אַפן אַנדערן יאָר, האָט יאָסע־לע אופגעהערט ניט נאָר געלט צו שיקן, נאָר אַפילע אַזוי א בריוול פלעגט ער צושיקן איין מאָל אין דרײַ כאָדאָשים, אי דאָס — עטלעכע שורעס: „רישיס קום איך דיר מעלדן, אַז איך בין, באָרעך־האַשעם, אין בעסטן געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פון אײַך צו הערן אָמיין סעלאָ!“... און ווײַטער קימאַט גאָרניט. נאָך שפּעטער האָבן זיך די דאָזיקע בריוולעך אויך אויסגעלאָזט, און יאָסעלע איז פאַרפאַלן גע־וואָרן, פאַרפאַלן, ווי אין וואַסער אַרײַן. ניטאָ יאָסעלע! שמוליק דער כאַזן נעבעך איז אַראָפּגעפאַלן מיטאַמאָל פונעם הימל אַף דער ערד. ער האָט געקלאָגט אַף זײַן טײַערן זון, זײַן אויג אין קאָפּ, זײַן שטיצע אַף די עלטערע יאָרן — פאַרוויסט און פאַרפינצטערט איז ער גע־וואָרן! ער איז אַרומגעגאַנגען אָן א קאָפּ, גאָר נישט וויסנדיק, וואָס מע טוט אַצינד און וואָס הייבט מען אָן צו טון? גענוג וואָס דער אומגליק איז אַזוי גרויס, איז דער ביזאָיען נאָך גרעסער. שמוליק

האָט זיכ ניט איינ מאָל אויסגערעדט זײַנ ביטער האַרצ פאַר זײַנ גוטנ־פרײַנט, זלאַטע די צעלניקערנ, זיכ געהאַלטנ מיט איר אנ אייצע, „וואָס טוט מענ אונ וואָס הייבט מענ אָנ צו טונ?” נאָר וואָס פאַר אנ אייצע האָט אימ געקאָנט געבנ זלאַטע, א ייִדענע אונ אנ אַלמאָנע דערצו? זי האָט, ווי געוויינלעכ, אינגאַנצנ ארופגעוואָרפנ די שולד אַפ אימ, געזויפט אימ, ווי אַלעמאָל, זאָגנדיק, אַז ווענ זי זאָל זײַנ א טאַטע, וואָלט זי זיכ אַנדערש באַגײַענ געווענ מיט איר קינד, אונ ווענ זעלדע, אַלע־האַשאָלעמ, זאָל אַצינד לעבנ, וואָלט אַלצדינג געווענ גאָר אַנדערש!.. די אַלע שמועסנ צווישנ שמוליקנ מיט זלאַטענ זענענ פאַרגעקומענ פאַר עסטערנ, אונ עס האָט זי נעבעכ גוט געקרענקט, נישט קאָנענדיק אַרויסזאָגנ פאַר קיינעמ אירע פאַרבאָרגענע יעסורימ מיט איר האַרצווייטיק.

שוואַרצע וואָלקנס האָבנ זיכ אָנגערוקט אַפ עסטערס לויטערנ הימל, אונ די וועלט, וואָס איז איר אַפ א מינוט געווענ ליכטיק אונ ליב, איז איר ווידער געוואָרנ פאַרכוישעכט אונ פאַרוויסט, נאָכ ערגער ווי פריִער. פריִער איז זיכ עסטער געווענ אינ איר ספערע, צווישנ אירי־קע, ווי דאָס קליינע באַשעפענישל אינ דעמ אייעלע, גאָר נישט וויסנדיק, וואָס אַפ יענער זײַט טוט זיכ. עסטער וואָלט זיכ געוויס געקריגנ איר גלײַכנ, איר עמעצנ זיווג, זי וואָלט כאַסענע געהאַט אינ א מאַזלדיקער שאָ; צי זי וואָלט געלעבט גליקלעכ, צי עפשער ביט אַזוי גליקלעכ, נאָר קיינ טײַנעס וואָלט זי נישט געהאַט צו קיינעמ, אַזוי ווי אַלע אַנדערע מאַזעפעווקער מיידלעכ. אַצינד אָבער, אַז איר האַרצ האָט פאַרזוכט יענעמ הייליקנ געפיל, אַצינד, אַז זי האָט זיכ אַפ א מינוט געדערעכנט אַזוי גליקלעכ מיט איר יאָסעלענ, מיט איר כאָסנ, וואָס קיינער האָט באַ איר נישט געוווּסט אונ אַפ וועלכנ זי האָט אַרויסגעקוקט אַזאַ צײַט, — אַצינד באַדאַרפ זי זיכ אָפגעזעגענענ מיט דעמ געדאַנק אונ נאָכ באַגראָבנ זיכ, באַהאַלטנ זיכ, טראָגנ די צאָרעס אײַנווייניק! עסטער האָט באַ זיכ לאַנג נישט געקאָנט פועלנ, אַז יאָסעלע זאָל אַזעלכעס טונ — אַוועקוואַרפנ, פאַרגעסנ דעמ זײַ־געזונט, פאַרגעסנ אַפ אייביק! סטײַטש, סטײַטש! ער זאָל אַזעלכעס טונ? ווו זענענ זײַנע רייד? ווו איז זײַנ געטרײַשאַפט צומ טאַטנ? ווו זענענ אַלע זײַנע שווּעס אונ צוזאָגעכצנ? „אַז יאָסעלע קאָנ אַזעלכעס טונ, — אַזוי האָט עסטער געזאָגט צו זיכ אַליינ, — איז שוינ עק וועלט!” נאָר דאָס, וואָס עסטער האָט געליטנ אַצינד, איז נאָכ געווענ גאָלד אַקעגנ דעמ, וואָס ס'איז איר פירגעשטאַנענ ווײַטער אינ איר לעבנ..

XVII

# יאָסעלע סאָלאָוויי איז מאריש-אוילעמ אונ ווערט א בעווערעמאנ

צווייערליי מינים נא-ווענאד איז פאראנענ אפ דער וועלט: איינעם טראָגנ די צאָרעס זײַנע, רײַסנ אימ אָפּ פונ דער היימ, פונ זײַנע ליבע, פארוואָגלענ אימ, אונ איינעמ איז דאָס נא־ווענאד זײַנס אנגענעמ, אונ מאכמעס גרויס פארגעניגנ פארדרייט עס אונ פארשיקערט אימ דעמ קאָפּ, אונ ער ווערט געפלעפט. אָט אזא מינ נא-ווענאד איז געווענ אונדזער יאָסעלע. ארומפאָרנדיק פונ איינ שטאָט אינ דער אנדערער, האָט ער אליינ נישט געוווּסט, ווו ער איז אינ דער וועלט. יאָסעלע האָט נישט באדארפט טראָגנ אפנ קאָפּ קיינ שומ דײַגעס, וועהינ צו פאָרנ אונ וויאזוי צו פאָרנ. דאָס איז שוינ געווענ ניט זײַנ זאכ; דערופ איז געווענ א געדאליע באס, וואָס האָט אימ שוינ אליינ פארזאָרגט מיט אלצדינג, ווי אנ אייגענער טאטע. געדאליע באס האָט נאָר געטראָגנ דעמ נאָמענ „באס" פונ אמאָל; נאָר זינט ער האָט אָנגעהויבנ ארויספאָרנ אפ דער וועלט מיט יאָסעלע סאָלאָוויי, האָט ער דעמ ב א ס פארבויגנ אינ א זײַט אונ האָט זיכ גענומענ צו אנדערע מעלאָכעס: פאָרנ פונ איינ שטאָט אינ דער אנדערער — „באַשטעלנ שאבאָסימ". בעשאס יאָסעלע סאָלאָוויי האָט אינ א שטאָט ערגעצ געדאווענט שאבעס, איז שוינ געדאליע באס געווענ אינ דער אנדערער שטאָט, זיכ געדונגענ דאָרטנ מיט די גאבאָימ ביזנ ביינ ארײַנ, באשטעלט פאר יאָסעלענ א שאבעס, אָפּגענומענ די עטלעכע קערבלעכ פרײַער, אונ אז יאָסעלע איז אָנגעקומענ, איז געדאליע אוועקגעפאָרנ אינ דער דריטער שטאָט באשטעלנ א שאבעס, אונ אזוי ווײַטער אונ ווײַטער. געדאליע איז געווענ [א] געניטער אינ דעמ איניענ. יאָסעלע האָט זיכ, נישקאָשע, געמעגט פארלאָזנ אפ אימ מיט אלצדינג; ער האָט שוינ אליינ געפירט דאָס גאנצע רעדל, געדונגענ מעשוירערימ, געפירט די הויצאָע, אליינ זיכ גערעכנט אומעטומ — אלצ אליינ. יאָסעלעס אייסעק איז געווענ נאָר קומענ, אָפּדאווענענ א שאבעס אונ פאָרנ ווײַטער. בא געדאליענ איז יאָסעלע געווענ פארעכנט, ווי אנ אייגנ קינד. ער האָט אימ אָפּגעהיט, ווי דאָס שווארצאפל פונעמ אויג. עס איז יאָסעלענ געווענ בא אימ, אָנ אײַנהאָרע, גאנצ גוט, — אזוי האָט יאָסעלע די ערשטע צײַט אליינ געשריבנ צו זײַנע ליבע אונ געטרײַע. די גוטסקײַט זײַנע האָט אָבער

יאָסעלע דעמלט אליינ נישט פארשטאנענ. די כעוורע מעשוירערימ, בא=
דארפ מענ ווייסנ, זענענ א גוטע כעוורע. צומיינסטנ איז דאָס לעבע=
דיקע, פריילעכע יונגענ, נאָרוואָס באפרײַטע פונעמ ענגנ פינצטערנ
צימער אונ פונעמ ביטערנ רעבנס קאנטשיק אָדער פונעמ באלעבאָס'
רעשוס. ארויספאָרנדיק אַפ דער גרויסער פרײַער וועלט, זענענ די דאָ=
זיקע כעוורעלײַט, ווי די ווילדע לאָשעקלעכ; זיי ווייסנ ניט, וואָס זיי
זאָלנ טונ פריִער. דאָס זענענ צומיינסטנ אזעלכע יינגלעכ, וואָס זענענ
ביז אהער זשעדנע געווענ א שטיקל ברויט, געווענ טאלמוד־טוירעני־
קעס, שנײַדער־יינגלעכ אָדער מעשאָרסימלעכ. ווער זיי זאָלנ ניט זײַנ,
ציט מענ זיכ באלד צונויפ אלע אינײנעמ, אונ עס ווערט באַ זיי יאד=
אכאס, איינ דייגע, איינ שיסל, אונ א לעבנ ווי אינ גאַניידנ. פונ ייִדיש-
קײַט, געוויינלעכ, ווערט מענ פּאָטער, מע טוט, וואָס דאָס הארצ
גלוסט. קומענדיק אינ א שטאָט, נעמט מענ זיכ באלד צומ עסנ; דאָס
עסנ איז באַ זיי טײַערער פונ אלצ אַפ דער וועלט: ווי הונגעריקע
וועלפ, ווי הײשעריקנ, באפאלט מענ דעמ באלעבאָס פונ דער אכסא=
ניע אונ מע גיט אימ צו לייזנ געלט. אינ א פרײַער צײַט גייט מענ
ארומ איבער דער שטאָט, מע רייכערט ציגארנ, מע שטיפט אונ מע
ארבעט — האקלאל, עס איז כײַ־געלעבט!

בעשאַס יאָסעלע איז געווענ באַ מ י צ י נ אינ טעטערעווע, האָט ער
נאָכ פאָרט געהאט אַפ זיכ אנ אָל אונ איז געווענ פארנומענ מיטנ
זינגענ; דערצו האָבנ אימ אונטערגעהאלטנ די בריוולעכ פונעמ טאטנ,
וואָס פלעגט אימ אָפטלעכ דערמאנענ, אז מע באדארפ זײַנ א ייִד,
נישט פארגעסנ, כאס-וועשאָלעמ, לייגנ טפילנ אלע טאָג, אָפּהיטנ
אלע דינימ, נישט אינ זינענ האָבנ קיינ נארישקײַטנ אונ געדענקענ,
אז ער איז ניט גלײַכ צו אלע אנדערע מעשוירערימ, אז ער איז א
טאטנס א קינד... די דאָזיקע בריוולעכ, וואָס יאָסעלע פלעגט מעקאבל
זײַנ פונ זײַנ טאטנ, זענענ פאר אימ געווענ דער בעסטער מוסער. אונ
ער האָט געפאָלגט דעמ טאטנ, אָפּגעהיט ייִדישקײַט, אונ מיט דער
כעוורע זינגערס געהאט וויניציק-וואָס מאגע־אומאסע, דענ ער האָט
דערופ קיינ צײַט נישט געהאט: דעמלט, ווענ ער איז געווענ פרײַ פונ
זינגענ, האָט ער אַפ זיכ געהאט אנדערע ארבעט — וויגנ מ י צ י כ ע נ
דאָס קינד, טראָגנ איר דעמ קאָשעק פונעמ מארק, שײַערנ דאָס מעש,
אוכעדוימע; יאָסעלע האָט דאָס אָבער אלצדינג אָנגענומענ פאר ליב,
אבי זינגענ באַ מ י צ י נ. שפּעטער אָבער, אז יאָסעלע דאָס זינגערל איז
געוואָרנ „י אָ ס ע ל ע ס אָ ל אָ וו יי", א מענטש פאר זיכ, אונ איז ארײַנ
צווישנ אנ אנדער כעוורע, א קאָמפּאניע פונ לעבעדיקע פריילעכע

יונגע, דורכגעטריבענע, פארשלעפּטע קרענק, יונגען, וואָס זענען אויסגעווען א וועלט און ווייסן, וואָס באדײַט לעבן, האָט זיך יאָסעלעס טעווע איבערגעביטן. לעבאַטכילע, אז ער האָט געזען זייערע טנועס, האָט ער דאָס נ״שט געקאָנט סויוול זײַן און האָט זיך די ערשטע צײַט געקלאָגט פאר גערדאליע באס. גערדאליע האָט אים אויסגעהערט און געענטפערט מיט א שמייכעלע: „ביסט נאָך גאָר א קינד, יאָסעלע. מע באדארף קענען די כעוורע! זיי זענען פונעם לעבעדיקן לאנד״... שפּעטער האָט יאָסעלע באמערקט, אז גערדאליע אליין היפּערט אמאָל אויך באַם דאווענען, פארפעלט א מינכע און דעסגלײַכן. „א מינכע איז ניט קיין ציג, זי גייט נישט אין שאָדן״, — פלעגט גערדאליע זאָגן מיט א ווערטל, באמערקנדיק, אז יאָסעלע כידעשט זיך דערויף. אויך דאָס האָט יאָסעלען שטארק געווונדערט און א ביסל פארדראָסן אויך, וואָס אזא פײַנער מענטש, אזא לײַטישער ייִד, א ייִד מיט א טאלעס־קאָטן, ווי גערדאליע באס איז, זאָל זיך פארגינען אוועקזעצן שפּילן מיט דער כעוורע מעשוירערים אין „אָקע״ אף א גאנצער נאכט, אויסהערן זייערע ווערטלעך און צוזען אלע זייערע מיעסע גענג. וואָס ווײַטער האָט זיך אָבער יאָסעלע אײַנגעוווינט מיט דער כעוורע, געוואָרן מיט זיי כאווער און נאָכגעטאָן זיי אלע זייערע כעפּציעס. ער האָט אָנגעהויבן, ווי זיי, גאנץ אָפּטולעך פארבייגן דאָס דאווענען און כאפּן גלײַך מיט זיי א קערטל, שפּילן אין אָקע, נאשן קאָנפּעקטן און אמאָל מאכן בעקאָמפּאניע א קוויסע אויך. דאָס קאָפּאָטקעלע האָט ער אונטערגעשניטן, די פּייעס פארקירצט און פארשאָרט ארונטער די אויערן, די האָר געשמירט מיט פּאָמאַדע, זיך שטענדיק געפּוצט און איז געוואָרן צולעצט א גאנצער שטשאָגאָל. אף געלט איז יאָסעלע סאָלאָוויי נישט געווען אזא געטרײַער באלעבאָס; ארום אים האָבן זיך פּאָזשיוועט אלע מעשוירערים, נאָר מער פון אלע האָט אָפּגעלעקט א ביינדל גערדאליע באס. געפירט האָט זיך יאָסעלע, ווי א גרויסער, כאָטש ער איז מער ניט אלט געווען ווי זיבעצן יאָר. יאָסעלען איז זייער געפעלן געווען, וואָס קומענדיק אין א שטאָט ארײַן, איז מען אים נאָכגעלאָפן, געטײַטן אף אים מיט די פינגער, זיך געכידעשט אף זײַן שיינקײַט, ארויסזאָגנדיק דאָס אים אין די אויגן, און צומיינסטנס מיידלעך און ווײַבלעך. יאָסעלע סאָלאָוויי האָט געהאט א שעם צווישן זיי פאר א „פארשוין״, און ער האָט זיך געמעגט באריימען נאָכדעם, אז מע פלעגט אים נאָכלויפן, קושן די טריט זײַנע און ווארפן זיך אים אפן האלדז. א שיין פּענעמל איז אמאָל א ווילדער כיסאָרן. עס קאָן זייער זײַן, אז ווען ניט דאָס, עס

הייסט, ווענ יאָסעלע סאָלאָוויי זאָל ניט געווענ זײַנ קיינ שיינ יינגל, וואָלט ער עפּשער נישט אַזוי גיכ קאַליע געוואָרנ. זײַנ שיינ פּענעמל, קאָנ מענ זאָגנ, האָט אימ אַוועקגעקוילעט. אַ סאַכ גלײַכער אונ גע-זינטער וואָלט געווענ פאַר אימ, פאַר זײַנ טאַטנ אונ פאַר אַלעמענ, ער זאָל ניט געווענ זײַנ אַזאַ פאַרשויינ אונ מע זאָל ניט געווענ טײַטנ אַפ אימ מיט די פינגער אונ מע זאָל אימ נישט געווענ פאַרדרייענ דעמ קאָפּ מיט נאַרישע יינגלשע זאַכנ... צוליב דעמ האָט יאָסעלע פאַרלאָרנ זײַנ טמימעס, זײַנ ערלעכקײַט, זײַנ געטרײַשאַפט צו דער היימ מיט אַלע זײַנע פריִעריקע גוטע פּאָסטעמקעס, אונ ער האָט מיט דער צײַט אָנגעוואָרנ דעמ גאַנצנ גלאַנצ, דעמ ברענ, דעמ קאָוועד, דעמ כיינ בײַ גאָט אונ בײַ לײַט.

אַ כאַזנ איז ניט קיינ אַקטיאָר. דער ייִד האָט אַוואַדע ליב, מע זאָל אימ זינגענ, באַווײַזנ בעריעשאַפט, מאַכנ קונצנ באַמ אָמער אוכ-דוימע; דער כאַזנ טאָר אָבער ניט פאַרגעסנ דאָס אויכ. אַז ער הייסט „שליח-ציבור" 1, דאָס הייסט, אַ געשיקטער פונ קאָהאָל, אַ מיליצ-יושער, אַ דעפּוטאַט, אונ דעריבער פאָדערט פונ אימ דער עוילעמ, ער זאָל זײַנ אַ מענטש פונ גוטע מידעס, אַ לײַטישער ייִד, ניט קיינ העפקער-יונג, וואָרעמ אַ בעסמעדרעש איז ניט גלײַכ צו טעאַטער. דעמלט, אַז יאָסעלע סאָלאָוויי האָט זיכ געפירט ייִדישלעכ, ערלעכ אונ פרומ, ווי עס געהער צו זײַנ, האָט זײַנ דאַווענענ באַמ אָמעד געהאַט גאָר אַנ אַנדער מעסיקעס, אונ ער אַליינ האָט געהאַט בײַ יעדנ דעמ זיבעטנ כיינ. שפּעטער אָבער, אַז ער האָט זיכ אָנגעהויבנ פירנ אַנ-דערש, האָט ער אָנגעהויבנ ביסלעכווײַז נימעס צו ווערנ דעמ עוי-לעמ, פּאָסל אונ מיעס: „אַ שיינער באַלטפילע, — האָט מענ אַפ אימ געזאָגט, — אַז ער שפּילט גאָר אינ קאָרטנ, עסט קאָלבאַסנ אונ שפּאַ-צירט אַרומ מיט מיידלעכ; אַ לײַטישער באַלטפילע!"... אַזוי ווי בײַ אַלע מענטשנ אַפ דער וועלט, פירט זיכ אויכ בײַ ייִדנ: קאָלזמאַנ מע האַלט פונ איינעמ, איז מענ נישט קאַרג אַפ קיינ שוואַכימ, מע פאַר-געטערט אימ אונ מע שרײַט ווענג אימ אַפ אַלע גאַסנ; ווײַבאַלד אָבער ער ווערט נימעס דעמ עוילעמ, אַזוי הייבט מענ אָנ צו זוכנ אַפ אימ כעסרוינעס. מע לייגט אַרופ אַפ אימ די באָד אונ מע ווערט פּלוצעמ געוואָר ווענג אימ אַזעלכע זאַכנ, וואָס די האָר שטעלנ זיכ קאַפּויר. דאָס איינציקע איז געווענ מיט יאָסעלע סאָלאָוויי: אַז ער איז געווענ גוט — איז ער געווענ גוט אָנ אַ שיר אונ אָנ אַנ עק; קוימ

1 שאָליעכ-ציבור,

אָבער האָט מען אים אריינגענומען אין מויל אריין, האָט מען באלד אָנגעהויבן דערציילן וועגן אים זייער מיִעסע מייַסעס. דער האָט דערציילט, אז ער האָט אליין געזען מיט זייַנע אויגן, ווי יאָסעלע סאָלאָוויי איז ארומגעגאנגען אפ דער סטאנציע אָן א היטל, געזונגען סאָלדאטסקע לידלעך, געפירט א „פארליבעניש" ערגעץ האָרטן... און דער אנדערער האָט דערציילט, אז מע זאָגט, אז יאָסעלע האָט אום יאָמקיפּער געגעסן א כאזערל, פריש געפרעגלט אין פוטער. א דריטער האָט דערציילט, אז ער האָט געהערט, אז מע האָט יאָסעלען ארויסגעפירט ערגעץ אין א שטאָט פונעם אָמעד עפּעס פאר זייער א מיִעסע מייַסע... האקלאל, יאָסעלע סאָלאָוויי האָט זיך צולעצט פארדינט אזא נאָמען, אז ער וואָלט טאקע געמוזט אָפּטרעטן פונעם אָמעד און פארלאָזן דאָס באזאָנעס, נישט קוקנדיק אפ געדאליע באס, וואָס האָט אים געוואָלט איינרעדן, ער זאָל זיך נישט צוהערן צו די רייד, וואָס מע רעדט אפ אים. „לאָזן אונדזערע יידעלעך רעדן צעזעצטערהייט, אבי געלט!" — האָט געדאליע באס געזאָגט.

דאָס נאָכגעבן, וואָס געדאליע באס האָט אזוי נאָכגעגעבן יאָסעלען, איז געווען נישט אומזיסט. יאָסעלע סאָלאָוויי איז פאר אים געווען א גוטע ארענדע, פונוואנען ער האָט זיך געצויגן זייַן „כיונע", געהאט דורך אים פארנאָסע בעקאָוועד. כוץ דעם האָט געדאליע געהאט א קוק זייער א ווייַטן; דער קוק איז געווען — א שידעך. געדאליע האָט געהאט א טאָכטער, אפילע ניט אזא פארשוין, נאָר זייער א קלוגע מיידל, און אונטערדערוואקסענע, שוין רעכט אין די יאָרן, אריבער צוואנציק, דאָס הייסט, קימאט דרייַסיק יאָר אלט. „נישטאָ קיין גליק!" — האָט זיך געדאליע אָפטלעך געקלאָגט פאר די מעשוירערים און יאָסעלען אויך בעסויכאָם. — „נישטאָ קיין מאזל און ענוג! אזא געראָטן מיידל, ווי בא מיר איז, און ס'איז שווער צו געפינען דאָס גלייַכן אירס; וואָרעם אבי וועמען וויל זי נישט, און דאָס, וואָס זי וויל, איז נישט צו געפינען, ווי געוויינלעך, הייַנטיקע מיידלעך"... אָט אזוי פלעגט געדאליע באס אָפט אונטערשמועסן פארשטעלט, ווי זייַן שטייגער איז געווען, טאָמיד רעדן האלבע ווערטער, אפן ווונק, יעדער זאָל זיך אָנשטויסן. מע האָט באדארפט זייַן שוין גאָר א גראָבער נאָר, מע זאָל זיך נישט אָנשטויסן, וואָס געדאליע האָט געמיינט, רעדנדיק פאר יאָסעלען מיקויעך זייַן טאָכטער. ער האָט דאָס גאנץ גוט פארשטאנען און האָט זיך געמאכט נישט ווייסנדיק. יאָסעלע איז שוין געווינט געוואָרן צו אזעלכע זאכן. אין איטלעכער שטאָט, וווהין ער איז אָנגעקומען און האָט אָפּגעדאוונט א שאבעס,

האָבנ נאָכדעמ די שאַדכאָנימ אימ אָפּגעשלאָגנ די טירנ; מע האָט אימ געערדט שידוכימ איינעמ גרעסער פונעמ אַנדערנ, מיט צענ טויזנט, פופצנ טויזנט, צוואַנציק טויזנט... עס האָבנ זיך געפונענ צווישנ נגידימ אַ סאַך באַלאַנימ, וואָס האָבנ געוואָלט שוינ באַצאָלנ, אַבי צו באַקומענ יאָסעלע סאָלאָווײ פאַר אַנ איידעמ, אויבפּראַט נאָך אינ יענער צײַט, ווענ יאָסעלע האָט נאָך ניט אָנגעוואָרנ דעמ גלאַנצ און האָט זיך געפירט יידישלעך. געווײנלעך, האָט מענ זיך געוווּנדערט ניט צו אימ גלײַך, נאָר צו גדאַליע באַס, ווי צו אַנ עלטערנ מענטשנ. גדאַליע פונ זײַנ זײַט, רעדנדיק האַלבע ווערטער, אָפּנ ווונק, האָט געזענ מיט אַלע מעגלעכקײַטנ אָפּצושלאָגנ, צערײַבנ, אוועקמאַכנ מיט דער האַנט, דענ עס האָט אימ זייער נישט געפּאַסט אַקעגנ יענעמ קוק, וואָס ער האָט אַליינ געהאַט אָפּ יאָסעלענ. עס איז אָבער גע-קומענ די צײַט, ווענ גדאַליע האָט אַרויסגעזענ, אַז זײַנ קוק איז קיינ קוק נישט, פּוסטע כאַלוימעס, וואָס מע דאַרפּ זיי אַרויסשלאָגנ פונ קאָפּ און פאַרגעסנ, נישט לעבנ מיט קיינ נאַרישע מאַכשאָוועס. יאָסע-לע האָט אימ בעפּירעש געזאָגט, אַז ער האָט אפילע נישט אינ זינענ אַ כאָסנ צו ווערנ. ער וויל שוינ פאָרנ אַהיימ, זײַנ באַשערטע וועט ער זיך געפינענ דאָרטנ, צווישנ זײַניקע. גדאַליע האָט אַרויסגעזענ, אַז די שפּיל איז פאַרנ טײַוול... דערצו האָט זיך אונטערגעוואָרפנ אַ זײַטיקער איניענ, וואָס האָט גדאַליענ פרײטשמעליעט דעמ קאָפּ, גע-פלעפט דעמ מויעכ און פאַרבלענדט די אויגנ מיט היפשע עטלעכע קערבלעך, אָפּ וועלכע גדאַליע איז טאָמיד געווענ אַ גרויסער באַלנ. ומעשה שהיה כך היה[1]:

# XVIII

# פערעלע די דאַמע האַלט בא אוועקפאָרנ פונ דער שטאָט סטרישטש, נאָר צוליב יאָסעלענ בלײַבט זי איבער

צווישנ יאַמפּעלע און צווישנ מאַקאַרעווקע, פונקט אָפּ דער מיט ווענ, געפינט זיך דאָס געוויסע שטעטל סטרישטש, וואָס איז באַקאַנט אינ דער וועלט מיט אירע מעיוכאָסימ, אייניקלעך, מעקאַבלימ און גלאַט אַזוי שיינע-יידנ, אָרעמעלײַט, וואָס פאָרנ אַרומ אָפּ דער וועלט, איט-לעכער מיט אַ יִכעס-בריוול, אַז קעפּי ער איז דעמ זיידנס אַנ אייניקל, קומט אימ דעריבער אַ שיינע נעדאָווע... פונ וואָס די יידנ לעבנ

[1] אומײַסע שעהאָיאָ קאַך האָיאָ — און די מײַסע איז אַזוי געווענ.

דאָרטנ — איז שווער צו זאָגנ; אז מע טוט א כאַפּ א סטרישטשער
באַלעבאָס אונ מע פרעגט אים, ווי־אזוי אונ פונוואַנענ דער ייִד
שלאָגט זיכ דאָרטנ דורכ, ענטפערט ער: „אָט אזוי, ווי איר זעט”...
אונ מיינט, אז דערמיט איז ער שוינ יוצא לעכאָל־האַדייעס. זייער
הויפּט־מיסכער איז דאָרטנ מעקלערײַ; דער פרעמדער, אז ער קומט
אהינ צו פאָרנ, ווערט ער גיוול־וועניש־טוימעט, זעענדיק פאַר זיכ
אזא מאכנע פונ מעקלערס: מעקלערס פונ טווּע, מעקלערס פונ געלט
פאַרלײַענ, מעקלערס פונ הײַזער, מעקלערס פונ דינסטנ, מעקלערס פונ
כאַזאָנים — קימאַט אַלע סטרישטשער באַלעבאַטים זענענ מעקלערס.
עב געפינענ זיכ דאָרט א גוזמע באַטלאָנים אונ כעוורעס אַלערליי: א
„כעוורע מישנײַעס”, א „כעוורע טילימ”, א „כעוורע שוימרים־לאַבוי־
קער” אונ נאָכ אונ נאָכ כעוורעס אָנ א שיר, אויכ געפינענ זיכ דאָרט
עטלעכע באָטע־מעדראָשים, אכוצ קלײַזלעכ אונ מיניאָנים, א באָד אַנ
אייגענע, אונ צוויי בייסאַלמענס, איינער אַנ אַלטער אונ איינער א
נײַער, אונ ס׳איז א סוואָרע, אז מע שמועסט שוינ מיקוייעכ פאַרנעמענ
אָרט אפּ א דריטנ בעסוילעם... בענידים איז נאַראַנ דאָרט געציילטע;
מע רופט זיי „די סטרישטשער אקציזניקעס”. אפּאָנעם,
עס איז זיי פאַרבליבנ דער דאָזיקער נאָמענ נאָכ פונעם אָטקופּ, פונעם
אקציז. די דאָזיקע ברידער, די אקציזניקעס, לאָזנ זיכ הערנ אפּ דער
וועלט נישט אזוי מיט זייער צדאָקע, ווי מיט זייער גרויס אשירעס:
„זיי זענענ רײַכ מאָמענ־קוירעכ, — אזוי זאָגט מענ איב סטרישטש,—
מע לעבט ווי די סראָרעס, נאָר יענעמ גיט מענ ניט א גראָשנ אפילע.
גאָט באָרוכ־הו טיילט איבנ איינעמ גאָר אונ דעמ אנדערנ גאָרנישט”...
פונדעסטוועגנ, אז איינער פונ די ברידער איז געשטאָרבנ, זענענ יע־
נעמ טאָג געווענ צוגעמאכט די קלייטנ, אונ די גאַנצע שטאָט האָט
באַוויינט רעב מוישע־וואָלפּ דעמ אקציזניק, ווי עס געהער צו זײַנ,
אז עס שטאַרבט דער נאָגיד פונ שטאָט. געשטאָרבנ איז רעב מוישע־
וואָלפּ אָנ קינדער אונ האָט זײַנ גאַנצ פאַרמעגנ איבערגעלאָזט זײַנע
יינגערע צוויי ברידער, מייער־הערש אונ פייסעכ־לייב, אונ אויכ א
היפּשע סומע געלט האָט ער אָפּגעשריבנ זײַנ דריט ווײַב, א יונגע
אַלמאָנע, וואָס ער האָט נאָרוואָס געבראכט פונ באַרדיטשעוו, א פאָר
יאָר פאַרנ טויט. אכוצ דעמ האָט זיכ אָט די יונגע אַלמאָנע נאָכ פאַרנ
מאַנס לעבנ אראָפּגעשאַרט היפּשע עטלעכע גראָשנס — אזוי זאָגט
מענ — אונ האָט געוואָלט ארויספירנ פונ סטרישטש, ווי מע האָט גע־
שמועסט, א צוויי הונדערט טויזנט קערבלעכ, אוועקפאָרנ צוריק קיינ
באַרדיטשעוו אונ ערשט דאָרט קריגנ איר זיווענ, דאָס הייסט, א

מאנ א יונגנ, נישט קיינ זאַקנ, ווי מוישע־וואָלפ איז געווענ. האָט זיכ אָבער פונקט אינ יענער צײַט אונטערגעכאַפּט יאָסעלע סאָלאָוויי, אונ מוישע־וואָלפס ווײַבל, די יונגע אלמאָנע, פ ע ר ע ל ע ד י ד א מ ע, איז געבליבנ לעסאַמע א האַרטיקע.

„פערעלע די דאמע" האָט מענ זי אינ סטרישטש גערופנ דערפאַר, ווײַל זי איז געווענ האַרטנ קימאַט די איינציקע, וואָס איז געגאַנגענ אָנגעטאָנ ווי א פּריצע, ארויסגעפּאָרנ אינ א קארעטע, געהאַט בא זיכ אינ שטוב א הונט אונ געשפּילט „אפנ פּאַרטאָפּיאַנ". נאָכ בעשאַס מוישע־וואָלפ איז געזעסנ שיווע, האָט מענ שוינ אינ סטרישטש גע־שמועסט, אז אצינד וועט ער כאַסענע האָבנ פּאַר א יונגער, וואָס זאָל זײַנ פונ הײַנטיקער וועלט, וואָרעמ פאַרוואָס ניט? געלט האָט ער — מעג ער זיכ פאַרגינענ אלצדינג... אונ דאָס שטעטל האָט מאַקע גע־טראָפנ: מוישע־וואָלפ, איבערוואַרטנדיק שלוישימ, איז זיכ אוועקגע־פאָרנ ערגעצ, פאַרשטײַט זיכ, קיינ באַרדיטשעוו, אונ האָט אינגיכנ געבראַכט צו פירנ מיט זיכ א „דאמע"... וואָרעמ זײַנט סטרישטש איז א שטאָט, געדענקט מענ נאָכ ניט, אז א יידענע זאָל האָדעווענ א הונט אונ זאָל שפּילנ אפנ פּאַרטאָפּיאַנ. געוויינלעכ, האָט מענ, דאָס ערשטע מאָל דערהערנדיק זי שפּילנ, באַלאַגערט די גאַס, ווו מוישע־וואָלפ איז געזעסנ: „א יידענע א קלעזמערטע גאָר!" אונ עס האָבנ אָנגעהויבנ צו פליִענ ווערטלעכ אפ אלע זײַטנ וועגנ דעמ הונט מיטנ פּאַרטאָפּ־יאַנ. „די דאמע", אָדער „פערעלע די דאמע" אזוי איז פאַרבליבנ איר נאָמענ שוינ אפ טאָמיד. א סאַכ מענטשנ האָבנ זיכ געשאַרפט די ציינ, געניייט זיכ א בײַטעלע: „סטײַטש, אזא דאמע! עס וועט איר דענ אָנשטיינ צו דינגענ זיכ? א נעדאָווע — שמועסט מענ ניט; די לײַט האַלטנ פונ דעמ!"... מע האָט אָבער גיכ דערזענ, אז מע האָט זיכ אָפּגענאַרט פונ אויבנ ביז אראָפּ: פערעלע די דאמע, וואָס איז אויס־געוואַקסנ אינ אזא מיסכער־שטאָט, ווי באַרדיטשעוו, האָט זיכ געקאָנט דינגענ שענער פונ אלע סטרישטשער ווײַבער די מאַכליארקעס, אונ א נעדאָווע געבנ האָט זי נאָכ ערגער פײַנט געהאַט ווי איר מאַנ.

„אוואדע באַדאַרפ מענ קאָנענ צימבלענ אפנ טופּטשאַנ, — האָבנ איר די סטרישטשער ווײַבער געזאָגט מיט א שטאָכ, — אוואדע באַדאַרפ מענ נאָכ זײַנ א צעדאַמטע, אז מע זאָל אזוי קאָנענ יענעמ אויסקאָכנ דאָס וואַסער"... אָדער „פערעלע, זאָלט איר געזונט זײַנ! שענקט אונדז א ברויט; לאָז זיכ אײַכ דאַכטנ, עלעהיי איר גיט דאָס אוועק אײַער הונט"...

נאָכ בעשאַס יאָסעלע איז געווענ אינ מאַקאַרעווקע, האָט מענ אימ

אײנגעלאדנ קײנ סטרישטש אפ א שאבעס; יאָסעלע האָט זיכ אפילע געקנײטשט, זײער נישט געוואָלט פאָרנ אינ אזא העק, א שטעטל פונ כאמע קאפּצאָנים. אויסער דעמ האָט ער גערעכנט פונ מאקארעווקע זיכ אריבערכאפּנ קײנ כאשפּערעוו, אונ פונ דאָרטנ אראָפּכאפּנ זיכ אהײמ קײנ מאזעפּעווקע. עס איז אימ שוינ, קאָנ מענ זאָגנ, נײמעס געוואָרנ דאָס ארומפאָרנ, נא־וועגנאד זײַנ, אָפּגעריסנ פונ דער הײמ. ער האָט זיכ שוינ אפילע געגרײט אָנשרײַבנ אהײמ עטלעכע ווערטער (שוינ אזא צײַט קײנ בריוול נישט געשיקט!) — איז ארײַנגעקומענ געחאליע, יימאב-שמוי, מיט זײַנע גוטע רײד אונ האָט אימ איבערגע-רעדט, אז ס׳איז פיל גלײַכער צו מאכנ דעמ מארשרוט פריִער קײנ סטרישטש אפ „שאבעס־כאזאָנ", פונ דאָרטנ קײנ פליאסקעדריגעווקע, אונ ערשט פונ דאָרטנ גלײַכ קײנ מאזעפּעווקע, אזוי אז מע קאָנ אויס-מײַדנ קאשפּערעוו, פארבײַגײנ דאָס אינ א זײַט. „וואָרעמ וועדליק קאש-פערעוו איז זײער א לײַטיש אָרט אפ כאזאָנים, מעג דאָס פריִער דרײַ מאָל פארסארפּעט ווערנ, צו־נ־אלדי שווארצע יאָר!" — אזוי האָט גע-דאליע געייצעט, אונ אזוי איז דאָס געבליבנ, אָנ טײַנעס.

אָנקומענדיק קײנ סטרישטש אפ שאבעס, האָט יאָסעלע סאָלאָ-וויי מיט דער קאָמפּאניע זײַנער אנידערגעלײגט א דאווענענ, אזוי אז דאָס גאנצע שטעטל איז געגאנגענ כאָדאָראָמ, אונ מע האָט באלעגערט די אכסאניע, ווו יאָסעלע איז געשטאנענ, אָנצוקוקנ כאָטש פונ דער ווײַטנס דעמ מאזעפּעווקער סאָלאָוויי. צווישנ די אלע נײַגיריקע צו זענ יאָסעלענ איז געווענ אויכ רעב מוישע־וואָלפס יונגע אלמאָנע, פע-רעלע די דאמע, וואָס האָט אימ געהערט דאווענענ אונ איז געקומענ פונ שול אהײמ א צעקאָכטע, א צעשרויפטע, גאָר א געפּלעפּטע. „איכ וואָלט אימ א באלנטע געווענ אָנקוקנ אינ פּאָנעמ", — האָט פערעלע די דאמע געזאָגט צו אירע נאָענטע לײַט. זי האָט זיכ שאבעס באטאָג אָנגעטאָנ אינ אירע זײַדענע מאלבושימ אונ באהאנגענ זיכ מיט איר מײַערער צירונג, מיט די פּערל, דימענטנ אונ בריליאנטנ, אונ איז ארויס-געגאנגענ מיט איר פּאָקאָיאָווע שפּאצירנ איבער דער שטאָט, אונ פונקט פארבײַ דער אכסאניע, ווו עס זענענ געשטאנענ יאָסעלע מיט זײַנע לײַט. זומער־לעב, די פענצטער פונ דער אכסאניע זענענ אָפנ; אָנגעשפּארט אפ בײדע הענט, שטײט יאָסעלע סאָלאָוויי באמ אָפע-נעמ פענצטער אונ באטראכט די שטאָט סטרישטש מיט אירע לײַט. אפנ קאָפּ טראָגט ער א יארמעלקעלע מיט גאָלד געשטעפּט אונ מיט א זילבערנעמ קוטעס; די לאנגע, רוסיאווע האָר פארשארט ארונטער אונ צעוואָרפנ איבער די אקסלענ; דאָס פּאָנעמ איז אימ לויטער־ווײַס;

די קאַרע אויגנ גרויסע, גלאַנצנדיקע, קוקנ אַרויס שמייכלענדיק פונ די געדיכטע ברעמענ. אַרומ אימ שטייענ די כעוורע מעשוירערימ, אונ מע שפּעט אונ מע לאַכט אויס די שטאָט סטרישטש מיט אירע לײַט.

— וואָס זאָגסטו אָפּ דעמ דאָזיקנ „טרישטש"? — שמועסנ די כעוורעלײַט צווישנ זיכ. — דאָס שטעטל איז פאַרבליבנ פונעמ אַלטנ איפּעש.

— ווער איז אָט א יענע ווײַבל, באַהאַנגענ מיט בריליאַנטנ פונ קאָפּ ביז די פיס? — פרעגט יאָסעלע, באַטראַכטנדיק פּערעלע די דאַמע אונ באַגעגענענדיק זיכ מיט אירע שיינע אויגנ. פּערעלע איז נישט קיינ מיעס ווײַבל, א דיקע, נאָכ גאָר א יונגע, ווײַס, ווי א געראָ-טענע בולקע, מיט א ווײַסנ, פעטנ גוידער, באַהאַנגענ מיט גרויסע פּערל, מיט א סאַכ בריליאַנטענע פינגערלעכ, מיט בראַסלעטנ, קייטע-לעכ, פּליטערלעכ אָנ א שיר, אָנגעטאָנ זייער רײַכ, אײַנגעטונקענ אינ זײַד אונ אינ סאַמעט נאָכ דער לעצטער באַרדיטשעווער מאָדע, אונ טרעט אַרויס ווי א פּאַווע. דורכגייענדיק עטלעכע מאָל פאַרבײַ דער אַכסאַניע, כאַפּט זי א קוק אָפּ יאָסעלענ, אונ קומענדיק אַהיימ, דער-ציילט פּערעלע, ווי עס ציט איר דאָס האַרצ אונ עס גייט איר אויס דאָס כײַעס. נאָכ בעשאַס מוישע-וואָלפּ האָט געלעבט, האָט זי ניט איינ מאָל געקלערט בא זיכ אינ האַרצ, אַז זי וועט בלײַבנ אַנ אַלמאָ-נע, וועט זי נעמענ א באָכער אָדער אַזוי א יונגנמאַנ, וואָס זאָל זײַנ א שיינער, א בלאָנדינ... אונ אַנ אַלמאָנע וועט זי דאָכ מוזנ אַמאָל בלײַבנ, דענ מוישע-וואָלפ איז געווענ אַלט אונ קראַנק. גענומענ האָט ער זי, געוויינלעכ, נאָר פאַר איר שיינקײַט אַליינ. ער האָט זי גאָר גליקלעכ געמאַכט; א קסובע האָט ער איר געשריבנ אָפּ מייע עלעפ קערבלעכ אונ צוגעזאָגט איבער הונדערט אונ צוואַנציק יאָר זי באַפרידיקנ, נישט פאַרגעסנ זי בעשאַס דער צאַוואָע... פּערעלע איז געווענ נאָכ זייער א יונג מיידל דעמאָלט. נאָר זי האָט ליב געהאַט זיכ שיינ אָנטונ, ווי אַלע באַרדיטשעווער מיידלעכ, געהאַלטנ פונ דער מאָדע, טאָמיד אַרויסגעקוקט אָפּ א רײַכנ כאָסנ. געוויינלעכ, איז איר מוישע-וואָלפּ נישט געווענ צומ האַרצנ, נאָר די „מייע עלעפ" מיט זײַנ קאַרעטע, מיט זײַנ שיינ מעבל, מיט אַלעמ מיטאַנאַנדער האָבנ איר אַזוי פאַר-דרייט דעמ קאָפּ, אַז ס'איז בא איר גיכ געוואָרנ רעכט אַלצדינג. נאָר איינ זאַכ האָט זי נישט געקאָנט איבערטראָגנ, — דאָס, וואָס די שטאָט הייסט „סטרישטש"; „נא דיר גאָר ס ט ר י ש ט ש! א שיינער נאָמענ! פּע, כאַלאָשעס!.." אַזוי האָט זיכ פּערעלע געקלערט. אונ עס האָט זי גוט געקרענקט. מוישע-וואָלפּ האָט איר אָבער א טויווע גע-

טאָג — ער האָט טויקעפ נאָכ דער כאַסענע אָנגעהויבנ צו קרענקענ, אונ האָט אַזוי אָוועקגעקרענקט אַ פּאָר יאָר, ביז ער איז געשטאָרבנ, אונ פערעלע די דאַמע איז אופגעבונדנ געוואָרנ. פונדעסטוועגנ האָט זי זיכ באַגאַנגענ, ווי אַנ ערלעכ ווײַבל, אַ יִדישע טאָכטער, דערהײַנע: זי איז אָפּגעזעסנ שיווע, איבערגעוואַרט שלוישים, ווי עס געהער צו זײַנ. אונ ערשט נאָכדעמ זיכ גענומענ מיט איר שטוב-מיידל, לייצי די פּאָקאָיאָווע, זיכ צונויפּלייגנ די מאַלבושימ, זיכ קלײַבנ אינ וועג אַרײַנ. געוויינלעכ, האָבנ זיכ צו איר געלאָזט שאַדכאָנימ פונ דער וועלט, אָנשלאָגנדיק איר גרויסע שידוכימ; פערעלע די דאַמע האָט אָבער נישט געוואָלט הערנ אונ זענ, זי ווייל ניט קענענ דאָס וויסטע סטרישטש, זי וואָלט שוינ גערנ גיכער פונדאַנענ פּאָטער ווערנ. זי האָט שוינ אַפילע אָוועקגעשריבנ אַהיימ צו איר טאַטע-מאַמע, אַז נאָכ שאַבעס, אימירצע-האַשעמ, פאָרט זי אַהיימ קיינ באַרדיטשעוו. צומ סאָפ האָט זיכ אויסגעלאָזט, אַז זי איז פאָרט געבליבנ אינ סטרישטש. אונ איבער וועמענ? איבער יאָסעלע סאָלאָוויי!

— וואָס זאָגסטו אָפּ דעמ יאָסעלענ? — מאַכט פערעלע די דאַמע צו לייצי דער פּאָקאָיאָווע, שפּאַצירנדיק פאַרבײַ דער אַכסאַניע מיט איר אונ וואַרפנדיק אַהינצו אַ קוק.

— וואָס זאָל איכ זאָגנ? — ענטפערט לייצי די פּאָקאָיאָווע. — ער איז אַוואַדע שיינ, אַזוי ווי דער מאָרגנשטערנ איז שיינ, פּונקט אַזוי ווי יענער ס אַ ל אָ מ אָ נ, וואָס שטייט באַשריבנ אינעמ ראָמאַנ: הויכ געוואַקסנ, שיינ געבויט אונ מיט בלאָנדע האָר...

לייצי די פּאָקאָיאָווע האָט ליב געהאַט צו לייענענ ביכלעכ, פונ יענע מײַסע-ביכלעכ, וואָס אױפנ ערשטנ בלעטל שטייט אָנגעצייכנט: „אַ העכסט אינטערעסאַנטער ראָמאַנ, נאָכדרוק פאַרבאָטנ". די דאָזיקע מײַסעס פלעגט לייצי די פּאָקאָיאָווע לייענענ הויכ אױפ אַ קאָל פאַר פערעלע דער דאַמע, בעשאַס מוישע-וואָלפ איז געלעגנ אױפנ קראַנקנ-בעט. פערעלע פלעגט זי קלוימערשט אויסלאַכנ מיט אירע מײַסעלעכ אונ טאַקע בעשאַס-מײַסע האָבנ פונ זיי האַנאָע... געבראַכט האָט פערעלע די דאָזיקע פּאָקאָיאָווע מיט זיכ פונ באַרדיטשעוו; איר אַרבעט איז געווענ נאָר אָנטונ די מאַדאַמ, גיינ מיט איר שפּאַצירנ, זײַנ שטענדיק נעבנ דער מאַדאַמ; זי איז געווענ בא איר דער גאַנצער באַל-סאָד אונ האָט גלײַכ מיט דער מאַדאַמ אַרויסגעקוקט בא זיכ אינ האַרצנ, אַז דער באַלעבאָס זאָל זיכ שוינ גיכער אָפּטראָגנ, כאָטש אַרויסרעדנ דאָס אָפּנטלעכ האָבנ זיי זיכ ביידע געשעמט. מע האָט זיכ גוט פאַרשטאַנענ איינס דאָס אַנדערע אָנ ווערטער אונ מע האָט גוט

געוואָלט דערלעבנ שוינ פאָרנ אהיימ... לייצי, כאָטש זי איז געווענ א מיעסע מויד אונ א געשטופלטע, פונדעסטוועגנ האָט זי זיכ געהאט איר כאָסנ אינ באַרדיטשעוו, געהייסנ האָט ער לייווי-מאָטל אונ איז געווענ „בא א טוטינ-געשעפט", דאָס הייסט, ער איז געווענ א פאפיראָסניק. בא אנדערע האָט לייווי-מאָטל געמעגט הייסנ, וואָס ער וויל זיכ, ער האָט זיכ געמעגט זײַנ אנ אלטער פרישטשעוואַטער באָכער מיט געלע האָר, — נאָר בא איר אינ די אויגנ האָט ער אויסגעזענ, ווי „אנ ענגל, הויכ געוואקסנ, שיינ געבויט", אונ דערפאַר האָט זי זיכ מיט אימ „געליבט", פונקט אזוי ווי עס שטייט באשריבנ אינ יענע „ראָמאנסנ", וואָס זי לייענט. לייצי האָט ליב געהאט איר כאָסנ. זי איז אימ געווענ עמעס געטרײַ, לעצט איבערגעגעבנ. ווו זי האָט נאָר ערגעץ געהאט א קערבל, האָט זי דאָס איבערגעשיקט צו לייווי-מאָטלענ; דאָס גאנצע דאָברע-מאזל איז בא איר אריינ צו אימ; זי האָט זיכ נישט פאַרגונענ מאכנ קיינ איבעריק קלייד, קיינ בורנעסל, קיינ שטיוועלע: „מע באדאַרפ דאָס אוועקשיקנ לייווי-מאָטלענ, ער קער אוואדע באדאַרפנ האָבנ געלט!" דערפאַר האָט איר לייווי-מאָטל געשיקט גוטע בריוולעכ אלע וואָכ, אונ איינ בריוול מיטנ אנדערנ זענענ געווענ ווי א צווילינג, גלײַכ ווי איינ מאַמע האָט זיי געהאט.

„אונ איכ גריס דיר", — פלעגט איר לייווי-מאָטל שרײַבנ אלע וואָכ, — „אונ איכ דאַנק דיר ליבע קאלע פאַר דער מאַטאָנע אונ איכ האָב זיכ געמאכט נײַע שטיוול מיט גאַליאָשנ אונ איכ ביט דיכ שרײַב מיר וואָס מאכסטו אינ דײַנ געזונט אונ צי דײַנ באַלעבאָס לעבט נאָכ אונ איכ בינ דאנקענ גאָט געזונט אונ קיינ ארבעט מאכט זיכ ניט גילזים קאָסט היינט וואָלוול אונ קיינ געלט פאַרדינט זיכ ניט אונ שיק מיר מײַנ ליבע קאלע אפ א נײַעמ גאַרניטער אונ יענער גאַרניטער איז שוינ אלט געוואָרנ אונ שרײַב מיר וואָס מאכסטו אינ דײַנ געזונט אונ צי דײַנ באַלעבאָס לעבט נאָכ"... די דאָזיקע בריוולעכ זענענ געווענ בא לייצינ טײַערער ווי דאָס שוואַרצאַפל פונעמ אויג. זי האָט געלעבט מיט דעמ כיעס, אז לייווי-מאָטל טוט זיכ אָנ ווילטיק פאַר איר געלט אונ גייט אינ איר „גאַרניטער" מיט אירע „שטיוול מיט גאַליאָשנ".

— נאַר, נאַר! — פלעגט איר פערעלע די דאַמע זאָגנ. — נארישע מויד! ער וועט דיר מיסטאָמע שטעלנ א גילדענע מאציייווע, דער כאָסנ דײַנער! ווי מיינסטו?

לייצי די פּאָקאָיאָווע האָט דערויפ נישט געהאט וואָס צו ענטפערנ; זי האָט זיכ געוווּסט אירס: זי האָט געציילט די מינוט, די רעגע, זי

זאָל שוין דערלעבן קומען אהיים קיין באַרדיטשעוו און שטעלן כופּע מיט לייווי־מאָטלען. „ווייס איך וואָס זי זאָגט דאָרטן, די מאַדאַם, וואָס איר קומט אויס! איך זאָל איר קאָנען אַרויסנעמען מיַין האַרץ און באַווייזן, וואָלט זי געוווּסט, וואָזוי צו כויזעק מאַכן פון אַזעלכע זאַכן"...

עס איז אָבער געקומען די צייַט, ווען פּערעלע די דאַמע האָט אַנדערש גערעדט; עס איז געקומען די צייַט, ווען זי איז געוואָר געוואָרן, אַז „ליבע איז ניט קיין מעלק־שעפּל", ווי לייצי זאָגט, אַז מע מאַכט דאָס אַוועק מיט דער האַנט, ווי זי האָט געמיינט פריער. קומענדיק אהיים פונעם שפּאַצירן גיין, האָט זיך פּערעלע אַ וואָרף געטאָן אין אַ פאָטעל אַריַין, האָט צוגערופן לייצי די פּאָקאָיאָווע און האָט איר געהייסן צוליייגן איר האַנט צום קאָפּ.

— דער קאָפּ טוט אייַך, אַפּאַנעט, ווי, מאַדאַם? אַ מאַקע איז מיר אַ גרויסע! — האָט לייצי אַ זאָג געטאָן.

— דער קאָפּ, זאָגסטו? דאָס האַרץ, נאַרעלע, דאָס האַרץ טוט מיר וויי. איך בין אויס מענטש, עס ברענט מיך, עס ציט מיך, איך גיי אויס, זאָגט זי גאָר דאָס!

— וואָס זשע איז אייַך, מאַדאַם? דערציילט מיר אויך, לאָמיך אויך וויסן.

— אוי־ווי־ווי, לייצי, וואָס קאָן איך דיר זאָגן? ס'איז מיר שלעכט, ס'איז אַן עק פון מיַין לעבן! אָט דאָ ברענט מיר אַ פיַיער, אָט דאָ־אָ, אין האַרצן בא מיר! פון דער ערשטער שאָ ען, וואָס איך האָב אים דערהערט זינגען און זינט איך האָב אים דערזען, איז אַן עק פון מיַין לעבן!

פּערעלע די דאַמע האָט זיך אַזש צעוויינט פאַר גרויס האַרצווייטעק. לייצי איז געבליבן שטיין פאַרטיפט אין אירע מאַכשאָוועס, צוקלערנדיק אַ פּלאַן, וואָס טוט מען דאָ? לאַנג נאַראַכטן האָט זי נישט באַדאַרפט, און קיין כאָכמעס האָט זי נישט געוווּסט, האָט זי זיך מעיאַשעוו געווען און האָט אַזוי געזאָגט:

— ווייסט איר וואָס, מאַדאַם? ווען הערט איר? איר זענט הייַנט, דאַנקען גאָט, אַן אופגעבונדענע, און דערצו אַ גווירטע, אַן אייַנהאַרע, כוץ אַניער שאַדן אַפּ מיר געזאָגט געוואָרן. אָט פאָלגט מיך, נעמט האָט פאַר אים כאַסענע.

פּערעלע די דאַמע איז אַזש אונטערגעשפּרונגען פונעם פאָטעל פאַר גרויס היספּעילעס און האָט זיך צעלאַכט מיט טרערן אַפּ די אויגן.

— נאַרישע מויד! וואָס הייסט „נעמט אים"? מע דאַרפ דאָכ אים אויכ פרעגנ צי ניינ?!

— נו, וואָס זשע האָט איר מוירע? ער וועט ניט וועלנ עפּשער? וואָס איז? איר זענט עפּשער א מיעס ווייבל? צי איר זענט כאָלילע געמיינ? אַבי וואָס, איר זענט אנ אלמאָנע? א שיינע קאַפּאָרע! א סאַכ ווייבלעכ וואָלטנ זיכ געוווּנטשנ זײַנ אפ אײַער אָרט, כ'לעבנ! אָדער ס'איז, עפּשער, אנ אוולע, וואָס איר נעמט א באָכער? דאָס וועט, דאַכט זיכ, א מעשוגענער אויכ ניט זאָגנ! וואָס איז? די שיינע וועלט, וואָס איר האָט געהאַט פאַר אײַער מאַנ? אָפּגעוואַלגערט זיכ דריטהאַלבנ יאָר אינ דעמ וויסטנ סטרישטש, טאָמער ווייסט איר וואָס? די גרויסע גליקנ, וואָס מע האָט געהאַט? דאַכט זיכ, אָפּזײַנ מיט א קראַנקנ מאַנ אינ איינ שטוב איז אויכ עפּעס ווערט... קיינער ווייסט ניט, וועמענ דער שוכ קוועטשט, אונ גיי דערצייל איטלעכנ א מײַסע!..

— אַכ, לייצי! נעשאָמע מײַנע! האַרצ מײַנס! — האָט פערעלע די דאַמע געזאָגט אונ האָט זיכ אַרײַנגעוואָרפנ צו לייצינ אינ די הענט אַרײַנ.

אינ א גרויס וואַסער געפינענ זיכ אַלערליי פיש; אינ אזא גרויסער שטאָט, ווי באַרדיטשעוו, איז פאַראַנ אַלערליי מענטשנ. דאָס אָרט, פונוואַנענ פערעלע די דאַמע האָט געשטאַמט, איז געווענ ניט אזא געהויבנ אָרט: איר פאָטער, מייער זײַטשיק, איז געווענ דאָס, וואָס מע רופט בא אונדז א „קוינע-האַקל". אפ אַלצ אינ דער וועלט איז ער אײַנ געווענ א קוינע, אונ קיינ באַזונדער געשעפט האָט ער נישט געהאַט קיינמאָל. האָט זיכ געמאַכט, ערגעצ פאַרקויפט זיכ אנ אַלטער זאַוואָד, א פאַבריק, א שטוב „אפ סנאָס", א פּאָסעסיע, א שלאַק, א צאָרע — איז אהינ מייער זײַטשיק א קוינע; אנ אַלטע קאַרעטע האָט עמעצער אַרויסגעפירט, אַלט מעבל אוכעדוימע — איז מייער זײַטשיק געווענ דער ערשטער באַלנ דערופ, אַבי א קערבל צו פאַרדינענ. בא מייער זײַטשיק האָט איר געקאָנט געפינענ אַלצדינג, וואָס אײַער האַרצ גלוסט: ווילט איר אײַזנ — איז אײַזנ; מעש — איז מעש; פעדערנ — איז פעדערנ. אז מע שמועסט אַלצ — איז אַלצ! קיינ קאַפּיטאַלנ אייגענע האָט ער נישט געהאַט קיינמאָל, זיכ געדרייט שטענדיק מיט פרעמדס; אַמאָל געווענ פונ אויבנ אונ אַמאָל דערונטער, ווי געוויינלעכ, א סויכער. גאָר געפירט האָט ער זיכ מײַסע מענטש, אפנ באַלעבאַטישנ אויפנ: געבאָרגט, געכאַפּט, געגעבנ, גענומענ אונ — געלעבט. די קינדער האָט ער געפירט אפנ ייִדישנ אויפנ אונ האָט אַפּילע נישט אינ זינענ געהאַט זיי צו בילדנ, לערנענ שפּילנ פּיאַנע אונ

נאָכ אזעלכע לערנעכצנ, ווי דער שטייגער איז הייַנט בא יידנ. „צו מייַנע טעכטער, — האָט מייער געזאָגט — באדארפ איכ נאָר האָבנ נאדאנ, צו וואָס טויגנ די כאָכמעס?" עס האָט זיכ אָבער געמאכט „אלפּי סלוטשיי", עס איז ארויסגעפאָרנ א פּאָרעצ, אונ מייער זייַמטשיק האָט אָפּגעהאנדלט בא אימ אנ אלטנ פּאָרטאָפּיאנ, וואָלוול, א מעציִע־יעדווילע. עס האָט זיכ אָבער אפ אימ אזוי גינ קיינ קוינע נישט גע־פינענ, אונ דער פּאָרטאָפּיאנ איז אפ א היפּשע צייַט פארבליבנ שטיינ, איבערגעדעקט מיט א לייַלעכ, ביז מייערנ איז איינמאָל איינגעפאלנ אינ קאָפּ אזא מינ געדאנק: „א פּאָרטאָפּיאנ שטייט; פערעלע וואקסט אונטער; שיינ איז זי אזוי ווי גאָלד; פארוואָס זאָל זי זיכ ניט צולער־נענ ברומקענ? א קאשע הייַנטיקע צייַטנ — עפּשער דורכ דעמ קאָנ זי קומענ צו א פייַנערנ שידעכ? ווי זאָגסטו, מאלקע? האַ?" מייערס ווייַב מאלקע האָט אויכ מאסקימ געווענ דערצו, אונ ס'איז געבליבנ נאָר איינ זאכ: ווו קריגט מענ דערצו א לערער, וואָס זאָל קאָסטנ אינ גלייַכנ געלט?

ביסלעכווייַז, ביסלעכווייַז האָט פערעלע אָנגעהויבנ צו לערנענ זיכ שפּילנ אונ האָט דאפּקע ארויסבאוויזנ גרויס בעריעשאפט צומ פּאָר־טאָפּיאנ, כאָטש צו אנדערע זאכנ האָט זי געהאט אפילע זייער א פלאטשיק קעפּל. איר שפּילנ פּיאנע האָט אָנגעמאכט בא מייערנ אינ שטוב א גאנצ איבערקערעניש: „דאָרט שפּילט מענ פּיאנע!" — האָבנ שכייִנימ געזאָגט. צוליב דעמ האָט שוינ פערעלע פארנומענ אינ שטוב גאָר אנ אנדער אָרט. אינ דער צייַט, ווענ אירע קלענערע שוועסטער זענענ געווענ פארנומענ מיט שטוב־ארבעט, פלעגט פערעלע זיצנ צונויפגעלייגט די הענט אָדער אָנטונ זיכ שאבעסדיק אונ ארויסגיינ שפּאצירנ „אינמיטנ מיטוואָכ שאבעס־צונאכטס". אלע האָבנ איר בא־דארפט אונטערטראָגנ דאָס גרייטע, האָבנ פאר איר דערעכ־ערעצ: „זי שפּילט פּיאנע — א קלייניקייַט?" אפילע מייער מיט מאלקענ האָבנ אפּ איר געלייגט קאָוועד, אונ פערעלע האָט אפּ זיי געקוקט מיט גרויס גאדלעס, גערעכנט זיכ העכער פונ זיי אלעמענ. פאר פרעמדע האָבנ זיכ די „זייַמטשיקעס" (אזוי האָט מענ גערופנ מייערנ מיט מאלקענ אינ שטאָט) שטענדיק באריממט נאָר מיט זייער פערעלעס שפּילנ.

— שפּיל אונדז א ביסל, פערעלע, אפנ פּאָרטאָפּיאנ! — פלעגנ זיי זי בעטנ, בעשאס עס איז געזעסנ א פרעמדער מענטש, אונ בייס־מייַסע אָנקוועלנ, ווערנ ברייטער ווי לענגער: „פערעלע שפּילט פּיאנע!"

שפּעטער אָבער, אז פערעלע איז געוואָרנ א ביסל עלטער, איז זיי איר שפּילנ פּיאנע אויסגעפאלנ באָקאָמ: זי איז דאָכ נישט גלייַכ צו

קיינ אבי-וואַסער א מיידל; זי מוז דאָכ שוינ ארויסגייִנ פֿײַנ אָנגעטאָנ; זי מוז האָבנ א שיינ היטעלע, א זאָנטיקל, הענטשקעלעכ אונ די אַלע איבעריקע שאַלעמייזנ, וואָס א „מאַמזעל" באַדאַרפֿ האָבנ. נו, אינ טעאַטער אַרײַנ מוז זי דאָכ גייִנ; ווי געשיקט זיכ דאָס, אַז א מיידל, וואָס שפּילט פּיאַנע, זאָל ניט גייִנ אינ טעאַטער אַרײַנ? נאָר דאָס איז נאָכ געווענ גאָרניט אקעגנ דעם, וואָס אירע עלטערנ האָבנ זיכ אָנגעליטנ, בעשאַס עס איז געקומענ די צײַט איר א שידעכ רעדנ. דעמלט ערשט זענענ זיי געוואָר געוואָרנ, ווי טײַער לעבערלעכ. דעם כאָסנ, וואָס זיי האָבנ איר געקאָנט געבנ, האָט אָפּ אימ פּערעלע געשפּיגנ קלעק, אונ דעם כאָסנ, וואָס איר האָט זיכ געוואָלט, האָבנ זיי אימ, אוי-וויי, נישט געקאָנט גרייכנ; וואָרעמ די כאַסאַנימ, וואָס פּערעלע האָט געוואָלט, האָבנ געשמועסט מיקויעכ געלט... אָט דעמלט ערשט האָבנ מייער מיט מאַלקענ געווּסט, וואָס פֿאַר א גאָט מיר האָבנ! די טאָכטער האָט זיכ מיט זיי גערעכנט זייער מיִעס, עפּעס נישט ווי א מאַמזעל, וואָס שפּילט פּיאַנע, נאָר ווי א פּאָשעט באַרדיטשעווער מיידל, וואָס קאָנ עפּעס א מויל אקעגנ דעם טאַטנ מיט דער מאַמע. גאָט ווייסט, וואָס זיי וואָלטנ געטאָנ מיט איר, ווענ עס זאָל זיכ ניט געווענ אונטערכאַפּנ דער שידעכ פֿונ סטרישטש, אַזא גליקלעכער, גילדענער שידעכ! מייער האָט אויפֿגעהויבנ ביידע הענט צו גאָט אונ האָט געזאָגט „ברוכ שפּטרני" 1, פֿאַרזאָגנדיק שוינ אָפּ קינדס-קינדער מער קיינ פּאָרטאָפּיאַנ אינ שטוב ניט האַלטנ.

ארויסבאַגלייטנדיק די טאָכטער קיינ סטרישטש אינ אַזא גוטנ אויפֿנ, האָבנ זיכ אירע עלטערנ פֿונ איר נישט פּאָזשעגנעט אפּילע אָפּ א גראָשנ; אונ אויכ פֿונ דאָרטנ, שרײַבנדיק זיי גוטע פּרייִלעכע בריוולעכ, האָט זיי פּערעלע נישט אונטערגעהאַלטנ אפּילע מיט אַזויפֿיל וויפֿל א טרונק וואַסער איז ווערט. זי האָט זיכ אקעגנ אירע אייגענע זייער נישט פֿײַנ אויסגעשטעלט.

אָט אַזא מינ סאָרט „מאַדאַמ" איז געווענ פּערעלע די דאַמע.

---

1 ב אָ ר ו כ  ש ע פּ אָ ט ר א נ י — געמיינט: א דאַנק גאָט, וואָס איכ בינ פּאָטער געוואָרנ.

# XIX

## א נײַער פּאַרשוינ באַווײַזט זיכ — בערל־אײַזיק הייסט ער — אונ יאָסעלע פאָרט אינ א קאַרעטע

דער נאָגיד האָט גליק צו אַלצדינג; לוי־דײַ וואָס ער איז רײַכ אונ קאָנ זיכ אָנטאָנ „קאָל־האַפּאַרגעניגנ" אינ דער וועלט, איז ער טאָמיד צווישנ א מאַכנע מעשאָרסימ, וואָס זענענ גרייט אימ צו באַדינענ אומזיסט, מיינענדיק, טאָמער וועט זיי עפּעס אַרויסקומענ א טויווע דורכ דעמ. די נעגידימ, זעענדיק פאַר זיכ אַזויפיל מעשאָרסימ, מיינענ, אַז עס קומט זיי, מע זאָל זיי באַדינענ אימטלעכער באַזונדער, מיסטאָמע זענענ זיי דאָס ווערט, אונ דערפאַר קוקנ זיי אָפּ דעמ גאַנצנ אוילעמ א ביסל פונ דער הייכ, אַזוי ווי עס באַדאַרפ צו קוקנ א פּאָרעצ אָפּ זײַנע קנעכט. אָט אַזעלכע מינע פּריצימ זענענ בא זיכ געווענ די סטרישטשער נעגידימ, די אַקציזניקעס, ווי מע האָט זיי דאָרט אָנגערופנ. יעדערער פונ די דרײַ ברידער האָט געהאַט אַרומ זיכ זײַנ מיניענ ייִדנ, זײַנע כסידימ, דאָס הייסט זײַנע אומזיסטיקע מעשאָרסימ. אימטלעכער מעשאָרעס האָט זיכ געפּלײַסט זײַנ וואָס נעענטער צו זײַנ נאָגיד. אונ אַז דער נאָגיד האָט עמעצנ באַוויזנ א ביסל מער היסקאָרוועס, פלעגט זיכ יענער שמעלצנ, אײַנבייגנ זיכ אינדרײַענ אונ קריכנ אינ דער ערד אַרײַנ. איינער פונ די געטרײַסטע אונ נאָענטסטע אומזיסטיקע מעשאָרסימ בא מוישע־וואָלפ, זאָל האָבנ א ליכטיקנ גאַנ־עדנ, איז געווענ בערל־אײַזיק. ווער איז געווענ דער דאָזיקער בערל־אײַזיק, אונ וואָס איז ער געווענ — איז שווערלעכ צו זאָגנ אַקוראַט, מאַכמעס קיינ טועכצ עפּעס האָט ער נישט געהאַט גאָרניט; ער האָט זיכ געדרייט אַרומ מוישע־וואָלפנ, זיכ געריבנ דאָרט אונ געהאַט זיכ ווי־עס־איז זײַנ אויסקומעניש. ער האָט זיכ גערעכנט אַפילע מיט מוישע־וואָלפנ שטיקלעכ קרויווימ דאָרטנ, געשוועסטערקינדער; נאָר ער האָט אַרויסגעזענ, אַז מוישע־וואָלפ וויל דאָס נישט ליידנ, האָט ער די קרויוועשאַפט פאַרבויגנ אינ א זײַט — א דײַגע א ביסל, איז נישט קיינ קאָרעוו, אַבי א נאָגיד... א טעווע האָט בערל־אײַזיק געהאַט גײנ פּאַוואָליע, קוקנ אינ א זײַט, רעדנ שטיל, ביינימעסדיק, געציילטע ווערטער, נישט דעקוטשענ יענעמ, ווי אַנדערע האָבנ ליב, אונ טאָמיד אויסוואַקסנ נאָר דעמלט, ווענ מע האָט אימ באַדאַרפט. דערפאַר האָט ער זיכ טאַקע בא מוישע־וואָלפנ אײַנגעקויפט מער פונ אַלע אינ שטוב אַרײַנ. אַז עס פלעגט זיכ מאַכנ, ווענ מע האָט אימ געגעבנ א פּסאָק,

אויסגעזוידלט, פלעגט דאָס בערל־אײַזיק צונעמען, ארײַנלייגן אין קע־שענע ארײַן — און שאַ. „אלע נגידים זענען אזוי", — פלעגט נאָכ־דעם בערל־אײַזיק זאָגן. — „עס קומט די צײַט, ווען זיי באַדאַרפֿן שרײַען, מוז מען זיי לאָזן זיך אויסשרײַען"...

אין דער גאַנצער צײַט, ווען מוישע־וואָלף איז געלעגן קראַנק, איז בערל־אײַזיק נישט ארויסגעקראָכן פֿונעם הויף; ווי א געטרײַער הונט, האָט ער געהיט די שטוב, אכטונג געגעבן, נאָכגעשמעקט און נאָכגעקוקט איטלעכס ברעקעלע שטילערהייט, גייענדיק פּאַמעלעך און אויסקוקנדיק איטלעכס ווינקעלע. ער האָט געהאַט א שטיקל אָנ־זאָג פֿון מוישע־וואָלפֿס צוויי ברידער, אז בעת, כאָלילע, מוישע־וואָלף וועט האַלטן שלעכט, זאָל ער טויקעף־אומיאַד זיי געבן א ידיע, מאַכמעס אַלט און קראַנק איז ער דאָך, און קיין קינדער האָט ער ניט, און פאַרלאָזן זיך אָף איר, אָף דער באַכעריטע, איז ניט קיין פּלאַן... בערל־אײַזיק פאַרשטייט אַן אייסעק, קיין פינגער אין מויל באַדאַרף מען אים נישט לייגן. ער האָט זיך זײַנס, ווי ער האָט געקאָנט, אָפּגעטאָן, אזוי אז בעשאַס מוישע־וואָלף האָט נאָך געהאַלטן בא דער גסיסע, זענען שוין ביידע ברידער געווען אין שטוב. נו, געוויינלעך, האָט בערל־אײַזיק דערצו נישט דערלייגט גאָרנישט. פֿונדעסטוועגן, אז מוישע־וואָלף איז געשטאָרבן, איז זיך בערל־אײַזיק געבליבן בא זײַ־נעם: אז דער גאָגיד איז ניטאָ, איז די בעגידעס א נאָגיד — וואָס פאַרשטייט מען דאָ ניט? די גאַנצע צײַט פֿון שיווע און פֿון שלוישים האָט זיך בערל־אײַזיק שטענדיק געפונען אין הויף, נישט ארויסגע־טראָטן פֿון דאָרטן אָף קיין מינוט, טאָמער וועט מען אים באַדאַרפֿן. פערעלע די דאַמע האָט אים אָבער באַדאַרפֿט אָף קאַפּאָרעס: יעדער סטרישטשער ייִד איז בא איר געווען טרייף, נימעס־אומאָעס. אויך לייצי די פּאָקאָיאָווע האָט אים פֿײַנט געהאַט סינאַס־מאָוועס: „אָט דער יונגערמאַן, — פלעגט זי זאָגן, — מיט זײַנע שטילע ריידעלעך און מיט זײַן קוקן אין א זײַט זיצט מיר אין האַרצן, איך קאָן אים ניט אָנקוקן!" בערל־אײַזיק האָט דאָס גאַנץ גוט געוווּסט, און ער האָט זיך געפּלײַסט, ווי ווײַט מעגלעך, איר צו געפֿעלן, טרעפֿן איר מעשו־גאַס: „ניט הײַנט איז מאָרגן, — האָט ער זיך געטרייסט, — עס וועט קומען א צײַט, — פרידע קאָזא דאָ וואָזא, ווי זאָגט זיך דאָס"... און עס איז געקומען די צײַט.

יענעם שאַבעס פאַרנאַכט, ווען פערעלע די דאַמע האָט אַנטפּלעקט איר האַרץ פאַר איר פּאָקאָיאָווע, האָט זיך לייצי גראָד באַדאַרפֿט באַ־געגענען מיט בערל־אײַזיקן, ווי ער גייט זיך אזוי ארום איבערן הויף

שאבעסדיק, מיט דער פאטשיילע אפנ האלדז, אונטערזינגענדיק שטיל א לידעלע, ווי דער שטייגער איז, אז עס קומט שאבעס פארנאכט.

— ווענ רעכנט איר, הייסט דאָס, פאָרנ? — מאכט בערל־אײַזיק צי לייצינ, פארגאנוועגדיק זיכ צו איר מיט א זײַטיקנ קוק.

— פאָרנ? — ענטפערט לייצי אָנגעברויגעזט ווי טאָמיד — איר יענט שויג פארטיק מיטנ פאָרנ!

— וואָס זשע? נאָכ ניט איבגאנצנ צונויפגעלייגט? — פרעגט ער מיט א זיס שמייכעלע, אונ דאָס גאנצע פּאָנעמ ווערט אימ איג קנייטשנ.

— וואָסער צונויפגעלייגט? — מאכט לייצי מיט קאעס. — עס גייט אימ דערינענ! ס'איז דאָ נייטיקערס דערפונ!.. הערט נאָר אויס, בערל־אײַזיק! איר זענט דאָכ א גוטער בארימער, איכ קענ אײַכ דענ ניט? איכ וועל אײַכ עפּעס פרעגנ א זאכ, איכ וועל אײַכ עפּעס דער־ציילנ. נאָר איר זאָלט מיר פריער שווערנ בא אײַער ווײַב אונ קינדער, אז צווישנ אונדז וועט דאָס בלײַבנ.

בערל־אײַזיקס פּאָנעמ, וואָס האָט ביז אהער געשמייכלט, איז מיטאמאָל געוואָרנ ערנסט. לייצי האָט ביסלעכווײַז, שטיקלעכווײַז אימ אויסדערציילט די גאנצע מײַסע אונ אימ נאָכאמאָל באשוואָרנ, אז קיינ פויגל זאָל דערפונ ניט וויסנ. בערל־אײַזיק האָט אויסגעהערט, א ביסעלע א טראכט געטאָנ, ווארפנדיק מיט די קאָסע אייגעלעכ זײַנע אפ אלע זײַטנ, אונ האָט א זאָג געטאָנ צו לייצינ: „ס'איז רעכט; הײַנט, נאָכ האוודאָלע, איז ער דאָ".

— געדענקט זשע, בערל־אײַזיק, איר האָט מיר געשוואָרנ בא ווײַב אונ קינדער, אז ס'איז א סאָד.

— א סאָד, א סאָד! — האָט איר בערל־אײַזיק א זאָג געטאָנ אונ איז פאוואָלינקע אוועקגעגאנגענ אפ דער אכסאַניע, ווו יאָסעלע סאָ־לאָוויי האָט געהאלטנ סטאנציע מיט דער גאנצער כעווּרע מעשוירערימ.

דער שמועס, וואָס איז דאָרטנ פאָרגעקומענ צווישנ בערל־אײַזיקנ אונ געדאליע באס, איז געווענ טיפ דיפּלאָמאטיש. מע האָט זיכ ביי־ע גוט געהיט איינס פאר דאָס אנדערע, געבויגנ זיכ אפ אלע זײַטנ, ווי צוויי געלערנטע, געניטע גיבוירימ, אזוי לאנג, ביז מע האָט זיכ צו־נויפגעשמועסט, אויסגעגלײַכט אונ ביידע אײַנגעמ צוגעקלערט א רעכטנ פּלאנ, וויאזוי דעמ איניענ דורכצופירנ, ווי געהעריק איז.

לעכאטכילע האָט געדאליע געזענ, אז יאָסעלע זאָל זיכ באקענענ מיט פערעלע דער דאמע אונ זאָל גאָר נישט אָנהייבנ צו וויסנ צוליב וואָס: „גלאט, מאכטייסע, — אזוי האָט אימ געדאליע געזאָגט שא־

בעס-צונאכטס נאָכ האוודאָלע, — ס'איז דאָ א נעגידעס, פערעלע די דאמע רופט מענ זי, זי איז א באלנטע זיכ באקענענ מיט דיר. זי קענ זיכ מיט אלע גרויסע באַזאָנימ פונ דער וועלט אונ האלט זייער פונ זינגענ, שפילט אַלײנ אויכ פיאנע. וואָס קאָנ עס דיכ ארנ, אז דו וועסט זיכ דורכגייענ אהינצו?"... יאָסעלע האָט אימ געפאָלגט. זיי זענענ ביידע, ער אונ געדאליע באָס, ארופגעגאנגענ צו פערעלענ אהיימ אונ דערזענ פאר זיכ א גרויס, ליכטיק הויז, גאנצ רײַכ געמעבלירט, שײנ אויסגעפוצט, מיט סאמעטענע דיוואנעס, ווייכע פאָטעלנ, קרישטאָלענע אונ בראָנזענע הענגלײַכטער, הויכע מוירעדיקע שפיגלענ, וואזאָנעס פארשידענע מיט בילדער אַלערליי אינ גאָלדענע ראמענ. באטראכטנדיק דאָס אלצדינג קימאט דאָס ערשטע מאָל אפ זײַנ לעבנ, האָט זיכ יאָסעלענ דער קאָפ פארדרייט. „ווענ דו זאָלסט זײַנ א מענטש, — האָט אימ געדאליע אײַנגערוימט א סאָד אינ אויער, — קאָנ אָט דאָס אלצדינג זײַנ דײַנס"... יאָסעלע האָט א קוק געטאָנ פארוואונדערט אפ געדאליענ אונ האָט זיכ אָנגעשטויסנ, אז עס האנדלט זיכ דאָ מיקויעכ א שידעכ. אונ יאָסעלע איז אינ דער ערשטער מינוט גרייט געווענ פארקערעווענ דעמ דישל צוריק אונ אנטלויפנ פונדאנענ; ער האָט געמיינט, אז ער וועט אינ דער ערד ארײַנ פאר פאכעד אונ פאר בושע... „אנטלויפ, יאָסעלע פונדאנענ, — האָט ער זיכ געטראכט, — אנטלויפ, קאָלזמאנ די פיס טראָגנ דיכ, אנטלויפ אהיימ, אנטלויפ, ווו דער שווארצער פעפער וואקסט, אבי גיכער!" נאָר עס איז שוינ געווענ צו שפעט: עס איז אימ געקומענ אקעגנ פערעלע די דאמע, א שײנ ווײַבל, אײַנגעטונקענ אינ גאָלד אונ באהאנגענ מיט א סאכ צירונג. באטראכטנדיק די דאָזיקע „דאמע", איז אימ געקומענ אפ די געדאנקענ עסטער, די טײַערע געטרײַע עסטער, מיט וועלכער ער וועט זיכ זענ, אימ-ירצע-האשעמ, גאָר אינגיכנ, אונ פארגלײַכנדיק זי מיט עסטערנ, האָט ער איבערווייניק בא זיכ געלאכט: „וויים איכ? איכ וועל אזעלכעס טונ? איכ וועל נעמענ אונ וועל פארבײַטנ עסטערנ אפ דער דאָזיקער? ס'א מאָשל! א פארגלײַכעניש א ביסל!"... פערעלע די דאמע האָט אימ געגעבנ די האנט, א קליינ ווײַס הענטל אונ א קאלטס, אונ ער האָט דערפילט, אז דאָס קאלטע הענטל בריט אימ, אונ פאר זײַנע אויגנ איז אימ עפעס ווי א טומאנ איבערגעצויגנ געוואָרנ, אינ די אויערנ האָט אימ געקלונגענ, דער קאָפ האָט זיכ אימ ווי געשפאָלטנ, אונ ער האָט זיכ גיכ פארלאָרנ.

קימאט דאָס ערשטע מאָל אפ זײַנ לעבנ איז יאָסעלענ אויסגעקומענ צו הערנ שפילנ פיאנע. הערנ פונדערווײַטנ האָט ער געהערט

ניט איין מאָל; נאָר זיצן בעשאַס ושפּילן אזוי נאָענט נעבן א שיין ווײַבל און קוקן, ווי מיט די קליינע ווײַסע פינגערלעך ציט זי ארויס פון דאָרטן אזעלכע ווייכע קוילעס, אזעלכע שיינע מעלאָדיען — דאָס האָט ער זיך קיינמאָל נישט געקאָנט פאָרשטעלן. עס איז געוואָרן פאַר אים פול די גאַנצע זאַל מיט די דאָזיקע קוילעס, און פערעלע האָט באַקומען אין זײַנע אויגן נאָך מער חן, ווי פריער. עס באַקומט בא אים גיך, ווי אלעמאָל, איינגאַנצן גאָר אן אנדער פּנים: די שטוב ווערט בא אים אויס ווי א פּאַלאַץ, און פערעלע — א פּרינצעסן; ער קומט ארײַן אהער ערפעס מיט כּידושים, מיט ניסים-ווע-ניפלאָעס, און הערט די געטלעכע קוילעס, וואָס שמירן אים דאָס האַרץ, ווי מיט בוימל, וואָס גלעטן אים די נעשאָמע, גיבן אים ארײַן א נײַעם מין כּויעס, און עס ווילט זיך אים מיטהעלפן, עס ווילט זיך אים זינגען גלײַך מיט די קוילעס אינאיינעם. יאָסעלע סאָלאָוויי הייבט אָן צו זינגען, אונטערהאַלטן נאָך טאַקט, צוגיסנדיק זיך אַף זײַן האַלדז, אַף זײַן זעלטענעם קונציקן האַלדז, אין אזעלכע זיסע, צאַרטע געזאַנגען, אז פערעלע די דאַמע הערט אויף צו שפּילן און הערט זיך אײַן אין זײַן זינגען. נאָר יאָסעלע בעט זי, אז זי זאָל אים שפּילן נאָך און נאָך. זי שפּילט, און ער זינגט, פאַנטאַזירט, צעגיסט זיך, פאַרגייט זיך, צעשיט זיך און קנאַקט ווי א סאָלאָוויי...

געדאַליע באַס, וואָס איז געזעסן צעלייגט אין א ווייכן פאָטעל אין דער זײַט, האָט שוין לאַנג נישט געהערט פון יאָסעלען אזא מין זינגען, ווי יענעם שאַבעס-צו-נאַכטס בא פערעלע די דאַמע. געדאַליעס פאַרדאָרבענע נעשאָמע, וואָס האָט געוווּסט נאָר געלט, האָט זיך אויך אין דער זײַט, ווען יאָסעלע האָט זיך דאָ צעזונגען, געפרייט, ממש מעכײַע געווען. פונדעסטוועגן האָט ער זיך באַטראַכט, אז ס'איז א סאַך געזינטער פאַר אים אין אלע אויפאַנים, ער זאָל זיך בעסער אָוועקגיין אַף דער אַכסאַניע, און יאָסעלע לאָז בלײַבן דאָ דערווײַל אליין, אָן אים. לייצי די פּאָקאָיאָווע האָט אים אפילע מיט גרויס גאַדלעס צוגעטראָגן אַף א זילבערנער טאַץ א פײַנע גלאָז טיי, נאָר געדאַליע האָט זיך פון דער טיי אָפּגעזאָגט, האָט א מורקע געטאָן, אז ער באַדאַרף ערגעץ גיין, און האָט זיך פאַוואָלינקע פון דאָרטן ארויסגערוקט.

ערשט ארום האַלבע נאַכט, שוין קלויבנדיק זיך גיין אַהיים, האָט זיך יאָסעלע ארומגעקוקט, אז געדאַליע איז ניטאָ. פערעלע,

יאָסעלע אונ לייזי האָבנ זיכ אלע דרײַ צעלאכט, אונ ס'איז געבליבנ, מע זאָל אופוועקנ דעמ קוטשער, אײַנשפּאנענ די קארעטע אונ אָפּפירנ אימ אהיימ. מע האָט אָבער דעמ קוטשער פארשפּאָרט שוינ וועקנ; ער איז געשטאנענ גרייט מיט דער קארעטע בא דער טיר; אפ דער שוועל איז געזעסנ אונ האָט געדרימלט בערל-אײַזיק. לייזי האָט א קוק געטאָנ אפ זײַנ פארשלאָפנ-וואכנדיק פּאָנעמ אונ האָט צו אימ פרײַנטלעכ א זאָג געטאָנ: „דאָס האָט איר, רעב בערל-אײַזיק, צוגעגרייט די קארעטע? ע, איר זענט דאָכ עפּעס גאָר...!"

— נו, ווי מיינסטו, לייזי, ער איז מײַנער? — האָט פערעלע די דאמע א פרעג געטאָנ בא איר פּאָקאָיאָווע, שטייענדיק שוינ קימאט א נאקעטע אונ א וואָרפ טוענדיק זיכ אינ בעט ארײַנ.

— נאָכ א מינ אײַערער! — האָט איר לייזי דערופ געענטפערט, איבערדעקנדיק די „מאדאמ" מיט א ווייכער אטלעסענער קאָלדרע. — נאָכ א מינ אײַערער! איר האָט דענ נישט ארויסגעזענ נאָכ זײַנע גלאנצנדיקע אויגנ, אז ער איז שוינ אָפּגעכאָפּט?

— לייזי, הארצ מײַנס, נעשאָמע מײַנע! — האָט איר פערעלע געענטפערט, ארומכאפּנדיק די פּאָקאָיאָווע אונ צוקוועטשנדיק זי צומ הארצנ שטארק-שטארק!

אונ יאָסעלע סאָלאָווי, פאָרנדיק פונ פערעלענ צו זיכ אפ דער אכסאניע אונ זיצנדיק צעלייגט אינ דער ווייכער קארעטע, פילט עפּעס א נײַ מינ לעבנ אינ זיכ, אונ פערעלעס געשטאלט שוועבט אימ פאר די אויגנ: ער פארגעסט זיכ, ווו ער איז אינ דער וועלט; ער קלערט גאָר ווײַטער אײנ זאכ: מאָרגנ ווידער קומענ, ווידער זענ פערעלענ אונ ווידער הערנ זי שפּילנ... אויכ אנ אנדער מאכשאָווע פליט אימ דורכ אינ קאָפּ: עס שטעלט זיכ אימ פאָר די „רייש אלאָפימ", וואָס געדאליע האָט אימ פארבײַגייענדיק א זאָג געטאָנ... עס פּיקט זיכ אימ אינ קאָפּ עפּעס א-פּלאנ. עס שטעלט זיכ אימ פאָר, אז ער פאָרט דאָס ארײַנ קיינ מאזעפּעווקע מיט א קארעטע אונ מיט פיר ברענענדיקע פערדלעכ. די שטאָט שטייט, קוקט אונ כידעשט זיכ, דער טאטע לויפט ארויס אקעגנ: „באָרוכ-האבאָ, יאָסעלע!" ער כאפּט ארויס א פּאק אסיגנאציעס אונ מאכט צומ טאטנ: „נא דיר, טאטע, צענ טויזנט... צוואנציק טויזנט... ווארפ אוועק דאָס כאזאָנעס, שוינ צײַט, כלעבנ!"...

אונ עסטער? אינ דער מינוט פארגעסט גאָר יאָסעלע, אז ס'איז דאָ אנ עסטער אפ דער וועלט, וואָס קוקט ארויס אפ אימ אזוי לאנג! אונ ווענ עסטער קומט אימ שוינ יאָ ארופ אפנ זינענ, וויל זיכ גאָר יאָסעלע נישט קיינ פרעג טאָנ: „וואָס איז דאָ קאָשע?"...

# XX

## ער פאלט ארײַנ אינ דער נעצ ארײַנ אונ קוקט זיכ ארומ שוינ א ביסל צו שפּעטלעכ

א סאכ שווערער איז פאר יאָסעלענ געווענ ארײַנצוקומענ דאָס ערשטע מאָל צו פערעלענ אינ שטוב ארײַנ, ווי איידער צו שרײַבנ טנאָימ אונ גײנ מיט איר צו דער כופּע... געדאליע באַם האָט שוינ אליינ געגומענ אפ זיכ אלצדינג, אפגעשמועסט מיט די ראַבאָנימ, כאַזאָנימ, שאַמאָסימ. ער איז אליינ געלאָפנ אומעטום, אליינ באַקומענ, וואָס מע באַדאַרפ, אונ אלצדינג פּאַרטיק געמאַכט צו דער כאַסענע. א ביסל האָט אימ צוגעהאָלפנ, געוויינלעכ, בערל־אײַזיק, זײַנ שוטעפ. א גוט שטיקל ארבעט האָט אפ זיכ געהאט געדאליע; ער האָט באַדאַרפט אויסשטײנ א מילכאָמע מיט פערעלעס צוויי שוואָגערס, די אקציזניקעס: זיי האָבנ זיכ געשטעלט אקעגנ שטאָל־אונ־אײַזנ אונ האָבנ געזאָגט: איינמאָל פאר אלעמאָל, בלויז זאָל זיכ גיסנ אינ די גאַסנ, זיי וועלנ ניט דערלאָזנ באַ זיכ אינ סטרישטש אזעלכע ביזיוינעס. „לאָז זי פאָרנ געזונטערהייט קיינ באַרדיטשעוו, — האָבנ זיי געזאָגט, — אונ דאָרט אופהענגענ זיכ אפ וועמענ איר איז ליב. מיר וועלנ נאָכ ניט דערלאָזנ אזא ביזאָיענ פאר אונדזער געשטאָרבענעמ ברודער, וואָס דער אָרט זײַנער איז נאָכ נישט אפגעקילט געוואָרנ. וואָס הייסט דאָס? וואָס איז דאָס פאר א העפקיירעס געוואָרנ?!”

געדאליע פונ זײַנ זײַט האָט אָבער אויכ נישט געשוויגנ. ער האָט געהאט א קויעכ, מיט האלבע ווערטער, ווי זײַנ שטייגער איז, איבערעדנ א האלבע וועלט מיט מענטשנ. ער האָט זיי באַוויזנ, אז, ערשטנס, איז דאָס פאר זייער ברודער, אָלעוו־האַשאָלעמ, גאָר א קאָווער, נישט קיינ ביזאָיענ כאָלילע, מאַכמעס ווער ווייסט, צו וועמענ די אלמאָנע קאָנ ארײַנפאלנ מיט אזא גוטס הײַנטיקע יאָרנ? יאָסעלע איז פאָרט א טאַטנס א קינד; ער קומט ארויס פונ ראַבאָנימ אונ האָט הײַנט אויכ צוויי ראַבאָנימ מיט דרײַ דאַיאָנימ אינ דער מישפּאָכע. וועהאשיינים, מיינט ער דאָ, כאָלילע, נישט דאָס געלט אירס, מאַכמעס ער איז אליינ אויכ גענוג רײַכ, אָנ אײַנהאָרע, ער האַלט געלט אפ פּראָצענט. א קלייניקײַט, אזא גאָלדשפּינער? אונ א קערבל איז באַ אימ טײַער, ווי דאָס שווארצאפּל פונעמ אויג!.. געדאליע, בישקאָשע, האָט געוווּסט, מיט וואָס מע קאָנ נעמענ א סטרישטשער גוויר. דערצו איז

ער געוואָר געוואָרנ, אַז די אַקציזניקעס האָבנ א טײַנע צו דער אַלמאָ-נע עפּעס מיקויעכ א בעשוטפעסדיקנ קאָנטראַקט אָפּ א פּאָרעצ. האָט זיכ געדאַליע אַרײַנגעלייגט אונ געפּועלט בא איר, זי זאָל זיי דעמ קאָנטראַקט אָוועקגעבנ, כאָפּט זיי דער וואַטנמאַכער! פּערעלע האָט זיכ אַפילע גוט געקנייטשט דערבײַ, נאָר זי איז געווענ אַזוי פאַרקאָכט אי-נעמ שידעכ, אַז זי האָט מיט א שווער האַרצ דעמ קאָנטראַקט אָוועק-געגעבנ, אונ אָפּנ דריטנ טאָג נאָכ די טנאָימ האָט מענ געשטעלט א כופּע, אונ דער אוילעמ איז זיכ צעפאָרנ איטלעכער אינ זײַנ רו אַרײַנ. געדאַליע האָט זיכ צערעכנט מיט זײַנ בעוורע מעשוירערימ אונ איז אָוועקגעפאָרנ אַהיימ מיט א היפּשער „אַפּויטיקע", וואָס וועט אימ קלעקנ אױ אָפּ כאַסענע מאַכנ די טאָכטער אי איבערלאָזנ זיכ אויכ עטלעכע קערבלעכ. אימ איז דאָס אָפּגעראָטנ אינ אַלע אויפאַנימ אַרומ אונ אַרומ. די לעצטע צײַט האָט געדאַליע באַס געהאַט יעסורימ פונ דעמ, וואָס יאָסעלעס שטימע הייבט אָנ צו פאַלשעווענ א ביסל, אונ אָט-אָט וועט ער זי אָנווערנ אינגאַנצנ, ווײַל ס'איז געקומענ די צײַט, וואָס „דאָס קאָל בײַט זיכ", אונ ביז ער וועט באַקומענ די רעכטע שטימע, קאָנ אַוועקגיינ א יאָר אונ צוויי. „אַצינד, — האָט זיכ געדאַ-ליע געקלערט, — מענ ער שוינ באַקומענ א קאָל פונ א בת היענה[1] אונ זינגענ ווי א שלײַענ, וועל איכ מיכ אויכ נישט זעצנ ווייבענ"... נאָר געזעגנט האָט ער זיכ מיט יאָסעלענ ווי מיט אַנ אייגנ קינד, צוגע-ווונטשנ אימ, ער זאָל זיכ „מיט איר" עלטערנ אינ אוישער אונ אינ קאָוועד, אונ שוינ מער נישט באַדאַרפנ אָנקומענ צומ אָמעד ווײַל ער וועט לעבנ.

אונ פּערעלע די דאַמע האָט זיכ אויפגעהאַנגענ יאָסעלענ אָפּנ האַלדז, נישט אָפּצוטרעטנ פונ אימ אָפּ קיינ מינוט. לייזי די פּאָקאָ-יאָווע האָט זינגענדיק אײַנגעלייגט די קלומקעס אינ וועג אַרײַנ. דאָס האַרצ האָט איר געצאַפּלט פאַר סימכע, דערמאָנענדיק זיכ, אַז אינ עטלעכע טעג אַרומ וועט זי זיכ קאָנענ זענ מיט ליוווי-מאָטלענ. בערל-אײַזיק האָט איר צוגעהאָלפנ פּאַקעווענ, געלאָפנ, געטאָנ, געהאָרעוועט, גלײַכ ווי ער געהער זיכ עפּעס הײַנט אָנ מיט פּערעלענ. „אָפּ די נע-גידימ — אַזוי האָט זיכ בערל-אײַזיק געקלערט — ווערט קיינ זאַכ ניט פאַרפאַלנ; איכ זאָג מיר מײַנס: פּרײַדע קאָזאַ דאָ וואָזאַ — צו-לייגנ לייגט מענ צו זיי נישט צו"... בערל-אײַזיק האָט אָבער, אוי-וויי, א גראָבנ טאָעס געהאַט. צומ געזעגענענ זיכ האָט אימ פּערעלע די

1 באס-האיאזנאָ — א שטרויס-פויגל.

דאמע „אפילע אפ דער האנט ניט אנגעשפיגנ!"... ווי א קעצעלע, ווי א נעבעכל, איז זיכ בערל-איציק געשטאנענ, דעמ קאפ אפ א זייט, א ביסעלע צוגעשמייכלט אונ אלצ געהאלפנ, אלצ באדינט איטלעכנ באזונדער אונ צוגעווינטשעוועט שטיל מיט א ראכמאנעס־פאנעמ: „פארט געזונטערהייט! פארט געזונט!"... אונ אינ הארצנ האט אימ געברענט א פייער. אזא קלאווטע 1, אזא געשלייערטע האנזי! — האלדז=אונ=באקנ זאל זי זיכ ברעכנ אפנ גלייכנ וועג, ריבוינע=שעל=אוילעמ!"... — „פארט געזונטערהייט! פארט געזונט!" — האט בערל=איציק געזאגט צומ לעצטנ מאל, אונטערהייבנדיק דאס היטל אונ איינבייגנדיק זיכ אינדרייענ, אונ די מאכשאוועס האבנ אימ אוועקגעטראגנ צומ פעקל אכיגנאציעס, וואס געדאליע האט אימ געגעבנ ביילעק פונעמ שאדכאנעס=געלט אונ וועלכעס האט אימ געווארעמט דעמ בוזעמ אונ געגלעט, ווי עפעס א טייערע־טייערע זאכ... אונ אזוי זענענ אונדזערע דריי פארשוינענ, פערעלע, יאסעלע אונ לייצי די פאקאיאווע, געזעסנ אינ א גרויסנ, ווייכנ טאראנטאס, מיט פיר פערד געשפאנט, אונ מע איז געפארנ פונ כטרישטיש קיינ בארדיטשעוו מיט פרייליכע הערצער. לייצי האט דעמ גאנצנ וועג קלוימערשט געדרימלט, זי זאל ניט זענ, ווי די „מאדאמ" הענגט בא יאסעלענ אפנ האלדז אונ מע לאכט אונ מע קושט זיכ אונ מע האליובעט זיכ, ווי די טייבעלעכ... „קוימ דערלעבט! — האט זיכ לייצי געקלערט אינ הארצנ. — קיינ בינטל גראז אפנ קייווער נאכ נישט אויסגעוואקסנ, די נעשאמע נאכ נישט אויסגעלייטערט אפ יענער וועלט, אונ זי הענגט זיכ שוינ! אונ אפגעזוכט — טאטעניו! ניט געקאנט צוווארטנ א ביסל, ניט אופהענגענ זיכ אפ א כאזנ גאר, בי־כי-בי! מיינ לייזוי־מאטל זאל דא זיינ, וואלט ער עס געקאנט לאכנ א ביסל! די נעגידימ ווייסנ שוינ דענ וואס אויסצוטראכטנ פאר גרויס ראסקאש?.. מאל דיר, מיינ מאדאמ איז אויכ א גוטע שטוקע, נישקאשע, מיט די גוטע רייזעלעכ: נעשאמעני, הארצעניו, ליובעניו— ביז דער קעשענע. איכ לייג צונויפ דאס גרעט אירס, ליבער גאט, כאטש האלב אפ מיר געזאגט געווארנ; האב כאטש א ברעקל סאוועסט, נעמ ארויס א פאר זאקנ, פונ יוניצע וועגנ, צי א העמד, צי א קליידל אנ אלטס, צי וועלכע גוטע יאר, אונ זאג: „נא, לייצי, האב פונ מיר א געדעכעניש... ווער, וואס? אנ אנדערע אפ מיינ ארט וואלט מיסטאמע געווארט אפ קאוועד, יא, נו? זי וואלט איר צעטראסקעט די

1 קעלעווטע.

ביינער, קיין פּאָדעם נישט איבערגעלאָזט. וואָס דען? אַזוי ווי איך בין א דורנא איז גוט? פון־מינעטוועגן לאָז זי זיך אָנצינדן מיט איר גאַנצ פאַרמעגן, מיט אַלע אירע שמאַטעס, און איך — לאָז מיר גאָט העלפן קומען אַהיים בעשאָלעם און קלערן מיקויעך א כופּע שטעלן"...

אַזעלכע ראַיוינעס שוועבן אַרום בא לייצין אין קאָפּ, בעשאַס פערעלע און יאָסעלע קושן זיך, האַלדזן זיך, האָליובען זיך, און די פערד טראָגן דעם טאַראַנטאַס מיט די דריי פּאַרשוינען, דורכלאָזנדיק פּאַרביי פעלדער און וועלדער, דערפער און שטעטלעך. קיינער פון זיי באַמערקט נישט, ווהין די צייט גייט אַוועק. איטלעכער איז זיך פאַרנומען מיט זיינע מאַכשאָוועס, יעדער האָט זיך זיינע האַסאָגעס, זיינע פאַרגעניגן. פערעלע איז נאָך קיינמאָל אין איר לעבן נישט געווען אַזוי גליקלעך, ווי אַצינד, פאָרנדיק מיט איר שיינעם „העלד", איר „ענגל". ער איז אירער, א י ר ע ר! פון דעם איינציקן געדאַנק, אַז אַזא „העלד", וואָס נאָר אין א ראָמאַן טרעפט זיך אַזעלכע צו באַגעגענען, אַז אַזא „ענגל" איז א י ר ע ר, — ווערט איר דער קאָפּ פאַרדרייט, זי ווערט ווי פאַרשיקערט און זים פאַרשלאָפן...

און יאָסעלע סאָלאָוויי?

* * *

יאָסעלע סאָלאָוויי, אַז ער האָט זיך נאָכדעם אַרומגעקוקט, ווו ער איז אין דער וועלט, וואָלט ער געמעגט שווערן, אַז ער געדענקט לאַבלוטן ניט, וואָס מיט אים האָט זיך געטאָן אין יענער צייט. ווען, ווו, ווי אַזוי האָט ער באַסענע געהאַט פאַר פערעלע דער דאַמע, — געדענקט ער נישט. ער געדענקט נאָר, ווי א געדיכטער טומאַן האָט אים אַרומגענומען אַרום און אַרום, ווי עס האָבן אים געשעמערירט פאַר די אויגן גאָלד און דימענטן און בריליאַנטן, ווי אַזוי עס האָבן זיך אַוועקגעצויגן פאַר אים עטלעכע ליכטיקע, פריילעכע, יאָמטעוודיקע טעג, ווי אַזוי מענטשן האָבן אים באַדינט, גלייך ווי ער וואָלט זיין א פּרינץ, א בען-מעלעך, און זי, די באַס־מאַלקע, פערעלע, בא דער זייט. זי טרעט נישט אָפּ פון אים אף קיין מינוט, הענגט איבער אים, האַלדזט אים, קושט אים, האָליובעט אים: „יאָסעלע, יאָסעלע מיין זיס לעבן, נעשאָמע מיינע, מיין העלד, מיין ענגל!" און נאָך אַזעלכע זיסע ווערטער... און עס דרייט זיך אים דער קאָפּ. ער פילט, ווי ער איז אין א טשאַד, ווי פאַרטומלט, פריטשמעליעט. און ער געפינט

זיכ אינ א מינ גאַניידנ־האַטאַכטנ, דאָרטנ, ווו בסאָמים מיט אלערליי
געווירצנ שמעקנ, ווו עס רינט ווײַנ אונ בוימל אונ מאַנדלענ וואַקסנ,
ווו פייגעלעכ זינגענ אונ מענטשנ גייענ ארום פראַנק־אונ־פרײַ. אונ
עס זינגט זיכ אים אזוי געשמאַק אונ אזוי זיס, גאָר אָנ אַנ אופהער.
פערולע שפּילט פּיאַנאָ, אונ ער זינגט, אונ די גאַנצע וועלט איז אים
פול מיט קוילעס, מיט געזאַנגענ. ער וואָלט אייביק־אייביק אזוי
ארומגיינ פראַנק־אונ־פרײַ אינעם דאָזיקנ גאַניידנ אונ וואָלט נאָר גע-
זונגענ אונ געזונגענ... אויכ דאָס פאָרנ זײַנס פונ סטרישטש קיינ באַר-
דיטשעוו, אינעם ווייכנ טאַראַנטאַס, אפ דער וואַרעמער, שמעקנדיקער
לופט, מיט פערעלענ בא דער זײַט, האָט אויסגעוויזנ יאָסעלענ ווי א
זיסער כאָלעם. ער האָט זיכ גאָר נישט געוואָלט אָפּגעבנ קיינ דינ־
וועכעשבנ, וווהינ ער פאָרט אונ צו וואָס ער פאָרט; ער האָט נאָר
געוואָלט, אז דער כאָלעם זאָל געדויערנ לאַנג־לאַנג, אָנ אַנ אופהער,
אָנ א סאָפ. א כאָלעם אָבער דאַ אפ דער וועלט, ווו דאָס לעבנ איז נאָר א
מינוט, א רעגע, קאָנ אייביק ניט געדויערנ; א כאָלעם מוז האָבנ אמאָל
א סאָפ; עס קומט די צײַט, מוז מענ זיכ אופכאַפּנ, עס העלפט ניט
קיינ וועלנ דערצו... אונ אז ער האָט זיכ אופגעכאַפּט, האָט ער זיכ גע-
נומענ ארומקוקנ, ווו ער איז אינ דער וועלט, ווי א שיקער, אז ער
כאַפּט זיכ אופ דעמ אַנדערנ טאָג אַנ אויסגעניכטערטער, אונ האָט
אָנגעהויבנ זיכ ארומצוקוקנ אפ אלע זײַטנ. „ריבוינע־שעל־אוילעם! —
טראַכט ער זיכ. — ווו בינ איכ דאָס?“

ער דערזעט פאַר זיכ א גרויסע שטאָט, נאָר א פינצטערע, א וויס-
טע, א בלאָטיקע. יידנ אינ ווײַבער שיטנ זיכ אופ אונ אָפּ. ער הערט
א געשריי פונ באַלעגאָלעס, א גערעדערײַ פונ קרעמערנס, א געשעל־
טערײַ פונ סעדיכעס. די בלאָטע מיט אירע רייכעס לאָזט זיכ הערנ
אזוי שטאַרק, אז מע מוז פאַרשטעלנ די נאָז. ווו איז ער דאָס? —
אינ באַרדיטשעוו. דער טאַראַנטאַס שטעלט זיכ אָפּ בא א גרויסנ
בלאָטיקנ פירגאָרנדיקנ מויער, אונ דורכ א פינצטערנ קאָרידאָר מיט
בלאָטיקע טרעפּ קומט מענ ארײַנ אינ א שטוב ארײַנ. יאָסעלע דערזעט
פאַר זיכ א לאַנגנ טרוקענעמ יידנ מיט א קאַפּעליוש אונ א נידעריקע
גראָבע יידענע מיט א „מושקע“ אונ מיט א שטערנ־טיכל; דער לאַנ-
גער ייד גיט אים אָפּ שאָלעמ, צעקושט זיכ מיט אים, אונ די גראָבע
יידענע זאָגט אים „דו“, גיט אים אָפּ „מאַזלטאָוו“, אונ מע קוקט אפ
אים א ביסל פונ דער זײַט... דאָס זענענ זײַנע שווער־אונ־שוויגער,
וועמענ פערעלע האָט שוינ דורכ א בריוול מודיע געווענ, אז זי פאָרט
אהיימ מיט א פײַנער יערושע אונ מיט נאָכ א מער פײַנעמ מאַנ... א

סימכע, א פרייד: די טאָכטער איז געקומענ, דאנקענ גאָט, דאנקענ גאָט! כוץ איר שאָרנ אפ אלע ייִדישע טעכטער געזאָגט געוואָרנ!.. עס קומענ זיכ צונויפ צו פערעלעס עלטערנ אלע זייערע פרײַנט; מע גיט זיכ אפ מאזלטאָוו אונ מע קוקט אפ יאָסעלענ, קיינ אויג נישט אראָפּצולאָזנ פונ אים. ער קוקט זיכ ארום אפ אלע זײַטנ, ווי א קליינ קינד, בעשאס מע ברענגט דאָס דעמ ערשטנ מאָל אינ כיידער ארײַנ. עס ציטערט אפ אים דאָס הײַטל, עס זעט אים אויס אלצדינג עפעס זייער נײַ אונ זייער פריקרע. ער טוט א קוק אפ זײַנ באָס-מאלקע, אפ פערעלענ — גאָר ניט די פערעלע, וואָס אינ סטרישטש; גאָר אנ אנדער ווײַבל! דאָרט האָט זי אויסגעוויזנ בא אים מיט אזויפיל כיינ, אירע אויגנ האָבנ דאָרטנ געהאט גאָר אנ אנדער מינ גלאנצ, אונ גערעדט האָט זי מיט אים דאָרט גאָר מיט אנ אנדער מינ שפראכ; אונ דאָ איז די פריִערדיקע פערעלע ווי פארשווונדנ געוואָרנ, אונ גאָר אנ אנדערע האָט זיכ באוויזנ פאר זײַנע אויגנ. הײַנט דאָס לעבנ אינ באַרדיטשעוו! ער איז גאָר נישט געוווינט צו אזא מינ לעבנ, צו אזעלכע שמועסנ מיט אזעלכע איניאָנים, — אלצ, אלצ איז אים געווענ פרעמד, אונ ער אליינ בא זיכ האָט עפעס אויכ אויסגעוויזנ ווי א ווילד־פרעמדער. וואָס טוט ער דאָ, אונ וועלכע גוטע יאָר האָבנ אים אהער אראָפּגעבראכט? וואָס פאר א מעכוטנ איז ער מיט מיִער זײַטשיק, אונ וואָס געהער זיכ אָנ מיט אים זײַנ מיסכער? וואָס פאר א שײַכעס האָבנ צו אים פערעלעס האלוואָעס מיט די וועקסלענ מיטנ פראָצענט אונ מיט אלע זייערע געשעפטנ דאָרטנ (פערעלע, קומענדיק אהיימ, האָט זיכ באלד גענומענ פארטאָנ איר קאפיטאל אינ „רעכטע הענט”...), אז אים ווילט זיכ גאָר אהינ, אפ דער פרײַער וועלט? אכ, ריבוינע־שעל־אוילעמ! צי דענ אזוי האָט ער געקלערט, בעשאס כאסענע האָבנ פאר פערעלענ, אז ער וועט באדארפנ נאָכדעמ ליגנ ערגעצ אינ א לאָכ, צווישנ ווילד-פרעמדע, נישט אָנצוקוקנ די ליכטיקע שײַנ, נישט צו וויסנ פונ א וועלט צו זאָגנ? ווער רעדט גאָר פונ זינגענ צי פונ שפילנ? אופגעשטאנענ איבערפרי — געטרונקענ קאווע. א קוק געטאָנ אינ דרויסנ דורכנ פענצטער — כוישעכ, וויסט, א בלאָטע — זאָל גאָט שוימער־אומאצל זײַנ! נאָכדעמ אויסגעהערט א לאנגנ שמועס פונ מיסכער, — ווידער מיסכער, ווידער פראָצענט, ווידער געלט. אָפּגעגעסנ מיטיק — פערעלע גייט אוועק מיט דער מאמע איבער די קליטנ אָפּנארנ די קרעמער, האנדלענ מעציִעס. יאָסעלע קוקט זיכ צו אונ ווערט גיִול־ועגישטוימעמ, צוהערנדיק, ווי פערעלע שמועסט זיכ אויס מיט די ווײַבער אפ זייער לאָשנ, שווערט

זיכ אונ זוידלט זיכ, ווי א געניטע סעריכע. טאָג ווי נאַכט קוילעס,
שוועס, קלאָלעס: פערעלע קריגט זיכ מיט די שוועסטער, קוילעט זיכ
מיט זיי, נעמט צו אונ טראָגט אָפּ ספּלעטניעס. טאַטע אונ מאַמע
גיבנ איר טאָמיד גערעכט — פאָרט די נעגידעס אינ דער מישפּאָכע!
וואָס ווײַטער ווערט יאָסעלע אַלץ מער אויסגעניכטערט אינ דערקענט
זײַנ ווײַבל, וואָס זי איז. קוקנדיק אָפּ איר, ווי זי ציטערט איבער א
גראָשנ, באַמערקנדיק אַלע אירע מיִעסע טנועס, קלערט ער בא זיכ:
„שוינ זשע איז דאָס יענע פערעלע, וואָס האָט זיכ מיר פאָרגעשטעלט
דאָרט פאַר אזא ווײַלע אונ א גוטע, אזא אײדעלע, אזא טײַערע — צום
סאָפּ!..” ער פּרוווט זיכ נאָכאַמאָל א רעד טאָנ מיט איר מיקויעכ זײַנע
פריִערדיקע פּלאַנענ: פאָרנ קיינ אויסלאַנד... שטודירנ... זינגענ...
שפּילנ... ווער, וואָס? „א כאַזנ ווילסטו זײַנ? — זאָגט זי צו אים אונ
הענגט זיכ אופ בא אים אָפּנ האַלדז. — וואָס טויג עס דיר, נאַרעלע?
האָר אוים א ביסל, איכ וועל „פאַרטונ” מײַנ געלט אינ „רעכטע
העטט”, וועלנ מיר זיכ בײדע דורכפאָרנ בעסער אונ די „בעדער” אָפּ
טרויבנ, „אָפּ דער קור”, פאַרשטייסטו מיכ, אהינ פאָרנ אלע גווירים,
נאַרעלע, — אונ דו זאָגסט גאָר כאַזאָנעס שטודירנ! פע, געשאַמט
מײַנע, פאַרגעס, מײַנ זיס לעבנ, פאַרגעס אונ גיכ, לאָמיכ דיכ בעסער
א קוש טאָנ אינ דײַנע בריליאַנטענע אויגנ מיט דײַנע שיינע בלאָנדע
האָר, מײַנ ענגל, טײַערער העלד מײַנער!”...

וואָס ווײַטער זעט יאָסעלע אַלץ מער אַרויס, וואָס ער האָט דאָ געטאָנ, וויאַזוי ער האָט זיכ גענומענ אליינ אונ האָט זיכ געבונדנ, גע-פּענטעט אָפּ טאָמיד, אָפּ אייביק. ער פּרוווט זיכ א וואָרפ טונ אהער—אהינ, ווי דאָס פייגעלע, וואָס זיצט פאַרשפּאַרט אינ שטײַגל, אונ זעט, אז די שפּיל איז פאַרנ טײַוול... יענע אַלע זיסע כאַלוימעס, וואָס ער האָט געזענ פריִער, ווערנ ביסלעכווײַז, ווי א טומאַנ, פאַרשווונדנ; יענע גילדענע רײַכע מאַכשאָוועס ווערנ, ווי רויכ, צעטריבנ, אונ אָפּ זייער אָרט קומענ אַנ אַנדערע מאַכשאָוועס, אַנדערע געדאַנקענ. ניטאָ יענע זיסע קוילעס, וואָס פריִער; ניטאָ יענע שיינע בילדער, וואָס ער האָט זיכ פאָרגעשטעלט פריִער! די קאַרעטע, דאָס אַרײַנפאָרנ קיינ מאַזעפּעווקע, דאָס פאַרוואַנדערנ זיכ פונ זײַנע באַקאַנטע אונ גוטע-פרײַנט, דאָס גליקלעכ מאַכנ דעמ טאַטנ — אַוועק, אַוועק! אַנדערע בילדער זעט ער, אַנ אַנדער לעבנ לעבט ער. אונ אָפּנ אָרט פונעמ פריִערדיקנ שמעקנדיקנ גאַניידנ שטייט פאַר אים די באַרדיטשעווער מוירעדיקע בלאָטע. אָפּנ אָרט פונ פאַלאַצנ — א בלאָטיקע שטוב מיט בלאָטיקע מענטשנ. אָפּנ אָרט פונ זינגענ הערט ער טאָג ווי

נאָכט: „וועקסל, פּראָצענט, פּאַרנאָסע, געלט, הויצאָע“... אַפֿן אָרט פֿון אַ שײַן, ווײַס ווײַבל — אַ גראָבע ייִדענע, וואָס הענגט אים שטענדיק אױפֿן האַלדז, האַלדזט אים און קושט אים און לאָזט אים ניט אָפּ פֿון זיך. און אַלץ איז אַזוי וואַכעדיק! אַזוי געמיין! עס ווערט אים נימעס, נימעס־אומאָוס די וועלט און דאָס לעבן. און הינטער די פּלייצעס הערט ער רעדן וועגן זיך: „אָט דאָס איז ער, דער יאָסעלע, וואָס האָט גענומען די רײַכע אַלמאָנע“... און עס טוט אים אַ שטאָך אין האַרצן. און אַזוי, קוקנדיק אויף פֿערעלען, דערמאָנט זיך יאָסעלע אין עסטערן, און ער הייבט זיך אָן צו באַרעכענען און גוט באַקלערן, אַז ער האָט דאָ אָפּגעטאָן זייער אַ מיִעסע מײַסע, זיך אַליין אָפּגעשפּילט אַ כאַסענע און אויסגעהאַנדלט זיך אַזוי ניט לײַטיש. אי פֿאַר עסטערן, אי פֿאַר זײַן טאַטן, אי פֿאַר זיך אַליין. ער גייט אַרום פֿאַרזאָרגט, באַטריבט, פֿינצטער, ווי די ערד.

— יאָסעלע, נעשאָמע מײַנע, האַרץ מײַנס, מײַן טײַער סאָלאָווײטשיקל! — זאָגט צו אים פֿערעלע זײַן ווײַב, ווען זי בלײַבט מיט אים אַליין, שפּילנדיק זיך מיט זײַנע שיינע, לאַנגע האָר, — וואָס איז דיר? וואָס ביסטו אַזוי צעטראָגן? גייסט אַרום פֿאַרטראַכט און פֿאַרזאָרגט? זאָג מיר, וואָס פֿעלט דיר? שוין זשע האָב איך דיר ניט פֿאַרדינט, דו זאָלסט מיר זאָגן דעם עמעס, וואָס דיר איז? איך בין דיר שווער, איבעריק, נימעס? נימעס?..

„נימעס! — קלערט זיך יאָסעלע, — נימעס־אומאָוס!“ — נאָר ער האַלט זיך אײַן, ער שמאַרקט זיך און זאָגט איר אַ גראָבן ליגן:

— נימעס, זאָגסטו? כאָס־וועשאָלעם! וואָס הייסט נימעס? — און זײַנע מאַכשאָוועס, זײַן קאָפּ און זײַן האַרץ און אַלע זײַנע געפֿילן זענען ווײַט פֿונדאַנען; זיי זענען אים דאָרטן — אין מאַזעפּעווקע!

XXI

## מאַזעפּעווקע רעדט — און עסטער נעבעך האָט צאָרעס

קלוגע מענטשן האָבן זיך שוין וויפֿל מאָל געבראַכן דעם מויעך צו טרעפֿן, ווי־אַזוי ווערט דאָס מאַזעפּעווקע געוואָר פֿון אַלע נײַסן, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך? כאָטש פֿון גאַזעטן — דאָס ווייסן אַלע — האַלט מען דאָרט ווייניק־וואָס, נאָר לאָז ווערן אַ שמועס דאָרט ערגעץ, אין די הויכע פֿענצטער, וועגן מילכאָמע, — אַזוי ווייסט מען דאָס באַלד אין מאַזעפּעווקע. אַ בײַער זאַקאָן, נאָך איידער ער

ווערט געבוירנ, קומט ער אַראָפּ אַהינ, אונ ייִדנ לערנענ דעם פּשאַט, קניטשנ אים אַהער אונ אַהינ, איטלעכער מיט זײַנ גאַנג. זיי האָבנ א זעלטענעמ כוש־האַרייעכ, די מאַזעפּעווקער, אונ א סאַכ זאַכנ קומט בא זיי אויס אַלפּי דערעכ האַטעווע, אַז עס באַדאַרפּ אַזוי צו זײַנ, וואָרעמ דער סײַכל איז מעכײַעוו.

מע ווייסט ניט, פונוואַנענ עס האָט זיכ גענומענ דער קלאַנג, אַז יאָסעלע סאָלאָווײ האָט ערגעצ כאַסענע געהאַט. גענומענ מײַנע עלעפּ באַהאַנ אונ איז געוואָרנ אויס כאַזנ. דער האָט געזאָגט, אַז א גרויסער גוויר האָט אים געהאָרכט דאַווענענ, האָט ער אים פאַרופנ צו זיכ אונ האָט אים געגעבנ די טאָכטער פאַר א ווײַב. אונ דער האָט געזאָגט, אַז יאָסעלע האָט כאַסענע געהאַט פאַר א רײַכע אַלמאָנע פונ פופציק יאָר. אַנדערע האָבנ געדרונגענ פאַרקערט, אַז ניט קיינ אַלמאָנע, א גרושע האָט ער גענומענ, אונ דערבײַ דערציילט זיי־ער א שיינע מײַסע, וויאַזוי יאָסעלע איז געווענ אײַנגעלאַדנ צו א גוויר אפּ א מעלאַווע־מאַלקע; האָט דער גוויר געהאַט דאָס אַנדערע ווײַב פונ הײַנטיקער וועלט, א גאַנצע מעלומעדעס, א „צעדאַמטע"; בעקיצער, אַז זי האָט אים דערהערט זינגענ, האָט זי זיכ אינ אים פאַרקאָכט אונ האָט געוואָלט מיט אים אַנטלויפּנ אינ עק וועלט; האָט זיכ מעיאַשעוו געווענ דער גוויר אונ זאָגט צומ ווײַב: „וואָס טויג דיר נאָכ אַנטלויפּנ אונ מיר אָנטונ ביזיוינעס? נא דיר געט אונ נעמ דיר אים"... וואָס טוט זי? זי איז דאָכ אָבער אויכ נישט קיינ נאַר, מאַכט זי צו אים אַזוי: „ווערסטו מיר געבנ די מײַע עלעפּ, איז רעכט, אַלע ניט — ווערסטו מיכ האָבנ צו געדענקענ!" האָיקלאָל, אַהער, אַהינ, עס האָבנ זיכ אַרײַנגעלייגט מענטשנ, אונ מע איז מושווע געוואָרנ פאַר אכציק טויזנט. בעקיצער, וויאַזוי די מײַסע איז שוינ דאָרט, אונדזער יאָסעלע איז א לײַט. נאָר פאַרוואָס ער שיקט נישט דעמ טאַטנ קיינ געלט — איז אַנ אַוולע!..

אַז דער קלאַנג איז אַרויס אפּ דער שטאָט, האָבנ אַלע געזאָגט, אַז אַלפּי דערעכ-האַטעווע באַדאַרפּ עס אַזוי זײַנ, וואָרעמ דער סײַכל איז מעכײַעוו, אַז יאָסעלע האָט באַדאַרפּט קריגנ א גרויסנ שידעכ; דאָס האָט איטלעכער אַרויסגעזוגט נאָכ פריִער, אונ ווי האָט דאָס דיגנ געקאָנט אַנדעריש זײַנ?

— עס קומט אײַכ מאַזלטאָוו? — האָט מענ זיכ געווענדט צו ישמוליק דעמ כאַזנ אינ שול. — מע זאָגט, אַז אײַער יאָסעלע האָט כאַסענע געהאַט? וואָס, איר ווייסט נאָר נישט? געשיקט זיכ עס? אַוואַדע, אַוואַדע, דערציילט מענ, אַז ער איז גאָר גליקלעכ, מײַע

עלעפ, זאָגט מענ, רייש אלאָפימ! ווי קומט עס? א סוואָרע, אז ער שרײַבט אײַכ גאָר קיינ ברייוול ניט, רעב שמוליק? הײַנטיקע קינדער! ניי, ווער פארשווארצט צוליב א קינד, זײַ זיכ מאפקיר! מע דאנקט נאָכדעמ אָפּ מיט שטיינער. א שיינע וועלט הײַנט געוואָרנ, ניטאָ וואָס צו רעדנ, א לײַטיש וועלטל!

שמוליק, אז ער האָט דאָס דערהערט, איז ער בא זיכ שטארק אראָפּגעפאלנ. „סטײַטש, יאָסעלע זאָל מיר אזעלכעס אָפּטונ, אנ איינגע-נעמ טאטנ?!" עס איז אימ אָנ דעמ געווענ א כארפּע, א בושע פאר לײַטנ, וואָס ער האָט קימאט א יאָר נישט געהאט קיינ אײַנגעטונקטע פענ פונ יאָסעלענ, נישט ווייסנדיק, וואָס איבערצוטראכטנ, און דאָ — נא דיר גאָר אזא נײַס! „א מײַסע, א מײַסע! כאסענע האָבנ, ווערנ א נאָגיד און פארגעסנ א טאטנ! עס קאָנ גאָר ניט זײַנ!" דאָס איז גע-ווענ שמוליקס איינציקע טרייסט: „עס קאָנ גאָר ניט זײַנ!" ווענ נישט דער ביטאָכנ, אז נישט הײַנט איז מאָרגנ וועט יאָסעלע קומענ צו פאָרנ, וואָלט דאָס שמוליק גאָר ניט אויסגעהאלטנ. ער האָט אזוי אויכ געהאט גענוג צאָרעס; עס איז אימ די לעצטע צײַט, פונ א פארקילונג אפּאָנעמ, די שטימע, מ'שטיינס-געזאָגט, קאליע געוואָרנ. שמוליקס האלדז, וואָס האָט אמאָל געשעמט אפ דער וועלט, איז געוואָרנ גע-כאפּט, און זײַנ „שאגת-ארי-קול" 1 איז אימ געוואָרנ מעשונע פאר-דומפּנ מיט א הייזעריקײַט, ווי א קאָל פונ אנ אָנגעשפּאָלטענער קיילע. דאָרט, ווו שמוליק פלעגט זיכ אמאָל פארקאטשענ אפ זײַנ פּיסטל, זינגענ טרוילעריש און אראָפּלאָזנ זיכ אפ זײַנ בײַקאָל ביז דער לעצ-טער „שפּינדע", — האָט זיכ הײַנט מיִעס געלאָזט הערנ א כאָרכלענ פונ א געקוילעטנ אָקס אָדער א קריי פונ א יונגנ, נאָכ נישט אויסגע-זונגענעמ האָנ. שמוליקס דאווענענ האָט אָנגעהויבנ צו זײַנ געמוטשעט, מעכילע, זייער געמעלאָכעט; וויפל ער האָט זיכ נישט געבעריעט, רײַסנדיק זיכ אפ די גלײַכע ווענט — ניטאָ די קויכעס וואָס אמאָל! אויס האלדז, אויס דיבער, אויס, אויס שמוליק — ערגער ווי גע-שטאָרבנ! געהאלטנ האָט אימ באמ אָמעד נאָר דאָס שטיקל כאזאָקע. לאָזנ א געפאלענעמ פאלנ, צונעמענ בא יענעמ דאָס לעצטע שטיקל ברויט אײַנגאנצנ, אָפּקוילענ און אָרעמאנ פונ פארנאָסע — דאָס טוענ נישט אזוי גרינג די מאזעפּעווקער ייִדנ, וואָס זענענ בעטעווע ווייכע, בארעמהערציקע לײַט, און איבערהויפּט פרומע, ערלעכע ייִדנ. נאָר זאָגנ אפ זיי, אז זיי זענענ גאָר צאדיקימ, מענטשנ מיט יוישער —

---

1 שאאגאס-ארי-קאָל — געמיינט א לייבנ-קאָל.

דאָס קאָנ מענ אָבער אויכ ניט, דענ זיי זענענ זיכ מיט שמוליק דעמ כאַזנ באַגאַנגענ ניט אַזוי מענטשלעכ, ניט גאָר אַלפּי יושער: מע האָט אימ דערקוטשעט מיט שטעכווערטלעכ, געגעבנ אימ אָנצוהערע־נישנ, געפרעגט אימ, וואָס מאַכט עפּעס יאָסעלע, געהאַט צו אימ טײַנעס פאַר זײַנ דאַוונענ, פאַר זײַנ זינגענ. עמעס, מע קאָנ זיי, די באַלעבאַטימ פונ דער קאַלטער שול, אויכ אינגאַנצנ ניט שולדיק מאַכנ: זיי זענענ פאַרט אינ דעמ איבעריקנ געבאַלעוועט זייער; זיי זע־נענ פונ טאָמיד אָנ געוווינט געוואָרנ צו רעכטע באַזאָנימ, צו שיינע באַלטפילעס; וואָס זשע זאָלנ זיי טונ? שמוליקס דאַוונענ איז פאַר זיי געווענ על אַפּם ועל המתם 1, אונ פאַר שמוליקנ אַלײנ איז זײַנ באַ־זאָבײש לעבנ געווענ אַ מיעס געמוטשעט לעבנ. נאָר צו די צאָרעס מיטנ האַרצוויטעק, וואָס ער האָט געהאַט באַ זיכ אינ דער היימ, איז דאָס נאָכ נישט געווענ קײנ מאָשל אַפילע, וואָרעמ פונ זינט עס איז אַרויס דער שעמ אינ שטאָט, אַז יאָסעלע האָט כאַסענע געהאַט, האָט שמוליק דעמ כאַזנס ווײַב ווידעראַמאָל איבערגעביטנ איר מײ־נונג וועגנ יאָסעלענ אונ האָט גענומענ עסנ אונ טאָטשענ שמוליקנ געבעכ, שיטנ אימ זאַלצ אַפ די וווּנדנ מיט אַ פּה קדוש 2, ווי זי קאָנ.

— פײַנ אויסגעשטעלט זיכ אַקעגנ אַ טאַטנ, גאַנצ לײַטיש! נישט אומזיסט זאָגט די וועלט אַ ווערטל: „פונ אַ באַזערשנ ווײדל קאָנ מענ קײנ שטרײַמל ניט מאַכנ”; דײַנ יאָסעלע איז געווענ אַ שאַרלאַ־טאַנ אונ איז געבליבנ אַ שאַרלאַטאַנ. הײַנט פאַרשטיי איכ שוינ, פאַרוואָס איכ האָב אימ פונ קינדווײַז אָנ אַזוי פײַנט געהאַט. בײש־קאָשע, איכ האָב אַ גוטנ כוש־האָרייעכ, איכ שמעק אָנ באַלד אַ מענטשנ, וואָס ער איז; מיסטאַמע איז ער פונעמ שוירעש אַ דער־רועכ־וויסט־וואָס! אונ איכ פאַרשטיי גאָר ניט, וואָס זלאַטע לייגט אײַנ די וועלט נאָכ זײַנ מאַמענ אונ זאָגט, אַז אַזאַ צאַדייקעס, ווי דײַנ זעלדע איז געווענ, איז גאָר אַפ דער וועלט ביטאָ. לאָז זי מיר דאָרטנ מויכל זײַנ, ווו זי איז.

שמוליק האָט אויסגעהערט די אַלע רייד אונ אַראָפּגעשלונגענ זיי, ווי אַ ביטערנ טראָפּנ. אַ סאַכ ערגער איז אימ געווענ זיכ באַגעגענענ מיט זײַנע גוטע־פרײַנט, מיט זלאַטע אונ מיט עסטערנ: וואָס קאָנ ער זיי זאָגנ, טאָמער מאַכנ זיי מיט אימ אַ שמועס מיקויעכ זײַנ זונ? ער האָט אָבער אינ דעמ אַ גרויסנ טאָעס געהאַט: זלאַטע האָט זיכ

1 אַל אַפּאָמ וועאַל כאַמאָסאָמ — געמיינט: דערווידער. 2 פּע קאָ־דויש — אַ הייליק מויל. דאָ געמיינט פאַרקערט: אַ פאַסקודנע מויל.

ווידער צעקריגט מיט דער כאַזנטע און איז געווען פאַרנומען מיט אירע אַסאָקים, געהאַט גענוג אייגענע צאָרעס, גענוג אייגענע זאָרג: מע באַדאַרף כאַסענע מאַכן אַ קינד, עסטער איז שוין, קיין אײַנהאָרע, אַ מיידל צו לײַטן, און ס'איז ניטאָ מיט וואָס: אָן קיין נאַדאַן וויל מען הײַנטיקע יאָרן קיין מיידל ניט נעמען; אַ ליאַדע באָכער, אַן אונטערשלאַק, הייסט זיך אַנידערלייגן עטלעכע הונדערט קערבלעך, אַכוץ מאַטאָנעס — און דאָ דערווײַל וואַקסט עסטער, עס גייט איר שוין דאָס צוואַנציקסטע יאָר, ווײ געשריגן! עס דרייט זיך אַפילע אַ שידעך, ניט אַזאַ גלײַכער, נאָר אַ גליק, אַ פאַרטיקע זאַך, אַ שמאַלצ־גרוב. גיי, בינד צונויף, מאַך עפּעס איינע אַליין, אַ ווייסטע אַלמאָנע מיט פיצלעך קינדער יעסוימים...

און עסטער, אַז זי איז געוואָר געוואָרן, אַז יאָסעלע האָט כאַסענע געהאַט, וואָס האָט זי געקאָנט קלערן בעשאַס־מײַסע? ווער קאָן זיך פאָרשטעלן איר באַליידיקט, באַטריבט, פאַרוואָגלט, צעבראָכן האַרץ נעבעך? עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי קאָן יאָסעלען אויסגעבונדן, און האָט אים פון טאָמיד געגלייבט, און אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, איז געווען בײַ איר הייליק; צום סאָף זאָל ער זי אַזוי מיעס אָפּנאַרן, אָפּליגנערן פון קאָפּ ביז פיס! עסטערן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַזוי ליב האָבן און אַזוי געטרײַ זײַן, ווי יאָסעלע האָט ליב און איז געטרײַ דעם טאַטן זײַנעם, איז גאָר דער צווייטער צו אים ניטאָ. נאָך שטייט ער איר פאַר די אויגן, ווי ער האָט זיך איר דעמלט געשוואָרן, בעשאַס אָוועקפאָרן פון דער היים, אַז ער וועט דעם טאַטן נישט פאַרגעסן אַף קיין מינוט אַפילע, און וועט אים גאָר גליקלעך מאַכן; נאָך קלינגען איר אין די אויערן יענע גוטע ווערטער זײַנע, יענע זיסע געזאַנגען, אין וועלכע ער האָט פאַר איר זײַן האַרץ אויסגע־גאָסן און וואָס האָבן זיך איר געדאַכט, ווי ער זאָגט איר צו אייביק בלײַבן דער יאָסעלע, דער אייגענער יאָסעלע, נישט פאַרגעסן קיינעם נישט פון זײַנע ליבע און געטרײַע. צום סאָף גייט אַוועק שוין באַלד אַ יאָר צײַט, און מע הערט ניט און מע זעט ניט פון אים, און פלוצעם — נאַ דיר אַזאַ מין יעדיע! יאָסעלע האָט גאָר כאַסענע גע־האַט! און נאָך אַזוי כאַסענע געהאַט! גענומען אַן אַלמאָנע, אַ גרושע— צוליב געלט! און אָפּגעטאָן דאָס בעסאָד, זיך באַגראָבן!...

„גוואַלד, גוואַלד, יאָסעלע זאָל אַזעלכעס קאָנען טון?!" עס־טער האָט דאָס נישט אַרויסגעזאָגט קיינעם; זי איז געווען רויק, ווי טאָמיד, פאַרנומען מיט דער קראָם, אין זײַנען גע־האַט די שטוב, שטיל, פײַן. וואָס האָט זיך אָבער געטאָן בײַ איר

אינ האַרצנ אינעווייניק? — דאָס האָט נישט געקאָנט ווײַזנ קיינער, אַזוי ווי ס'האָט בײַ איר קיינער נישט געוווּסט פונ יענע זיסע גילדענע חלומעס, אינ וועלכע זי האָט פאַרבראַכט גאַנצע צוויי יאָר, זינט יאָסעלע איז אָפּגעפאָרנ פונ דער היימ. מע קאָנ זאָגנ, אַז יענע צוויי יאָר זענענ געווענ פאַר עסטערנ אַ לאַנגער זיסער חלומ; יאָסעלעס געשטאַלט איז פונ איר נישט אָפּגעטראָטנ אויפ קיינ מינוט, אונ וואָס זי האָט נישט פאַרקלערט, אונ ווו זי האָט זיכ נישט געווענדט, איז געווענ נאָר יאָסעלע אונ יאָסעלע. נײַט איינ מאָל פלעגט זיכ מאַכנ, אַז זלאַטע האָט איר באַמערקט, אַז זי איז עפּעס נישט אויפ דער וועלט: „וואָס איז דאָס מיט דיר געוואָרנ, — פלעגט זי מיט איר טײַנענ, — וואָס דו ביסט געוואָרנ אַזוי צעטראָגנ? דו מעסטט אָפּ דרײַצנ אַרשינ אונ רעכנסט נאָכדעמ צוועלפ, אונ גערדאַליע-מייער דער צעלניקער הייסט בײַ דיר נאָר מייער-גערדאַליע, פאַרקערט דאָס שלימאַזל?" אַנ אַנדער מאָל פלעגט עסטער, זיצנדיק איבער אַנ אַרבעט נעבנ דער קראָמ אויפ אַ בענקעלע, פאַרטראַכטנ זיכ אונ צעזינגענ זיכ, טכילעס גאַנצ שטיל, אונ וואָס ווײַטער — אַלצ העכער אונ שטאַרקער, נאָכמאַכנדיק, ווי יאָסעלע זינגט, אונ גאָר נישט באַמערקנדיק, אַז דאָ נײַט ווײַט זיצנ מאַנצבילנ... די מאַכשאָוועס פלעגנ זי פאַרטראָגנ אַמאָל גאַנצ ווײַט אַהינ, ווו יאָסעלע געפינט זיכ, אונ דאָרט איניינעמ מיט אימ האָט זי זיכ אויכ געפונענ, געקוקט אויפ אימ אונ געהערט זײַנ זיס קאָל, זײַנ געטלעכ זינגענ, פונקט ווי יענעמ שאַבעס באַטאָג בײַ שמוליק דעמ כאַזנ אינ שטוב. אונ אַמאָל פלעגט זיכ איר אויסווײַזנ, אַז אָט קומט מענ איר אָנזאָגנ אַ בסורע: „עסטער, דו ווייסט, ווער ס'איז געקומענ? יאָסעלע שמוליקס, יאָסעלע סאָלאָוויי איז געקומענ!" אונ אַנ אַנדערס מאָל פלעגט איר דורכפלִיענ אינ קאָפּ אויכ אַ שלעכטע מאַכשאָווע; עס גייט דורכ אַ כמאַרע פאַרבײַ דער זונ אונ פאַרשטעלט אויפ אַ מינוט איר ליכטיקע שײַנ — עסטערס געדאַנקענ באַקומענ אַנ אַנדער מינ מאַרע, אונ זי הייבט אָנ צו זאָרגנ, איבערטראַכטנ, אַרויסלאָזנדיק אַ זיפצ פונעמ טיפנ האַרצנ; נאָר די כמאַרע גייט אַוועק, אונ די זונ שײַנט ווידער מיט איר כיינ. אַ שלעכטע מאַכשאָווע טרײַבט עסטער אַרויס פונעמ קאָפּ, אונ יענע ליכטיקע געדאַנקענ קומענ ווידער אָנ, אונ דאָס האַרצ דירט זיכ ווידער פונ פרייד אונ פונ נאַכעס, אונ יענע זיסע כאַלוימעס קומענ ווידער אָנ, אונ עס וועבנ זיכ איר גילדענע פאַנטאַזיעס, אונ זי זינגט שוינ ווידער אויפ יאָסעלעס שטייגער. „וואָס איז דאָס מיט דיר געוואָרנ, טאָכטער? — פלעגט איר זלאַטע איבערשלאָגנ די בעסטע

מאכשאָוועס אײנמיטנ. — וואָס פאר א פּאָנעמ האָט דאָס, איכ פרעג דיכ, אוועקזעצנ זיכ דאָ אײנמיטנ דרויסנ זינגענ? אונ פאר פרעמדע מענטשנ נאָכ!"... עסטער פלעגט זיכ אופכאפּנ ווי פונעמ שלאָפ אונ פרעגנ פארחוונדערט: „זינגענ? ווער זינגט דענ?"...

דאָס לעצטע יאָר, וואָס יאָסעלע האָט אופגעהערט צו שרײַבנ בריוו, האָט עסטער, געווײנלעכ, געהאט יעסורימ דערפונ; נאָר זי איז געווענ אינ אימ אזוי פארליבט, אז זי האָט גאָר נישט צוגעלאָזט קײנ שלעכטע מאכשאָווע. זי האָט אימ אלײנ בא זיכ פארענטפערט: „א מענטש פאָרט ארומ קעסיידער, איז נא־ווענאר — וואָס איז דאָס כידעש?"... אונ זי האָט געהאָפט אונ געהאָפט. פּלוצעמ — נא דיר גאָר אזא שלאק! דערופ האָט זיכ עסטער גאָר ניט אָנגעהויבנ צו ריכטנ. ווי א דונער האָט איר די דאָזיקע יעדיע דערלאנגט אינ קאָפּ ארײַנ. זי האָט זיכ ווי אופגעכאפּט פונ א לאנגנ שלאָפ אונ דערזענ, אז אלע אירע פרײד מיטנ גאנצנ גליק אירס איז א כאָלעמ, אינ וועלכנ זי האָט פארבראכט צוויי יאָר קעסיידער, די בעסטע צוויי יאָר אינ איר לעבנ. זי איז מיטאמאָל געוואָר געוואָרנ פונ אזויפיל פאלשקײַט אונ שלעכטיקײַט אפ דער וועלט; זי האָט מיטאמאָל דערזענ פאר זיכ אזא מיִעס, ביטער, פינצטער לעבנ! נאָר ווער האָט דאָס בא איר געקאָנט וויסנ? וועמענס אײסעק איז דאָס? ווער קוקט זיכ ארומ אינ מאזעפּעווקע אפ אנ אָרעמ מײדל, וואָס אָט איז זי געווענ גליקלעכ ווי די גאנצע וועלט, אונ אָט איז זי אראָפּגעפאלנ פונעמ הימל בִיז צו דער ערד? עסטער האָט זיכ באנאכט בא זיכ אפּנ געלעגער גוט אויסגעווײנט שטילערהייט, ניט אײנ מאָל, נאָר עטלעכע מאָל, געשמאק אויסגעווײנט. נאָר דאָס ווײנענ האָט איר אָבער נישט פארגרינגערט איר ביטער הארצ אפילע אפ קײנ האָר. דענ כוצ דעמ, וואָס איר מאזל איז געווענ אזוי וויסט אונ פינצטער, האָט זיכ אפ איר גענומענ א נײַער אומגליק, א גאָטס שטראָפ, א מאלעכ־האמאָוועס אפ אירע יונגע יאָרנ. דער דאָזיקער מאלעכ־האמאָוועס איז געווענ — האָנאָגיד רעב אלטער פּעסיס!

# XXII

## אלטער פּעסיס זיצט אנ אלמענ, אונ רעב קאלמענ שאדכנ לײגט אײַנ די וועלט

אלטער פּעסיס איז א פײַנער באלעבאָס. ער האָט זײער א טײַערע, א גרײטנע פּארנאָסע אינ מאזעפּעווקע: ער איז זיכ א באל־האלוואָע. נאָר ער איז נישט גלײַכ צו אלע אנדערע פּראָצענטניקעס, וואָס ווײסנ

ניט פונ קיינ לעבנ צו זאָגנ. א מאזעפּעווקער פּראַצענטניק גייט ארומ שטענדיק איג איינ זאָרג. ער איז איג פּכאָדימ, טאָמער וועט דער אָדער יענער נישט אָפּגעבנ, אונ שלאָפט נישט קיינ נעכט. ער ווערט מיט דער צײַט א גרויסער מאָרע-שכוירעניק. עס שטעלט זיך אימ אלצ פאָר, אז יעדער מיינט בא אימ אויסנארנ, צונעמענ, אוועקראַבעווענ, יארשענענ אימ בא זײַנ לעבנ. עס דאכט זיך אימ אלצ, אז איטלעכער שארפט אפ אימ די ציינ, — אונ וואָס וועט זײַנ דער טאכלעס, אז עס וועלנ אימ שוינ אלע אָנזעצנ? עס קומט דאָכ אימ דעמלט גאָר נעמענ א טאָרבע, כאָלילע, אונ גיינ איבער די הײַזער! אזעלכע געדאנקענ ברענגענ אימ, דעמ מאזעפּעווקער פּראַצענטניק, דערצו, אז ער מוז ווערנ קארג, א גהרג על פּחות משוה פּרוטה[1], גיינ קרוע-בלוע, נישט פארגינענ זיך דאָס שטיקל ברויט, וואָס ער עסט. גײַנ, אלטער איז נישט פונ דעמ מינ. ער קענ זײַנע יידעלעכ אונ ווייסט גאנצ גוט, אז ער קאָנ פונ זיי צינענ זײַנ באַרערפעניש קעסיידער. כאָטש ער ליגט בא יעדנ איג מויל אונ הינטער די אויגנ מאכט מענ פונ אימ א טעל, מע רופט אימ „אייסעוו“, „פּיאַווקע“, „האָמאָנ“ אונ נאָכ אזעלכע צונעמענישנ, — אָבער איג די אויגנ, בישקאָשע, גיט מענ אימ אָפּ קאָוועד: „רעב אלטער“ רופט מענ אימ! א ברייִרע האָט מענ? ער האָט פאַרט די קלינגערס, אונ אלע דארפנ צו אימ אָנקומענ. דערומ לעבט זיך אלטער א גוטנ טאָג, קוקט ארײַנ אינ טעפּל ארײַנ, דאָס אָפּ זאָל זײַנ זיס אונ דאָס ייִיכל פעט, אונ היט זיך אָפּ דאָס בײַכל זייער גוט, נישט צולאָזנדיק זיך קיינ יעסורימ פונ קיינ שומ זאכ אפ דער וועלט. ווי דאָס ווערעמל, אז עס פארקלויבט זיך אינעמ בעסטנ עפּל ארײַנ, ליגט דאָס זיכ דאָרטנ רויִק, גאָר נישט אָנזיכטיק, זויגט אונ נאָגט די זאפט פאַוואָלינקע, מיט יישעווהאדאס, אונ וויל גאָר ניט וויסנ, וואָס ווײַטער, אפ יענער זײַט עפּל, טוט זיך, — פונקט אזוי לעבט זיך אלטער אפ זײַנ געשעפטל אינ מאזעפּעווקע, אונ וואָס גייט דאָס אימ אָנ, וואָס יענער זאָגט, צי וואָס יענער רעדט דאָרטנ, ווייס איך וואָס? אפנ הימל א יארייד! אבי אימ איז ווארעמ... פארקערט, טאָמער וועט איר אימ זאָגנ מוסער: „רעב אלטער, איר דארפט מיר אוואזשענ, כ'לעבנ, אונ וואָס וועט אײַכ שוינ ארויסקומענ, אז איר וועט שוינ בא מיר ארויסרײַסנ נאָכ א האלב קערבל, מ'שטיינס-געזאָגט? איר וועט שוינ דאָ גליקלעכ

1 א נעהערהאג אל פּאָכויס מישאָווע פּרוטאָ — אזא, וואָס לאָזט זיך געהארגעט ווערנ איבער א גראָשנ.

װערן? איר האָט קאַרג, דאָס װײַב מיט די קינדער האָבן אײַך באַזעצט?" — װעט ער אײַך אױסהערן גאַנץ קאַלטבלוטיק, און אױך קאַלטבלוטיק, מיט אַ שמײכעלע, ענטפֿערן: „כ׳קאָן ניט, בענעמאַנעס!" און נאָכדעם מעגט איר שױן רעדן, װיפֿל איר װילט. אָדער פּרוּװט װעלן נעמען בײַ אים אַ נעדאָװע מער מיט דרײַ גראָשן, װי ער גיט, װעט ער אײַך נאָר ענטפֿערן אַזױ ביגימעס, אַזױ אָנגענעם: „איך גיב ניִשט מײן, בענעמאַנעס!" — איז דאָס הײליק, איר מעגט שױן זײַן זיכער. אָט אַזאַ מין ייִדל איז זיך אַלטער.

אַלטער פּעסיס איז אַ פֿײַן, אױסגעפּוצט ייִדל, אַ געפּאַקטס, שױן אין די יאָרן, נאָר מאַכמעס ער איז זײער געזונט און געלײַטערט אױפֿן פּאָנעם, און אַ בערדל האָט ער אַ קלײנס, װײַזט ער אױס נאָך גאָר אַ יונגערמאַנטשיק. ער האָט אַ היפּש בײַכל, פֿון ייִדיש בלוט — זאָגט מען; דאָס מײַלכל איז בײַ אים צונױפֿגעצױגן, אײַנגעשנורעװעט, די ליפּן רױט און פֿעט און מעסױגל צום זױגן, װי בײַ אַ פּיאָװקעלע; די בעקעלעך זענען בײַ אים טאָמיד רױטפּאַרביק און אָנגעבלאָזן, װי די פּאַמפּעשקעס. ביכלאַל איז אַלטער אַ גאַנץ פֿײַן ייִדל, נאָר אױגן האָט אַלטער ניִשט קײן שײנע: אײן אױג האָט ער אַ גרױס און דאָס אַנדערע אַ ביסל קלענער, און אָט מיט דעם קלײנעם אײגל, אַז ער טוט אַ קוק אױף עמעצן, װערט יענעם פּאַרקילט אינװײניק. גײן גײט ער פּאַװאָליע, רעדט שטילערהײט, אַ ביסל מיט אַ קװיטש, שטענדיק מיט אַ שמײכעלע. אַרום זיך האָט אַלטער ליב צו גײן רײן, זױבער; דאָס זײַדענע קאַשקעטל, דאָס ליוסטרינענע קאַפּאָטקעלע און די גאַנצע האַלבאָשע אױף אים זינגט, ס׳איז טאָמיד שפּאָגל־נײַ, די שטיװל גלאַנצן, קײן שפּרענקעלע לאָזט ער אױף זיך ניִשט פֿאַלן. טאָמיד איז ער פֿרײַ, שטענדיק צופֿרידן מיט זיך, האָט קײנמאָל קײן אומאָס־נעפֿעש ניט. נאָכן װאַרמעס שלאָפֿט ער זיך אױס און גײט אַרױס אַ ביסל אין מאַרק אַרײַן, גלאַט אַזױ זיך, זען זיך מיט דעם און מיט יענעם; אַ ביסל רעדן, נעמען אַ ציגאַר־טוטין בײַ יענעם. נעמען בײַ יענעם איז בײַ אים דאָס כּײעס, און כאָטש ער װײסט גאַנץ גוט, אַז הינטער די אױגן רופֿט מען אים דערפֿאַר „דאָװאָר־אַכער", נאָר ער האָט דערפֿון אױך קאַרג־װאָס אומאָס־נעפֿעש: „ס׳אַ דײַגע אַ ביסל!" — מאַכט ער מיט אַ שמײכעלע. און אַז מען קומט צו אים אין שטוב אַרײַן, נעמט ער צו איטלעכן באַזונדער בסבֿר פּנים יפֿות[1], מיטן שענסטן קאָװעד, װײסט גאָר ניִשט, װו יענע

1 בעסײװער פּאָנים יאָפֿױס.

אנידערצוזעצנ, אונ קאַרגט נישט קײנ גוטע, זיסע רײדעלעכ קײנמאָל אונ קײנעמ נישט. נאָר פונדעסטוועגנ האָט מענ אימ אינ מאַזעפּעווקע נישט ליב, מע קאָנ אימ ניט סויוול זײַנ מיט אַלע זײַנע זיסע גענג. האָבנ האָט מענ צו אימ, דאַכט זיכ, גאָרניט. ער טשעפּעט ניט קײנ פליג אפ דער וואַנט. פונדעסטוועגנ האָט מענ אימ פײַנט אינ שטאָט, ערגער, ווי דעמ טויט, אפּאָנעמ, ער מוז זײַ ליגנ דאָרטנ טיף אינ דער לעבער! נאָר עפּשער מײנט איר, אז ער ווײסט דאָס ניט צי עס ארט אימ? עס זאָל דאָס אימ אפילע אָטהײבנ צו ארנ! אָט אזא מינ יידל איז זיכ אלטער.

„אלטער פּעסיס" רופט מענ אימ נאָכ זײַנ מאַמע פּעסי אָלע־האַשאָלעמ: פּעסי איז געווענ א בעריע א יידענע, א גאַנצ פײַנע, אונ אינ די יונגע יאָרנ, זאָגט מענ, איז זי געווענ גאָר א פּאַרשוינ, אונ דורכ איר שײנקײַט אונ בעריעשאַפט האָט מענ גאָר נישט ארויסגעזעגנ דעמ מאַנ אירנ, רעב כאימ־יעשײַענ, וואָס איז קאָל־יאָמאָוו געזעסנ אינ קלויז אונ געלערנט אונ געדיינט גאָט. די שטוב האָט שוינ געפירט פּעסי אליינ; איר פּאַרנאָסע איז געווענ א שענקל. „עט, אזוי זיכ, נישקאָשע, דאָס שטיקל ברויט שלעפּט זיכ", — האָט זי געזאָגט. אונ פונ דעמ „עט" האָט פּעסי אָנגעקליבנ א היפּשע קאָפּעקע, אָבער טאַקע גאָר א היפּשע, אזוי אז מיט דער צײַט האָט זי זיכ פּאָוואָליִנקע אויסגעבויט א שטוב, צוגעקויפט א פּאָר קלײטלעכ, זיכ דאָביוועט א ביסל צירונג, פּאַרלינע שטעלעכע קערבלעכ אויכ אמאָל, אז מע האָט בא איר שטאַרק געבעטנ, אונ צומינדסטנ — גאַלאָכימ; מיט גאַלאָכימ האָט פּעסי ליב געהאַט צו האַנדלענ: „א קאַפּאָרע, — פלעגט זי זאָגנ, — דרײַ יידנ פּאַר אינ גאַלעכ, לעהאַוודל!"... מע האָט אפילע געשמועסט אינ שטאָט, אז... נאָר וואָס מע קאָנ אינ מאַזעפּעווקע אויסטראַכטנ! „א בעריע־ניפלאָע אָט די פּעסי!" — האָט מענ אפ איר געזאָגט, קוקנדיק אפ רעב כאימ־יעשײַענ, וועלכנ ס'האָבנ מעקאַנע געווענ א סאַכ יידנ. — „א גוטע באָכערטע, אײַערע!" — האָבנ כעוורע צו אימ געזאָגט אינ קלויז. — „א גוטע באָכערטע, זי באַשטײט אַקעגנ דרײַ מאַנצבילנ, אײַערע פלוויניסטע"... רעב כאימ־יעשײַע פלעגט דערופ נישט ענטפערנ גאָרנישט, נאָר א קוק טאָנ פונ אויבנ, אַריבער די ברילנ, אופהײבנדיק די געדיכטע ברעמענ, אַרויסלאָזנ א זיפצ, זיכ פאַרטראַכטנ, קראַצנדיק זיכ מיט דער האַנט אונטערנ טאַלעס־קאָטנ, אונ זיכ ווידער נעמענ צו דער געמאָרע. אונ אָט אזוי, זיצנדיק אינ קלויז, איז זיכ רעב כאימ־יעשײַע אמאָל אנשלאָפנ געוואָרנ אפ אײביק שוינ. קײנער

האָט נישט געוווסט די סיבע פונ זײַנ אוועקשטאַרבנ פלוצעמ אינ־מיטנ-דערינענ: „דאַכט זיכ, געווענ א געזונטער ייִד, א גוואַר, — פלוצעמ, נאָ דיר!" — „נו, מיסטאמע האָבנ זיכ אימ אויסגעלאָזט די יאָרנ, לאָז ער האָבנ א ליכטיקנ גאַניידנ דאָרט — א ווילער ייִד געווענ, אנ ערלעכער!" — אזוי האָט מענ געשמועסט אינ שטאָט. אונ רעב כאַיִמ־יעשײַע האָט געהאַט אזאַ לעווײַע, אז פיל מענטשנ האָבנ זיכ געווונטשנ איבער הונדערט אונ צוואַנציק יאָר האָבנ נישט קיינ קלענערנ קאָווער. „אויוואַ, א ווילער ייִד געווענ, א שטילער זייער אונ א גרויסער לאַמדנ!" — „ס'איז א סוואָרע, אז ער איז געווענ א פאָרוש"... — „יאָ א פאָרוש צי ניט קיינ פאָרוש, אנ ערלעכער ייִד, א קאָשערער ייִד איז ער געווענ געוויס, כאָטש נישט קיינ אי־בערגעשפיצטער, לאָז ער מיר מויכל זײַנ"... אָט אזעלכע שוואָכימ האָט מענ נאָכגעזאָגט רעב כאַיִמ־יעשײַענ אינ שטאָט א קליינע צײַט — אונ מע האָט אינ אימ גיכ פאַרגעסנ.

פעסי איז זיכ געבליבנ בא איר פאַרנאָסע, ווי פריִער, מיט אירע גאַלאָכימ גאָר נישקאָשעדיק, נישט צו פאַרזינדיקנ, אונ קיינער האָט נישט ארויסגעזענ אָפ איר, אז זי איז אנ אלמאָנע, דאָס הייסט, זי האָט זיכ קיינמאָל נישט געקלאָגט, לעמאָשל, ווי אנ אלמאָנע קלאָגט זיכ אָפ איר ווייסט מאזל, געוויינלעכ. פעסי איז זיכ אָפגעזעסנ נאָכ איר מאַנ זײַנ שיווע, זײַנע שלוישימ האָט זי אימ אויכ אָפגעגעבנ, ווי ער האָט בא איר פאַרדינט, זי האָט דאָס גאַנצע יאָר געטראָגנ א שוואַרצנ פאַרטעכ, „קלאָג", ווי עס באַדאַרפ צו זײַנ, אונ איז זיכ געבליבנ די אייגענע פעסי, וואָס פריִער, האָבנדיק אינ זינענ נאָר דאָס געשעפט אירס, די גאַלאָכימ אונ, לעהאַוודל, דאָס קינד, — אלטער זאָל לעבנ. פעסי איז געווענ זייער א געטרײַע מוטער; אלטער איז בא איר געווענ טאָמיד טײַער, ווי דאָס שוואַרצאָפל פונעמ אויג. פונ קינדהײַז אָנ ביז קימאַט דער כאַסענע זײַנער האָט ער זיכ געהאַלטנ בא דער מאַמעס פאַרטעכ, אונ פעסי האָט אויסגעהאָדעוועט אלטערנ אזוי, אז אלע ווײַבער האָבנ איר מעקאַנע געווענ: „זי האָט דאָס אויסגעפּאַשעט דעמ בענ אירנ, קיינ ביין זאָל אימ נִיט שאַטנ!" אינ אימ האָט פעסי ארײַנגעלייגט אינגאַנצנ איר ליבשאַפט. „איינ אויג אינ קאָפ, — האָט פעסי געזאָגט, — אונ אָנגעקומענ איז ער מיר גענוג שווער; קימאַט פונ העכער זיבנ יאָר נאָכ דער כאַסענע האָב איכ קיינ קינדער נישט געהאַט. איכ האָב שוינ געמיינט, אז איכ בינ אנ אקאָרע. ווו בינ איכ נישט אויסגעווענ, ביז איכ האָב זיכ דער־לעבט דאָס דאָזיקע? אונ מיט דעמ איז שוינ די ערד פאַרשלאָסנ

געוואָרנ". פעסי האָט אים ניט אָפּגעלאָזט פונ זיך אַפ קיינ מינוט;
צענ מאָל א טאָג פלעגט זי קומענ אינ כיידער אַרײַנ, זענ, וואָס דאָס
קינד מאַכט, ברענגענ אים אַלעמאָל אַנ אַנדער מינ זאַך: אַנ עסנוואַרג,
א נאַשערײַ, א לאַקעטקע. אַלע ייִנגלעך פונ כיידער האָבנ אים מע־
קאַנע געווענ, געשלונגענ די סלינע, זיך געווונטשנ זײַנ אַפ אַלטערס
אָרט... שלאָגנ אָדער שמײַסנ א ל ט ע ר נ ס  י ו נ ג האָט דער רעבע ניט
געטאָרט בעשום-אופנ; א פינגער אַז עמעצער האָט געפּרוווט אונ־
הייבנ אַפ אים, האָט פעסי אויסגעריסנ די אויגנ יענעם. ווינטער
אינ די גרויסע פרעסט אונ זומער אינ די גרויסע היצנ האָט אים
פעסי פונ דער שטוב ניט אַרויסגעלאָזט: „די טוירע, נישקאָשע,
וועט נישט אַנטלויפנ", — האָט זי געזאָגט. צום לערנענ האָט
אַלטער געהאַט יאָנ אַלעמענ זייער א פלאַמשיק קעפּל, אונ קיינ גרויסער
מאַסמיד איז ער אויך ניט געווענ. פעסי האָט געוווסט, אַז קיינ ראָוו
וועט ער געוויס ניט זײַנ, אונ האָט אָבער דערפונ ווינציק-וואָס יע־
סורים געהאַט: „נו, מײַלע, וועט ער ניט זײַנ, ווי דער טאַטע זײַ־
נער"... — אַזוי האָט זי געזאָגט אונ האָט אים צו זעכצנ יאָר אָפּ־
גענומענ פונעם כיידער, אויסגעהאַלטנ נעבנ זיך א פּאָר יאָר אונ
דערנאָך כאַסענע געמאַכט צו מאַזל.

א ווײַבל האָט אים פעסי גענומענ זייער אַנ איידל קינד, א „רוב־
ניעס"; אונ ווי פעסי איז געווענ א גוטע מוטער, אַזוי איז זי נאָך
מער געווענ א גוטע שוויגער. פייגל — אַזוי האָט געהייסנ אַלטערס
ווײַב — איז בײַ איר געווענ פאַרעכנט פאַר אַנ אייגנ קינד, אונ
פעסי איז אויסגעגאַנגענ נאָך אירע טריט, נישט אָפּגעלאָזט זי פונ־
נעם אויג אַפ קיינ מינוט: „פייגעלע, עפּשער ווילסטו אַט-אָ־דאָס?
טאָמער ווילסטו יענץ?" גוט ווי דער וועלט איז דאָרטנ געווענ פייגע־
לענ, זי איז געווענ גאָר גליקלעך; אָבער ניט לאַנג האָט געדויערט
איר גליק. אַרום־אונ-אַרום גוט קאָנ גאָר ניט זײַנ: גאָט האָט פייגעלענ
געשטראָפט אונ האָט איר נישט געגעבנ קיינ קינדער. אַלטער האָט
אַזוי געגאַרט א קינד, פעסי האָט אַזוי געוואָלט אַנ אייניקל, א נאַ־
כעס פונ אַלטערנ, אַז מע האָט פייגעלענ פאַרומערט דאָס לעבנ.
פריִער האָט זיך דאָס אָנגעהויבנ פונ א ווערטל אַפ צו קלוימערשט,
פאַרבײַגייענדיק, א זאָג גלאַט אַזוי: „דו ביסט דאָך א בעזדיעטניצע,
פייגל, וואָס האָט מענ מיט דיר צו שמועסנ?" אונ נאָכדעם האָט אַלטער
אָנגעהויבנ ביסלעכווײַז זיך בלאָזנ אַפ פייגעלענ, אונ פעסי פונ איר
זײַט האָט זי אָנגעהויבנ אונטערטרײַבנ — זי זאָל פּרוּווּנ דאָס אונ
פּרוּווּנ יענץ, פאָרנ אַהער אונ פאָרנ אַהינ, טאָמער וועט פאַרט עפּעס

העלפנ... „איכ האָב אַליינ, טאַכטער מײַנע, א צײַט קיינ קינדער נישט געהאַט, — האָט מיט איר פּעסי געטײַנעט, — אונ אז איכ האָב דערזענ, אז ס'איז שלעכט, האָב איכ אוואַדע געטאָנ קאָל-האַמיטלענ; איכ בינ געווענ, ווו דו ווילסט: אי באַם טאַטער, אי באַם רעבנ, לעהאַווודל, אי באַ יענער גויע, וואָס איכ זאָג דיר, אונ האָב איינ די עטלעכע יאָר אויסגעטרונקענ קרײַטער — טאַטעניו! וואָס דענ? אזוי איז גוט? וואָס איז א ייִדענע, מישטײַנס־געזאָגט, אז זי האָט ניט קיינ קינדער? אז מע האָט קינדער, האָט דער מאַנ אויכ ליב, אונ אז ניט, כאַלילע, פאַרדרייט ער מיט דער נאָז, אָדער ער טוט גאָר א שפּײַ"... ווינטער־ווינטער האָט פּעסי געאַרבעט אַלצ מער, זי האָט אײַנגעלייגט די וועלט, אפ יעדנ טריט פאַרצאַפּט פייגעלענ דאָס בלוט. „וואָס טויג זי דיר, די טאַטע ציג? — האָט פּעסי געטײַנעט מיט אַלטערנ. — גיט זי אָפּ אונ פּאָטער אנ אייסעק!" פייגל האָט דאָס אַלצ געהערט, אונ עס האָט זי גוט געקרענקט. נאָר זי האָט געטראָגנ די צאָרעס אינווייניק, טיפ אינ האַרצנ באַהאַלטנ. זי האָט אָנגעהויבנ צו קרענקענ, קורירנ זיכ, טרינקענ קרײַטער אונ פּלעשלעכ מיט פּראָשקעס, אזוי לאַנג, ביז זי איז געשטאָרבנ.

פּעסינ איז ניט באַשערט געווענ צו דערלעבנ א נאָכעם פונ איר קינד. מע האָט אפילע אַלטערנ גערעדט שידוכימ א סאַכ, עס האָט זיכ אַלצ געבונדנ אונ געבונדנ. עס האָט זיכ אָבער גאָרנישט אויסגעבונדנ. עפּעס האָט אַלטער קיינ גליק נישט געהאַט צו שידוכימ אונ איז אזוי אָפּגעזעסנ אַנ אַלמענ א היפּשע צײַט. פּעסי האָט זיכ שוינ איבערגעפּעקלט אפ יענער וועלט, אונ אַלטער זיצט אַלצ אַנ אַלמענ. נאָר עס זאָל אימ טאַקע שטאַרק אַרנ, וואָס ער זיצט אַליינ — ניינ! עס זאָל זיכ מאַכנ א רעכטער שידעכ — מאַכטייסע, פאַרוואָס ניט? נאָר יאָגנ זיכ, לויפנ נאָכ דעמ — עט, נישט קעדײַ!.. רעב קאַלמענ שאַדכנ שווײַגט אינ דעמ אפילע נישט אונ טוט זיכ זײַנ זאַכ גאַנצ פּעסט: ער שרײַבט בריוולעכ, רײַסט אײַנ די וועלט אונ פאַלט אָפּ אַרײַנ צו אַלטערנ מיט א גוואַלד:

— ביזוואַנעט איז דער שיר ביזוואַנעט, רעב אַלטער, צו מוטשענ? עס מוז דאָכ האָבנ אַנ עק מוז דאָכ עס!

— האָסט טאַקע, אפּאָנעמ, קיינ צײַט ניט, כויזעק איינער? — מאַכט צו אימ אַלטער מיט א שמייכעלע, ווי זײַנ שטייגער איז.

— גיט זשע מיר כאָטש עטלעכע גראָשנ גיט מיר דערווײַלע, רעב אַלטער!

— גראָשנס? פּע!

— אפ הויצאָעס, רעב אלטער, אפ הויצאָעס!

— וויים איכ, נו! -- ענטפערט אימ רעב אלטער, אונ מער ענט־
פערט ער אימ שוינ היינטיקס מאָל קיינ וואָרט ניט.

אָט אזא מינ ייִדל איז זיכ אלטער פעסים.

# XXIII

## אלטער איזגראָד קיינ נאר ניט, אונ די מומע יענטל לייגט זיכ אריינ אינ געשעפט

אלצדינג איז ביז א צייט; עס האָט זיכ איינמאָל געטראָפנ אזא מינסע: אלטער האָט זיכ פארשפארט מיט רעב קאלמענ שאדכנ בא זיכ, דאָרט אינ יענעמ כיידערל, ווו דער קאסטנ שטייט, — דער אָרט, וואָס אלטער פלעגט מאַמיד באנוצנ אפ צו רעדנ מיט עמעצנ א סאָד־זאכ, אונ האָט דאָרט מיט אימ עפעס לאנג געשמועסט. דאָס איז אָבער געווענ נישט גלאט אזוי געשמועסט, מאכמעס אז רעב קאלמענ איז פונ דאָרטנ ארויסגעגאנגענ, איז ער געווענ אפנ פּאָנעמ רויטלעכ אונ האָט אלץ געסמאָרעט מיט דער נאָז, צושאָקלענדיק מיטנ קאָפ אונ רעדנדיק צו זיכ אליינ: „פיינ, פיינ"... אונ דאָס איבעריקע, וואָס ער האָט האָרטנ אונטערגעברומקעט, ווייסט מענ ניט. רעב קאלמענ האָט צעלאָזט די פּאָלעס אונ איז באלד אוועק צו זלאטעס שוועסטער, צו יענטלענ. מיט איר האָט זיכ רעב קאלמענ געסוידעט א היפּשע צייט, סמאָרענדיק מיט דער נאָז אונ הוסטנדיק, ווי א מענטש, וואָס וויל עפּעס זאָגנ. יענטל איז געשטאנענ די גאנצע צייט אינמיטנ שטוב, האלטנדיק דעמ קאָפ אפ דער האנט, אונ האָט אלץ צוגעהערט, ווי רעב קאלמענ לעפּעטשעט מיט דער צונג, רעדנדיק האלבע ווערטער. אונ אז ער האָט זיכ שוינ ארויסגעקוועטשט אינגאנצנ, האָט זיכ פלור־צעמ יענטל א פּאטש געטאָנ מיט ביידע הענט איבער די ליטקעס, אויסשרייענדיק אפ א קאָל מיט אזא קאעס, אז רעב קאלמענ האָט אינ גרויס ציטערניש געמאכט א היפּשנ „בואי בשלום" 1 צוריק.

— צי איר זענט מעשוגע, צי כאָסער־דייע, צי גלאט אזוי פונעמ זינענ? — האָט יענטל געשאָטנ אפ אימ מיט פייער. — וואָס ס'האָט זיכ מיר געכאָלעמט יענע נאכט אונ היינטיקע נאכט אונ פאראיאָרנ ווינטער — זאָל פאלנ אפ מיינע סאָנימס קעפּ! גוט צונויפגעפּאָרט! איכ האָב אלץ געמיינט, איר שמועסט מיקוויעכ זלאטענ, צומ כאָפּ

1 בוי בעשאָלוימ — געמיינט: א פּאָר טריט.

זענט איר גאָר פארקראָכנ, אָהאָ! ווי זאָגט ער: „קורץ געטראכט אונ גוט געמאכט!" ער איז גאָר קיינ נאר ניט, אײַער אלטער, אפּאָנעמ? ווייס איך וואָס! מעשוגע מײַנע סאָנימ? אזא יונגס, א פּיסקליא, בלוט אונ מילכ! גוט צונויפגעפּאָרט — דעמ זומער מיטנ ווינטער! אזא פארשווינ צו אזא אלטנ קעלעוו, א רעטעכ, זײַט מיר מויכל, א רעטעכ!

— א רעטעכ, זאָגסטו, יענטל, א רעטעכ? אָבער א זאפטיקער רעטעכ, א פעטער, א געפּאקטער, זאָג איך דיר, אָנגעשטאָפּט מיט געלט! לאָמיכ האָבנ אזא יאָר לאָמיכ, וואָס פאר א גליק דאָס איז פאר דײַנ זלאטקענ איז דאָס. לוי=דײַ וואָס איך וויל איר געבנ א זאכ, ווי זאָגט מענ, א שמאלצ־גרוב, גליקלעכ מאכנ, איז זי נאָכ בערויגעז זי! דו ווילסט ניט, ווי דו ווילסט זיכ! איך האָב מיר מײַנס אָפּגעזאָגט איך, אונ די ברײרע איז בא דיר די ברײרע.

— א שמאלצ=גרוב? — זאָגט יענטל שוינ א ביסל ווייכער. — דאָס שמאלצ רינט אויס, די גרוב בלײַבט איבער. איך האָב מיכ אויכ געראדעוועט אפ א שמאלצ־גרוב, ווי איר ווייסט דאָכ, ווי זאָגט ער: כאטע פּאָקרישקע... נאָר גאָרניט, איר ווילט, איך זאָל רעדנ מיט מײַנ שוועסטער, וועל איך רעדנ, א וואָרט איז ניט קיינ פּאטש. נאָר איך זאָג אײַכ פריער, רעב קאלמענ, עס וועט נישט גיינ. עסטער איז אנ אנדער מינ קינד, נישט גלײַכ צו אנדערע היגע מיידלעכ.

— ניינ איז ניינ, וואָס איז? מע נייט דענ דאָ עמעצנ, כאָלילע, פונ קאָהאָל נייט מענ דאָ? א מיידל איז א האנטעכ: יעדער ווישט זיכ יעדערער. אונ וואָס איז עסטער וואָס? א בעקיווע. נא דיר א גראָשנ נא דיר. געוויינלעכ, אז דו וועסט זיכ ארײַנלייגנ, וועט מיסטאמע זײַנ רעכט מיסטאמע.

—יאָ,—זאָגט יענטל, באקלערנדיק דאָס געשעפט פונ אלע זײַטנ,— ווי מיינט איר אָבער, פונ זײַנ זײַט וועט נישט זײַנ קיינ שום מעניע?

— פונ אלטערס שמועסטו? — זאָגט רעב קאלמענ, צוטרעטנדיק נענטער צו יענטלענ. — א שיינע מײַסע, כלעבנ! יענער גייט אויס, כאלעשט, זאָגט זי גאָר א מעניע זאָגט זי!

— ניט דאָס מיינ איך דאָכ, — זאָגט יענטל, — איך שמועס פונ נאדאנ שמועס איכ. זלאטע, ווייסט איר דאָכ, איז, צווישנ אונדז רעדנדיק, נישט אימשטאנד ארויסצונעמענ אפילע קיינ הונדערט קערבלעכ נאדאנ. גענוג, אז זי באדארפ הײַנטיקע צײַטנ כאסענע מאכנ א טאָכטער אונ האָט ניט מיט וואָס נעבעכ. ווי זאָגט מענ: „עס איז גרינגער אופצוהייבנ א שיקער איידער א קאפצנ".

— ווייס איך וואָס דו רעדסט, יענטל, וואָס. אַלטער שטייט טאַקע אין דיינע זלאַטעס געלט שטייט ער? ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן, כּלעבן, ניטאָ!

— אויב אַזוי, — זאָגט יענטל, אַריינלייגנדיק אַ פינגער אין מויל, און פאַרטראַכט זיך, — אויב אַזוי, וועלן מיר זען. מע באַדאַרף זיך פּרוּוון: אַז מע קאָן ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער.

— מימאָנעפשעך, יאָ — יאָ, ניין — ניין! — זאָגט רעב קאַלמען, צעטומעלענדיק מיט ביידע הענט און איינבייגנדיק דעם קאָפּ, — נאָר אַוואַדע ווען דו ווילסט נאָר דו, וועט דאָס געוויס גיין, גאָר ניטאָ וואָס צו רעדן. די צונג פּיקן דאַרף מען דיר ניט, באָרעכ-האַשעם. מע באַדאַרף זיך נאָר אָננעמען אַ ביסל אַ קויעך, און דער איקער — נישט לאָזן אָפּקילן דאָס, ווי זאָגט ער... אַ גוטן!

— אַ גוטן! — ענטפערט יענטל. — איך וועל מיך נאָך איבערלייגן מיט מיין בייניעשן, וועלן מיר הערן, וואָס וועט ער אין בייניעש זאָגן דערויף: איינצווייען איז שטאַרקער.

— אויב רעכט! — ענטפערט רעב קאַלמען. — אויב דו ווילסט זיך איבערלייגן מיט אים, איז ווי דו פאַרשטייסט ווי, פאַרט אַ מאַן, ווי זאָגט ער... אַ גוטן!

— אַ גוטן! זעט זשע, רעב קאַלמען, כאַפּט זיך נאָר ניט אַרויס מיט קיין וואָרט פאַר דער צייט, ניט פאַר זלאַטען, ניט פאַר מיין בייניעשן. עס זאָל ניט אויסקומען אַ סאַך זמירעס — ווייניק לאָקשן. איר פאַרשטייט?

— פיין, פיין! — זאָגט רעב קאַלמען און גייט אַוועק פון יענטלען זייער צופרידן, רעדנדיק צו זיך אַליין דעם גאַנצן וועג.

דאָס איז אָבער געווען פון יענטלס זייט נאָר אַ טנועלע פון אַ דיפּלאָמאַט. עס האָט איר אַזוי געפּאַסט צו זאָגן, אַז זי באַדאַרף איינערדן וועגן דעם מיט איר בייניעשן. אין עמעס רעדנדיק, האָט זי דאָס גאָר ניט געטאָרט מעגאַלע זיין פאַר אים. בייניעש האָט איר נאָר געקאָנט קאַליע מאַכן, ניט פאַריכטן. בייניעש איז געווען אַזאַ מין סאָרט יונגערמאַן, וואָס האָט זיך אַמאָל גערעכנט פאַר אַ שטיקל מאַסקיל אין מאַזעפּעווקע. אַליין איז ער געווען אַ קאַשפּערעווער, פון דער גרויסער שטאָט קאַשפּערעוו, און אים האָט דאָס באַסיע געקריגן, ווי אַן אַנטיקל, פאַר איר קלענערער טאָכטער יענטל. כאָטש ווען האָט בייניעש געשעמט פאַר אַ צאַציקע, אַ יינגל פון לערנען; נאָר נאָך דער כאַסענע האָט ער זיך אַרויסבאַוויזן ניט אַזוי פיין:

ער האָט דאָס לערנענ פאַרבויגנ און האָט זיכ אָפּגעגעבנ צו אַנדערע מינימ לערנענישנ: צו ביכלעכ גאָר. נאָר מע איז פונ דעמ באַ-צײַטנס געוואָר געוואָרנ און מע האָט אימ פונ די ביכלעכ אָפּגעריסנ: באַסיע האָט גענוג געאַרבעט; זי האָט אימ געוואָלט נאָר גוטנ און גענוג: זי דאַרפ ניט אַזאַ סכוירע. זי האָט זיכ פאַרנאַרט אינעמ „פרעדמעט" — האָט זי אַלצ געמײַנעט, אַרויסרופנדיק פונ קאַש-פערעוו בײַנעשעס עלטערנ, און צוזאַמענ מיט זיי האָט מענ אַזוי לאַנג געאַרבעט, ביז מע האָט בײַנעשנ פאַרט געשטעלט אַפ די פיס און געמאַכט אימ פאַר אַ מענטשנ, גלײַכ מיט אַלע אַנדערע מאַזעפּעווו-קער יונגעלײַט. פונ דער צײַט אָנ איז בײַנעש געוואָרנ אַ סויכער און האָט שוינ מער קיינ ביכל נישט אָנגעקוקט אינ די אויגנ. דערופ איז יענטל אויכ געווענ אַ גוטער קאָזאַק און האָט מיט אימ געלערנט באַלעק. — ער זאָל וויסנ, וואָס אַ ווײַב באַדײַט, און געדענקענ, אַז אַ ווײַב באַדאַרפ מענ פאָלגנ. אינ האַרצנ אָבער איז בײַנעש פאַר-בליבנ אַ מאַסקיל; ער האָט ליב געהאַט מאַסקילימ, ווי דאָס לעבנ, און האָט נישט געקאָנט אָנקוקנ די אַלע מאַזעפּעווקער לײַט, אויבי-פראַט אָט אַ יענע שיינע ייִדנ, די פראָצענטניקעס, וואָס גייענ אַרומ מיט די שטעקעלעכ איבערנ מאַרק, עסנ און מאַטשענ דעמ אָרעמאַנ, ווי די ווערעמ, זויגנ אַרויס באַמ באַלמעלאָכע דאָס דאַמ-האַטאַמ-צימ.

— אוי, האָב איכ זיי פײַנט! — פלעגט בײַנעש זאָגנ אַפ זיי. — איינ גאָט ווייסט וויל דעמ עמעס! איכ וואָלט זיי אויפגעהאַנגענ אַלע אַפ איינ שטריקל, און פרײַער פונ אַלעמענ אָט אַ יענעמ פעמפיק, רעב אַלטערנ, אײַנגעזונקענ זאָל ער ווערנ!

— וואָס האָט ער אַזעלכעס געטאָנ? קוק אימ אָנ אַ ביסל, ווי ער האָט זיכ צעפלאַקערט! — פלעגט אימ יענטל לעשנ דאָס פײַער. — זײַ נאָר באַ זיכ ניט אַזוי גײַציק, בײַנעש! עס וועט קומענ אַ צײַט, וועסטו אַליינ באַדאַרפנ אָנקומענ צו אַלטערס לאַסקע, וועלנ מיר הערנ, וואָס דו וועסט דעמאָלט זאָגנ! ווי זאָגט ער: „פלי נישט צו הויכ, ביכדיי דו זאָלסט נישט באַדאַרפנ דערנאָכ אַראָפּפאַלנ"...

יענטל, אוי, האָט געטראָפנ! אַז בײַנעש איז שפּעטער מיט דער צײַט געוואָרנ אַ סויכער, האָט ער געמוזט אָנקומענ צו אַלטערנ נאָכ אַ האַלוואָע, און פונ דעמאָלט אָנ האָט ער אימ נאָכ מער פײַנט גע-קריגנ. אַז מע האָט גערעדט פונ אַלטערנ, האָט בײַנעש געציטערט פאַר קאַעס. יענטלענ איז די מײַסע זייער געפעלנ, און זי פלעגט דאָפּ-קע אָפּטלעכ, ביפראַט נאָכ רעב קאַלמענס וויזיט, רעדנ פונ אַלטערנ

און וועגן זײַן רײַכקײַט, וואָרפנדיק שטעכווערטלעך בײַנעשן אין בוזעם אַרײַן.

— און דאַפקע אָן ספֿקות און אָן ביכלעך! — פֿלעגט יענטל זאָגן, געבנדיק אים דערמיט אָנצוהערן, אַז זי פֿאַרשטייט אויך אַן איסעק.

— אָבער איך בעט דיך, — פֿלעגט בײַנעש זאָגן, — רעד ניט מיט מיר פֿון אָט דעם האָמאָן, דעם צוררי־היהודים! איך קאָן זײַן נאָמען ניט הערן.

— טאָמער ווייסטו, וואָס האָט ער דיר געטאָן אַזעלכעס! — פֿלעגט אים יענטל ענטפֿערן, פֿאַרדרייענדיק דאָס פּיסקל אויף אַ זײַט, — בײַשעור ער איז רײַך, ווײַטער איסעק איז דאָס? אַ סאַך וואָלטן געקאָנט רײַך זײַן, ווי אַלטער, ווען זיי זאָלן סײַכל האָבן אַזוי ווי ער... פֿריצענט, נאַרעלע, וואַקסט אָן רענן...

— אָבער אַז איך בעט דיך, יענטל, דערמאָן מיר ניט זײַן טרײַפֿענעם נאָמען! טו מיר צוליב און דערמאָן מיר אים ניט!

— קוק אים אָן אַ ביסל, ווי דער קויהען האָט זיך אײַן אים צערעדט! ער האָט זיך דאָס אַ ביסל צעשריגן, גלײַך ווי מע ווערט פֿון אים גליקלעך. וואָס האָסטו מיך דאָ כווישעד צו זײַן? עס שמועסט זיך וועגן אַלטערן, זאָג איך, אַז ער איז גאָר ניט אַזוי, ווי מע מאַכט. איטלעכער מענטש האָט סאָנים, ווי זאָגט מען אַ ווערטל...

— וואָס טויג מיר דײַנע ווערטלעך? זאָג מיר בעסער, יענטל, וואָס האָסטו זיך עפּעס פּלוצעם אַזוי צערעדט פֿון אַלטערן? עפּעס מוז דאָ זײַן, ס׳איז עפּעס ניט גלאַטיק.

— אַ מאָשל! דאָס איז יאָ, ווי מע זאָגט, אַז ציבעלע איז ציבולי, איז קנאָבל קנאָבולי. אַ שטומער וואָלט דאָס ניט אויסגערעדט אין קיין יאָר, וואָס דו אין אַ מינוט.

— ניין, יענטל, איך קאָן דיך שוין אַ ביסל; מיסטאָמע איז דאָס נישט אומזיסט.

— ווייסטו וואָס, בײַנעש? אָט ווער בעסער גאָר אַנשווייגן. ווי זאָגט ער: ווייניקער גערעדט און מער געמיינט. און אָקעס, פֿאַרשטייסטו מיך, האָט אַ לאַנגע צונג און קאָן, זאָגט מען, קיין שויפֿער ניט בלאָזן... אָט דאָס איז מיט דיר אויך. טאָמער וואָלט מען יאָ געקאָנט מיט דיר אויספֿירן אַ זאַך, קומסטו מיט דײַנע אויבערקעפּלעך באַלד. ס׳האָט זיך אָפּגעזוכט אַ כאָכעם — בײַנעש! אָדאָם אַ מענטש — קאַטשקע רוק זיך... גיי שוין, גיי, לאָמיך כאָטש ניט אָנקוקן פֿאַר די אויגן!

א מינ האצלאָכע! ביינעש האָט ליב זײַנ ווײַב, אונ דאפקע דעמלט, ווענ זי זידלט אימ גוט אויס אונ שעלט אימ דורכ; ווערט ער ווייכ ווי טייג אונ לאָזט זיכ קנעטנ. אונ יענטל קנעט אימ, מאכט מיט אימ, וואָס זי וויל:

— הערסטו, ביינעש, מע בעט פונ דיר נאָר איינ זאכ: זאָלסט הערנ אונ זענ אונ שווײַגנ, וואָרעמ קאליע מאכנ קאָנ א קאצ אויכ...

# XXIV

## זי ארבעט, ווי עס געהער צו זײַנ, אונ אלטער ווערט גוט בוצ לערערנ-האטעווע

ארײַנגמישנ זיכ אינ יענעמס געשעפטנ, זאָגנ א דייע דאָרט, ווו מע פרעגט אימ ניט, געבנ אנ אייצע, ווענ מע בעט אימ ניט, קוקנ, נאָכשפּירנ, זענ, וואָס בא יענעמ אינ טעפּל קאָכט זיכ, אוכעדוימע,— דאָס האָט ליב יעדער ייִד; ארײַנגמישנ זיכ אָבער אינ אזעלכע איניאָנימ, וואָס זענענ נעגייע אינעמ נעפּעש, טראָגנ אפנ קאָפּ דעמס יינגל אונ יענעמס מיידל, געפינענ פאר איטלעכנ זײַנ גלײַכנ, מעזאוועג-זיווגימ זײַנ, רעדנ א שידעכ — דערופּ, זעט איר, זענענ נאָר די מאזעפּעווקער גרויסע בעריעס, איינע אינ דער וועלט. איטלעכער ייִד איז דאָרטנ א שאדכנ, — ניט צוליב דאָס שאדכאָנעס-געלט כאָלילע; שאדכאָנעס-געלט, איז עס מאכט זיכ — מאכטייסע, ווער וואָרפט דאָס ארויס א זײַטיק קערבל? עס זײַנענ אָבער דאָ א סאכ אזעלכע, וואָס קלערנ אפילע ניט פונ ראכאש[1], זיי טוענ דאָס בעפייריעש לעשעמ-שאָמאוימ: מע דערזעט א באָכער מיט א בסולע, אנ אלמענ מיט אנ אלמאָנע, א גאָרוש מיט א גרושע, — פאלט טייקעפ ארײַנ אינ קאָפּ א געדאנק: „אָט וואָלט דאָס געווענ גלײַכ! כלעבנ, א גלײַכער שידעכ"... אונ מע הייבט אָנ באלד צו ארבעטנ אינ געשעפט, טאקע פונ יענעמס טויווע ווענג: דער אלמענ פאסט צו יענעמ מיידל, יענער באָכער, נישקאָשע, מעג נעמענ די גרושע, אונ דער גאָרוש איז פּאָשעט אָנגעמאכטנ פאר יענער אלמאָנע. מע פוילט זיכ ניט בא אזעלכע עסאָקימ, מע פארבייגט אלע געשעפטנ אונ מע גיט זיכ אָפּ, מע ליגט זיכ ארײַנ, אונ מע טוט אלע מעג-

1 ר ח ״ ש — ראבאָנימ, כאזאָנימ, שאמאָסימ. בעקיצער: געלט פאר זיי.

לעבקײַטנ, אז דער שידעכ זאָל זײַנ א שידעכ, גלײַכ ווי עס איז זיי נעגייִע אינ לעבנ אָדער אינ פּאַרנאָסע. זיי קאָנענ ניט לײַדנ, עס שלאָגט זיי צו דער גאַל, אז זיי זעענ אנ אלטנ באָכער אָדער א דערוואַקסנ מײדל: „ביזוואַנענ, — זאָגנ זיי, — איז דער שיר צו זיצנ, טאַקע ביז דעמ גרויענ צאָפּ?” ערגער פונ אלצדינג איז בא זיי, אז א מײדל פאַרזיצט; מע שעמט זיכ מיט איר צווישנ לײַטנ; מאַנצבילנ האַלטנ זיכ מיט איר פרײַ, ווי מיט א זאַכער, ווײַבער קוקנ אפ איר, ווי אפ איבערגעוואַקסענעמ בריונ, עס קומט עפּעס אויס זייער פריקרע — מע פאַרדרייט די נאָז. אלע האָבנ אפ איר ראַכמאָנעס, אונ ס'איז א גרויסע מיצווע פאַר גאָט זי צו פאַרשלייערנ.

— מעגסט דיר זײַנ בערויגעז, זלאַטע, נאָר דעמ עמעס אינ א זײַט קאָנ מענ ביט אוועקלייגנ. ווי זאָגט ער: „זא פּראַוודו ביוט”. איכ בינ אנ עלטערע שוועסטער, מעג איכ דיר זאָגנ אלץ, וואָס אפנ האַרצנ בא מיר. דײַנ עסטער איז אוואַדע א ווילדע, א טײַערע אונ אנ ערלעכע, אפ מיר איזא יאָר; לאָמיכ האָבנ אזא דײַגע מיט פּאַרנאָסע, ווי דו האָסט א דײַגע מיט א שידעכ; פונדעסטוועגנ דאַרפסטו נישט פאַרגעסנ, אז זי הייסט שוינ ניט קיינ יונג מײדל, דו אינ אירע יאָרנ האָסט שוינ געהאַט צוויי צי דרײַ קינדערלעכ... לאָמיכ האָבנ אזא לעבנ, וואָס פאַר א שיינעמ נאָמענ זי האָט אינ שטאָט; נאָר אוואַדע, אז איכ הער, מע זאָגט אפ דײַנ טאָכטער: „אָנ גייט זי, די אלטע מויד”, שטעכט דאָס מיכ געווויס אינ דער זיבעטער ריפּ, וואָס האָט מענ דאָ צו קלערנ? ווי זאָגט ער: „ארנ ארט דאָס מיכ ניט, נאָר סע בראָט מיכ אונ סע ברענט מיכ”...

אזוי האָט אײַנגעטײַנעט מיט זלאַטענ איר עלטערע שוועסטער, ברײַנע די קאָראַלניצע, א גראָבע פונדאַמענטאַלע יידענע, מיט א קאָל פונ א מאַנצביל, מיט א קאָראַווע פּאָנעמ אונ מיט שוואַרצע וואָנצעס אפ דער אייבערשטער ליפּ; אינ שטאָט האָט זי געשעמט פאַר א גרויסנ באַרדאַס, אנ ערלעכע, א פרומע יידענע אונ זייער א צוגעלאָזטע צו אָרעמעלײַט, פאַר וועלכע זי פלעגט אָפט זײַנ א שטאַדלענ, דאָס הייסט נעמענ א פּאַטשיילע אונ ארומגיינ מיט נאָכ א יידענע צונויפנעמענ נעדאָוועס פאַר אָרעמע קימפּעטאָרנס, אפ האַכנאָסאַס-קאַלע, אפ לעכעמ-עווייִנימ אונ עדוימע. מע קאָנ ניט זאָגנ, אז אינ שטאָט האָט מענ זי שטאַרק ליב געהאַט, מאַכמעס זי פלעגט זייער דעקוטשענ מיט אירע אָפטע נעדאָוועס קלײַבנ. „אָנ גייט זי שוינ, די גאַבעטע מיט דער פּאַטשיילע”, — פלעגט מענ זאָגנ, באַמערקנדיק זי פונדערווײַטנס. איר מאַנ, מוישע-אַווראָמ זאַליאַזניק, האָט זיכ געהאַט

זײַנ געשעפט — אײַזנ, אונ ברײַנע, וואָס איז אויסגעוואַקסנ בײַ באַסיע דער הורטאָוניצע, האָט נישט געקאָנט זיצנ לײדיק אָנ א שום באַשעפטיקונג. דעריבער האָט זי זיכ אונטערגעהאַנדלט אַפ איר געלט מיט קאַרעלנ. איר מאַנ האָט אַפילע פונ אירע געשעפטנ ווינ-ציק=וואָס האַנאָע געהאַט, מאַכמעס דאָס גאַנצע דאַברע=מאַזל פלעגט בײַ איר אַרײַנקומענ אינ די אָרעמעלײַט אַרײַנ, די אָרעמע קימפּע-טאָרנס מיט די אָרעמע קאַלעס, וואָס זי פלעגט כאַסענע מאַכנ. נאָר וואָס האָט ער געקאָנט דערצו העלפנ? באַסיעס טעכטער האָבנ פײַנט געהאַט, אַז דער מאַנ זאָל זײַ זאָגנ דייעס. בײַ זלאַטען האָבנ ברײַנעס רייד געהאַט א גרויסנ ווערט.

— וואָס זשע זאָל איכ טונ, אַז אַלמאָנע מיט ברעקלעכ קינדער יעסוימים? — האָט זי זלאַטע געפרעגט. — וואָס קאָנ איכ טונ דער-צו, אַז עס מאַכט זיכ פאָרט נישט איר גלײַכנ? מיט גוואַלד קאָנ איכ דאָכ נישט נעמענ, אַז עס קומט נישט אַלײַנ. עס איז מיר, מאָל דיר, גע-נוג ביטער אונ פינצטער, אַז איכ טו א קוק אַפ עסטערנ, קיינ אײַנ-האָרע... — פאַר גרויס אַגמאַס-נעפעש האָט זיכ זלאַטע צעוויינט, אונ ברײַנע האָט איר אויסגערעדט דאָס האַרצ, ווי ווײַט זי האָט גע-קאָנט, געדרונגענ איר פאַרקערט, אַז עסטער איז גאָר נישט אַזאַ „פּרעס-טאַרעצ", וואָס מע באַדאַרפ זיכ דאָ אַזוי שלאָגנ. אַז עס וועט קומענ די צײַט, וועט איר זיווג קומענ, טרעפנ אַלײנ דעם אָרט, וואָרעמ קיינ סאַכ עסטערס איז נישטאָ דאָ אינ שטאָט, וואָס זאָל מענ זיכ דאָ נאַרנ? גאָט קאָנ העלפנ, אַז ער וויל נאָר. „וועסט זענ, אימ-ירצע-האַשעמ, האָבנ איר גרויס נאַכעס"...

ניט אַזוי אָבער האָט זיכ באַנאַנגענ זלאַטעס ייִנגערע שוועסטער, יענטל; זי האָט זיכ גענומענ צומ אײַסעק גאַנצ געטרײַ, נאָר אַפ אַנדע-רע קיילימ. זי האָט געקאָנט זיכ אַרײַנלייגנ אינ אַזאַ איניענ, ווי עס געהער צו זײַנ, אונ צײַט האָט זי געהאַט דערופ גענוג. יענטל איז געווענ א היימיש ווײַבל, דאָס הייסט נישט קיינ מאַרק-ײִדענע, ווי ברײַנע אָדער זלאַטע. זי איז געווענ די ייִנגסטע פונ אַלע דרײַ טעכטער בײַ באַסיע דער הורטאָוניצע, די מיזינקע, אונ איז אויפגעצויגנ גע-וואָרנ בײַ באַסיענ שוינ אַפ די עלטערע יאָרנ, ווענ יענע האָט שוינ נישט געקאָנט אַזוי זיכ אָפּגעבנ מיט איר טאָכטער אונ זי מאַכנ פאַר א מענטשנ, ווי די עלטערע טעכטער. דערצו איז יענטל פונ טאָמיד אָנ געווענ א פוילע; זי האָט ליב געהאַט פרעמדע בענק מיט פרעמדע געשעפטנ, אונ איבערהויפט — אַזעלכע איניאָנימ, וואָס געהערנ זיכ אָנ צו כאָסנ-קאַלע, מאַנ אונ ווײַב, שוועסטער אונ ברודער. דאָרט

האָט יענטל שטאַרק ליב געהאַט אַרײַנצושטעקנ אַ נאָז, אַרײַנוואַרפנ אַ וואָרט, פאַרקאָכנ אַ כאַסענע, און נאָכדעמ, אַז יענע האָבנ זיכ שוינ גוט געריסנ פאַר די שלייערס, פלעגט זיכ יענטל שטיינ פונדערווײַטנס, שטיל, פײַנ, גאָט די נעשאָמע שולדיק. עס פאַרשטייט זיכ, אַז דאָרט, וווּ מע האָט זי געקענט — און געקענט האָט מענ זי אומעטומ, ווי אַ בייזנ שילינגער! — האָט מענ זיכ שוינ געהיט פאַר איר. אַז צוויי ווײַבער האָבנ גערעדט אינ מאַרק און יענטל איז אָנגעקומענ, איז מענ באַלד אַנשווינגנ געוואָרנ: „שאַ, אָנ גייט דער ניט-גוטער, כאַטש פאַק-רישקע”... אַפילע צווישנ אירע אייגענע שוועסטער האָט יענטל פאַרקאָכט אַזעלכעס, אַז ברײַנע מיט זלאַטע פלעגנ זײַנ צווישנ זיכ בערויגעז יאָרנווײַז. יענטל האָט געהאַט אינ זיכ אַזאַ קויעכ, אַז זי האָט דערציילט עפעס אַ זאַכ, האָט מענ איר געמוזט גלייבנ. איר טאַלאַנט איז געלעגנ באַהאַלטנ אינ איר מויל, אינ איר מינע, אינ אירע אויגנ. צײַט האָט זי געהאַט געננוג, קיינ קינדער האָבנ זיכ בא איר נישט געהאַלטנ, מיטנ געשעפט איז געווענ פאַרנומענ בײנעש (ער איז געווענ אַ מויכער-טווועניק), און די טירנ פונ יעהודער שטוב זענענ געווענ אָפנ: פאָרט באַסייע דער הורמאָוניצעס אַ טאָכטער! קיינ נאַר איז יענטל נישט געווענ, רעב קאַלמענ האָט געוווּסט, ווענ ער האָט אויסגעקליבנ פאַר זײַנ געשעפט מיקוייעכ אַלמענות. יענטל האָט אָנגעהויבנ צו אַרבעטנ אינעמ אייסעק אַזוי בערייש, אַזוי קונציק, אַז זלאַטע, וואָס איז געווענ אויכ ניט פונ יענע, ווי מע זאָגט, וואָס גייענ צענ אַ גראָשנ, האָט דאָ נישט אַרויסגעזענ קיינ שום סימענ פונ אַ מאַשינע, פונ אַנ אונטערפיסל. אַדרעראַבע, רעדנדיק מיט זלאַטענ וועגנ אַלמענות, האָט אימ יענטל ראַק אויסגעלאַכט, געמאַכט כויזעק פונ אימ און פונ זײַנ פירנ זיכ.

— אויב מיר אַ לעבנ! — האָט יענטל געזאָגט, גלאַט אַזוי בדרכ-הליכה [1] — איינער אַליינ מיט די פיר ווענט! עסט און טרינקט און ציילט דאָס געלט. רײַב צונ-אַלדי שוואַרצע יאָר, מאַמענ-קוירעכ. וואָס גייט אימ אָפ? קאַפּוויטעק, איכ בעט דיכ? ער זאָל זײַנ כאָטש אַ ביסעלע יינגער, וואָלט מענ אימ נעגעבנ אַ קאַלע, כאָטש אַפילע אָנ געלט.

— געטראָפנ דאָס וואָרט! — ענטפערט איר זלאַטע. — יענער וואָלט זיכ אַליינ פאַרקויפט פאַר געלט, זאָגט זי גאָר דאָס!

— האָסט אַ גרויסנ טאָעס, זלאַטע. מיר האָט קאַלמענ געשוואָרנ

---

1 בעדערעכ-האַליכע — פאַרבײַגייענדיק.

אזוי, אז מע מעג גלייבנ אפילע א הונט, אז ער זוכט א שידעכ פונ־זײנעטוועגנ, אונ דאפקע פונ געמיינעם גראד, ס'הייסט פונ באלעבא־טישנ שטאנד, עס מעג זײנ אנ געלט, אבי דאס קערנ איז א קערנ, וועט ער נאכ צוצאלנ אינ בײטל ארײנ. איכ זאג דיר דעמ עמעס, זלאטע, ווענ איכ האב קינדער, ניט ווי גאט האט מיכ געשטראפט, אונ כאטש א טאכטער א היפשע, וואלט איכ קײנ צוויי ווערטער נישט גערעדט. כאפט אימ דער וואטנמאכער, וואס ער איז א דאוואר־אכער, אבי פארזארגט א קינד. עי, הערסטו, זלאטע, רופ מיכ נאר אונ גיב מיר לעקעכ...

אינ אזעלכע שמועסנ האט יענטל פארבראכט מיט איר שוועסטער גאנצ אפטלעכ, נאר טאמיד אזוי קונציק ארופגעקומענ אפ אלטערנ, אז יענע האט זיכ בעשומ־אויפנ נישט אנגעשטויסנ אפ יענטלס פלאנ. איינמאל האט זיכ זלאטע באכדעמ פאר איר ארויסגעכאפט מיט א ווארט אונ האט זיכ א זאג געטאנ:

— ווי מיינסטו, יענטל, אשטייגער, מײנ עסטער זאל אימ וועלנ?

— ווייס איכ וואס? מעשוגע מײנע סאנימ! — האט איר יענטל געענטפערט. — וואס איז? דײנ עסטער איז דא די מיעסע מויד, וואס מע באדארפ זי פאטערנ? ווייס איכ וואס, אבי גערעדט!

— אײ, זאג עס ניט, יענטל! אײנ גאט איז יוידייא דעמ עמעס, וואס איכ טראג. ס'איז מיר גוט צו הערנ. מאל דיר, די רייד, וואס מע הערט!

— וואס זשע רעדט מענ אזעלכעס, וואלט איכ געוואלט וויסנ? — מאכט יענטל מיט א טאמעוואטער מינע.

— וואס האכטו געוואלט, זאל מענ רעדנ? ס'איז געוויס, אז מע רעדט פונ עסטערנ, אז זי איז שוינ א דערוואקסענע, קײנ אײנהארע, מע זאגט...

— מע זאגט? מע רעדט? וואס טויג מיר, זלאטע, דער „מע"? מע — איז א ציג! לאזנ זיי דיר רעדנ פונ פײער אונ פונ וואסער, אט די אלע, וואס רעדנ! לאזנ זיי בעסער א קוק טונ אפ זיכ אלײנ, אונ לאז זיי נישט דארנ דער קאפ פאר יענעמ! נײנ, איכ מײנ טאקע בעעמעס, איכ קאנ אזוי ניט לײדנ, אז מע מישט זיכ ארײנ אינ יענעמס געשעפטנ. אז איכ וואלט זיי נאר צעריכנ, אט די אלע, וואס רעדנ! וואס גייט זיי אנ, וואס עסטער איז נאכ קײנ קאלע ניט? וואס ארט דאס זיי? פארוואס ארט דאס מיכ ניט, אז לייע-ציפוירעס טעכטערל איז אנגעשטאפט מיט יארנ, ווי א זאק מיט באלאווע? פארוואס זארג איכ מיכ ניט, וואס מינצים מויד שמעקט שוינ מיט קווארעס־

בלעטלעכ? פארוואס רעד איכ נישט פונ בענצי? דעם רויטנס דרייַטעכטער, וואס זענענ שוינ לאנג אריבער דעם פריזיוו אונ קיינ מעשוגענער כאסנ וויל אפילע נישט אריינשמעקנ אהינ? פארוואס גיי איכ ניט ארומ אונ שרייַ ניט אפ מאלקע־העניס שנור, וואס האט פלוצעמ אראפגעווארפנ דעמ פאריק פונעמ קאפ? וואס איז? בייַשער איר מאנ האט פארדינט געלט? האסט מוירע, ער וועט אוואדע ניט אנזעצנ? אונ גאלדע דער קאראלניצערס טאכטער האט זיכ נישט געקושט יענע וואכ מיטנ מעשארעס אפנ יאריד, אונטער דער סטאיקע? איכ קאנ עס נישט סויוול זייַנ, עס ברענט מיכ, עס טראגט מיכ אינטער, אז איכ הער, ווי מע בארעדט יענעמ אונ מע קוקט נאר אפ יענעמ, נאר אפ יענעמ!..

יענטל צעפלאקערט זיכ אזוי, אז זי גייט אוועק א צעקאכטע, פארגעסנדיק קלוימערשט, ווו זי האלט. שפעטער, אינ א פאר טעג ארומ, קימט זי ווידער צו זלאטענ אינ קלייט אריינ, זעצט זיכ נעבנ איר אינ דרויסנ אפ דער באנק מיט אנ ארבעט אינ דער האנט אונ מאכט צו איר אזוי:

— הערסטו, זלאטע, איכ האב מיכ באטראכט אינ דער היימ אונ גוט איבערגעלייגט זיכ מיט מייַנ ביינעשנ וועגנ יענעמ, וואס דו האסט מיר אנומלטנ א זאג געטאנ; איכ האב זי באקלערט, אז ס'איז גאר ניט אזוי קרומ, ווי איכ האב געמיינט פונ דער לעכאטכילע. ווי זאגט ער: „קרומ ווי א קאטשערע, גלייַכ ווי געטראפנ”... מע זאגט דאכ פארט אפ אימ, אז ער איז רייַכ, אנגעשטאפט מיט געלט, אונ קיינ קינדער האט ער אויכ ניט...

— וואס זשע, ער האט גאר ניט געהאט קיינ קינדער? — פרעגט זלאטע פארטראכט, קראצנדיק מיטנ דרעטל אונטערנ שלייער.

— וועלכער רועכ! — זאגט יענטל, אוועקלייגנדיק די ארבעט אפ א זייַט. — דאס הייסט, ער האט יא עפעס געהאט אמאל. זייַנ ווייַב איז געווענ א כאליערע. דו געדענקסט נישט פייגלענ? זי איז פונ טאמיד אנ געווענ א גרינע, לאז זי מיר מויכל זייַנ, א דער־רועכ־ווייסט־וואס, שטענדיק זיכ געדאקטערט אונ נאר געדאקטערט. זי האט מאפל געווענ עפעס א פאר מאל אונ האט אופגעהערט צו קינדלענ שוינ ביזנ טויט אריינ.

— איכ האב א רעד געטאנ מיט עסטערנ, — זאגט זלאטע מיט א זיפצ, — האט זי אפילע צוגעשוויגנ. איכ ווייס, וואס זי מיינט מיט איר שווייַגנ? הייַנטיקע קינדער, גיי טרעפ, וואס ס'טוט זיכ בא זיי! נאר עסטער איז אזא קינד, קיינ אייַנהארע, וואס פארשטייט איר טאכלעס, אונ אקעגנ איז זי מיר קיינמאל נישט געגאנגענ.

— נו, אונ יענער וויל טאקע, אפּאָנעמ? — טוט יענטל זיכ א פרעג גלאט אזוי.

— צי ער וויל, פרעגסטו? א שיינע מייסע, כלעבנ! יענער גייט אויס, ער האָט שוינ עטלעכע מאָל אונטערגעשיקט קאַלמענענ, אונ איז שוינ אַליינ אויכ עטלעכע מאָל געווענ בא מיר אינ קלייט, בעשאס עסטער איז גראָד געשטאַנענ נעבנ מיר, — אונ דו פרעגסט, צי ער וויל! יענער וויל זי אָפּגילטנ, אונ זי זאָגט גאָר דאָס!

— אזוי גאָר? — זאָגט יענטל, גלייכ ווי זי ווייסט גאָר ניט פונ די אַלע נייסנ, אונ לאָזט איבער דעמ שמועס אפ אנ אנדערס מאָל, פארשלאָגנדיק היינטיקס מאָל מיט האקע־באקע: געגנדז, איינגעמאכטס, געראָטענע כאלע אפ שאבעס אונ דעסגלייכנ.

***

זלאטע האָט זיכ נישט אוועקגעזעצט רעדנ מיט עסטערנ מיקויעכ א שידעכ, מיקויעכ כאסענע האָבנ, נאָר עס פלעגט בא זיי ביידע ארופקומענ דערופ מעמילע גאַנצ אָפטלעכ. דער גרעסטער פארגעניגנ זלאטעס איז געווענ, אז זי האָט געקאָנט אָפּרייסנ אנ איבעריקנ גראָשנ פונ דער הויצאָע, ביכדיי איינצוברענגענ דער טאָכטער אפ פּאָוועלע צו דער כאסענע. בא זלאטענ אינ קאסטנ זענענ שוינ געלעגנ פונ קאַ־מע-וועקאמע יאָרנ אָנגעגרייט א האַלב טוצ העמדער מיט זייער שיינע אויסגענייטע געסטעקעס אונ מיט פראָשוועס נאָכ דער לעצטער מאָדע, ציכלעכ געשטיקטע, א פּאָר פיקענע קאָלדרעס אונ בייוועלעכ אפ זאָקנ אוכעדוימע, האקלאָל, דער קאסטנ איז געווענ בא זלאטענ א מינ קאזנאַ־טשייסטווע, א באנק, וווהינ זי האָט איינציקווייז, ביסלעכווייז אָפּגע־לייגט איר פּאַרמעגנ פונ עסטערס וועגנ.

— וואָס פראטעסטו? — האָט צו איר יענטל איינמאָל א זאָג געטאָנ, דערזעענדיק זלאטענ זיכ פּאָרענ באמ קאסטנ.

— וואָס איכ „פראטע”? — האָט איר זלאטע אָפּגעענטפערט מיט פארדראָס. — מיסטאמע פונעמ אנדערנ מאנס וועגנ, וואָס פאר־שטייסטו דאָ ניט?

— נישט לאַנג געטראכט אונ גוט געמאכט! — האָט איר יענטל געענטפערט מיט א גלייכ ווערטל, ווי איר שטייגער איז. — לאָז עס מיר אָנקומענ, וואָס איכ ווינטש דיר, האָסטו געהערט? איכ זע, דו קלויבסט, פרעג איכ פונ וועמענס וועגנ. פאר א וואָרט קומט קיינ פאטש, ווייס איכ? לאָז זיינ היינטיקס מאָל אזוי.

— דו ווייסט גאַנצ גוט, צו וואָס זאָלנ מיר זיכ נארנ, אז דאָס איז

מײַנ עסטערס פֿאָוועלע צו דער כאַסענע, גיב גאָט גאָר אינגיכנ, רײ־
בױנע־שעל־אױלעמ, שױנ צײַט!

עסטער, וואָס איז דערבײַ געזעסנ, האָט געמוזט אױסדרײען דעמ
קאָפּ צומ פֿענצטער צו, ביכדײ מע זאָל ניט זען איר פּאָנעמ, אַפֿ
וועלכנ עס האָט זיך צעגאָסנ א רױטע פֿאַרב...

אײנמאָל, עס איז געווען א ווינטער־נאַכט, איז זלאַטע געזעסנ אַפֿ
דער לעזשאַנקע איבער א זיפּ מיט פֿעדערנ, און בא דער זײַט אַפֿ דער
באַנק איז געזעסנ עסטער און האָט געניִיט ציצעניע אַרבע־קאַנפֿעסלעך
פֿונ די קינדערס וועגנ, עפּראַימ מיט מענאַשענ. צווישנ זלאַטענ מיט
עסטערנ זענענ שױנ לאַנג אױסגעגאַנגענ רײד, און זײ זענענ שטיל
געווענ פֿאַרטיפֿט אינ דער אַרבעט. קײנ שאָרכ האָט זיך נישט געהערט,
ניט אינ שטוב, ניט פֿונ דרױסנ. נאָר דער אַלטער גרױער קאָטער האָט
ציטערדיק ארױסגעלאָזט א כאָרכלענ, דרימלענדיק דאָרט ערגעצ אַפֿנ
אױוונ. פּלוצעמ לאָזט זלאַטע ארױס א שטאַרקנ טיפֿנ זיפֿצ, קימאַט
ווי א שלוקערצ, מיט א קוויטש און מיט אנ אױסלאָז: „וויי־וויי־ווײ־
וויי!"

— וואָס איז, מאַמע? — פֿרעגט עסטער ווי דערשראָקנ.

— וואָס „וואָס איז"? — פֿרעגט זלאַטע איבער.

— וואָס זיפֿצסטו אַזױ שטאַרק? — פֿרעגט עסטער, אָוועקלײגנדיק
די אַרבעט.

— וואָס איך זיפֿצ? — זאָגט זלאַטע. — עס זיפֿצט זיך — זיפֿצ
איך. אַוואַדע, ס'זאָל זײַנ גוט אַפֿנ האַרצנ, וואָלט זיך ניט געזיפֿצט.
נישט פֿאַר ווילטיק, וואָס זאָלסטו דאָ קלערנ? אַז מע הײבט זיך אָנ
באַרעכענענ אַקוראַט אַרומ־און־אַרומ, גײענ איבער אַלערלײ מאַכשאָ־
וועס איבערנ קאָפּ. גאָרניט, מע זאָרגט, מע וויל פֿאַרזאָרגנ די וועלט.

— וואָס זשע העלפֿט דאָס זאָרגנ? — מאַכט עסטער מיט א
פֿרײַנטלעכער מינע צו דער מאַמע. — זעסט דאָך, אַז גאָט פֿירט
אונדז אױס, ווי אַלע יידנ. אָט גײענ קראַסנע טאָרגעס*, צו גאָט א
האָפֿענונג, מע וועט לײזנ געלט.

— געלט־שמעלט! — מאַכט זלאַטע. — ס'איז פֿאַראַנ גרעסערע
זאָרג: מע דערמאַנט זיך קינ'ער. זײ וואַקסנ, עפּעס א טאַכלעס דאַרפֿ
מענ דאָך, און איך האַלט נאָך גאָר פֿונ פֿאָרנט. איך מײנ טאַקע מיט
דיר אַלײנ, וואָס — איך בעט דיך? וואָס קומט מיר ארױס, איך מײנ

* מאַרק־טעג, ווענ זײ קרעמער לײזנ געלט פֿונ די דאָרפֿסלײַט. (באַמ. פֿונ אױט.).

בעמעס, פונ קאלמענס קריכנ, וואָס ער קריכט? אז קיינ נאָדאָנ, מישטיינס-געזאָגט, איז ניטאָ, און אַנ נאָדאָנ וויל יענער ניט, און הייסנ הייסט מענ נאָכ לאָשנ באַלעבאָטים, מיינט יענער, אז סע קישעט גאָר, קריכט ער: גיי גיב יענעמ אָרויס, וואָס אפנ האַרצנ טוט זיכ! און דערווייל די צייט שטייט ניט. און וואָס מער א טאָג, איז מער א יאָר. כאָלילע, איכ זאָל גאָר ניט דערלעבנ, מע זאָל אפ מיינ קינד זאָגנ „ביז דעמ גרויענ צאָפ“...

אינ דער מינוט עפנט זיכ די טיר, און עס פליענ אריינ עפראַימ מיט מענאַשענ פונ כיידער, ביידע פאַרפלאָמט פונעמ פראָסט, מיט קאַצענע טולופלעכ און מיט קנעלעכיקע גאַרעסענע היטעלעכ און מיט א פאפירענעמ לאמטערנדל אינ די הענט.

— א גוטנ-אָוונט! — זאָגנ זיי ביידע אינ איינ קאָל, טאַנצנדיק און אראָפּוואַרפנדיק פונ זיכ די טולופלעכ. — עסנ! עסנ! — שרייט אויס מענאַשע, שלעפנדיק עסטערנ פארנ קליידל.

— שאַ, שאַ, איכ גיב, איכ גיב! — זאָגט עסטער, אויפהייבנדיק זיכ פונעמ אָרט, און דערלאַנגט די קינדער וועטשערע — טייגלעכ מיט פאַסאָליעס.

עפראַימ איז עלטער פונ מענאַשענ נאָר מיט איינ יאָר, נאָר ער איז א סאַכ סטאַטעטשנער, מענישער פונ מענאַשענ. א ווייסער, מיט א דאַר אויסגעווייקט פענעמל, מיט צוויי לאַנגע דינע פייעלעכ, זעט ער אויס טאַקע ווי א בענ-טוירע. „ער, אָלעוו-האַשאָלעמ, איינגאַנצנ ער, נעפריטשקאָמ, נאָר מיט לענגערע יאָר“... — אַזוי פלעגט אפ אימ זאָגנ זלאַטע, מיינענדיק איר ליוויענ. און מענאַשע איז א נידעריק, געפאַקט יונגל, א גרויסער ווייסערבעווערעניק, א ברענ, א באַלנ צו פאַרנ ריינטנדיק אפ א ציג, א גרויסער נאַשער, א פלאַפלער, האָט ליב אריינצושטעקנ די נאָז אומעטומ, איז גרייט איבערקערנ א וועלט, נאָר לערנענ — ניט א לעק.

— מאַמע, מאַמע, דו ווייסט? — זאָגט מענאַשע, שלינגענדיק די ווערטער איינעמ מיט די טייגלעכ און מיט די פאַסאָליעס. — דו ווייסט, מאַמע? עפראַימ זאָגט שוינ אליינ „א לייענענ“! דער רעבע האָט אימ פאַרגעבנ אפ דאָנערשטיק א לייענענ, און פיני-מייער-פיניס איז דאָכ א היפשער באָכער, איאָ? ווייסט ער ניט מא-דעקאָמער-רעבעצנ 1. נו-נו, האָט מענ אימ געשמיסנ, וויפל ס'איז אינ אימ אריינ! זיינ גליק, וואָס צומ רעבנ איז געקומענ צו גיינ רעב קאַלמענ מיקויעכ

1 געמיינט: ער ווייסט פונ קיינ זאַכ ניט; ער הייבט ניט אָנ צו פאַרשטיינ.

א שידעכ. דער רעבע פירט א שידעכ, און רעב קאלמענ גייט אלע טאג, אלע טאג, און זיצט אוועק דרײַ זייגער־שא, און מיר ווערנ צעזעצט פאר געלעכטער, און פיני-מייער־פיניס האט זיכ דערוויַל ארויסגע-דרייט פונ זײַנע הענט און ווייסט די געמארע, ווי א וואלפ...

— נו, און דו ווייסט די געמארע? — טוט אימ עסטער א פרעג, האלטנדיק די הענט צונויפגעלייגט אפנ הארצנ און קוקנדיק מיט פאר-גענינג אפ די יונגע קינדער, ווי זיי עסנ אזוי געשמאק זייער „פארציע“ נאכ אזא פארברענגענ א טאג מיט אנ אפדערנאכט אינעמ ענגנ כיידער בא א דרײַ־גראשנדיק ליכטל. און זלאטע ווערט ברייטער ווי לענגער פאר סימכע, באטראכטנדיק אירע קינדער, די ברילִיאנטנ; איר הארצ איז פול מיט דאנק צו דעמ, וואס לעבט אייביק, פאר זײַנע גרויסע כסאדימ, וואס ער טוט מיט איר, א וויסטע פינצטערע אלמאנע... פלוצעמ ווערט אבער זלאטעס פרייד פארשטערט: עפראימ, וואס איז געזעסנ ביז אהער שטיל, טוט פלוצעמ א זאג צו איר.

— מאמע, דער רעבע האט געבעטנ געלט.

— הא, יא, מאמע! — כאפט אונטער מענאשע. — דער רעבע און די רעבעצנ האבנ שטארק געבעטנ געלט. זיי באדארפנ אפ דירע־געלט און אפ האלצ און אינ מארק ארײַנ. בערל־מוישע־אווראמס האט נעכטנ געבראכט צוויי קערבלעכ, האט אימ דער רעבע גוט מעכאבעד געווענ, און פיני־מייער־פיניס האט ער עפשער צענ מאל פארזאגט, אז אנ געלט זאל ער זיכ גאר אפילע נישט באווײַזנ אפ זײַנ שוועל. דער רעבע און די רעבעצנ האבנ זייער געבעטנ, זאלסט שיקנ סכאר־לימעד.

„ווידער סכאר-לימעד!“ — טוט זלאטע א קלער, און עס טוט איר א שטאכ אינ הארצנ. — „עס קומט אימ שוינ אווארע א קערבלעכ פופצנ, וויאזוי שיקט מענ אימ נישט כאטש קיינ צענערל? און דא גייענ קראסנע טארגעס: ווו עס פאלט ארײַנ א קערבל, גייט עס אוועק אפ סכוירע אײַנקויפנ, די קראמ אונטערפרישנ,—מע קאנ דאכ נישט בלײַבנ מיט די פינפ פינגער! און צאלנ סכאר־לימעד — דאס מוז מענ דאכ!“... און זלאטעס פאנעמ ווערט צארנדיק. זי לייגט זיכ שלאפנ א דערהארגעטע, גלײַכ ווי מע וואלט איר ארָאפגענומענ דעמ קאפ. א גאנצע נאכט הערט עסטער, ווי די מאמע קרעכצט און קאטשעט זיכ אפנ געלעגער, און איר קאפ טראכט איבער טויזנטער פלאנענ, וויאזוי ארויסצוציִענ דער מאמענ פונ דער נויט. עס פארשטייט זיכ, אז קוידעמקאל קומט איר אפ דער מאכשאווע יאסעלע; זי מיט אימ

צוזאמען וועלן שוין צוקלערן עפּעס אַן אייצע, און גלאַט אַן אַלעמען, וויבאַלד זי האָט כאַסענע, ווערט דאָך שוין מעמיילע זלאַטעס גרינגער אין אַלע אויפאַנים. זיי וועלן ביידע האָרעווען און וועלן זען, אַז זלאַ-טע פון איין זײַט און שמוליק פון דער אַנדערער זײַט זאָלן זײַן צופרידן פון זיי... די דאָזיקע ליכטיקע געדאַנקען געדויערן אָבער ניט לאַנג. ווי אַ שוואַרצער שאָטן פליט דורך פאַרבײַ איר אויך אַ פינצטערע מאַכשאָווע: „און ווען כאָלילע ניט, — אַזוי קלערט זיך עסטער, — און ווען כאָלילע מיר איז ניט באַשערט קיין גוטס אַף דער וועלט, וועל איך זיך גאָר שטעלן דינען צוליב דער מאַמען; איך וועל אָוועקפאָרן פון דאַנען ווייס איך וווהין, און וועל זיך שטעלן אַף אַן אָרט. אַלע זאָגן, אַז איך וואָלט געקאָנט פאַרטרעטן די גרעסטע שטעלע אין אַ קלייט, אָדער אַזוי באַ אַ געשעפט"... נאָכדעם קומט איר אויס דער דאָזיקער געדאַנק מעשונע-ווילד: „וואָס הייסט, אַ מיידל פון איר גראַד וועט זיך אָוועקלאָזן דינען — גלאַט, אַבי גערעדט?!.."
„נו, וואָס זשע דען איז דער טאַכלעס? — טוט זי ווידער צוריק אַ קלער. — כאַסענע האָבן?"... און עס ווערט איר אַ קאַלט אין הייס פון אַזאַ מין מאַכשאָווע: „וואָס הייסט? כאַסענע האָבן ניט פאַר יאָסעלען???!!"

אַף מאָרגן, קלויבנדיק זיך אין מאַרק אַרײַן און קלינגענדיק מיט די שליסלען פון דער קלייט, האָט זלאַטע אויסגעלאָזט איר ביטער האַרץ צו די קינדער נעבעך, צו עפראַים מיט מענאַשען, וואָס האָבן איר נישט אָפּגעטראָטן אַף קיין מינוט: „מאַמע, געלט, מאַמע!" זלאַטע האָט זיי אָנגעשאָלטן, וויפל עס איז אין זיי אַרײַן, און מענאַשע האָט נאָך געכאַפּט אַ צוויי פּעטש אויך, ער זאָל ניט זײַן קיין שאַרלאַטאַן מיט קיין אויס-פּאָנעם קעגן אַ מאַמען. „גאַנצעס! נאַיאָמשטשיקעס!" — האָט זלאַטע געשריגן אַף אירע קינדער, די נעכטיקע „בריליאַנטן", און האָט זיי מיט אַ צערודערט האַרץ אָפּגעגעבן דאָס סכאַר-לימעד מיטן אָנבײַסן און אַרויסגעמעשאַלייעכט זיי אין כיידער אַרײַן. עסטער האָט דאָס ניט געקאָנט פאַרלײַדן און האָט זיך אַ זאָג געטאָן אין גוטן מוט:

— איך פאַרשטיי ניט; מימאָנעפשעך, האָסטו געגעבן געלט, צו וואָס האָסטו נאָך באַדאַרפט אויסרײַסן די קינדער אומזיסט און אומנישט?

דאָ האָט זיך שוין זלאַטע ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און האָט אויס-געזעצט מיטאַמאָל; פילנדיק אַליין גאַנץ גוט, אַז די קינדער זענען דאָ גאָט די נעשאָמע שולדיק, און אַפן האַרצן איז איר געווען אַזוי

איכ גענוג אָנגעזאָליעט פונ דעמ, וואָס יענטל מיט קאַלמענענ האָבנ איר דערקוטשעטע טאָג־טעגלעכ, האָט זיכ זלאטע צעלאָזט אפ איר טאָכטער אײנ מאָל פאר אלע מאָל, וואָס ס'וועט זײַנ, וועט זײַנ, דער בלאָטער מוז אויסזעצנ, עס העלפט ניט:

— הער נאָר אויס, דו באַל־ראכמאָניצע, טאָכטער מײַנע טײַערע! דו שטעלסט זיכ ארויס פאר די קינדער? האָסט אפ זיי ראכמאָנעס? פארוואָס האָסטו קײנ ראכמאָנעס ניט אפ דער מאמע דײַנער, א וויסטע, א פינצטערע אלמאָנע, א מאמע פונ דרײַ קינדער אונ פונ אזא טאָכטער ווי דו, א דערוואַקסענע, בזרעכ־האשעמ, וואָס איז שוינ לאַנג צײַט צו דער כופע פירנ, אונ עפעס איכ אמאָל דערלעבנ א שטיקל נאַכעס אפ דער וועלט, הא? ראכמאָנעס האָסטו? פארוואָס האָסטו קײנ ראכמאָנעס ניט אפ מיר, טאָמער טריקנסטו מיר דער מוינ אונ דער מארכ פונ די בײנער, ווי־אזוי דיכ צו באוואָרענענ, ברענגענ צו א שטיקל טאָכלעס, ניט לאָזנ זיצנ ביז מאָשיעכ וועט קומענ אונ אלע זאָלנ אפ מיר טײַטנ מיט די פינגער? וואָס, בײַשער דער טאטע דײַנער האָט געהייסנ לייווי רעב אוורעמל סלאוויטערס, — איכ זאָג דיר, איכ וויים נאָכ ניט די גילדענע שטול, וואָס איכ וועל צוליב דעמ האָבנ אינ גאַנעדנ! איכ וויים, אז איכ וועל דערווײַל אויסגעריסנ, פארשווארצט, כאָנע־צונגע, אונ אז עס קומט צו עפעס, שטעלט זיכ אנידער דער יוכעס פאַבעריק! וואָס איז? אָט גייט נאָכ א יוד אנ אלמענ, א גאַנצ פײַנער מענטש, דאכט זיכ, וואָס פעלט אימ? כ'לעבנ, מיט וואָס איז ער א מיִעסער איידעמ פאר מיר? א יוד א נאָגיד, כוצ זײַנ שאָדנ אפ אלע יידישע קינדער, אנ ערלעכער מענטש, קײנ קינד, קײנ רינד. יענער וויל א שידעכ טונ, ער כאלעשט, אונ זי שטעלט זיכ גאָר אנידער דאָ מיט איר ראכמאָנעס! א ראכמאָנעס, די פערל זעענ שיטער! האָסטו געהערט א האסאָגע...

זלאטע האָט נאָכ לאַנג־לאַנג געפײַערט, געזידלט, געפילדערט אונ געשריגנ אפ עסטערנ. יענע, געוויינלעכ, האָט נישט געענטפערט דאָס אנדערע וואָרט; איר בעסטער ענטפער זענענ געווענ צוויי שנירלעכ טרערנ, וואָס האָבנ זיכ געצויגנ אפ אירע שײנע באקנ אונ האָבנ פאַוואָלינקע אראָפגערונענ אראָפ־אראָפ... זלאטע וואָלט נאָכדעמ אָפגעגעבנ מי־יעדיע־וואָס פאר יענעמ „וויסטנ־פינצטערנ" פרימאָרגנ, וואָס זי האָט אָפגעשפילט עסטערנ, וואָס איז נעבעכ גאָט די נעשאָמע שולדיק. זי האָט עטלעכע וואָכנ קעסיידער געכאַפּעט דער טאָכטער, געקוקט איר אינ די אויגנ ארײַנ, זיכ געסטארעט מיט אלע מעגלעכקײטנ צו פארגלעטנ יענעמ „וויסטנ־פינצטערנ" פרימאָרגנ. נישט אײנ

מאָל האָט זיכ נאָכדעמ זלאטע אויפגעכאפּט באנאכט פונעמ בעט, צוגעגאנגענ צו עסטערנ, בעשאס יענע איז געשלאָפנ געשמאק, אונ איז, ווי איבער א קליינ ברעקעלע קינד, געשטאנענ איבער איר אונ געזאָגט צו זיכ אליינ שטילערהייט: „מיר זאָל זיינ פאר דיר, געשאָמטע מיינע, מיינ ליכטיקער שטערנ, מיינ אויג אינ קאָפּ!“...

אונ עסטער האָט שוינ לאנג פארגעסנ דעמ פסאק, וואָס זי האָט געכאפּט פונ איר מאמענ אינ יענעמ „וויסטנ־פינצטערנ“ פרימאָרגנ; זי איז שוינ צו אזעלכע פרימאָרגנס געוווינט געוואָרנ. כוץ־לאָזע איז עסטערס קאָפּ געווענ פארנומענ מיט אנדערע מאכשאָוועס, אונ איר הארצ האָט געטראָגנ אינ זיכ פארבאָרגנ אנדערע דייגעס, ווי אויבנ איז געשטאנענ. ווער דער אלמענ איז, דער ערלעכער פיינער מענטש, אפּ וועלכנ די מאמע האָט איר געגעבנ אָנצוהערעניש, איז זי געוואָר געוואָרנ פונ דער מומע יענטלענ; נאָר בעפיירעש האָט זלאטע מיט דער טאָכטער וועגנ אלטערנ ניט גערעדט. זי האָט דאָס געהאלטנ אינ זינ ביז א צייט, ביז עס האָט זיכ געטראָפנ ווידער „א וויסטער־פינצטערער“ פרימאָרגנ, ווענ זלאטע איז געווענ שטארק צעבייזערט, האָט זי אויסגעשאָסנ, ווי פונ א הארמאט, אונ האָט אויסגעליימערט עסטערנ אלצ, וואָס בא איר איז געווענ אפּ דער לונג, שוינ נישט דיפּלאָמאטיש פארשטעלט, נאָר גאנצ אָפּנטלעכ. עסטער איז פונ דעמ שוינ א סאכ מער צופרידנ געווענ, ווי פונ די אָנצוהערענישנ, אונ אזוי ביסלעכווייז האָט זי אָנגעהויבנ צוגעוווינט ווערנ מיטנ געדאנק וועגנ כאסענע האָבנ פאר אלטערנ...

בא זלאטענ אליינ אינעווייניק האָבנ זיכ א שטיק צייט געשלאָגנ צוויי געפילנ. ערשטנס, „וואָס הייסט, א י כ וועל זי פרעגנ? א י כ בינ דאָכ די מאמע, אונ אז איכ זאָג, דארפ זיינ געזאָגט! וואָס הייסט, זי וועט מיר זאָגנ א דייע? וואָס איז זי עפּעס — דעמ אפּטייקערס טאָכטער, וואָס שפּאצירט ארומ מיט באָכערימ אפּנ גאס, וואָס זי זאָל זאָגנ: דעמ וויל איכ אונ יענעמ ניט? זי איז ניט גלייכ צו קיינ אנדערע, באָרעכ־האשעמ, זי איז רעב אורעמל סלאוויטערס אנ איינעקל!“... אונ צווייטנס: „פארוואָס זאָל איכ זי טאקע נישט א פרעג טונ? טאָמער איז איר טאקע אלטער פאָרט ניט ליב? ער איז דאָכ פאָרט אנ אלמענ אונ אינ די יאָרנ שוינ? א מעלאָכע פארשלייערנ? לעמיי זאָל מענ נעמענ באגראָבנ א קינד, א יונגט, אומזיסט אונ אומנישט? אונ אזא טייער געטריי קינד, ווי מיינ עסטער איז, לעבנ זאָל זי!“... שפּעטער לויפט דורכ בא זלאטענ אינ קאָפּ אזא מינ מאכשאָווע, גאָר אנ אנדערע:

„וואָס האָט מענ מיט איר צו רעדנ, מיט א קינד, אז ס'איז פאָרט
פאר איר א טאבלעס, פאָרט א גליק? אזוי רײַכ אונ אָנ קינדער, וואָס
וועט איר אָפּגײנ בא אימ? וואָס וועט זי זיכ אויסזיצנ בא מיר?
דאָס גרויסע נאדאנ, וואָס איכ וועל איר געבנ? דאָס פאָוועלע, וואָס
איכ וועל איר מאכנ? ווער וועט זי נעמענ, אנ אָרעמע יעסוימע, הײַנ-
טיקע יאָרנ? אונ דערצו נאָכ א דערוואקסנ מיידל שוינ?"... אונ דאָ
איז נאָכ אלטער פּעסיס געוואָרנ אזוי ווייכ אונ שטארק צוגעלאָזט...

אלטער איז נאָכ קיינמאָל צו קיינ מענטשנ אזוי גוט אונ אזוי צוגעלאָזט נישט געווענ, ווי ער איז פּלוצעמ גוט אונ צוגע-לאָזט געוואָרנ צו זלאטע דער צעלניקערנ. ער האָט זיכ קימאט אלײנ אָנגעשלאָגנ צו איר מיט א גמילאס-כעסעד, מיט א האלוואָעלע. „א ראכמאָנעס, נעבעכ, אנ אלמאָנע", — האָט אלטער א זאָג געטאָנ אמאָל צווישנ מענטשנ. מענטשנ האָבנ דאָס אָפּגעטראָגנ זלאטענ, אונ זי איז שטארק ביספּאָעל געוואָרנ פונ אלטערס גוטסקײַט. געוויינלעכ וועט זלאטע נישט גײנ צו אלטערנ אהיימ בעטנ בא אימ א גמילאס-כעסעד, אונ שיקנ צו אימ עסטערנ — אוואָדע ניט; אנ אלמענ, עס פּאסט ניט. נאָר באגעגנענדיק זיכ מיט אימ אײנמאָל אינ גאס, האָט זיכ זלאטע אָפּגעשטעלט מיט אימ, א ביסל אויסרעדנ דאָס הארצ.

— אזוי? — האָט איר אלטער געענטפערט מיט א גוט, ערלעכ פּנעמ. — איכ האָב גאָר נישט געוווסט, אז ס'איז דיר אזוי געענגט אינ געלט. קיינ שלעכטס! פארוואָס זאָלסטו זיכ אמאָל נישט ווענדנ צו מיר? מיט דײַנ לײוויינ, אָלאָו-האשאָלעמ, זענענ מיר געווענ גאָר ווי אנדערע צוויי. א שײנע זאכ — סטײַטש! סטײַטש! נו, אונ וואָס מאכנ עפּעס די קינדערלעכ דײַנע? האָסט, דאכט זיכ, דרײַ?

— דרײַ זאָלנ געזונט זײַנ! — ענטפערט זלאטע, — נאָר נאכעס זייער ווינציק, לעסאטע.

— נאכעס? — מאכט אלטער מיט א פרײַנטלעכ שמייכעלע. — וואָס האָסטו אזוי קיינ צײַט ניט? צי עפּשער האָסטו יעסורימ מיט א שידעכ פאר דײַנ טאָכטער? וועסט קריגנ די מעציע! מע זאָגט, דו האָסט א גאנצ פײַנע בסולע?

— געלויבט איז גאָט. מע באדארפ אָבער האָבנ, רעב אלטער, צו דער בסולע: איכ שמועס מיקויעכ אכצנ אונ דרײַצנ, ווו נעמט מענ דאָס?

— עט! — מאכט אלטער. — אָט דאָס איז א דײַגע?.. נו, אל-קאָל-פּאָנעמ, זלאטע, איכ מײנ דאָס אפ לעהאבע, טאָמער מאכט זיכ, דו באדארפסט שטארק נייטיק א גמילאס-כעסעד, שיק ארײַנ צו מיר;

מאַכטייסע... פאָרט, ווי זאָגט מענ, גוטע-פרײַנט פונ אַמאָל... א גוטנ!

פונ יענער צײַט אָנ האָט זלאַטע אָנגעהויבנ האָבנ פונ אַלטערנ פיל טויוועס: הענ א גמילאַס-כעסעד צו דער צײַט, הענ אַזוי א האַלוואָע, נישט מיט קײנ גרויסער איסקע, אַלפּי יוישער, ווי געווײנלעכ, צווישנ היימישע מענטשנ. די דאָזיקע טויוועס זענענ איר אָבער גיכ אויסגעפאַלנ באַקאָמ, אונ זי איז געוואָר געוואָרנ, וואָס הייסט א טויווע פונ א מאַזעפּעווקער פּראָצענטניק.

# XXV

## עסטער איז בא זיכ אַפנ קנאַסמאָל א גאַסט

אָפטמאָל מאַכט זיכ, אַז אײנ א ייִדישער שטוב זאָל זיכ ארײַנכאַפּנ, פאַרגאַדיענ א לעצ, א ניט-גוטער, ניט דאָ געדאַכט, אָדער אַזוי א זײַטיקער פאַרשוינ, דער שוואַרצער יאָר ווייסט אימ, פונוואַנענ ער האָט זיכ גענומענ, — אונ עס ווערט דעמלט אָפּגעטאָנ דאָס שאָלעמ-באַיִס; מענטשנ ווערנ בייז, אָנגעבלאָזנ, אָנגעברוגעזט אײנער אַפנ אַנדערנ, אַלײנ נישט ווייסנדיק פאַר וואָס אונ פאַר וועמ. אָט אַזא מינ ניט-גוטער האָט זיכ פאַרגאַדיעט צו זלאַטע דער צעלניקערנ אינ שטוב ארײַנ, — אַלטער פּעסיס, אַפ קײנ גוט אָרט זאָל ער ניט שטײנ! קאַרג זענענ געווענ פאַר עסטערנ יענע נאָכ נישט פאַרהיילטע צאָרעס פונ יאָסעלענ, האָט זיכ אָנגעהויבנ פאַר איר א נײַער געזעמ — אַלטער! אַפ יעדנ אָרט, אַפ איטלעכנ טריט האָט זי געהערט נאָר אַלטער אונ אַלטער! עס איז אָבער דאָכ פאַר איר געווענ א סאַכ גרינגער צו הערנ פונ דער מאַמע גאַנצ אָפּטלעכ, אַז זי וויל אונ באַגערט דעמ שידעכ מיט אַלטערנ, אײדער צו הערנ די שטעכווערטלעכ מיט די אָנצוהערענישנ פונ יעדנ באַזונדער, ווי ביז אהער, אויסצוהערנ פונ דער מאַמענ לאַנגע שמועסנ וועגנ כאַסענע האָבנ אונ פאַרזאָרגנ אַפ שפּעטער, ווערנ אַלײנ א באַלעבאָסטע בא זיכ, אײנ אָנ אײגענער שטוב, נעמענ א מאַנ מיט געלט א סאַכ אונ האָבנ פאַר אימ א גוטע וועלט, דאָס הייסט: עסנ אונ טרינקענ, שײנ אָנטונ זיכ, אימ האָבנ קינדער אונ ווייסנ פונ א לעבנ צו זאָגנ, ניט אַזוי, ווי זי, זלאַטע, רעב אוורעמל סלאָוועטערס שנור, וואָס באַדאַרפ הײַנט האָרעווענ ווי אנ אייזל, זײַנ א גאַנצע וואָכ אײַנגעשפּאַנט אינ דער יאַרמע, אונ די קינדער זאָלנ ניט האָבנ אַלצ, וואָס קינדער באַדאַרפנ...

— עי, טאָכטער, — פלעגט זלאַטע אויסלאָזנ מיט א זיפצ, —

לאָז מיר גאָט העלפֿנ, דו זאָלסט זײַנ גליקלעכער פֿונ מיר, זיכ נישט ראַדעווענ אפֿ קיינ יזכעס, ווי מײַנ מאַמע האָט זיכ געראַדעוועט, געוואָלט, איכ זאָל אײַנשטיינ בא רעב אַווראָמלענ פֿאַר א שנור, ניט אַנדערש.

— גלײַכער א לויט גאָלד, איידער א פּוד יזכעס, — האָט אונטערגעהאַלטנ די מומע יענטל, וואָס פֿלעגט טאָמיד אָנקומענ גראַדע אפֿ די שמועסנ.

איינמאָל אינ א פֿרימאָרגנ איז עסטער געזעסנ אינ דער היים אייננע אַלייננ. זי איז געווענ פֿאַרנומענ מיט אנ אַרבעט. זלאַטע איז געווענ אינ מאַרק, אונ די קינדער אינ כיידער. פּלוצעמ קומט אַרײַנ יענטל.

— גוט=מאָרגנ דיר, עסטער=לעבנ!

— גוט־יאָר! אזוי פֿרי, מומעניו? זיצט.

— א דאַנק, איכ בינ שוינ געזעסנ געזעסנ הײַנטיקנ טאָג אונ זיכ גענוג אָנגעלאָפֿנ אויכ; איכ בינ אזש הייזעריק געוואָרנ רעדנדיק, אונ אַלצ מיט איר, אַלצ מיט איר.

— מיט וועמענ איז, מומעניו?

— מיט וועמענ, פֿרעגסטו? מיט דער מאַמענ מיט דײַנער; דו קענסט זי ניט? אונ אַלצ איבער דיר.

— איבער מיר גאָר?

— איבער וועמענ זשע האָב איכ מיכ מיט איר צו קריגנ, אז ניט איבער דיר? טאָמיד קריג איכ מיכ מיט מײַנ שוועסטער? ניינ, איכ מיינ טאַקע בעמעס, עסטער, די גאַל קאָנ צעזעצט ווערנ, צוזעענדיק אזעלכעס. דו האָסט אײנ טאָכטער אונ, דאַכט זיכ, גאָר ניט אזא שלימאַזלניצע אויכ, וואָס זשע איז דאָס כאַפּעניש אונ דאָס לויפֿעניש אינ איינ קאָל: כאַסענע מאַכנ! אונ טאַקע באַלד כאַסענע מאַכנ! מאַכטייסע, כאַסענע מאַכנ, נאָר פֿאַר דײַנ גלײַכנ, אָבער נישט זוכנ קיינ גליקנ, אײַנשפּאַרנ זיכ מיט גוואַלד: איכ וויל, מײַנ טאָכטער זאָל זײַנ א נעגידעס, אונ גיי טו מיר עפּעס! נײַשער, זאָגט זי, איכ בינ נישט אימשטאַנד; די צײַט, זאָגט זי, איז אזוי שלעכט, אז ניט נאָר קיינ נאַדאַנ — קיינ העמד אפֿילע איז ניטאָ צו מאַכנ! דאָס קינד וואַקסט, זאָגט זי, אונ די צײַט גייט אַוועק. איכ בינ שוינ, זאָגט זי, אויס מענטש. וואָס איז? אַלײנ רעדנ מיט דיר קאָנ זי ניט, אונ ווילנ וויל זי זייער, פֿאַרוואָס זאָל זי נישט וועלנ? לאָמיר זיכ נישט נאַרנ: ערשטנס, איז דאָס טאַקע א גליק פֿאַר דיר אַלײנ, אונ דאָס אַנדערע איז טאַקע, ווי זאָגט מענ, אַרומ א פֿעטנ טאָפּ זאָל מענ זיכ שמירנ... זי פֿרעגט מיכ, זלאַטע, מײנ איכ, וואָזוי איז מײַנ האַסאָגע דערבײַ? איכ ווייס, וואָס איכ זאָל איר

זאָגן? איך זאָג איר, אַז מיט דיר האָט זי זיך נישט וואָס צו כאַפּן: עס וועט זיך אָפּזוכן, זאָג איך, דער באַלן; „וווּ זשע, שרײַט זי, וווּ זשע איז דער באַלן? גיב מיר אים אַהער!" „האָב צײַט, זאָג איך, זלאַטע, ער וועט קומען אַליין!" „אַ גזלט, זאָגט זי, אַ מאַלבושים, אָן לײַב־און־לעבן, אַ נאַקעטן, אַ באָרוועסע, אַן אָרעמע און אַ דער־וואַקסענע דערצו! וואָס איז? רעב אורעמלס אייניקל, או־וואַ, סע טוט זיך אַ ביסל!" „נו, זאָג איך, אַז ער וויל יאָ אַזוי, אַלטער, מיין איך, מעג ער דאָך צוואַרטן אַ קאַפּ; וואָס איז, ער שטייט אונטערן רעגן?" „גיין, זאָגט זי, ער האָט שוין גענוג געוואַרט. אַבי־וועמען וועט ער ניט בעטן, און מאַכמעס דו ביסט דו, וויל ער דיך, יאַקבי, אָפּגילטן, דיך און די מאַמע, און יעדן באַזונדער, מיט קינדס־קינדער". „נאַ דיר אַ גראָשן פאַר די אַלע גליקן, זאָג איך, עס מאַכט זיך קאַרג מאָל, אַז דער טאָכטער איז מאַקע גוט ווי דער וועלט, זאָג איך, און טאַטע־מאַמע הונגערן, ווי זיי שטייט אָן? אוי־אוי־אוי, זאָג איך, איך זאָל האָבן די בראָכעס!" נו, ברענגט זי מיר אַ רײַע פון ב ל ו מ ע ס קינדער, בײַשער בלומעס קינדער האַלטן אויס די מאַמע, אַ וויסטע אַלמאָנע. „וווּ זשע קריגט מען נאָך, זאָג איך, אַזעלכע קינדער?" „עסטער, זאָגט זי מיר, איז אַזאַ קינד, וואָס וועט זיך לאָזן מאַפּקיר זײַן פאַר אידע אייגענע; די וועסט, זאָגט זי, פון דער מאַמעס וועגן גיין אין וואַסער אַרײַן. דער גאַנצער אומגליק איז, זאָגט זי, וואָס זי קאָן מיט דיר פון אַזעלכע אינגיאָנים ניט שמועסן"... „דאָס איז אויך, זאָג איך, אַ נאַריש־קײַט, וואָס האָט מען זיך דאָ צו שעמען? וואָס קאָן זײַן נאָך שענטער פון אַן אייגן קינד? מימאַ־נעפּשעך"...

אין די ווערטער איז אָנגעקומען זלאַטע, און שפּעטער אַ ביסל רעב קאַלמען. און די דרײַ, יענטל, זלאַטע און רעב קאַלמען, האָבן צווישן זיך יענעם טאָג לאַנג גערעדט, אײַנטײַנענדיק איינער דעם אַנדערן און אַרײַנבראָקנדיק אַ גוזמע רייד, מיט אָנצוהערענישן, מיט מעשאָלים און מיט מײַסעס אָן אַ שיר. צולעצט האָט זיך זלאַטע גאָר צעוויינט.

— איידער אַזאַ לעבן, איז גלײַכער גיין אַהינצו, וווּ מײַן לייווי איז אַוועקגעגאַנגען פאַר דער צײַט! איך זאָג אײַך דעם עמעס, איך בין אים אַוואַדע מעקאַנע, אַז ער פאַרשפּאָרט צוזען די צאָרעס, וואָס איך האָב צוזען דורך אַרום־און־אַרום...

— זינדיק נישט, שוועסטער־לעבן, — האָט זיך יענטל אַרײַנגע־מישט. — דאַנקען גאָט, דו האָסט כאָטש אַזעלכע קינדער, וואָס ווייסן כאָטש און פאַרשטייען זייער טויווע און דײַן טויווע און גייען דיר

נישט אָפּ קידער־ווידער, ווי עס גיט זיכ אויס אַמאָל קינדער צווישנ הייַנטיקע מיידלעכ...

וואָס האָט עסטער געקאָנט זאָגנ דערויף? דערציילנ דער מאַמע, אַז זי האָט אַרויסגעקוקט אַפ יאָסעלענ און ער האָט זי אָפּגענאַרט? וואָס מער א פּאָנעם האָט דאָס? עס פּאַסט טאַקע פאַר א ייִדיש מיידל אַזעלכעס נאָכ צו דערציילנ? צי זי זאָל זאָגנ א ניסאָרנ אַפ אַלטערנ? ווער איז זי, וואָס זאָל זיכ שטעלנ אויסטייַנענ מיט א מאַמענ ווענג א שידעכ? וויאַזוי עפנט זיכ גאָר דאָס מויל פונ אַזעלכע זאַכנ צו רעדנ? און אַז ניט אַלטער, וועט זייַנ אַנ אַנדער שלימאַזל. איר ביטערע לאַגע באַדאַרפ איר קיינער ניט דערציילנ; זי פאַרשטייט אַליינ, וואָס הייסט בייַ ייִדנ אַנ אָרעמע קאַלע, און „קיינ ייִדישער מאַנאַסטיר איז ניטאָ“...

נאָר מער פונ אַלצ האָבנ זי גענומענ דער מאַמעס טרערנ, וואָס זי האָט נישט געקאָנט צוזענ קיינמאָל, — און זי האָט זיכ אונטערגעגעבנ אינ די הענט פונ די, וואָס האָבנ געוואָלט, איינ מאָל פאַר אַלע מאָל, פאַרזאָרגנ איר טאַכלעס, זי גליקלעכ מאַכנ אַפ שטענדיק, זי זאָל זיי האָבנ צו געדענקענ... שטיל, ווי א שעפעלע, האָט זיכ עסטער געלאָזט ביגנ און טונ מיט זיכ אַלצ, וואָס מע האָט פונ איר פאַרלאַנגט, נישט איבערקערנדיק קיינ צונג, שאַ, שטיל, פייַנ און לייַטיש.

אַלטער האָט זיכ פונ זייַנ זייַט שוינ אויסגעשטעלט קעגנ זייַנע מעכוטאָנים, און האָט גענומענ דאָס קנאַסמאָל מיט אַלע הויצאָעס אַפ זיכ. ער איז עפּעס געוואָרנ מיטאַמאָל אַזוי ווייכ, מילד און גוט. „כאָטש לייג אים צו א מאַקע“, — האָט אַפ אים יענטל געזאָגט, אַרומטאַנצנדיק הינ און צוריק און פלאַמענדיק ווי א העליש פייַער, גלייַכ ווי זי וואָלט דאָ אָפּגעטאָנ מי־יעדייע־וואָס פאַר א גליקלעכ געשעפט. זלאַטע האָט געקוקט אַפ די קאַלע־מאַטאָנעס, וואָס אַלטער האָט צוגעגרייט נאָכ פאַר דעם קנאַסמאָל, זיי עטלעכע מאָל איבערגעהאַלטנ אינ האַנט, געשאַצט אינייִנעם מיט בריינענ, מיט יענטלענ און מיט נאָכ אַנדערע מייווינטעס אַפ פּערל און אַפ גאָלדוואַרג. קיינמאָל איז נאָכ אַלטער ניט געווענ אַזוי באַרעדעוודיק, ווי איצינד, און מילד איז ער געוואָרנ גאָר כוצ לעדערעכ־האַטעווע: די כאַסענע נעמט ער אַפ זיכ, מאַלבושימ דער קאַלע אַפ זיכ, אַלע הויצאָעס אַפ זיכ. „זלאַטע האָט דאָס געטראָפנ, קיינ איינהאָרע ניט!“ — אַזוי האָט מענ געשמועסט אינ שטאָט, און מע האָט בעפירעש אַרויסגעזאָגט, אַז מע איז איר מעקאַנע. איטלעכער מאַזעפּעווקער ייִד וואָלט זיכ געווונטשנ אַזאַ גליק, אַזוי טרעפנ, ווי זלאַטע האָט געטראָפנ מיט איר טאָכטער.

— וואָס שמועסט איר, אויב ס'איז א גליק? — האָט מענ גע־

זאָגט. — נישט אלע פורים טרעפט זיכ אזא נעס! נעמענ א מיידל, ווי
זי שטייט אונ גייט, באהענגענ זי אונ באקלעבנענ, מאכנ פאר א פאר-
טיקע באלעבאָסטע! אָט א גליק! אזוי טרעפנ!

— סטײַטש א גליק! סטײַטש געטראָפנ!

אפנ קנאסמאָל זענענ זיכ צונויפגעקומענ צו זלאטענ די גאנצע
מישפאָכע אונ אזוי גוטע-פרײַנט, יידנ אונ ווײַבער. די טנאָימ שרײַבנ
האָט גענומענ אפ זיכ שמוליק דער כאזנ. א קוק טוענדיק אפ שמוליקנ,
ווי ער איז מיטאמאָל אזוי געעלטערט געוואָרנ פאר צאָרעס, האָט זיכ
בא זלאטענ אפגעריסנ אינ הארצנ. זי האָט שוינ גאָר נישט געקאָנט
אפילע צוגיינ צו אים אונ א פרעג טונ, וואָס הערט זיכ מיקוייענ
יאָסעלענ. דערצו איז זי געווענ פארנומענ מיט די געסט. עס איז
געוואָרנ צווישנ די ווײַבער א גערעדערײַ, טאקע נאָר ווי צווישנ
ווײַבער קאָנ זײַנ, אז זיי קלויבנ זיכ צונויפ, אונ נאָכ אפ א סימכע.
זיי האָבנ אלע געהאלטנ אינ איינ רעדנ, איטלעכע האָט דערציילט
אנ אנדער מײַסע, אונ פונדעסטוועגנ האָבנ זיי אלע געוווּסט, ווו מע
האלט. די מאנצבילנ, געוויינלעכ, האָבנ גענומענ כויזעק געמאכט פונ די
ווײַבער: „זעט נאָר, אקוראט ווי צווישנ די גענדז!“ אונ אליינ האָט מענ
אויכ גענומענ גערעדט, גערייכערט אונ געטרונקענ לעכאיִמ, צווינטשע-
וועגדיק זלאטענ אונ אלטערנ אלדאָס גוטס אונ יעשועס-ווענעכאָמעס
אפנ קלאל-יִסראָעל, מיט א זיפצ אונ מיט פארגלאנצטע אויגנ צו דער
סטעליע. שמוליק דער כאזנ, טרינקענדיק צו זלאטענ „לעכאיִמ“, האָט
עפעס געוואָלט אנהייבנ ווינטשעווענ איר א מינ ווינטשעוואניע: „לאָז
גאָט געבנ... אוי!“ אונ איז איבערגעהאקט געוואָרנ, ארויסלאָזנדיק דעמ
„אוי“ פונעמ טיפנ הארצנ. זלאטע האָט דעמ „אוי“ פארשטאנענ אונ
האָט אים געענטפערט „אָמיינ“, גיכ אוועקגייענדיק צו דעמ איבעריקנ
עולעמ, וואָס זענענ געזעסנ מיט אנגעגאָסענע גלעזלעכ אונ געווארט
אפ איר, זי זאָל צוגיינ צו זיי, ענטפערנ יעדנ באזונדער אפ זײַנ „לע-
כאיִמ“, ווי דער מינהעג איז. נאָר איינ רעב קאלמענ איז ארומגעגאנ-
גענ איבער דער שטוב פראנק-אונ-פרײַ, פארלייגט די הענט אהינטער
אונ געשמועסט מיט זיכ אליינ, ווי זײַנ שטייגער איז טאָמיד, קנייטשנ-
דיק דערבײַ מיטנ שטערנ אונ שאָקלענדיק מיטנ קאָפ, ווי א מענטש,
וואָס איז פארטיפט אינ שארפע איניאָנימ. רעב קאלמענ האָט זיכ
קיינמאָל ניט אפגעזאָגט פונ „א ביסל מאכטייסע“; אדעראבע, ער
האָט דעמ ביטערנ טראָפנ גאָר נישט פײַנט געהאט, נאָר א מענטש
א בארדאס באדארפ וויסנ, ווענ צו טרינקענ אונ ווענ ניט. אפ אלצ
איז א צײַט: אפ א כאסענע — זייער פײַנ, דעמלט פארגינט זיכ רעב

קאלמיענ אנטרינקענ זיכ, ווי עס געהער צו זײַנ, אינ מאכנ אלערליי אנשטעלנ, קאמעדיאנטסקע טנועס; אבער אצינד, באמ קנאסמאל, דעמלט, ווענ מע באדארפ שמועסנ מיט בײַדע צדאָדימ וועגנ אזא איניענ, ווי רח"ש, דעמלט, ווענ א שאדכנ באדארפ זיכ גוט אונטערגארטלענ, דינגענ זיכ פארנ שאדכאָנעס-געלט, — דעמלט באדארפ מענ זײַנ בײַ אלע געדאנקענ. דער אוילעמ, פארוואָס ניט, מעג טרינקענ, וויפל עס וועט ארײַנ, אבער רעב קאלמענ — ער באדארפ האלטנ קאָפּ, האבנ א לויטערנ מויעכ אונ וויסנ, וואָס ער האָט צו טונ אפ דער וועלט...

מאכמעס גרויס טארעראמ האָט מענ אנגנ קנאסמאל די קאלע גאָר נישט ארויסגעזענ. עסטער איז זיכ געזעסנ אינ א ווינקעלע מיט ברײַנעס טעכטער, פינפ שוינ דערוואקסענע מיידלעכ, נישט קיינ איבעריק שיינע, נאָר אלע צײַטיקע צו דער כופע פירנ. זיי האבנ אלע גערעדט, געפיסקלט זיכ, געמאכט כיינדלעכ אונ געלאכט, ביכדיי פריילעכ צו מאכנ די קאלע. די קאלע אבער, אוי-וויי, איז שווער געווענ פרייליכ צו מאכנ! עסטער איז געווענ עפעס מעשונע פארטראכט, אונ די אויגנ אירע האבנ געקוקט ערגעצ ווײַט. נאָכ איר קוקנ נאָכ האָט מענ געקאָנט ארויסזענ, אז קימאט זי הערט ניט, וואָס מע רעדט צו איר, אונ זי זעט ניט, וואָס ארומ איר טוט זיכ; עפעס זיצט זי דאָ, ניט ווי א קאלע באדארפ זיצנ, נאָר ווי א גאסט, ווי א ווילד-פרעמדע... זלאטע האָט איר צוגעטראָגנ די פערל, וואָס דער כאָסנ האָט איר געקויפט, אונ אויכ די איבעריקע צירונג: א גאָרגל-קייט א טײַערע אפנ האלדז, א טײַערנ בראָש, א גאָלדנ קייטל מיט א זייגערל א טײַערס, א פּאָר בריליאנטענע אויריגנ טײַערע, גאָר א כאריפעס, בראסליעטנ צוויי טײַערע אונ פינגערלעכ טײַערע, שוינ אפילע געטראָגענע, אפּאָנעמ, פארמאשקנטע, נאָר טײַערע פינגערלעכ. עסטער האָט געקוקט גלײַכ מיט אלע אפ די דאָזיקע קאלע-מאטאָנעס, וואָס אלטער האָט איר געשענקט; זי האָט זיי באטראכט, ווי גאָר א זײַטיקער מענטש, גלײַכ ווי עס געהער זיכ גאָר מיט איר ניט אָנ, גלײַכ ווי ניט זי מיינט מענ. באטראכטנדיק די דאָזיקע קאלע-מאטאָנעס, איז איר גאָר דער קאָפּ נישט דערבײַ; זי פארשטייט נאָכ ניט, וואָס פאר א ווערט זיי האבנ פאר איר אינ איר מיידלשנ לעבנ, אז זי שטייט שוינ העכער האלב אפ יענער זײַט, אז אָט-אָט גייט זי ארויס פונ דער מאמעס רעשוס אינ דעמ מאנס רעשוס, אז אָט באלד איז אנ עק צו אירע כאלוימעס, יענע גוטע, גילדענע, גליקלעכע כאלוימעס, אינ וועלכע זי פארברענגט נאָכ אצינד.

מע מוז דעמ עמעס זאָגנ, אז כאָטש די גאנצע שטאָט האָט גערעדט

פונ יאָסעלענ, אז ער האָט כאסענע געהאַט ערגעץ אפ דער וועלט, נאָר עסטער האָט פאָרט ניִשט געגלייבט, דאָס הייסט, זי האָט זיכ געוואָלט אליינ אײַנרעדנ, אז ס'איז אנ אויסגעטראכטע מײַסע, א פליאַטקע פונ די מאַזעפּעווקער פליאַטקעס. עס האָט זיכ איר נאָכ אלץ געכאַ־לעמט, אז אָט עפנט זיכ די טיר אונ עס קומט ארײַנ יאָסעלע אליינ, דער אייגענער, וואָס איז געוועזנ פריִער — אונ דעמלט וועט זי זיכ שוינ ניט שעמענ פאַר קיינעמ; זי וועט די ערשטע דערציילנ דער מאַמענ, אז זיי זענענ שוינ לאַנג כאָסנ=קאַלע, אז ס'איז צווישנ זיי שוינ לאַנג אנ אָפּגערעדטע זאַכ... אונ קלערנדיק דאָס דאָזיקע, שטייט זי גלײַכ מיט אלעמענ אונ באַטראַכט די קאַלע-מאַטאָנעס, וואָס אלטער האָט איר צוגעגרייט, אונ זלאַטע שטייט בײַ דער זײַט, קוקט אפ איר אונ קוועלט: „דאַנקענ גאָט דערפאַר. עס ווײַזט אויס, דאָס קינד איז צופרידנ; גיב גאָט נאָר א גוט לעבנ מיט פיל נאַכעס מיט טײַנעג א סאַכ"... די גאַנצע צײַט געפינט זיכ עסטער בײַ זיכ אפנ קנאַסמאָל א ווילד־פרעמדע, גלײַכ ווי ניט זי מיינט מענ. נאָר בײַמ ערשטנ קלאַפּ פונ די צעבראָכענע טעפּלעכ אונ טעלער דערפילט עסטער, גלײַכ ווי עס וואָלט זיכ איר עפּעס אָפּגעריסנ אינ האַרצנ. די קאַלע-מאַטאָנעס פאַלנ ארויס פונ אירע הענט, אונ זי פאַרשטייט דעמ פשאַט פונעמ קלאַפּ, אונ זי פילט, אז פונ דער מינוט אָנ איז א סאָפ, א סאָפ צו איר פרײַ לעבנ, א סאָפ צו אירע יונגע גליקלעכע, טײַערע, זיסע כאַלוימעס, אונ א נײַע וועלט, א נײַ לעבנ שטייט איר פאַר אציִנד.

## XXVI

## עס ווערט דאָ געבראַכט די מײַסע וועגנ דער טאָכטער פונ יִפטאָכ=האַגדיילאָ

געדענקט איר די מײַסע, וואָס ווערט דערציילט וועגנ יִפטאָכ-האַגילאָדיס טאָכטער?

ווידר יפתח נדר [1] — האָט יִפטאָכ געטאָנ א נײדער צו גאָט, אזוי שטייט דאָרט אינ פּאָסעק געשריבנ, וויאמר [2] — אונ ער האָט אזוי געזאָגט: ווערסטו מיר געבנ, ליבער גאָט, דעמ פײַנט, די בניי-אמוינ, אינ מײַנע הענט, זאָג איכ דיר צו, ווענ איכ וועל קומענ בעשאָלעמ אהיימ, אז דער ערשטער, וואָס וועט ארויסגיינ פונ שטוב אקעגנ מיר,

1 וואַיִדאַר יִפטאָכ נעדער. 2 וואַיוימאַר.

איז ער דײַנער, איכ וועל דיר אימ שענקענ פאַר א קאָרבנ-אווילע.
און עס איז טאַקע אַזוי געווענ: און יִפטאָכ האָט די בניי-אַמוינ גע-
שלאָגנ און האָט זיי אײַנגענומענ אינ דער מילכאָמע; און אַרײַנפאָרנ-
דיק אינ שטאָט אַרײַנ, איז אימ זײַנ איינ-און-איינציקע טאָכטער
אַרויסגעגאַנגענ אַקעגנ מיט א סימכע און מיט א געזאַנג: „דער טאַטע
איז געקומענ! דער טאַטע!“ און יִפטאָכ האָט זי דערזענ, איז אימ
געוואָרנ וויסט און ביטער אפנ האַרצנ; און ער האָט צעריסנ אפ זיכ
די קליידער און האָט געזאָגט: „ווי איז צו מיר, טאָכטער מײַנע,
פאַרפינצטערט בינ איכ געוואָרנ! האָסט דאָכ מיכ אומגליקלעכ געמאַכט!
סטײַטש, איכ האָב דאָכ א נײדער געטאָנ פאַר גאָט, אַז דער ערשטער,
וואָס וועט מיר אַקעגנ קומענ, איז ער זײַנער א קאָרבנ, — גוואַלד,
טאָכטער, וואָס טוט מענ?!“ „האָסטו אַזוי געזאָגט, טאַטע האַרצי-
קער, — אַזוי האָט אימ די טאָכטער געענטפערט, — באַדאַרפסטו
מעקײַעמ זײַנ דײַנע רייד, נאָכדעמ, אַז גאָט האָט זיכ אַזוי נויקעמ גע-
ווענ אינ דײַנע פײַנט; איינ זאַכ בעט איכ פונ דיר, ליבער טאַטע, גיב
מיר צײַט נאָר צוויי כאָדאָשימ, בּיכדיי איכ זאָל מיר קאָנענ גיינ אפ
די בערג און האָרטנ וויינענ אפ מײַנע יונגע יאָרנ, איכ מיט מײַנע
כאַווערטעס“. און דער טאַטע האָט זי אָפּגעלאָזט, זי זאָל גיינ אפ די
בערג וויינענ אפ אירע יונגע יאָר, זי מיט אירע כאַווערטעס. און אַז
עס זײַנענ איבערגעגאַנגענ די צוויי כאָדאָשימ, האָט זי זיכ אומגעקערט
צוריק צו איר טאַטער, און יִפטאָכ האָט געטאָנ מיט איר, אַזוי ווי
זײַנ נײדער איז געווענ. און פונ דעמלט אָנ איז געווענ א כאָק בא יִידנ,
אַז אַלע יאָר פלעגנ אַרויסגיינ יִידישע טעכטער אפ די בערג צו בא-
וויינענ און באַדויערנ די אומגליקלעכע טאָכטער פונ יִפטאָכ האַגי-
לאָדי“...

יענער מינהעג איז שוינ לאַנג פאַרגעסנ געוואָרנ, און יִידישע טעכטער האָבנ הײַנט אַנדערע מינהאָגימ. עס שמועסט זיכ דאָ וועגנ דעמ „פאָרשפיל“ מיטנ „כאָסנ-מאָל“, וואָס מע מאַכט אינ מאַזעפעווקע פאַר איטלעכער יִידישער כאַסענע בא דער קאַלע, נאָר לעקאָווער דער קאַלע און לעקאָווער אירע כאַווערטעס די מיידלעכ, בּיכדיי זי זאָל זיכ קאָנענ מיט זיי זיכ אָפּגעזעגענענ און אָפּטאַנצנ ד ע מ ל ע צ ט נ טאַנ צ. דאָס „פאָרשפיל“ ווערט געמאַכט דעמ שאַבעס, וואָס פאַר דער כופע, בא דער קאַלע אינ שטיב. די מיידלעכ אַליינ זינגענ צו, און מע טאַנצט א שער, א קאַדריל, א ליאַנסיי אָדער א פאָלקע, מע זינגט, מע טאַנצט, מע קנאַקט ניסלעכ און מע איז מעסאַמייעכ די קאַלע דאָס לעצטע מאָל. זי געזעגנט זיכ אָפ מיט אירע מיידלשע יאָרנ און מיט

אירע באַווערטעס די מיידלעכ, אַזוי ווי זי ווערט דאָכ באַלד א ווײַבל אונ קומט אַרײַנ צווישנ די ווײַבער. דאָס אייגענע קומט פאַר דעמ טאָג פונ דער כופּע בײַ דער קאַלע אינ שטוב: מיידלעכ האַלטנ דאָס פאַר א מיצווע צו קומענ אָפּטאַנצנ מיט דער קאַלע דעמ ל ע צ ט נ טאַנצ, אונ ווײַבער שטייענ בײַ דער זײַט אונ פּליעסקענ צו מיט די הענט. אָט דעמ מינהעג היט מענ אָפּ אינ מאַזעפּעווקע פונ טאָמיד אָנ, אונ אויכ בײַ עסטערנ אַפ דער כאַסענע האָט מענ, געוויינלעכ, אָפּגעהיט אַלע מינהאָגימ, נישט דורכגעלאָזט קיינ קלייניקײַט אַפילע.

עסטער האָט אָפּגעטאַנצט דעמ ל ע צ ט נ טאַנצ, אונ אַלע מאַזע-פּעווקער מיידלעכ האָבנ זיכ גאָר זאַט נישט געקאָנט אָנקוקנ אינ איר שיינ פּאָנעמ, כאָטש זי איז געווענ שרעקלעכ בלאַס, טויט ווי אַלע טויטע, נאָר עס מאַכט ניט אויס, א קאַלע באַדאַרפ זײַנ בלייכלעכ: ערשטנס, פּאַסט א קאַלע, אונ צווייטנס, האָט טאַקע א קאַלע וואָס צו זאָרגנ — ווער ווייסט דאָס נישט? צומ לעצטנ מאָל האָט איר די מומע ברײַנע געמאַכט קוטשערעס, גרײַזלעכ פונ אירע שוואַרצע שיינע האָר, דערבײַ גערעדט מיט איר פונ איניענ-האַכאַסענע, צו-געגרייט זי ביסלעכווײַז צומ ווײַבערשנ שטייגער. די דאָזיקע גרײַזע-לעכ גיבנ צו איר שיינ פּאָנעמ אַזאַ מינ כיינ, אַז ברײַנע קאָנ זיכ גאָר ניט אײַנהאַלטנ אונ גיט איר א קוש אינ שטערנ, זאָגנדיק בעשאַס-מײַסע:

— אַנ אַווייראַ, כלעבנ, אַזאַ ליכטיק פּאָנעמ מיט אַזאַ גילדערנעמ קאָפּ איבערדעקנ. נאָר נישקאָשע, עסטער, דו האָסט נאָכ מאַזל, דו פאַלסט אַרײַנ אינ זייער א גוט אָרט אַרײַנ, וואָרעמ, צווישנ אונדז רעדנדיק, דײַנ מאַמעס שטאַנד אַצינד באַדאַרפ איכ דיר ניט דער-ציילנ — דו ווייסט דאָס בעסער פונ מיר. א מאַמע וויל אַוואַדע, דאָס קינד זאָל זײַנ גליקלעכ, א מאַמע שטייט אויס גענוג ווייטיקנ, די אויגנ קריכנ איר גוט אַרויס, ביז זי דערלעבט צו זענ איר קינד אונטער דער כופּע; וועסט זײַנ, אימ-ירצע-האַשעמ, אַליינ א מאַמע, וועסטו פילנ דעמ טאַמ... אונ דײַנ מאַמע, נישקאָשע, האָט פאַרדינט בײַ דיר, אַז זי זאָל דורכ דיר געהאָלפנ ווערנ אונ צעפירנ זיכ די הענט א ביסל. נעבנ א שווערנ וואָגנ זאָל מענ זיכ טאָמיד רײַבנ, אונ פונ נעגידימ, עסטער, קומענ אַרויס נעגידימלעכ...

נאָכ א סאַכ גוטע ווערטער האָט ברײַנע געזאָגט צו עסטערנ, בע-שאַס זי האָט איר צורעכט געמאַכט די האָר צומ „כאַסנ-מאָל”. נאָכנ כאַסנ-מאָל, אַז עסטער האָט אָפּגעטאַנצט איר ל ע צ ט נ טאַנצ, האָט איר די מומע ברײַנע אונטערגעטראָגנ איר קאָרבנ-מינכע, אָנווײַזנדיק איר, וואָס זי באַדאַרפ דאַווענענ אונ וואָס ניט.

— צו אל־כעט, טאָכטער מײַנע, — האָט איר די מומע ברײַנע געזאָגט, — צו אל-כעט זאָלסטו וויינען. א קאַלע, אַז זי וויינט צו אל־כעט, בעט זי אויס בײַ גאָט א גוט לעבן בײַם מאַן און גוטע קינדער. עס איז בײַ דיר הײַנט, טאָכטער מײַנע, א יאָם־האַדין, ווי לעהאַוודל, יאָמקיפּער; מע דאַרף וויינען פאַר גאָט, ער זאָל זיך דערבאַרעמען, אונ־צייכענען א גוטע דאָליע, פאַרגעבן די זינד...

עסטער האָט זיך אוועקגעשטעלט מינכע דאַוונען מיט האַרץ, ווי עס באַדאַרף צו זײַן, און האָט דערבײַ געשמאַק געוויינט; נאָר ניט אויף אירע זינד, ווי די מומע ברײַנע האָט איר געהייסן, ווען עסטער האָט אין זיך נישט געפילט קיין שום זינד, נישט אַקעגן גאָט און נישט אַקעגן לײַטן. נאָר דערפאַר האָט עסטער געוויינט, ווײַל דער קוואַל פון טרערן האָט זיך בײַ איר געעפנט; עס האָט זיך געוויינט גאָר אַליין, און אַזוי געשמאַק, אַזוי גרינג! עסטער האָט געהאַט וואָס צו וויינען: ווו זי האָט זיך א וואָרף געטאָן, איז איר געווען וויסט, ביטער און פינצטער, און קלאָגן זיך אויף וועמען, עמעצן שולדיק מאַכן האָט זי נישט געקאָנט. וואָס איז שולדיק די מאַמע, וואָס זי האָט אַזוי געוואָלט אַלטערן פאַר אַן אײדעם? זי איז א מאַמע, און איר גאַנצער ווונטש איז, איר טאָכטער זאָל זײַן א רײַכע באַלעבאָסטע. אָפּאָנעם, זי האָט זיך דען געפּרוּווט זאָגן דער מאַמען, אַז זי וויל ניט דעם שי־דעך? און וואָס הייסט, זי וועט דאָס זאָגן דער מאַמען?.. אויף דערויף וויינט עסטער, וואָס איר מאַזל איז אַזוי גיך אונטערגעגאַנגען, וואָס איר גליק האָט זיך אַזוי גיך אויסגעלאָזן, וואָס יאָסעלע האָט זי מיעס אָפּגענאַרט. ווער וואָלט זיך עס אונטערגענומען זאָגן עסטערן פריער מיט א פּאָר יאָר, אַז עס וועט זיך אַזוי אויסלאָזן?..

עסטער שלאָגט זיך אל-כעט אין האַרצן, באַגיסט דעם קאָרבן־מינכע מיט הייסע טרערן, קלערנדיק בעשאַס־מײַסע ניט וועגן אירע זינד, נאָר וועגן יאָסעלען. סטײַטש, יאָסעלע, וואָס זי האָט אין אים אַזוי־פיל געגלייבט, אַזוי־פיל געשטעלט אויף אים און וואָס זײַן וואָרט איז בײַ איר געווען אַזוי טײַער, אַזוי הייליק, האָט זיך אַזוי מיעס באַהאַנדלט אַקעגן איר: אוועקגעוואָרפן און פאַרגעסן דעם זײַ-געזונט; ער זאָל דאָס כאָטש א וואָרט צושיקן, כאָטש פאַרענטפערן זיך פאַר איר, אָדער וואָס־ס'ניט־איז... אַזוי מיעס באַהאַנדלען, ווי ער האָט זי באַהאַנדלט! זי האָט זיך ערשט הײַנט אַרומגעקוקט, ווי טײַער, ווי ליב, ווי אײַנגעבאַקן יאָסעלע איז געווען בײַ איר אין האַרצן. זי האָט זיך געשלאָגן אל-כעט דערויף, זי האָט זיך מוידע געווען פאַר זיך אַליין, אַז זי האָט אים בעעמעס ליב געהאַט, זי האָט אים ליב געהאַט די גאַנצע

צייט, וואָס זי האָט אים געקענט, נאָכ פונ קינדווייז אָנ — אונ איצט באדארפ זי זיכ אָפּגעזעגענענ מיט אים אַפ אייביק, אַרויסטרייבנ אונ אַרויסרייסנ אים בא זיכ פונעמ הארצנ אונ פארגעסנ, פארגעסנ!.. פונ יאָסעלענ ווערנ אירע געדאנקענ איבערגעטראָגנ צו אַלטערנ, אונ עס ווערט איר פארקילט דאָס בלוט: אָט דער אַלטער, וואָס עס איז נישטאָ איינ מענטש אינ דער גאנצער שטאָט, וואָס זאָל אים ניט פיינט האָבנ, פאר גאָרניט, נאָר דערפאר, וואָס ער איז א ל ט ע ר, — אָט דער אַלטער באדארפ זיינ איר מאנ! מיט אים באדארפ דאָס עסטער פארברענגענ אירע יאָר אונ טעג, מיט אים באדארפ זי דאָס אָפּלעבנ א וועלט, דאָס גאנצע לעבנ, פארבינדנ זיכ אַפ טאָמיד, אַפ אייביק! אַלטער וועט זי ברענגענ אינ שטוב ארײַנ, ער וועט איר באלד איבערגעבנ אַלע שליסעלעכ, אונ עסטער וועט ווערנ אַליינ א באלע-באָסטע פאר זיכ. ער וועט איר אַרויסגעבנ געלט אינ מארק ארײַנ, זי וועט איינקויפנ אויפעס, פארוואַרפנ זיי אינ שטייג ארײַנ, האָדעווענ, זיי זאָלנ ווערנ „פעט קאפיטאַל“, אונ קאָכנ א יויכ פונ־זיינטעוועגנ. א גאנצע וואָכ וועט זי זענ פאר זיכ די פיר ווענט, הערנ, ווי יידנ קומענ אָנ צו אים לייענ געלט אַפ א מאשקנ, אכטונג געבנ, ער זאָל האָבנ אַלצדינג צו דער צייט, אופשטיינ גאנצפרי, לויפנ אינ מארק ארײַנ, קריגנ גוטע פיש מיט פעט פלייש מיט א גוטנ צולאָג מיט א „פיסנאָגע“ אַפ שאבעס, — דערפאר אָבער שאבעס וועט זי זיכ אָנטונ אינ דעמ זיידענעמ קלייד, זיכ אויסשלייערנ, נעמענ אַפ זיכ דאָס סאמעטענע „מאנטל אַפ שליאמעס“ 1 אונ וועט קומענ אינ שול ארײַנ זיכ זעצנ אויבנאָנ אַפ דעמ אָרט, ווו פייגל איז אַמאָל געזעסנ... פלוצעמ דערמאנט זיכ עסטער, וואָס זי האָט אַמאָל, נאָכ קינד-ווייז, געהערט, וואָס מע האָט געשמועסט אינ שטאָט, אז דאָס ערשטע ווייב אַלטערס, פייגל, איז דורכ אים פונ דער וועלט געגאנגענ. עסטער דערמאנט זיכ די מייסעס, וואָס זי האָט זיכ אָנגעהערט וועגנ אַלטערס ווייב, וועגנ פייגלענ נעבעכ, שטעלנ זיכ איר די האָר קאפויער. מע האָט דערציילט דעמלט, אז אַלטער האָט זי אַלצ געטריבנ אינ דער וועלט ארײַנ, זי זאָל האָבנ קינדער, אונ די מאמע זיינע, וואָס האָט נאָכ דעמלט געלעבט, האָט איר געטונ, וואָס מע טוט קיינ יידנ ניט: זי האָט זי געהאַלטנ גאנצע טעג אינ הייסע ביטלעכ, געטריבנ פונ איר דעמ שוויס, געפּאַיעט זי מיט האָפּנ, געפּייניקט ביזנ טויט ארײַנ... פאר דער כאסענע האָט עסטער א פרעג געטאָנ בא דער מומע יענטלענ, צי

1 פיקסלעכ (באמ. פונ אווט. אינ דער ערשטער אויסגאבע).

ס'איז עמעס, וואָס מע פּלעגט דערציילן פֿון פֿייגלען, האָט זיך איר יענטל אָפּגעשוואָרן מיט דער גאַנצער טויבכע, אַז ס'איז שעקער־וועקאָר־זעוו, קיין וואָר וואָרט ניטאָ אַפילע. „דו ווייסט ניט, וואָס מע קאָן אין מאַזעפּעווקע אויסטראַכטן?—האָט צו איר יענטל געזאָגט.—לעמיין זיי האָבן זיך פֿאַרגונען אויסטראַכטן אויף מיר, אַז איך טרייב מיין ביינעשן אין דער ערד אַריין... דאַכט זיך, איך ווייס? דאַכט זיך, אַזאַ לעבן, ווי צווישן מיר און צווישן מיין ביינעשן איז, אויף אַלע מיינע ליבע, ריבוינע־שעל־אוילעם! וואָס מע קאָן אין מאַזעפּעווקע אויסטראַכטן, זאָג איך דיר, אַז ס'איז מיר אַ גרויס בידעש, וואָס מע האָט נאָך ניט אויסגעטראַכט אויף דיין כאָסן, אַז ער האָט זיך געוואָלט שמאַדן, אַ קאַשע אָט אויף די הולטייעס? בראָש איז דאָס אַ שטאָט, איינגעזונקען זאָל זי ווערן! טאָג און נאַכט האָט מען צו טון נאָר מיט יענעם, נאָר באַרעדן יענעם, זוכן כעסרוינעס אויף דער גאַנצער וועלט, כאָטש אַליין איז מען קאָל־בוי, ניטאָ איינער אַ ליטישער, און עס דאַרט דער קאָפּ נאָר פֿאַר יענעם. איך זאָג דיר, די שטאָט איז מיר עפּעס אַזוי נימעס, זי ליגט מיר אין די גאַרגערעס, — פֿע, אַ פּאַסקודסטווע אַ שטאָט! מאָל דיר, אַז מע קאָן אויסטראַכטן אַזעלכע מייסעס, ווען יענע ליגט שוין לאַנג אין דער ערד... און וואָס איז דאָס גלאַט העפקער אַ וועלט? דו האָסט, דאַנקען גאָט, אַ מאַמע ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, וואָס קאָן האַשגאָכע געבן אויף דיר אַזוי, עס זאָל דיר נישט געמינערט ווערן אַפילע אַ האָר! אונדזער מישפּאָכע, דאַנקען גאָט, לעבט. היינט וואָס איז פֿאַראַן וואָס צו רעדן? ביסט נאָך גאָר אַ קינד, עסטער, כלעבן, ביסט אַ ציגל, לאָמיך אַזוי זיין געזונט!"..

און דערמאָנט זיך עסטער אין די אַלע רייד, ווערט איר פֿאַרקילט דאָס בלוט; און דערמאָנט זיך עסטער אין פֿייגלען, ווערט איר נישט גוט אויף צו כאַלעשן; זי זעט פֿאַר זיך מענטשן דרייען זיך, קלעזמער שפּילן, ווייבער טאַנצן; עס דרייט זיך איר דער קאָפּ, זי פֿאַלט אָקאָרשט ניט מיטן פּאָנעם צו דער ערד.

— וואָס איז די קאַלע אַזוי טויט? — פֿרעגט אַ מעכוטענעסטע.— זי האָט, אָפּאָנעם, אַ שווערן טאָנעס?

— נישקאָשע, — רופֿט זיך אָפּ די אַנדערע מעכוטענעסטע, — לאָז זי פֿאַסטן און אויסבעטן באַם ריבוינע־שעל־אוילעם אַ גוט לעבן מיט איר מאַן...

XXVII

# די קאלע האט נעבעכ זייער א שווערנ טאנעס

נאכ א מינהעג איז פאראנ אינ מאזעפעווקע, וואס איז שײַעכ צו דער קאלע; דעמ מינהעג היט מענ דארט אפּ קימאט ווי א דינ. דאס איז דאס ליכט בענטשנ פאר דער כופּע. נישקאשע, לאז זיכ א קאלע געוווינענ ביסלעכווײַז צו מיצוועס, לאז זי וויסנ, אז אט באלד, אינ א פּאר שאָ ארומ, ווערט זי שוינ צו מאזל א י י ד ע נ ע אונ איז מע־קאבל אפּ זיכ אלפי דינ די דרײַ מיצוועס, וואס זענענ שײַעכ צו דער יידענע, אונ די מיצווע פונ ליכט בענטשנ לאז זי שוינ טאקע באלד פארזוכנ, לאז זי וויסנ, וואס פאר א טאמ עס האט.

די מומע יענטל טראגט איר אונטער צוויי ליכט, אינ זילבערנע לײַכטער ארײַנגעשטעלט, אונ די מומע ברײַנע רוקט איר אונטער פונ איר זײַט א טכינע, וואס האט געמאכט „האשה הרבנית מרת שרה בת טובים 1, וואס האט פארבארגנ איר נאמענ”, זאגנדיק דערבײַ צו דער קאלע מיט גרויס ליבשאפט:

— זאג, טאכטער מײַנע, פרוּוער אט די טכינע, אונ ערשט נאכ־דעמ וועסטו זאגנ די בראכע, מאכנ „שהחינו” 2. עס שאדט ניט, טאכטער, אז מע וויינט זיכ אויס א ביסל צו ליכט בענטשנ דאס ערשטע מאל.

אונ עסטער הייבט אנ צו זאגנ די טכינע שטילערהייט, נישט פאר־שטייענדיק קיינ איינציק ווארט: „דו האר פונ דער גאנצער וועלט אונ פונ אלע וועלטנ מיט די גאלגאלימ פונ אויבנ אונ מיט די טיפע אפּגרונטנ פונ אונטנ זאלסט טונ אראפּנייגנ פונ דײַנ הארבעריק אונ ליגנ אפ דעמ קאפּ פונ דײַנ דינסט די דא שטייט פאר דיר מיט דײַנע אלע ליבע קינדער יִסראעל דאס מיר זענענ שולדיק ערלעכ צו האלטנ מיט אלע זאכנ אזוי ווי א מעלעכ דערהאלט ערלעכ זײַנ מאלקע אדער ווי א כאסנ זײַנ קאלע דענ איכ דײַנ דינסט האב שוינ ליכט געצונדנ דאס ערשטע מאל צוויי ליכט די דײַנע כאכאמימ האבנ געהייסנ אונ בעהיט אונדז פונ אלע בעגעגעניש אונ אויכ פונ אלע געשעעניש אונ מײַנע ליכט די דא איכ ציגד אנ זאלנ העל אונ ליכטיק ברענענ צו פערטרײַבנ די בייזע רוכעס אונ שיידימ־אומאזיקימ ב ת מ ח ל ת 3

1 האשא הארבאניס מאראס סארע־באס־טויווימ. 2 שעהעכעיאנו. 3 באס־מאכלאס;

אַלע די דאָ קומענ פונ ל י ל י ם דאָס זיי זאָלנ אָוועקפּליענ אונ ריינ
דינסט די דאָ שטייט פאר דיר זאָל זוכע זיינ איינעם זכות פונ אונדזער
מוטער ר אָ כ ל וואָס אז מע האָט די קינדער יִשׂראָעל געפירט אינ
גאָלעס אריינ האָט מענ זיי געטאָנ פירנ ניט וויט פונ דער מוטער
ראָכלס קייווער אונ ווענ די קינדער יִשׂראָעל זענענ געקומענ אפנ
קייווער די דאָרט ראָכל ליגט אונ האָבנ געטאָנ שריענ מוטער מוטער ווי
קאָנסטו דאָס צוזענ אז מע זאָל אונדז טונ פירנ אינ גאָלעס אריינ איז
די מוטער ראָכל אופגעשטאנענ צו האשעמ־יִתבּאָרעכ מיט א ביטער
געשריי אונ האָט געטאָנ אזוי צו שפּרעכנ ריבוינע־שעל־אוילעמ דו
ביסט דאָכ אנ אל רחום וחנון 1 דאָס טייטש עצ ביסט מיט גרויסערע
ראכמאָנעס פונעמ מענטשנ פונדעסטוועגנ האָב איכ דאָכ ראכמאָנעס
געהאט אפ מיינ שוועסטער ל י ע וואָס זי האָט געטאָנ וויינענ טעג
אונ נעכט זי זאָל ניט אריינפאלנ אינ א י י ס ע ו ס גורל אריינ ביז אירע
אויגנ זענענ איר טונקל געוואָרנ פאר גרויס געוויינ היינט מיקאָל־
שעקיינ דו גאָט״...

עסטער דערמאנט זיכ אינ יענער טרויעריקער געשיכטע פונ ל י ע נ, וואָס די מאמע פלעגט איר שאבעס באטאָג לייענענ פונעמ טייטש־כומעש, אונ וויינט ניט אפ לייעס גורל, וואָס האָט מורע גע־האט, זי זאָל ניט אריינפאלנ צו אייסעוונ, נאָר אפ איר אייגנ פינצ־טער מאזל, וואָס זי פאלט אריינ צו אלטערנ אינ די הענט אריינ, — א מינ אייסעוו האָט זיכ גענומענ אפ אירע יונגע יאָר!.. אונ זי וויינט, באוואשט זיכ מיט טרערנ... אונ וועמענ גייט דאָס אָנ, וואָס זי וויינט? דערופ איז זי א קאלע, זי זאָל זיכ אויסוויינענ א ביסל פאר העמ „באדעקנס״. — קלעזמער שפּילנ, מיידלעכ טאנצנ, ײִדנ אונ ווייבער דרייענ זיכ ארומ, מעכוטאָנימ לויפנ איינס פארנ אנדערנ. בריינע מיט יענטלענ — די אונטערפירערנס — נעמענ עסטערנ אונ־טער די הענט, באזעצנ זי אינמיטנ שטוב אפ א בענקעלע, אונ מע הייבט אָנ, ווי דער מינהעג איז, צו צעפלעכטנ איר די האָר. די קאלע זיצט צווישנ אלע ווייבער, ווי א פּרינצעסנ, מיט א וויס זיידנ קלייד, די צעפ צעפלאָכטנ. ווייבער קלייבנ זיכ צונויפ ארומ־אונ־ארומ. מע נעמט די האָר, עסטערס גילדענע האָר, מע האלט זיי אינ די הענט, די קלעזמער הייבנ אָנ צו שפּילנ א וויינענדיקס צומ „באזעצנ״ די קא־לע, אונ עס ווערט א יאָמערלעכ געוויינ צווישנ די ווייבער. מע קוקט אפ דער קאלעס צעפלאָכטענע האָר אונ מע שנייצט די נעזער אינ

1 איל ראכומ וועכאנונ.

די פארטעכער, מע קוועטשט די אויגנ אונ מע וויינט. זלאטע ווערט שיר ניט צעגאָסנ פאר געוויינ; דאָס הארצ רײַסט איר אפּ איר קינד נעבעכ: גאָט ווייסט, אינ וואָסערע הענט זי פאלט ארײַנ, אזא קינד, אזא טײַער קינד, וויי-וויי געשריגנ! אונ יענטל וויינט אויכ: וויאזוי זאָל זי ניט וויינענ, אז קיינ קינדער האלטנ זיכ בא איר ניט, ניט דאָ געדראכט, שוינ געווענ וויפל מאָל באמ רעבנ — עס העלפט ניט! אונ ברײַנע וויינט, וואָס אלע האָבנ כאסענע, נאָר אירע טעכטער זיצנ אונ קוקנ ארויס אפּ כאסאנימ, פינפ דערוואקסענע טעכטער, וויי איז מיר!.. יונגע ווײַבלעכ קוקנ אפּ דער קאלע, באוויינענ זי אונ זיכ זעלבסט: זיי ווייסנ גאנצ גוט, וואָס הייסט „מע בארעקט א קאלע“, מע פארבינדט א יידישע טאָכטער, מע מאכט זי כאסענע — זי גייט ארויס פונ איינ רעשוס צומ אנדערנ, פונעמ טאטנס רעשוס אינעמ מאנס רעשוס... די, וואָס קענענ גוט דעמ כאָסנ אונ געדענקענ זײַנ ערשטע ווײַב, פײַגל נעבעכ, באוויינענ עסטערנ אצינד: זיי ווייסנ, אז עסטער וועט בא אימ קיינ האָניק ניט לעקנ... אונ אנדערע וויינענ דערפאר, ווײַל זיי דערמאָנענ זיכ, אז דער טאטע אָדער די מאמע איז געשטאָרבנ, אָדער א קינד ליגט אינ דער היימ טויט-קראנק אונ ס'איז ניטאָ מיט וואָס צו ראטעווענ. אונ אנדערע וויינענ גלאט אזוי, ווײַל די קלעזמער שפּילנ א וויינענדיקס — וויינט זיכ. האקלאל, אלע וויי-נענ, אונ ביפראט עסטער, — זינט זי לעבט, האָט זי נאָכ אזויפיל נישט געוויינט, ווי אצינד. זי באהאלט איר ליכטיק שיינ פּאָנעמ אינ ווײַסנ טיכעלע ארײַנ, בכדיי מע זאָל ניט זענ אירע טרערנ. פונעמ טאָנעס, פונעמ טרויעריק שפּילנ, פונעמ געוויינ, וואָס ארומ-אונ-ארומ, אונ פונ פארשיידענע פינצטערע מאכשאָוועס ווערט בא איר אינ קאָפּ אויסגעמישט. זי פילט, אז עס לאָזנ זיכ איר אויס די קויכעס, עס גייט איר אויס דאָס כײַעס. פלוצעמ ווערט איר פינצטער אינ די אויגנ; גרויסע אונ קליינע, שווארצע, געלע, רויטע אונ גרינע רעדעלעכ דרייענ זיכ פארבײַ איר, אונ נאָכדעמ, וואָס ווײַטער-ווײַטער, ווערט אלצ ליכטיקער אונ לויטערער, צומ סאָפּ ווערט איר שטארק ליכטיק, גרינג אונ גוט, זייער גוט! עס שטעלט זיכ איר פאָר דער מוטער ראָכלס קייווער, ווי ער עפנט זיכ, אונ עס גייט ארויס פונ דאָרטנ א מעס אינ ווײַסע טאכריכימ אונ מאכט צו איר מיט דער האנט אונ רופט זי צו זיכ, צו זיכ... עסטער וויל א געשריי טאָנ „שמא-ייסראָעל“ — אונ קאָנ ניט: עס ווײַזט זיכ איר אויס, אז זי איז געשטאָרבנ; זי ליגט אפּ דער ערד, מיט א שווארצער דעק איבערגעצויגנ. די מאמע שטייט איבער איר, אונ ברעכנדיק זיכ די הענט אונ שלאָגנדיק זיכ קאָפּ אינ

וואנט, באוויינט זי איר באס־יעבידע נעבעכ. נאכדעמ פילט זי, ווי מע הייבט זי אופ אונ מע טראגט זי איבער דער שטאט פארביי די קלייטנ, שרייענדיק אפ א קאל אונ קלינגענדיק מיט דער פושקע, מיט דער געוויסער פושקע: „צ ד ק ה ת צ י ל מ מ ו ת!“ [1] אונ אזוי ברענגט מענ זי אפנ הייליקנ ארט. דארט שטעלט מענ איבער איר מיטע א שוואר־צע כופע, ווי דער מינהעג איז בא ייִדנ, אז עס שטארבט א קאלע, אונ מע לייגט זי אריינ אינ דער ערד, אינ קייווער, אונ עס לאזט זיכ הערנ עפעס זייער א באקאנט קאל. זי הערט זיכ איינ אינעמ קאל, אונ עס דאכט זיכ איר אויס, אז יאסעלע סאלאווײ זינגט: דאס זאגט יאסעלע נאכ איר קאדעש, אונ דער גאנצער עולעמ ענטפערט אמיינ. עסטער הערט זיכ איינ אינ יעדנ ווארט, ווי יאסעלע זאגט איבער איר קאדעש אונ דער עולעמ ענטפערט אמיינ... פלוצעמ הערט זי, ווי עמעצער טוט א פאל אפ איר קייווער אונ עטלעכע מענטשנ הייבנ אנ שרייענ: „נעמט אימ צו, נעמט צו דעמ טאטנ, דעמ טאטנ נעמט צו פונדא־נענ!“... עסטער כאפט זיכ אופ אונ דערזעט, ווי זי זיצט אפ יענעמ בענקל, וווּ מע האט זי באזעצט צומ באדעקנס, אונ ארומ איר שטייענ ווייבער אונ אויכ מאנצבילנ. מע שרייט, מע ליארעמט, מע שפריצט איר וואסער אינ פאנעמ אריינ אונ מע רייבט זי בא דער נאז אונ בא די אויערנ; מע צעשפיליעט זי, מע צעגארסעוועט זי, אונ זלאטע שרייט: „עסטער! טאכטער מיינע! גאט איז מיט דיר! די קאלע כא־לעשט! לאז מענ אנהייבנ פירנ צו דער כופע! לאז מענ באטערנ דאס באדעקנס, אינ גאטעס ווילנ!“

— שאט, מעכוטענעסטע, שרייט ניט! — רופט זיכ אפ א ייִדע־נע. — שרייט נישט, אנ גייענ די מעכוטאנימ, אנ גייט דער כאסנ, שרייט נישט, שא!

אלטער פעסיס גייט צו אנ אויסגעפוצטער, אנ אויסגעצוואגענער, א יאמטעוודיקער, א געזונטער, מיט א געגאלטנ קארק אונ מיט א היפש בייכל, דאס בלוט שפריצט אימ אקארשט ניט פונ די באקנ ארויס, אונ דאס פיסקעלע האלט ער צונויפגענומענ. פונ ביידע זייטנ ביידע מעכוטאנימ, ביינעש אונ מוישע-אווראמ זאליאזניק, אונטערפירערס מיט זיידענע קנאקנדיקע נאקידקעס אפ די פלייצעס, מיט געפלאכטענע האוודאלעס אינ די הענט. דער כאסנ האלט אינ די הענט א פארוי־בעס, ער גייט צו צו עסטערנ אונ טוט איר א ווארפ דעמ פארויבעס אפנ קאפ, אונ אלע ווייבער באשיטנ אימ מיט האפנ, מיט האבער,

1 צדאקא טאציל מימאוועס.

שרײַענדיק: „מאַזלטאָוו! מאַזלטאָוו!“ נאָכ דער כופּע כאַפּנ די קלעזמער אָפּ א פרײלעכס, אַלע ווײַבער הײבנ אָנ צו פּליעסקענ, אונ זלאַטע כאַפּט א טענצל. זי איז גאָר גליקלעכ: גאָט האָט אָפּ איר ראַכמאָנעס געהאַט, זי האָט דערלעבט עסטערנ כאַסענע מאַכנ. זלאַטע טאַנצט א פרײלעכס, העפּעט אונ דרײט זיכ, די הענט פּאָדבאָקאָמ, אונ דאָס פּאָנעמ שײַנט איר, ווי, געוויינלעכ, א מעכוטענעסטע, בעשאַס זי מאַכט כאַסענע דאָס ערשטע קינד. אָפּ איר קוקנדיק, כאַפּנ זיכ יענטל מיט ברײַנענ פאַר די הענט (ביז אַהער האָבנ די צוויי שוועסטער ניט גערעדט צווישנ זיכ א יאָר דרײַ, זיכ געווענ סאָנימ, איינס מיט דאָס אַנדערע אָפּ מעסער-שטעכנ) אונ זענענ בײדע אוועק א האָצקעלע אַקעגנ זלאַטענ; דערבײַ האָט יענטל צוגעזונגענ:

האָפּטשיק, ברײַנע,
איכ האָב צו דיר א טײַנע:
דו ביסט ניט מײַנע,
איכ בינ ניט דײַנע!..

די קלעזמער שפּילנ. זלאַטע, יענטל אונ ברײַנע טאַנצנ, נעמענ זיכ אַרומ אַלע מינוט, קושנ זיכ אונ שמאָצקענ זיכ. אַלע ווײַבער פּליעסקענ, העצקענ זיכ אונטער אָפּ איינ אָרט אונ שרײַענ: „שטאַרקער, שטאַרקער!“ פּלוצעמ וואַקסט אויס רעב קאַלמענ שאַדכנ מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל ביז די עלנבויגנס; ער צעלאָזט די פּאָלעס אונ שטעלט פיס, מאַכט פּאָלקעס אונ שפּרינגט ביז דער סטעליע. אָפּ אימ קוקנדיק, כאַפּט בײנעש זײַנ שוואָגער מוישע=אווראָמ דעמ זאַליאַזניק, אונ בײדע צעלאָזנ זיי זיכ אָפּנ יִדישנ שטײגער, לײגנ אַרופּ איינער דעמ אַנדערנ די הענט אָפּ די אַקסלענ, וואַרפנ מיטנ קאָפּ, מיט צוגעמאַכטע אויגנ, אַרופּ אונ אַראָפּ, אונ טופּעשנ מיט די פיס, דרײענדיק זיכ אָפּ איינ אָרט. מענאַשע מיט עפראַימענ, זלאַטעס צוויי יִנגלעכ, ווײַסעכווערעניקעס, קאָנענ זיכ אויכ ניט אײַנהאַלטנ; זיי שפּרינגענ אַרײַנ אינ קאָנ אַרײַנ אונ וואַרפנ מיט פיסלעכ, בריקעווענ ווי די קעלבלעכ — העצ-העצ-העצ! וואָס ווײַטער ווערנ מער טענצער, ביז מע נעמט זיכ אַלע פאַר די הענט אונ מע גײט גאָר א קאָראָהאָד, שרײַענדיק צו די קלעזמער: „לעבעדיקער! שטאַרקער!“ אַלע העפּענ, טאַנצנ, פּליעסקענ אונ העצקענ זיכ. עס ווערט א מישמאַש, א דרײעניש, א טומל, א געפילדער, ווי געוויינלעכ א יִדישע כאַסענע.

XXVIII

# אַ יאַמפּעלער באַלעגאָלע גיט איבער לייזערנ אַ מעשונע מאָדנע פאַרשוינדל

זינט לייזער דער באַלעגאָלע פירט פאַרשוינענ פונ מאַזעפּעווקע קיינ קאַשעפּערעווו אונ פונ קאַשעפּערעווו קיינ מאַזעפּעווקע, האָט זיכ אימ נאָכ ניט געטראָפֿנ אַזאַ גילדנ פאַרשוינדל, ווי גאָט האָט אימ צוגע-שיקט איינמאָל אַרומ כאָצי-עלול דורכ אַ יאַמפּעלער באַלעגאָלע, ספּאַסיבע אימ. שמירנדיק דעמ וואָגנ, האָט אימ לייזער צוגעזאָגט בריינגענ קיינ מאַזעפּעווקע פאַרפרי, נאָכ איידער די זונ וועט זיכ זעצנ, ער מעג זיכ פאַרלאָזנ אפ זײַנע פערדלעכ. פאַנקעווענ זיי וועט ער אויכ ניט, וואָרעמ ווײַבאַלד מע באַדאַרפ פאָרנ גיכ, איז דאָכ קיינ טע-רעצ ניט.

— דאָליבוג, פאַניטשו, טאָ פּראַוודאַ יעסט! — האָט אימ פּאָטאַ-קעוועט דער יאַמפּעלער באַלעגאָלע, אויסשמועסנדיק זיכ מיטנ פאַר-שוינדל אפ פּויליש, אונ האָט טאַקע באַלד אַ מאַכ געטאָנ צו לייזערנ שוינ אפ ייִדיש:

— וואָס טויג מיר מײַסעס, רעב לייזער, איכ האָב אײַכ גאָר דער-האַרגעט מיט אַ קניש — אַ גוט העכטל! איר וועט פונ אימ, נישקאָ-שע, האַנאָע האָבנ. באַ די לײַט איז דאָס קערבל אַ מאַמזער. ווי דער-טאַפּ איכ אַזאַ סטיס אויכ צוריקוועגס, רעב לייזער?

— יהודי בלא[1]! צו וואָס טויג דאָס דאַבערנ! — האָט אימ לייזער אָפּגעענטפערט אפ לאָשנ-קוידעש.

— וואָס איז דענ, רעב לייזער?

— וואָס איז דענ? דו זעסט דאָכ, ווי דער אָדנ שמייכלט, ווי אַ פּיגוער אומגעוואַשנ; טאָמער איז ער מיווונ קאָל-דיבער?

— ווי לאַנג שמײַסט מענ אימ! ער פאַרשטייט מער פונ אַ טויטנ. אַז איר וועט איבערלאָזנ די שוואַרצע מיל, רעב לייזער, מעגט איר אײַכ הייסנ געבנ אַ הויסאָפּע, נישקאָשע, ער איז נישט קראַנק. שוינ עלול-צײַט, דער וועג איז, מעכילע, געדריפּעט. איכ האָב מוירע, אַז איר וועט האָבנ אַנ איבערשלאָג, רעב לייזער, וואָרעמ איכ זע, אײַע-רער, יענער, וואָס אַפנ דראָנזשיק, מאַכט מיר עפּעס לעמל. נו, פאָרט

---

1 יעהודע בעלוי — געמיינט: ניטע, שווײַג.

זשע געזונטערהייט, רעב לייזער, און פארפירט מיר נישט מײַנ מאָ־
האָריטש, וואָרעמ גאָט איז גאָט און בראָנפנ איז בראָנפנ, פארשטייט
איר מיך... בוואיטע זדראָווע, פאניטשו! — האָט דער יאמפעלער באַ־
לעגאָלע א מאַכ געטאָנ צומ פארשווינדל, ארונטערהייבנדיק דאָס
היטל.

ארויספאָרנדיק פונ קאשפערעוו און נעמענדיק זיך אפנ מאזעפעווע־
רער שליאַך, האָט לייזער באַלעגאָלע א פרעג געטאָנ באַ זײַנ פאר־
שווינדל, צי איז ער ניט פונ דער סעמענאריע? מאַכמעס פאראיאָרנ
אינ דער צײַט האָט ער אויך געפירט צוויי פארשווינדלעך, פאניטשלעך
פונ דער סעמענאריע, זייער ווילע מענטשנ. פלוצעמ הערט לייזער
פונ דער קעלניע, ווי עמעצער מאַכט צו אימ אפ יידיש:

— איר האָט מיך גאָר נישט דערקענט, רעב לייזער?

לייזער באַלעגאָלע איז שיר פונ דער קעלניע ניט אראָפגעפאלנ
פאר שרעק: ער האָט זיך גענומענ ארומקוקנ אפ אלע זײַטנ, געכאפט
א קוק אונטערנ וואָגנ, פארריסנ דעמ קאָפ ארופ און האָט גאָרנישט
געקאָנט פארשטיינ, פונוואַנענ גייט עס דאָס קאָל?

— רעב לייזער! כא־כא־כא! איר האָט מיך גאָר נישט דערקענט?
קוקט זיך נאָר גוט אײַנ! — מאַכט צו אימ נאָכאמאָל דאָס פארשווינדל
און צעלאַכט זיך אפ א קאָל. לייזער באַלעגאָלע איז געוואָרנ אויסער
זיך: ער האָט אָפגעשטעלט די פערדלעך און האָט זיך גענומענ באַ־
טראַכטנ דאָס פארשווינדל זײַנס, אויסשטעלנדיק אפ אימ א פאָר אויגנ.

— כאָטש נעמט שינדט מיר די פעל, הארגעט מיך דאָ אפנ
אָרט, — זאָגט לייזער, — געדענק איך ניט! עפעס זענט איר מיר יאָ
קענטלעך און ניט קענטלעך. זענט איר ניט, טשאַסאָמ, מענאשע דעמ
זייגערמאַכערס שוואָגעריק?

— וואָסער זייגערמאַכער? וואָסער שוואָגעריק? איך בינ שמוליק
דעמ כאַזנס זונדל, יאָסעלע בינ איך, יאָסעלע סאָלאָוויי.

— א־א־א?.. וואָס זשע מאַכסטו גוטס? נא דיר אָפ שאָלעמ! און
איך, בעהיימע, שטיי, ווי א טעלעצע, און קוק און קוק — אָט א
קאָפ! וואָס זשע מאַכסטו עפעס? וויאָ, וויאָ, אָדלערס מײַנע! הייבט
פיסלעך, פעגירעס מײַנע! א גאַסט, א גאַסט! סטײַטש, א גאַסט!
ביסטו דאָס שמוליקס זונדל? מע זאָל מיר אראָפנעמענ די פעל, וואָלט
איך נישט געזאָגט, אז דו ביסט א יידיש קינד. טראָגסט לאַנגע האָר,
האָב איך געמיינט, אז דו ביסט פונ דער סעמענאריע. ביסטו דאָס
יאָסעלע סאָלאָוויי, הייסט דאָס? נו־נו! מער מע לעבט, מער עסט מענ!
איך געדענק נאָך דאָס דאַווענענ דײַנס אינ דער קאַלטער שול. אײַ,

יאָסעלע! אונ איכ, בעהיימע-בעצוראָס-פערד, שטיי אונ קוק, כאַטש מאָל מיכ אויס! איכ ווייס זייער? ער זאָגט א פאַניטשל, לאָז זיינ א פאַניטשל. גיי ריכט זיכ אָפּ א שלאָק! אוי, יאָסעלע! וויאָ, מיינע ציטעריקע! וויאָהוויאָ, פּעגירעס איינע!

לייזער באַלעגאָלע אונ יאָסעלע סאָלאָוויי האָבנ זיכ ביידע דערפרייט, מעכייע געווענ איינס מיטנ אנדערנ. יאָסעלע איז ארופּ צו לייזערנ אפּ דער קעלניע אונ האָט בא אימ אויסגעפרעגט אַלצדינג, וואָס אינ דער היימ טוט זיכ, נישט דורכגעלאָזט קיינעמ. לייזער האָט אפּ אַלצדינג געענטפערט אַלצ, וואָס ער ווייסט, נישט פאַרלייקנט קיינ זאַכ; אפילע פונ די פריערדיקע פערדלעכ זיינע, וואָס ער האָט אויסגעביטנ אינ קאַשעפערעוו אפנ יאַריד אונ האָט זיכ דאַפקע אָפּגענאַרט, מאַכמעס די פערד-מעקלערס דאָרט זיינענ גרויסע מאַשעניקעס...

— אַזעלכע מאַמזיירימ, זאָג איכ דיר, וואָס מע קריגט זיי גאָרביט, מע זאָל אויספאָרנ די גאַנצע וועלט: זיי קאָנענ דיר פאַרדרייענ דעמ גרעסטנ סויכער, זיי פאַרשאָלאָמאָנענ דעמ קאָפּ אַזוי, אַז דו וועסט בלייבנ פריטשמעליעט, פאַרצאַמט — נישט רעכטס, נישט לינקס! ערגער פונ די ציגיינער, איכ זאָל אַזוי גליקלעכ זיינ, אַז זיי זיינענ ערגער טויזנט מאָל פונ די ציגיינער!.. וויאָ, א פּעגירע זאָל אפ אייכ קומענ, כאָליערעס מיינע! האָבער ווילט זיכ אייכ? מיינע צאָרעס וועל איכ אייכ געבנ מיטנ דאַלעס א צוגאָב, ברענענ זאָל די פעל אייערע!

— וואָס זשע מאַכט דאָרטנ אונדזער שכיינע, זלאַטע די צעלניקערנ? — פרעגט יאָסעלע, אונ דאָס האַרצ קלאַפּט אימ.

— וואָס זאָל זי מאַכנ?—ענטפערט לייזער.—זי מאַכט כאַסענע.

— וואָס הייסט זי מאַכט כאַסענע? וועמענ מאַכט זי כאַסענע?

— די טאָכטער מאַכט זי כאַסענע.

— די טאָכטער? — פרעגט יאָסעלע אונ טוט זיכ א וואָרפ צו לייזערנ. — ווו? וואָס? ווענ?

— זי מאַכט כאַסענע די טאָכטער אירע, — ענטפערט לייזער, — וויאַזוי הייסט זי דאָרטנ? איכ האָב שוינ פאַרגעסנ, וויאַזוי זי הייסט: דער קאַשעפערעווער יאַריד מיט די מעקלערס האָבנ מיר אַזוי דעמ קאָפּ דערשלאָגנ, אַז פונדאַנענ אַהינ פאַרגעס איכ... סאַרפענענ זאָלנ די ביינער אייערע, פּעגירעס מיינע, וויאָ!

— עסטער הייסט זי. נו? האָט זי כאַסענע? ווו? ווענ? פאַר וועמענ?

— פאר... ווי:אזוי רופט מען אים, אָט דעם האָמאָן דעם פּראָצענטניק, ווייסט דער רועב די בעשאָמע זיינע!

— יאנקל מייער=פיניס? בערל מוישע=ליפעס? איצל אווראָמס? סימכע=דאָנ? גועצל=מענאשע?

— נײן! — זאָגט לייזער, קראַצנדיק זיך מיט דער בײַטש בא דער פּאָטיליצע. — אכ, ווי:אזוי הייסט ער, צו=נ־אלדי רוכעס? בראָש ליגט ער מיר אפּ דער צונג! ער איז רייַכ, צו=נ=אלדי שווארצע יאָר, אָנגעשטאָפּט מיט געלט. א גראָבער איז ער, א בעזדיטניק, זײַנ שטוב איז די דריטע פונעם נײַעמ בעסמעדרעש, אויב דו ווייסט.

— עפּשער אלטער פּעסיס?

— אלטיצר, אלטער, א מיסע־מעהומע זאָל אפּ אײַכ קומענ! אַלטער, אלטער!

— נו, האָט זי כאסענע פאר דעם אלטערנ, רעב לייזער? ווו? ווענ? ווי ארומ?

— איכ וויים ווי ארומ? צי דאָ ארומער, צי דאָרט ארומ? איכ האָב געהערט, אז ער נעמט זי. לעמײַ איכ האָב געהערט, אז דו האָסט כאסענע געהאט אונ ביסט גאָר גליקלעכ? איז דאָס עמעס, יאָסעלעסערדצע? וויאָ, פּעגירעס, האָב אײַכ אכציק שווארצע יאָר! ווי מיינסטו, מיר וועלנ הײַנט האָבנ א ליכטיקע נאכט? ס'איז אפילע כאָציעלול, האָ? גאָט זאָל געבנ, מיר זאָלנ כאָטש קאָנענ אײַנפּאָרנ ביז טאָג צו דער געמויערטער קרעטשמע.

— וואָס הייסט ביז טאָג, רעב לייזער? איר האָט דאָכ מיר צוגעזאָגט ברענגענ מיכ אפּ באָנאכט קיינ מאזעפּעווקע, וואָס הייסט דאָס, רעב לייזער?

— איכ האָב צוגעזאָגט? דאכט זיכ, דו זעסט אַליינ, מע שטייט ניט; מע פאָרט, דאכט זיכ, קעסיידער?

— טרײַבט זשע טאקע אונטער, רעב לייזער, די פערדלעכ, לאָזנ זיי גיינ א ביסל גיכער, איכ בעט אײַכ.

— א ביסל גיכער? איר קומט, אפּאָנעמ, פונעם גיכנ לאנד, יונ=גערמאנ? עס איז גרינג צו זאָגנ יענעמ, ער זאָל לויפנ א ביסל גיכער! איכ וואָלט א באַלנ געוויזנ, דו זאָלסט זײַנ א פערדל, אונ זענ, ווי:אזוי וואָלסטו געפלויגנ ארופ א בארג.

— וואָסער ארופ א בארג? מע זעט נאָכ גאָר קיינ בארג ניש! איר האָט בא מיר, רעב לייזער, נאָכ א דרײַערל, א פינפערל האָט איר, אבי פאָרט גיכער: איכ דארפּ, פארשטייט איר מיכ, וואָס גיכער.

— מיסטאמ ווילסטו ספּיעשענ וואָס גיכער? האָסט דאָס באו מיר

אויב געפויעלט... וויא, מײַנע אָדלערס! נאָכ א פינפערל, אײַנגעזונקענ זאָלט איר ווערנ! פאשאָל! פאשאָל! ס׳וועט זײַנ ר-ע-כ-ע-ט!

לייזער שמײַסט די פערדלעכ, קאראדאשעט זיי די פעל, טוילט זיי אײַנ שטעקנס גענוג און קאָראָניעט בעשאס-מײַסע דעם קאשפער־רעווער יאריד מיט די דאָרטיקע פערד-מעקלערס, און יאָסעלע ליגט אינ בײַדל מיט בײדע הענט אונטערנ קאָפ, שטארק פארטיפט אינ זײַנע מאכשאָוועס, און הערט גאָר נישט לייזערס קלאָלעס, מיט לייזערס פײַפנ, מיט לייזערס טרײַבנ די פערדלעכ געשמאק, מיט לייזערס צוזינגענ אפ זײַנ בויכ־שטימע עפעס א טרויעריק לידל, אָנ אנ אָנהייב און אָנ א סאָפ.

מאכשאָוועס, געדאנקענ, כאלוימעס, — דאָס האָט יאָסעלע סאָ־לאָוויי געהאט, ווי מיר ווייסנ שוינ, נאָכ פונ קינדווײַז אָנ. ער האָט טאָמיד ליב געהאט צו פליענ אינ הימל ארײַנ, פאנטאזירנ, פאָרשטעלנ זיכ גילדענע בערג. ארויסרײַסנדיק זיכ קוים מיט צאָרעס פונ באר־דיטשעוו אפ עטלעכע טעג און פאָרנדיק אהיים, האָט ער זיכ פאָרגע־שטעלט, וויאזוי ער וועט ארײַנפאָרנ אינ שטאָט און קיינער וועט אים נישט דערקענענ. ער וועט זיכ הייסנ צופירנ צו שמוליק דעם כאזנס שטיבל. שמוליק וועט אים אָנקוקנ פארווונדערט: „וועמענ דארפט איר האָבנ?” — וועט ער אים פרעגנ. — „האָסט מיכ נישט דער־קענט, טאטע? דאָס בינ איכ!” — וועט ער אים ענטפערנ, פאלנדיק דעם טאטנ אפנ האלדז. נאָכדעם וועט ווערנ א ליארעם: „יאָסעלע איז געקומענ!” זײַנ שטיפמאמע, די כאזנטע, וועט געוויס ווערנ פארדינענ א מיצווע, וועט זי לויפנ אָנזאָגנ זלאטענ מיט עסטערנ א בסורע: „איר ווייסט, וואָס פאר א גאסט מיר האָבנ? אונדזער יאָסעלע איז געקומענ!” נאָר יאָסעלע וועט זי נישט לאָזנ לויפנ. ער וויל בעסער אלײנ זיכ דורכגײנ אהינ און מאכנ מיט זיי אָנ אויסרייד, ווי א ווילד־פרעמדער. ער וועט זיכ שוינ געפינענ אָנ אויסרייד דאָרטנ. ער וועט מאכנ מיט זיי א שמועס וועגנ יאָסעלע סאָלאָוויי און דערווײַל קוקנ עסטערנ אינ פאָנעם ארײַנ, וואָס וועט זי זאָגנ. נאָכדעם וועט ער זיכ מיטאמאָל אנטפלעקנ פאר זיי, ווי יויסעפ פאר זײַנע ברידער אינ מיצראַיִמ, און וועט זאָגנ: „דאָס בינ איכ, יויסעפ!” עסטער וועט ווערנ אָנגעצונדנ, און עס וועלנ זיכ שטעלנ טרערנ בא איר אינ די אויגנ. נאָכדעם, אז ער וועט בלײַבנ מיט איר אלײנ, וועט ער איר אויג אפ אויג אויסדערציילנ אלצדינג, וואָס בא אים אפנ הארצנ טוט זיכ, אלצ, וואָס מיט אים האָט זיכ אָפגעטאָנ ביז אהער. ער וועט פונ איר נישט לייקענענ גאָרנישט. ער וועט איר א ל צ אופדעקנ, און

עסטער וועט אימ מויכל זײַנ. ער וועט איר דערציילנ, ווי׳אַזוי ער האָט זיכ די גאַנצע צײַט געריסנ אהיימ, נאָר געדאַליע באַס, יִמאַכ־שמוי, האָט אימ נישט דערלאָזט, געשלעפּט אימ פונ אײנ שטאָט אינ דער אַנדערער, אַלצ אָפּלייגנדיק אַפ שפּעטער, אַפ שפּעטער! נאָכדעמ, ווי־אַזוי ער איז שוינ גרייט געווענ צו פאָרנ אהיימ, האָט זיכ אונטער־געכאַפּט דאָס אומגליק, פּערעלע די דאַמע, אונ ער איז ארײַנגעפאַלנ אינ דער נעצ, אינ דער שעויל־טאַכטיע ארײַנ, אַרומקוקנדיק זיכ שוינ א ביסל צו שפּעט... ער ווייסט, ווי נאַריש ער האָט געטאָנ, ווי מיִעס ער האָט זיכ באַגאַנגענ אַקעגנ אַלעמענ, נישט אָנפרעגנדיק זיכ בא קיינ עלטערע. אָפּטונ אַזאַ מײַסע אָנ א טאַכנ, אָנ א שומ טאָלק! ער ווייסט דאָס גאַנצ גוט — נאָר וואָס קומט ארויס, אַז דער סייכל קומט טאָמיד נאָכ די יאָרנ? ער וועט נישט לייקענענ פאַר עסטערנ, אַז א ביסל פּערעלע מיט איר שפּילנ אונ א ביסל מיט איר געלט האָבנ אימ גאָר דעמ קאָפּ פאַרדרייט, אונ ער פאַרשטייט דאָס גאָר ניט, ווי׳אַזוי האָט ער גאָר געקאָנט פאַרגעסנ אינ זײַנע ליבע אונ טײַערע? ווי׳אַזוי האָט ער גאָר געקאָנט פאַרבײַטנ עסטערנ אַפ פּערעלענ? אונ צוליב וואָס? שוינ זשע צוליב געלט? צו וואָס טויג אימ דאָס געלט אירמ? יאָסעלע וועט איר דערציילנ, ווי׳אַזוי ער האָט געליטנ, וואָס ער האָט איבערגעטראָגנ אינ דעמ כווידעש; ווי׳אַזוי עס איז אימ אָנגעקומענ שווער זיכ אַרויסצורײַסנ אהיימ; ווי׳אַזוי פּערעלע האָט נאָר געוואָלט פאָרנ מיט אימ אינײנעמ, ניט אַנדערש; ווי׳אַזוי ער האָט זי קוימ אײַנ־געבעטנ, געוויינט פאַר איר, זי זאָל אימ לאָזנ אַליינ; ווי׳אַזוי עס איז אימ נימעס דאָס לעבנ, ענג, דושנע, פּוסט אונ פינצטער די גאַנצע וועלט; ווי׳אַזוי דאָס האַרצ ציט אימ אהיימ, צו איר, צו עסטערנ, אונ צוליב איר איז ער גרייט אַפ אַלצדינג, אַפילע שטאַרבנ! אונ לאָז זי וויסנ אַלצ, אונ לאָז זי זאָגנ, וואָס צו טונ, וועט ער טונ. ער וועט זי פאָלגנ אַלצ, וואָס זי וועט אימ הייסנ. צוליב איר איז ער גרייט אינ פײַער אונ אינ וואַסער. אַנטלויפנ מיט איר אינ עק וועלט ארײַנ אַפילע!..

אונ יאָסעלע הייבט אָנ צו פאַנטאַזירנ, ווי׳אַזוי ער אַנטלויפט מיט עסטערנ אינ עק וועלט ארײַנ... ער ווערט אַנשלאָפנ באַמ יאַמפּעלער באַלעגאָלע אַפנ וואָגנ אונ כאַפּט זיכ אויפ ערשט דעמלט, ווענ מע פאָרט ארײַנ קיינ קאַשפּערעוו, אונ ביידע באַלעגאָלעס באַגעגענענ זיכ. פונ לייזערנ דערהערט יאָסעלע א פינצטערע, ביטערע בסורע, אונ זײַנ פאַנטאַזיע הייבט אָנ צו אַרבעטנ שוינ גאָר אינ אַנ אַנדער זײַט ארײַנ.

# XXIX

## לייזער טרײַבט די פערדלעך און ברענגט יאָסע־לען אהיים שוין שפּעט אין דער נאַכט

אַנדערע מאַכשאָווערס, אַנדערע געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט בײַ יאָסעלען אין קאָפּ, באַכדעם ווי ער האָט דערהערט פון לייזערן די גוטע בשורה, אַז עסטער האָט כאַסענע פאַר אַן אַנדערן, פאַר אַל־טערן גאָר! אַלע זײַנע פריִערדיקע כאַלוימעס זענען מיטאַמאָל אַוועק, פאַרשוווּנדן געוואָרן. ער איז געוואָרן אָנגעצונדן אויף אַלטערן, אויף זלאַטען און אויך אויף עסטערן. אַלע זענען אויסגעקומען בײַ אים מעשוגע־ווילד, שולדיק אַרום־און־אַרום, כוץ ער אַליין. עס איז אים גאָר אויף די געדאַנקען נישט געקומען, ער זאָל זיך א פרעג טאָן: עפּ־שער איז ער דאָ דער גאַנצער כײַעוו? ער האָט שוין אַרויסגעקוקט די מינוט, די רעגע, ער זאָל שוין דערלעבן קומען אַהיים. יעדע רע־גע איז אים געווען א יאָר.

— ס׳איז נאָך ווײַט? — האָט ער א פרעג געטאָן בײַ לייזערן, אַרויסשטעקנדיק אויף א מינוט דעם קאָפּ פון בויד און אָנרירנדיק אים בײַ דער האַנט.

לייזער האָט עפּעס א מורקע געטאָן אונטער דער נאָז און האָט אויסגעשפּיגן. עס האָט אויסגעוויזן, אַז לייזער איז געווען ניט אַזוי צופרידן, וואָס מע האָט אים איבערגעשלאָגן כאַמע אין בעסטן שלאָף. אויך די פערדלעך האָבן געהאַלטן אינמיטן דרימלען, געליא־מעוועט מיט די פיסלעך, זיך געמאַכט, גלײַך ווי זיי לויפן. אין דרויסן שמעקט שוין מיט עלול־צײַט. די זון האַלט בײַ זעצן זיך. איין עק הימל האָט זיך באַפאַרבט מיט א ברייטן רויטן פאַס, ווי מיט בלוט צעגאָסן זיך איבערן גאַנצן מיזרעך־זײַט. א קיל ווינטעלע פאַר־גאַנוועט זיך צו יאָסעלען אין בויד אַרײַן, רירט אים אָן בײַ זײַנע לאַנגע, געקרײַזלטע האָר, טוט אים א גלעט, א שמיר איבערן פּאָ־נעם. ער שפּאַרט זיך אָן אין בײַדל און הייבט אָן צו דרימלען. דאָס ווינטעלע בלאָזט, די בויד טרייסלט זיך, די גלעקעלעך קלינגען, די פערדלעך שמײַסן מיט די וויידלען, און לייזער גענעצט, ציט אַלץ דאָס איינענע טרויעריקע לידל, וואָס האָט ניט קיין אָנהייב און ניט קיין סאָף, — און דאָס אַלץ וואַרפט אָן אויף יאָסעלען נאָך א גרעסערע כאַרע־שכוירע, און ער ווערט אַנשלאָפן...

יאָסעלע ווערט אנשלאָפנ, און עס ווײַזט זיך אימ אויס, אז ער איז נאָך א קינד. ער געפינט זיך אינ מאַזעפעווקע בײַ יענעמ הויכנ בארג, וואָס פלעגט אימ קינדווײַז אויסווײַזנ מוירעדיק הויך, קימאט ביז דער כמארע. דאָרטנ אפנ שפיצ בארג — אזוי פלעגט מענ דערציילנ אינ כיידער — וואקסנ טײַערע שמעקנדיקע בסאָמימ מיט אלערליי גע-ווירצנ, און עס ליגט דאָרט באהאלטנ, פארגראָבנ אינ א ווינקעלע, יענער אוצער, וואָס מ א ז ע פ א האָט אימ דאָרטנ באגראָבנ, בישט אויסזאָגנדיק קייגעמ דעמ אָרט פונ אימ. אויך איז דאָרט פאראנ א קרישטאָלענער פאלאצ — אזוי האָט ער געהערט אינ כיידער — און דאָרט אינ פאלאצ זיצט א פארזינדיקטע באָס-מאלקע אײנע אליינ; אלע נאכט, ווענ די לעוואָנע גייט אופ, הערט מענ, ווי זי וויינט און רופט צו זיך מיט א טרויעריק קאָל פונ א פוהאטש, און דערמלט איז א סאקאָנע צו גיינ איינער אליינ אָנ א שוימער... עס ווײַזט זיך אימ אויס, אז ער קריכט אפנ בארג, ער קלעטערט, ער דראפעט זיך העכער און העכער, און צומ שפיצ בארג איז נאָך ווײַט. ער הייבט אָנ צו קריכנ אפ אלע פיר גיכ-גיכ, טאקע גאָר ווי א שרעטעלע, ער פליט אלצ העכער און העכער, און צומ שפיצ בארג איז נאָך אלצ ווײַט. ער כאפט א קוק אראָפ און ווערט פארציטערט פאר שרעק, הערזענדיק, וואָס פאר א מעהאלעכ-ראווו ער איז שוינ אָפגעגאנגענ — און צומ שפיצ בארג איז נאָך אלצ ווײַט. עס באשלאָגט אימ א קאלטער שווייס, ער זעט, ווי ווײַט ער איז פארקראָכנ. ער זעט פאר זיך קיינ לעבעדיקנ מענטשנ, קיינ הײַזער, קיינ ערד אפילע, נאָר בארג און הימל, הימל און בארג. ער פילט, ווי עס גייענ אימ אויס די קויכעס, עס ווערט אימ נישט גוט טאקע נאָר אפ כאלעשנ...

ער כאפט זיך אופ און ווערט טייקעפ ווידער אנשלאָפנ, און עס דאכט זיך אימ, ער איז אינ א געדיכטנ שאָטנדיקנ וואלד. ער ליגט אויסגעצויגנ אפנ גרינעמ גראָז, אינ איינ האנט האלט ער א טעלערל מיט שאלאכ-מאָנעס, מיט דער אנדערער גלעט ער עסטערנ איבערנ קאָפ, און עסטער זינגט אימ שטיל א לידל פונ דער „י ו נ ג ע ר נ ע-ש אָ מ ע”, איינס פונ „גאָלדענפאָדעמס” לידלעכ, וואָס זיי פלעגנ בײַ-דע קינדווײַז אָפט זינגענ:

„געשלאָפנ איז אלעס, האלבע נאכט איז געווענ,
עס האָט זיך קיינ בריע גערירט;
די זילבערנע לעוואָנע האָט זיך אליינ
צווישנ די שטערנ שפאצירט”...

פלוציעמ דערזעט ער פונדערווײַטנס, ווי א גרויסע ווײַסע קאצ

גאטוועט זיך צו אים; מיט אירע גלאטע פיס שטעלט זי שטילע טריט און רוקט זיך צו צו אים וואָס ווייטער אלץ נעענטער און נעענטער. זי גייט צו צו אים גאנצ נאָענט און שטעקט אים אריינ אירע נעגל אינ האלדז אריינ און הייבט אים אָנ צו דושענ און צו ווארגנ. ער פילט, ווי עס כאָרכלט אים אינעווייניק אינ גאָרגל, ער וויל שרייענ און קאָנ ניט. ער קוקט דער קאצ אינ די אויגנ אריינ, און עס דאכט זיך אים, אז זי שמייכלט. ער קוקט זיך איינ נאָך בעסער און דערקענט אינ איר פערעלענ... ער וויל שרייענ און קאָנ ניט... א מוירעדיקער, א שווארצער קודלאטער הונט שטייט איבער אים און סיפעט אים און בייסט אים. ער קוקט זיך גוט איינ אינ דערקענט אינ אים גדאליענ... ער טוט זיך א ריס מיט אלע קויכעס און טוט א געשריי ניט מיט זיינ קאָל: „אוי, טאטע!“

— אוי, טאטע!! — שרייט אויס יאָסעלע אפ א קאָל און כאפט זיך אויפ פונעמ שלאָפ ווי א צעדולטער. — טפו־טפו־טפו! ווו זענענ מיר, רעב לייזער?

— ווו מיר זענענ, פרעגסטו? — ענטפערט אים לייזער מיט א בערויגעזדיק קאָל, גייענדיק שוינ צופוס גלייך מיט די פערד־לעך, שעלטנדיק זיי מיט טויטע קלאָלעס. — אָ, מיר זענענ שוינ גאנצ ווייט, א פעגירע זאָל אפ אייך קומענ, כאָליערעס! שוינ לאנג אריבער־געפאָרנ קימאט העכער א האלבנ בארג, א מיסע־פאָהיבעל אפ אייך, ווי איך האָב מיך דאָ א ביסל אָנגעמאָרדעוועט! עפשער וואָלט געווענ א סוואָרע, זאָלסט זיך מאטריען זיינ א קאפעלע אראָפקריכנ און מויכל זיינ אונטערגייענ אָט דאָ בא דער זייט, טאָמער וועט זיינ פאָרט א ביסל גרינגער פאר די פערדלעך, סארפענענ זאָל די פעל אייערע!

— אָבער ס׳איז באלד די שטאָט, רעב לייזער? — פרעגט יאָסע־לע מיט א וויינענדיק קאָל.

— באלד, באלד, פארשטייט זיך, באלד. אָט דאָ נאָכנ בארג בלייבט איבער א שטיקל זאמדיק אָרט, נאָכדעמ א וועלדל, נאָכדעמ ווידער זאמד, און נאָכדעמ גייט שוינ א גלייכער וועג מיטנ פאָטש־טאָווע טראקט גלייך אינ שטאָט אריינ.

וואָס קאָנ מענ טונ? יאָסעלע נעמט זיך אָנ מיט הארצ און גייט נאָך נאָך דער בויד. דער קאָפ איז אים שווער, די פיס ברענענ אים, און אינ האלדז פילט ער אנ ענגשאפט. די פערדלעך, נעבעך, שלעפנ דעמ וואָגנ ארויפ א בארג גאָר אָנ כיישעק. זיי וואָלטנ זיך בעפיירעש אפגעשטעלט אָט־אָ־דאָ, גאָר ניט קוקנדיק אפ לייזערס קלאָלעס, וואָס ער שיט אפ זיי; ער גיט זיי אָבער אָנצוהערעניש מיט דער בייטש, אז

מע דאַרף גיין ווייטער. די לעוואָנע, וואָס האָט זיך אויסגעשײַנט פֿונעם עק הימל, שוועבט אַלץ העכער און העכער. דאָס ווינטעלע ווערט נאָך קילער, און יאָסעלע גייט באַם וואָגן גאַנץ געשמאַק, ווי אַ מענטש, וואָס האָט אָפּ זיך מעקאַבל געווען דעם גאָלעם...

— איצונד קריך אַרײַן, זײַ מויכל, צוריק אין וואָגן אַרײַן. — זאָגט צו אים לייזער, אָפּשטעלנדיק זיך אַף אַ מינוט. — עס וועט ניט געדויערן אַפֿילע, וואָס אַ טרונק וואַסער באַטרעפֿט, וועלן מיר שוין זײַן אין דער היים.

אַ נײַע בעשאָמע האָט לייזער אַרײַנגעזעצט אין יאָסעלען מיט די דאָזיקע עטלעכע ווערטער. ער זאָל זיך ניט שעמען פֿאַר זיך אַליין, וואָלט ער אים אַרומגעכאַפּט קושן, און כאָטש עס האָט געדויערט אַ סך מער „וואָס אַ טרונק וואַסער באַטרעפֿט", פֿונדעסטוועגן איז מען פֿאָרט אַמאָל געקומען קיין מאַזעפּעווקע.

קיינמאָל האָט נאָך יאָסעלע אַזוי ניט אָנגעקוועלט פֿון דער שטאָט מאַזעפּעווקע מיט איר שמעקעדיקער בלאָטע און מיט אירע קליינע, פֿינצטערע, פֿאַרשלאָפֿענע שטיבלעך, ווי איצינד. ער האָט זיך געפֿילט, ווי אַ סראָרע, וואָס פֿאָרט אַרײַן צו זיך אין זײַן גוטס, קלויבנדיק נאַ־כעס פֿון איטלעכם ברעקעלע. ער האָט שוין נישט געקאָנט אײַנזיצן אַפֿן אָרט און האָט אַרויסגעשטעקט די נאָז פֿון בויד אַרויס, נאָר ער האָט זי געמוזט פֿאַרשטעלן מיט דער האַנט... ווי אַ קליין קינד, איז ער אונטערגעשפּרונגען פֿאַר פֿרייד, רעדנדיק צו זיך אַליין: „אָט איז זאַלמען-עליע דעם שויכעטס שטוב! אָט איז צעמעך דעם גאָגידס שטוב! אָט איז אַרקע דעם שוסטערס שטוב, און אָט זעען די קלייטן... שאַ! אָט איז די אַלטע קלויז, און אָט איז זלאַטעס שטוב, ווו דער טאַטע זיצט... וואָס לײַכט זיך עס דאָרטן, אוי? רעב לייזער, טוט נאָר אַ קוק, זײַט מויכל, ווי עס איז ליכטיק דאָרט בײַ אונדז! אוי, וויי איז מיר! מיר דאַכט, עס נעצט?!"

— ווער נעצט? וואָס נעצט? — האָט אים לייזער געענטפֿערט, טרײַבנדיק די פֿערדלעך ווי אַ רעציייעך. — עס הייבט אַפֿילע ניט אָן צו נעצן! וואָס נאָך וועסטו אויסטראַכטן?

— וואָס זשע דען איז דאָרט אַזוי ליכטיק? שאַ, מיר דאַכט, אַז קלעזמער שפּילן? עס לאָזט זיך הערן דער פּויק מיט די טאַצן! וואָס איז דאָס? אַ כאַסענע צי וואָס? רעב לייזער, איר הערט אַ כאַסענע?

נאָר לייזער ענטפֿערט שוין מער ניט קיין וואָרט. ער שנײַדט און בראָקט די בידנע פֿערדלעך, וועלכע זענען שוין אַליין אויך צופֿרידן, וואָס זיי האָבן זויכע געווען צו קומען אַהיים זיך שוין אָפּרוען אַ קאָפּ:

גענוג אנגעלאפנ זיכ! זיי פארייסנ די וויידלעג אונ צעלאזנ זיכ מיט די לעצטע קויכעס, צושאקלענדיק בא יעדנ שמיצ מיט די קעפ, ווי איינער רעדט: „אלטער נאר! וואס שמייסטו אונדז? מיר פארשטייענ אליינ, ווענ מע באדארפ לויפנ אונ ווענ ניט"... מיט א הוק אונ מיט א טראסק שטעלט זיכ אפ לייזערס בויד נעבנ שמוליק דעמ כאזנס פענצטער, שיר ניישט אריינפארנדיק אהינ מיטנ דישל. יאסעלע שפרינגט אראפ אונ לויפט צו צו דער שטוב. אינ דער האלב, וואס שמוליק זיצט, איז שטאק-פינצטער, אונ אפ דער טיר הענגט א שלאס — א סימענ, אז מע איז ניטא אינ דער היימ. דערפאר איז אינ דער אנדערער האלב, דארט, ווו זלאטע די צעלניקערנ וווינט, שטארק ליכטיק אונ פרייליכ. קלעזמער שפילנ, אונ עס הערט זיכ, ווי מע טאנצט, מע טופעט אונ מע שרייט: „שטארקער! שטארקער!" בא דער טיר איז אנ ענגשאפט פונ דעמ צונויפגעלאפענעמ פאשעטנ אוילעמ, וואס שטייענ, קנאקנ סעמעטשקעס אונ לאכנ. ער גייט צו אונ טוט א פרעג בא חער צונויפגעלאפענער כעוורע: וואס איז דא אזעלכעס?

— צע זשידיווסקע וויסיליע! — ענטפערנ זיי אימ מיט א געלעכטער אונ ווייזנ אימ אנ מיט די פינגער אהינ, אינ שטוב אריינ. יאסעלע שפארט זיכ דורכ מיט ביידע עלנבויגנס, קומט אריינ אינ שטוב אריינ אונ דערזעט פאר זיכ א בילד, פונ וועלכנ עס ווערט אימ פינצטער אינ די אויגנ.

## XXX

## בעאל-קארבאמ[1] זענענ זיכ יידנ מעסאמייעכ, אונ יאסעלע קומט אנ אינ דער ריכטער סימכע

„על כרחך, זאגנ אונדזערע כאכאמימ, אותה חי 2 — מיט גוואלד לעבסטו!" מיט גוואלד קומט אויפ דער ייד דאס שטיקל וועלט, מיט גוואלד מאכט ער כאסענע קינדער, מיט גוואלד פרייט ער זיכ. א ייד, אז ער וויל זיכ פרייענ, דאס הייסט ארויסבאווייזנ זיינ סימכע, באדארפ ער זיכ נעמענ מיט גוואלד אנטונ זיכ א קויעכ. „יידנ, — שרייט ער דערמאנט, — יידנ, לאמיר פריילעכ זיינ!" אונ מע נעמט זיכ אלע צונויפ אונ מע מאכט א קויסע, מיט גוואלד, ווארעמ ניט אינ דער טעווע פונעמ יידנ איז א קויסע צו מאכנ. אונ ווער עס קאנ ניט טרינקענ, גיסט מענ אימ אריינ מיט גוואלד אינ האלדז אריינ, דאס הייסט אפ לאשנ-האשיקורימ: „מע האקט אריינ א גאלקע", אונ ער

1 איבערגוואלד. 2 — אלקארכאכא אטא כיי.

מוז פרייլעכ ווערנ, כאטש עס ווילט זיכ אימ ניט. ער מוז טאנצנ, כאטש עס טאנצט זיכ אימ ניט. א מעכײַע אנצוקוקנ, ווי ייִדנ קלויבנ זיכ צונויפ אפ א סימכע אונ טייקעפ נאכ די ערשטע צוויי „גאלקעס" הייבט מענ אנ צו פליעסקענ אונ צו זינגענ:

לאמיר טרינקענ, כעוורע, וויינ,
שנײַדנ גאלקעס אינ האלדז ארײַנ;
דער רעבע האט געהייסנ פרייליעכ זײַנ
ביזנ ווײַסנ טאג ארײַנ!..

אונ טאקע באלד ווערט די קאפאטע אזוי שווער, אז מע מוז זי אראפווארפנ אונ בלײַבנ אינ די הוילע טאכטויגימ, מעכילע, מיטנ טאלעס-קאטנ, לעהאווידל, פונ אויבנ; עפעס טאנצט זיכ גאר דעמלט אנדערש, אונ אלע איינייעמ גייענ זיי א קאראהאד, צוהאלטנדיק איינער דעמ אנדערנ מיט דער האנט. די קלעזמער שפילנ שוינ דעמלט אנ נאטנ, מע רײַבט גלאט אזוי אינ דער וועלט ארײַנ. ייִדנ טופענ אונ שפרינגענ, פארוואַרפנדיק דעמ קאפ ארונטער, מיט פארגלאנצטע אויגנ צו דער סטעליע, פונקט ווי מע וואלט גאר געהאלטנ אינ דאווענענ, ניט אינ טאנצנ. אונ ווער עס שפארט זיכ אײַנ אונ וויל בישט גיינ טאנצנ, שלעפט מענ אימ מיט גוואלד אינ קאנ ארײַנ, אונ ער מוז טאנצנ, דאס הייסט דרייענ זיכ אונ מאכנ מיט די פיס. אט אזא מינ טאנצ איז געגאנגענ שמוליק דער כאזנ בא עסטערנ אפ דער כאסענע. ווער עס האט אימ נישט געזענ דעמלט, דער האט גאר קיינ טרויעריקע כצעבע אפ זײַנ לעבנ נישט געזענ. אוי, איז דאס געווענ א ביטערער טאנצ! שמוליקנ האט זיכ גאר געגלוסט וויינענ פונעמ ביסל בראנפנ, וואס מע האט אינ אימ ארײַנגעגאסנ. ער איז געווארנ נאכ ערגער מארע-שכוירעדיק ווי פריער. זלאטע האט דאס פונדעסטוועגנ זייער הינאע געטאנ, וואס שמוליק טאנצט אויכ אינ קאנ גלײַכ מיט איטלעכנ. הערנדיענדיק, ווי ער מאכט אויכ מיט די פיס, האט זי זיכ אפגעשטעלט דא, צווישנ אלע מאנצבילנ, וואס זענענ געווענ, מעכילע, אינ הוילע טאכטויגימ; נאר נישקאשע, אפ א סימכע מאכט בישט אויס, אנ אנ אומגליק. זלאטע האט זיכ אפגעשטעלט צופליעסקענ אונ צוזינגענ שוינ מיט א הייזעריק קאל, ווי געוויינלעכ א מעכוטענעסטע:

קוגל הייסטו,
אינ אויוונ שטייסטו,
אונ אינ מויל צעגייסטו.
קוגל הייסטו,

אינ אויוונ שטייסטו,

אונ אינ מויל צעגייסטו...

עס איז שווער צו וויסנ, צי פונעמ טרינקענ, צי פונ די עטלעכע „גאלקעס", וואָס מע האָט אימ ארײַנגעגאָסנ מיט גוואַלד, צי גלאַט אַזוי פונ זיכ אַליינ, — נאָר עס איז שמוליק דעמ נאָכ מיטאַמאָל אָנגעקומענ אַזאַ קוראַזש אַפ צו פרייލעכ זײַנ, אַז ער האָט זיכ אַוועקגעזעצט מיט די מעכוטאָנימ, מיט רעב קאַלמענ שאַדכנ אײַנמיטנ, טרינקענ מאַשקע, אָבער גאָר אַפ העפקער, פאַרבײַסנדיק בעשאַס־מײַסע מיט זויערע אוגערקעס — זייער אַ טײַערע סגולע פונ שיקרעס. מע האָט אַזוי לאַנג געטרונקענ מאַשקע אונ פאַרביסנ מיט זויערע אוגערקעס, ביז שמוליק האָט אַ קוק געטאָנ אַפ רעב קאַלמענענ אונ האָט דערזענ צוויי רעב קאַלמענס מיטאַמאָל; רעב קאַלמענ פונ זײַנ זײַט האָט אויכ געזענ צוויי שמוליקס, אונ פונ יעדער איינציקער זאַכ איז בא זיי געוואָרנ צוויי זאַכנ. דאָס האָט צוגעגעבנ שמוליקנ נאָכ מער קוראַזש, אונ עס האָט זיכ אימ געגלוסט נאָר לאַכנ אונ זינגענ. עס איז אימ אַלצדינג מיטאַמאָל געוואָרנ זייער לעכערלעכ. ער האָט אַ קוק געטאָנ אַפ זלאַטענ, ווי זי זינגט „קוגל הייסטו, אינ אויוונ שטייסטו", אונ האָט זיכ אַזוי צעלאַכט, אַז זלאַטע האָט אופגעהערט צו טאַנצנ אונ צו זינגענ. זי האָט עפעס אַ מורקע געטאָנ זיכ אונטער דער נאָז אונ איז אָפּגעטראָטנ אַפ אַ זײַט, אונ שמוליק האָט זיכ אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט באַמ בויכ אונ האָט זיכ געקאַטשעט פאַר געלעכטער. אַפ אימ קוקנדיק, האָבנ רעב קאַלמענ מיט די מעכוטאָנימ אויכ געלאַכט, אונ עס איז בעעמעס געוואָרנ איטלעכנ אַזוי פרײלעכ אַפנ האַרצנ, אַז מע האָט זיכ געביטנ מיט די היטלענ אונ מיט די יאַרמעלקעס. זאַלמענ־בער דער שויכעט האָט ערגעצ געקריגנ אַ קאַפּעליוש, דערצו האָט ער אונטערגעבונדנ די קאַפּאָטע מיט אַ פּאַסיקל ביזנ גאַרטל, אונ די באָרד (זאַלמענ־בער האָט די גרעסטע באָרד אינ מאַזעפּעווקע) האָט ער פאַרבונדנ מיט אַ פּאַטשײלע, אונ איז געגאַנגענ „אַ דײַטש", צוזינגענדיק דערבײַ:

זענענ מיר דײַטשנ,

טרינקענ מיר שנאַפּסנ!

אונ שמוליק מיט רעב קאַלמענענ מיט די מעכוטאָנימ ווערנ צעגאַנגענ פאַר געלעכטער. ביז עס נעמט אָנ עלכאָנאָנ דעמ שאַמעס אויכ אַ בײַשעק צו באַווײַזנ זײַנע שטיק, פאַרקאַטשעט ער די פּייעס אַרונטער די אויערנ, בלאָזט אָנ די באַקנ, אונ גלאָצנדיק מיט די אויגנ,

נייט ער „א פּאָניע", צוזינגענדיק א רוסיש לידל מיטנ נוסעכ פֿונ „היום תאמצנו" [1]. אונ אויכ שימשנ-יאַנקל דער טאַבאַטשניק קערט איבער די ווײַעס פֿונ די אויגנ ארופֿ, זעצט זיכ אוועק אפֿ דער ערד, אונ דרייענדיק א ציצע פֿונעמ טאַלעס-קאָטנ, זינגט ער א בעטלער:

„אָי, ביוו סאָבי סוויאַטיי לאַזאַר"...

אונ רעב קאַלמענ שאַדכנ קאָנ זיכ אויכ ניט אײַנהאַלטנ אונ באַווײַזט זײַנע קאָמעדיאַנטסקע שטיק: ער טוט אָנ א קליידל אונ פֿאַרשטעלט זיכ פֿאַר א קימפּעטאָרנ אונ באַווײַזט זײַנע אָנשטעלנ... האַקלאַל, מע איז זיכ מעסאַמייעכ בא זלאַטעס טאָכטער אפֿ דער כאַסענע, אונ שמוליק הערט גאָר ניט אופֿ צו לאַכנ, גיסנדיק איינ גאַלקע נאָכ דער אנדערער. פּלוצעמ ווערט זאַלמענ-בער דער שויכעט פֿונ א דײַטש גאָר א כאַזנ, אונ שמוליק מיטנ איבעריקנ אוילעמ ווערנ בא אימ מעשוירערימ; זאַלמענ-בער טוט אָנ א ווײַסע שאַל פֿאַר א טאַלעס אונ שטעלט זיכ אוועק בא דער וואַנט זינגענ מיטנ טרויעריקנ ניגנ פֿונ נעילע אפֿ א קאָל:

דו אלטער,<br>
דו קאַלטער,<br>
אז דו ווייסט ניט,<br>
אונ קאָנסט ניט,<br>
אונ טויגסט ניט, —<br>
הײַנט וואָס זשע נעמסטו זיכ אונטער?

אונ שמוליק, שימשנ-יאַנקל, רעב קאַלמענ אונ עלכאָנאָנ דער שאַמעס האַלטנ אימ אונטער, ווי די מעשוירערימ, מאַכנדיק מיט בײדע הענט, אונ שרײַענ מיט מוירעדיקע קוילעס אונ מיטנ נוסעכ פֿונ נעילע:

אוי, אוי, אוי, אוי, אוי!<br>
אײַ-אײַ!

אונ דער גאַנצער אוילעמ קוועלט, ווערט צעשמאָלצנ פֿאַר געלעכטער...

יאָסעלע סאָלאָוויי שטייט אונ באַטראַכט די דאָזיקע סצענע, זוכנדיק עמעצנ מיט די אויגנ. די, וואָס יאָסעלע האָט געוואָלט זעַנ, זענענ שוינ נישט געווענ... דער אוילעמ איז געווענ אַזוי פֿאַרקלאַפּט, אז קיינער האָט נישט באַמערקט יאָסעלענ, ווי ער שטייט זיכ אַזוי אינ א ווינקעלע, אָנגעשפּאַרט בא דער וואַנט, באַטראַכטנדיק יעדנ באַזונדער. יאָסעלע האָט דערפֿילט, ווי עס קלאַפּנ אימ די שלייפֿנ אינ קאָפּ, עס

---

1 „האיומ טעאַמצײנו"

ברענט אים דאָס פּנים; די גאַנצע שטוב דרייט זיך אים, ווי א ראָד; אין די אויגן שעמערירט און פינקלט אים, ווי א רעגן פון קליינע גיל־דענע טראָפּן, און ער פילט, ווי שאַרפע קאַציקע נעגל שטעכן זיך אים אַריין טיף אין גאָרגל און דושען אים, און װאַרגן אים. יאָסעלע כאַפּט זיך אָן באַם האַלדז און לויפט אַרויס אין דרויסן. . . .

. . . . . . . . . . . . . .

די נאַכט האָט אָנגעהויבן װאָס װײַטער פינצטערער צו װערן. קליינע שוואַרצע װאָלקנס האָבן אָנגעהויבן זיך אָנצורוקן אויפן הימל, אַרײַנשלינגענדיק אין זיך די לעװאָנע און װידער אַרויסשפּײַענדיק זי. א קיל עלול־װינטל האָט אונטערגעבלאָזן. א טרויעריק הודזיען, א װיי־נענדיק פּײַפן האָט זיך געלאָזט הערן, װי אין רעכטן אָסיען, און עס איז שוין געװען גאַנץ קיל. נאָר יאָסעלען איז געװען װאַרעם, אַזוי װאַרעם, אַז ער האָט זיך געװישט מיט די פּאָלעס דעם שווייס פונעם פּנים און ער האָט געפילט, אַז עס ברענט אויף אים דאָס לײַב. אין איין אָטעם איז ער געלאָפן פון דער כאַסענע, ער זאָל ניט הערן דאָס שפּילן פון די קלעזמער, דאָס טאַנצן מיטן זינגען, װאָס האָט אַרײַנגעגאָסן גיפט אין זײַן האַרצן אַרײַן, און געברענט און געבראָטן, ווי מיט א העליש פײַער. יאָסעלע איז געלאָפן, און אים האָט נאָכגע־יאָגט דער װיינענדיקער ניגן פון נעילע, מיט די פריילעכע װערטער, װאָס האָבן זיך געלאָזט הערן פון דאָרטן. יאָסעלע האָט זיך פאַר־שטעלט די אויערן, ער זאָל נישט הערן דאָס זינגען, און איז גע־לאָפן פון דאָרטן, װי א מעשוגענער, נאָר אַליין נישט װיסנדיק, װו־הין ער לויפט.

# XXXI

## שמוליק זאָגט שעװע־בראָכעס מיט זײַן א װיינענדיקער שטימע

אויסגעשלייערט, װי געװיינלעך א מעכוטענעסטע, איז זלאַטע גע־װען אַפּ מאָרגן צום שלייער־װאַרמעס. אַרום איר האָבן זיך אַרומגע־דרייט אירע שװעסטער, ברײַנע און יענטל, און נאָך װײַבער מעכו־טענעסטעס, אויך אויסגעשלייערט און אָנגעטאָן יאָמטעװדיק. פון די מאַנצבילן איז נאָך נישט געװען קיינער: די מעכוטאָנים זענען אװעק־געגאַנגען אין שול אַרײַן דאַװנען מיטן אַנדערן מיניען, און די פּ־עמדע, די גערופענע הייסט דאָס, האָבן זיך נישט געכאַפּט צו קו־מען אויפן שלייער־װאַרמעס, אַרויסגייענדיק דערװײַל אין מאַרק אַרײַן.

טאָמער װעט מען עפעס כאפנ, טאָמער װעט גאָט צושיקנ עפעס א פארדינסטל. דער שאמעס מיט דער שאמעסטע, נישקאָשע, מעגנ קומענ נאָכאמאָל רופנ. נאָר די הײמישע װײַבער זענענ געקומענ העלפנ גרייטנ צום טיש, אָנשנײַדנ לעקעכ אונ גלאט אזוי מעסאמייעכ זײַנ די קאלע. אונ מאכמעס עס איז דאָכ דאָ דער הײמישער אוילעמ אלײנ, באדארפ מענ נעמענ צו שטיקלעכ לעקעכ אונ טרינקענ צו דער מעכוטענעסטע לעכאַימ. די סארװערנס נעמענ לעקעכ אונ װינטשעװענ זלאטענ מיטנ גאנצנ הארצנ:

— לאָז גאָט געבנ, זלאטעניו, איר זאָלט האָבנ גרויס נאכעס אינ אײַער טאָכטער, קײנמאָל פונ קײנ צאר נישט װיסנ, זי זאָל זיכ מיט אימ עלטערנ אינ אוישער אונ אינ קאָװעד, אונ, אימ־יירצע־האשעמ, איבעראיאָר, אפנ ברית, זאָלט איר אונדז ניט פארגעסנ, זלאטעניו, מיר זענענ, נישקאָשע, גוט אפנ פאָטשאטאָק: דאָרט, װו מיר זענענ אפ א כאסענע, איז טאָמיד אפ איבעראיאָר א ברית; ס׳איז אזא האנט בא אונדז, א געבענטשטע האנט...

— אָמײנ, האלעװײַ! — האָט זײ זלאטע געענטפערט מיט א פרומער מינע.

ברײַנע האָט א קוק געטאָנ אפ יענטלענ, יענטל אפ ברײַנענ, אונ זלאטע אפ זײ בײדע. די דרײַ שװעסטער האָבנ צװישנ זיכ גערעדט מיטנ קוק מער װי אנדערע מיטנ מויל. מע האָט זיכ, נישקאָשע, גוט פארשטאנענ אײנס דאָס אנדערע...

שפעטער האָבנ זיכ אָנגעהויבנ צונויפקלײַבנ די באלעבאטימ אונ זעצנ זיכ ארומ טיש, נעמענ צו ביסלעכ בראָנפנ אונ טרינקענ לעכאימ מיטנ כאָסנ, מיט זלאטענ אונ מיט די איבעריקע מעכוטאָנימ אונ מעכוטענעסטעס. אלטערס פאָנעמ האָט געלויכטנ אונ ארויסגעשײַנט פונ אונטער דעמ נײַעמ סאמעטענעמ קארטוזל; ער האָט אויסגעזענ װי יינגער מיט עטלעכע יאָר, גאָר באָכערדיק... נישט אזוי איז אָבער געװענ די קאלע. אויסגעשלײערט אונ אָנגעטאָנ, װי א שײנע פאנע, האָט עסטער אויסגעזענ עפעס נישט אזוי פרײלעכ. איר פאָנעמ איז געװענ שוינ צו װײַס, א ביסל געלבלעכ, אונ קײנ אײנציקנ טראָפנ בלוט האָט מענ אינ איר נישט ארויסגעזענ; אירע שװארצע אויגנ אונטער די לאנגע ברעמענ זענענ אצינד געװענ אָנ א שומ פײַער, אָנ א שומ גלאנצ, אונ זײ זענענ בא איר גרעסער געװאָרנ. די באקנ זענענ איר א ביסל אײַנגעפאלנ. דער נײַער שלײער אפנ קאָפ איז בא איר געװענ פארפוצט מיט פערל אונ דימענטנ אונ האָט אויסגעזענ אפ איר װי א קרוינ, אונ אינ איר טײַער זײַדנ קלײד, מיט סא־

מעט אונ מיט שמוק ארומגעפוצט אונ באהאנגענ מיט צירונג פונ אויבנ ביז אראפ, האט עסטער אויסגעזענ אינ דער מינוט ווי א פריי-צעסנ, א באס-מאלקע. די לעבעדיקע, די פריילעכע עסטער איז מיט-אמאל געווארנ אזוי סטאטעטשנע, אזוי געלאסנ אזוי שטיל אונ ערנסט. „טאקע גאר ווי א קאלע“ — האבנ זיכ געטראכט די ווייבער, שפיגלענדיק זיכ אינ איר שיינ, ליכטיק פאנעמ.

— וואס פאר א שיינע פאנע דאס איז, קיינ בייז אויג זאל איר ניט שאטנ! — האבנ די ווייבער צווישנ זיכ געשמועסט, אנווייזנ-דיק אפ דער קאלע. — זי איז קלאר, ווי געפאלענער שניי. א צירונג אזעלכעס אינ שטוב צו האבנ. זאגט שוינ איר אליינ, פרומע-סארע-ניו, זאלט איר מיר געזונט זיינ!

פרומע-סארעניו איז בעפיירעש מאסקימ, אז ס'איז טאקע גאר א צירונג, אזעלכעס אינ שטוב צו האבנ, וואס שמועסט מענ דא? אונ דער אוילעמ דערווייל הייבט זיכ אנ צו וואשנ, איבערגעבנדיק איינס דעמ אנדערנ די גרויסע קופערנע קווארט מיט אויערנ אונ איבערנע-מענדיק איינס בא דעמ אנדערנ דעמ נאסנ שווארצנ האנטעכ. פלו-צעמ קומט אריינ שמוליק דער כאזנ אינ שטוב אריינ.

— בארוכ-האבא! רעב שמוליק! — זאגט זלאטע גאנצ פריינט-לעכ. — וואס עפעס אזוי שפעט? גייט וואשט זיכ, זייט מויכל, אונ זעצט זיכ צומ טיש. איר האט זיכ גאר פארגעסנ, אפנימ, אז מע באדארפ אייכ האבנ צו שעווע-בראכעס? ווו איז די כאזנטע אייערע, רעב שמוליק? עפעס זענט איר מיר היינט זייער צעפלאכטנ. וואס איז די מייסע?

— איכ האב א גאסט, — מאכט שמוליק מיט א זויערער מי-נע, — א גאסט האב איכ. מיינ זונ איז געקומענ צו פארנ.

— יאסעלע?? — האבנ אלע מיטאמאל אויסגעשריגנ. — יאסע-לע איז דא? גאט ליב אייכ מיט אייער גאסט! ווו זשע איז ער?

— וואס איז שיינער ווו? אינ דער היימ איז ער. — ענטפערט שמוליק, שטייענדיק אפ איינ ארט. — ער האט עפעס קיינ קויעכ ניט. געקומענ צו פארנ איז ער נאכ נעכטנ באנאכט, נאר אהיימ איז ער געקומענ ערשט פארטאג, דאס הייסט מיטנ טאג גלייכ שוינ. ער האט, אפנעמ, געכאפט א פארקילונג, מאכמעס ער קלאגט זיכ אלצ, אז דער קאפ טוט אימ וויי. אציונד ליגט ער אינ איינ העלקיש פייער, פאכט מיט דער נעשאמע. מיר האבנ אימ שוינ געלייגט קאלט ווא-סער, געריבנ די שלייפנ — עס העלפט ניט.

— שוויצנ! — האבנ זיכ אפגערופנ עטלעכע מיטאמאל. — די

בעסטע רעפוע איז אָפשוויצנ. זיצט, רעב שמוליק, וואָס זענט איר אזוי צעטראָגנ? עס מאכט זיכ, א מענטש כאַפט א ווינטל. ער וועט, אימ־ירצע־האשעמ, זײַנ געזונט.

שמוליק שטעלט זיכ אוועק מיט זלאטען אונ דערציילט איר עפעס. זלאטע קוקט אפ עסטערנ אונ שאָקלט מיטנ קאָפ. אונ עסטער האָט זיכ באדארפט אָנעמענ מיט אלע קויכעס, זי זאָל נישט ארונטערפאלנ אונטערנ טיש, דערהערנדיק, אז יאָסעלע איז דאָ. זי איז געווענ שטארקער פונ אײַזנ, אז זי האָט זיכ געקאָנט אײַנהאלטנ אונ ניט ארויסלויפנ פונעמ טיש מיט א גוואלד: „סטײַטש, יאָסעלע?!” זי האָט נאָר א פרעג געטאָנ בא שמוליקנ, אונ בעשאס־מײַסע האָבנ זיכ אירע אויגנ אָנגעצונדנ מיט זייער שטענדיק פײַערל:

— אלײנ איז ער געקומענ?

— אלײנ, — האָט שמוליק געענטפערט, אלצ שטייענדיק, ווי א דערהארגעטער, נעבנ זלאטענ, נישט וויסנדיק וואָס צו טונ.

ווי אנ אָפגעבריטע פונ א דונער, האָט זיכ עסטער אופגעכאפט פונעמ אָרט אונ האָט זיכ אָבער באלד צוריק אנידערגעזעצט. עס האָט זי א טראָג געטאָנ אינ דער לופטנ אונ באלד צוריק אָפגעלאָזט, אונ זי איז געבליבנ זיצנ אפ איר אָרט אויבנאָנ טויט ווי די לײמ, גלײַכ ווי עס וואָלטנ איר אינ דער צײַט אָפגעשטאָרבנ אלע כושימ. עסטער האָט אינ דער אײנער מינוט איבערגעלעבט א סאכ מער, ווי מע לעבט איבער אמאָל אינ א גאנצ יאָר. א שלעכטע מאכשאָווע איז איר דורכגעלאָפנ אינ קאָפ אפ א רעגע; זי איז גרייט געווענ זיכ אופכאפנ, איבערלאָזנ דאָ דעמ עוילעמ, מיט דער כאסענע, מיט אלצדינג ארומ־אונ־ארומ, אונ ארײַנלויפנ צומ כאזנ אינ שטוב ארײַנ א קוק טונ אפ יאָסעלענ. עס האָט זי געצויגנ אהינ, ווי מיט צוואנגענ, געשלעפט, געריסנ, אהינ, אהינ!.. די דאָזיקע מאכשאָווע האָט אָבער געדויערט נאָר א רעגע, נישט מער. זי האָט זיכ באלד צוריק באטראכט: זי איז דאָכ א קאלע, א ווײַבל, אנ אײשעס־איש!.. די מילכאָמע, וואָס עסטער איז אויסגעשטאנענ אינ דער מינוט, איז געווענ איבער אלע מאָסנ; עס האָבנ זיכ אינ איר געשלאָגנ צוויי דײעס, צוויי קויכעס: פונ אײנ זײַט דער סאָטנ־מעקאטרעג שטייט אונ רעדט איר אײַנ: „נארישע עסטער! וואָס הערסטו זיי? יאָסעלע איז געקומענ צו פאָרנ, ליגט קראנק. ער קוקט אוואדע ארויס אפ דיר, אונ דו זיצסט דאָ — צוליב וועמענ? אָט פאָלג מיכ, עסטער! ביסט יונג, ביסט שײנ, דארפסט לעבנ, לעבנ דארפסטו, לעבנ!!”... אונ פונ דער אנדערער זײַט הערט זי אנדערע ווערטער: „א ייִדישע טאָכטער? רעב אוורעמל

סלאוועטערס אנ אײניקל? ליבע? א קאלע? הרי את מקודשת 1, פאר־בונדנ, פארקניפט... אנ אײשעס-איש!"... אונ יענער, דער סאָטנ־מעקאטערנ, טוט זיכ זײַנס: „ווער איז שולדיק? מע האָט דיכ פאר־בונדנ, געבונדנ, געפענטעט. נארישקײַטנ! ביסט א מענטש, דארפסט לעבנ! פאָלג מיכ, עסטער!"...

אונ עסטער זיצט באמ טיש סטאטעטשנע, ווי נעווײנלעכ א קאַ־לע צומ שלײער־ווארמעס; נאָר בלײכ איז זי מוירעדיק, טויט ווי די וואנט, אָנ א טראָפּנ בלוט, אונ שײַנט ארויס פונעמ שלײער, אונ די צירונג אפ איר לײַכט אונ פינקלט אונ גיט איר צו פיל כײנ. אונ די ווײַבער שפיגלענ זיכ אינ איר, קוועלנ אָנ, קלויבנ טײַנעג פונ דער שײנער, ליכטיקער, כײנעוודיקער קאלע...

טרויעריק, ווײנענדיק איז געווענ דאָס קאָל פונ שמוליק דעמ כאזנס „שעווע-בראָכעס", אונ עס האָט זיכ עסטערנ געדאכט, אז דאָס קאָל זײַנס גײט פונ אונטער דער ערד, פונ יענער וועלט. דאָס זענענ געווענ ביטערע שעווע־בראָכעס. האלטנדיק דעמ קאָפּ אינ אײנ האנט, מיט דער אנדערער האנט האלטנדיק זיכ באמ גאָרגל, ווי דער שטײגער איז בא די אלטמאָדישע כאזאָנימ, אונ פארוואָרפנדיק דעמ קאָפּ ארופ, מיט צוגעמאכטע אויגנ, האָט זיכ שמוליק געציקלט, פארגאנגענ אפ זײַנ אלטער אָנגעשפּאָלטענער שטימע, מיט א ווײנענ־דיק קאָל, אויסלאָזנדיק דעמ „משמח חתן עם הכלה" 2 אזוי טרויעריק, אז עס האָט צעקומענ דעמ אוילעמ. איטלעכער איז געבליבנ זיצנ פונ דער סימכע פארזאָרגט, פארוואָגלט אונ באטריבט, אלײנ נישט ווּיסנדיק די סיבע פארוואָס... אזוי ווערנ ייִדנ פארזאָרגט אפנ אָרט פונ פרײלעכ זײַנ, מעסאמײעכ זײַנ דעמ כאָסנ מיט דער קאלע, — ריבוינע-שעל-אוילעמ! וואָס ליגט דאָס אזעלכעס אינעמ ייִדישנ זינגענ מיטנ ייִדישנ שפּילנ, וואָס טאָמיד רופט דאָס ארויס נאָר טרויעריקע מאכשאָוועס!?.. אונ די ווײַבער, שטײענדיק בא דער זײַט אונ ענט־פערנדיק „ברוך הוא וברוך שמו, אמן" 3, האָבנ געלאָזט א טרער, קוקנדיק אפ זלאטענ, ווי זי ווײנט אונ קלאָגט. עס איז קײנעמ קײנ כידעש ניט, וואָס זלאטע ווײנט: אלע ווײסנ, נישקאָשע, דעמ טאַמ פונ כאסענע מאכנ א קינד...

— פונדעסטוועגנ, — זאָגנ די ווײַבער, אונ רעדנ זיכ אלײנ

1 האריי אט מעקודעשעס. — 2 מעסאמייאכ כאָסאָנ אימ האקאלאָ. — 3 באָרוכ הו אווואָרוכ שמוי, אָמײנ.

אוים דאָס האַרץ, — לאָז גאָט געבנ, מע זאָל באַסענע מאַכנ קינדער אונ דערלעבנ גײנ אײנס צום אַנדערנ אַפ סימכעס!

— אָמײנ, האַלעווײַ! אָמײנ, האַלעווײַ!

די ווײַבער שטײענ אוף, געזעגענענ זיך אַפ מיט דער מעכוטענעסטע, קושנ זיך מיט דער קאַלע, צווינטשעווענדיק איר, זי זאָל דערלעבנ בא אירע קינדער אַפ סימכעס, אונ עסטער קוקט אַפ זײ ווי פאַרווונדערט; איר קאָפּ אונ איר האַרץ זענענ ווײַט פונדאַנענ; זי וואָלט גערנ דערלעבנ, אַלע זאָלנ זיך צעגײנ, זי זאָל בלײַבנ אַלײנ אונ קאָנענ זיך רעכט אויסווײנענ כאָטש, אונ דאָ די ווײַבער קריכנ קושנ זיך אונ ווינטשעווענ איר צו אַלדאָס גוטס.

---

גאָט האָט געהאָלפנ, דער פרעמדער אוילעם איז זיך שוינ אַ ביסל צעגאַנגענ, אונ עסטער האָט געקאָנט אַרײַנגײנ צו זיך אינ אַלקער אַרײַנ אונ זיך אָפּרוענ פונעם טומל, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אינ דעם דאָזיקנ טאָג. בא זלאַטענ אינ שטוב זענענ געבליבנ נאָר די הײמישע לײַט, די מעכוטאָנים אונ אויך רעב קאַלמענ שאַדכנ. ווי געווײנלעך נאָך אַ באַסענע, איז אינ שטוב געווענ אַ שטיקל מישמאַש מיט אַ גערודער: אַפנ לאַנגנ טיש זענענ געשטאַנענ לײדיקע פלעשלעך, איבערגעקערטע גלעזלעך, שטיקלעך קוילעטש, אָפּגעלעקטע בײנדלעך, אונ עטלעכע בענק זענענ געלעגנ מיט די פיסלעך אַרופּ. אַ צוויי-דרײַ אָרעמעלײַט, וואָס האָבנ פאַרשפּעטיקט צום שלײער=וואַרמעס, האָבנ געהאַלטנ באַם אויסלעקנ די טעלער, רוקנדיק אינ בוזעם אַרײַנ די איבערגעבליבענע שטיקלעך קוילעטש, אונ די שאַמאָסים, וואָס האָבנ שוינ צום סאָפּ געכאַפּט אַנ איבעריקע קויסע, זענענ געשטאַנענ אונ האָבנ זיך געטײלט מיט זײער ראַכאַש, וואָס איז זײ געפאַלנ אינ זײערע בידנע טעלערלעך פונ די באַסענע=לײַט, נישט קוקנדיק דערופּ, וואָס זלאַטע, ברײַנע אונ יענטל האָבנ זײ אונטערגעטריבנ, זײ זאָלנ שוינ גײנ געזונטערהײט, שוינ צײַט אופראַמענ, מאַכנ אַ שטיקל לאַד. מער פונ אַלע איז געווענ פאַרטאַרעאַמט זלאַטע, ווי געווײנלעך אַ מעכוטענעסטע; דאָס זײַדענע טיכל איז איר געווענ פאַרבונדנ מיט בײדע עקנ אַרונטער, דאָס פּאָנעם האָט איר געפלאַמט, אונ דאָס קאָל איז איר געוואָרנ אַזוי הײזעריק, אַז מע האָט קוים געהערט פונ איר אַ וואָרט. פונדעסטוועגנ האָט זי ניט גערוט, אַלץ אַרומגעפאַדקעוועט אַרום איטלעכנ באַזונדער, געפאַראַדקעוועט, געזעגנט זיך מיט

איטלעכנ מיט די אויגנ, ניט מיטנ מויל, מאכמעט קיינ ווערטער האָט
מענ פונ איר ניט געקאָנט הערנ. באטראכטנדיק דעמלט זלאטען, האָט
מענ געקאָנט מיינענ, אז זי האָט איבערגעקערט בערג אונ אָפּגעטאָנ
מי-יעדייע-וואָס פאר א גליקלעכנ אייסעק. גאָט ווייסט, אויב זלאטע
האָט זיכ אליינ אָפּגעגעבנ דינ-וועכעשבנ, וואָס זי האָט דאָ אופּגעטאָנ
מיט איר טאָכטער, מיט איר איינציקער, טײַערער אונ געטרײַער טאָכ-
טער, פאר וועמענ זי האָט זי אוועקגעגעבנ, פארבונדנ, פארקויפט
אפ אייביק! ווו האָט דענ זלאטע צײַט געהאט צו באקלערנ אקוראט,
אז אָט האָט מענ געשמועסט מיקוייעכ א שידעכ, אָט איז געוועג דער
קנאסמאָל אונ אָט די כאסענע — א קלייניקײַט עפּעס א כאסענע פרא-
ווענ?! זלאטע באסיע דער הורטאָווניצעס וועט נישט מאכנ קיינ
כאסענע ווי עפּעס אבי-ווער; מע קומט ניט ארויס, באָרעכ-האשעמ,
ניט פונ קיינ שנײַדערס אונ ניט פונ קיינ שוסטערס. אונ אז גאָט
האָט זי געשטראָפט אונ זי איז געבליבנ אנ אלמאָנע, אונ אנ אָרעמע
דערצו, איז זי דאָכ פאָרט עפּעס רעב אווראָמל סלאוווטערס א שנור,
הײַנט ווי געשיקט זיכ עס, אז איר באס-יעכידע זאָל גייג צו דער כו-
פּע נישט מיט קיינ זײַדנ קלייד, אונ בא עסטערנ אפ דער כאסענע זאָל
ניט זײַנ קיינ אוילעמ מענטשנ ארומ טיש, אזוי אז די גאנצע שטאָט
זאָל טאקע נאָכדעמ רעדנ פונ דער כאסענע? „ריבוינע-שעל-אוילעמ!—
קלערט זיכ זלאטע. — איכ זאָל דערלעבנ בא מײַנע קלענערע קינ-
דער נישט קיינ ערגערע כאסענע“...

אונ דאָרט, צווישנ די מעכוטאָנימ, איז א שטארקער שמועס, עפּעס
א לאָדעניש, א פארלאָזעניש: רעב קאלמענ שאדכנ האָט טײַנעס צומ
כאָסנ, צו אלטערנ; רעב קאלמענ רעדט מיט אלע קיילימ, צוהאלטנ-
דיק מיט איינ האנט מוישע-אווראָמ דעמ זאליאזניק בא דער באָרד,
אונ מיט דער אנדערער פארשטעלנדיק אלטערנ דאָס מויל, ער זאָל
ניט רעדנ. אלטער שוויצט, וויל עפּעס זאָגנ, אונ רעב קאלמענ לאָזט
אימ ניט. „לאָזט זיכ דינענ, לאָזט זיכ!“ — שרײַט ער. „אָט קאָנטשע
איכ אָט, אונ נאָכדעמ וועט איר אײַכ רעדנ וועט איר!“ מוישע-אווראָמ
אונ ביינעש (ביידע שוואָגערס) אונ אויכ א פּאָר מעכוטאָנימ פונ
כאָסנס צאד לייגנ זיכ ארײַנ, ווילנ געפינענ א מיטל אפ אויסצו-
גלײַכנ ביידע צדאָדימ, נאָר ס'איז ארויסגעוואָרפנ: אלטער איז הארט
ווי שטאָל, לאָזט זיכ ניט בייגנ אפ קיינ פאל, כאָטש שנײַד אימ, כאָטש
בראָק אימ! „נו, זאָגט שוינ איר אליינ, רעב שמוליק, איז דאָס א
יוישער איז דאָס, אז מע זאָל אזוי אָביזשײַענ א שאדכנ זאָל מענ, הא?“
שמוליק דער כאזנ, וואָס זיצט בא דער זײַט באטריבט, טרויעריק,

ווייל אוואדע מיט אלע מעגלעכקייטנ צוהעלפנ רעב קאלמענענ, מאכטיי-סע, א טויווע טאנ א ייִדנ; נאר רעב קאלמענ אליינ פאלט אימ אריינ אינ די רייד אונ לאזט אימ מער נישט ארויסרעדנ ווי דאס געוויינלעכע ווארט זיינס „וואס איז שייעכ?" אונ שלאגט אימ איבער אינמיטנ: „אט דאס איז דאכ טאקע אינגאנצנ דער פארדראס אט דאס, — טײַנעט נעבעכ רעב קאלמענ, — איר פארשטייט אונ אייסעק פארשטייט איר? מע שמועסט אפ בעפייריעש שמועסט מענ לעכאטכילע, ווי זאגט ער, ס'זאל זײַנ ווי געווונטשנ, צומ סאפ נא דיר א הארצווייטעק נא דיר, מע זאל גאר דארפנ רעדנ מיקויעכ רח"ש זאל מענ. אוביפראט—ע, רעב אלטער, לאזט זשע זיכ דינענ, רעב אלטער!"..

— שוינ צייט מינכע דאווענענ! — זאגט מוישע-אווראמ, א קוק טוענדיק אינ דרויסנ ארויס, ווו די זונ האלט בא זעצנ זיכ, אונ געבנ-דיק א שמיר מיטנ האנט איבערנ פענצטער. דער גאנצער עולעמ שטייט אופ, מע גארטלט זיכ ארומ די קאפאטעס מיט פאטשיילעס אונ מע ציילט, צי ס'איז דא א מיניענ אפ צו מאכנ א קדושע. דער כאסנ, שמוליק דער כאזנ, ביידע שוואגערס, מוישע-אווראמ, אונ ביי-נעש, די דרײַ מעכוטאנימ פונ כאסנס צאד, אלטערס קרויווימ, רעב קאלמענ שאדכנ אונ ביידע שאמאסימ — אקוראט א מיניענ! מע וואשט די הענט, מע זאגט אפ קטוירעס, אשריי, אונ שמוליק שטעלט זיכ אוועק מיטנ פאנעמ צו דער וואנט אונ הייבט אנ אפ זײַנ פאר-דומפענער, צעבראכענער שטימע די שמוינע-עסרע, אונ די ווײַבער, זלאטע, ברײַנע אונ יענטל, הערנ דערווײַל א קדושע, גלײַכ ווי געפו-נענ... אויכ עסטער, דערהערנדיק פונ איר כיידער שמוליקס טרויעריק קאל, גייט צו צו דער טיר, שטעקט ארויס דעמ קאפ אונ דערזעט, ווי די ייִדנ אונ די ווײַבער שפרינגענ „קדויש, קדויש, קדויש [1]" — בלײַבט זי שטיינ, נישט וויסנדיק וואס צו טונ: עפעס איז זי שוינ, האכט זיכ, אויכ א ייִדענע גלײַכ מיט אלע. אפ איר איז דאכ שוינ אויכ כאל... ברײַנע ווינקט צו איר פונדערווײַטנס, באווײַזנדיק איר מיט די פינ-גער אפנ שטערנ. עסטער פארשטייט נישט, וואס יענע וויל, אונ ווערט רויט. נאכ דער קדושע גייט צו די מומע ברײַנע אונ ווײַזט איר אנ אפ די האר, — עס זעט זיכ ארויס בא איר א האר פונ אונ-טערנ טיכל... עסטער האט אראפגעווארפנ דעמ שלייער מיט דער גאנ-צער צירונג, אנגעטאנ א זײַדנ טיכל אפנ קאפ אונ אנ אנדער קליידל אפ זיכ — אונ עסטער דאס מיידל איז געווארנ עסטער דאס ווײַבל...

---

1 קאָרויש.

זי איז גאָר עפּעס ווי קלענער געוואָרנ אונ זיכ איבערגעביטנ גאָר אינגאַנצנ. אַפ איר שיינ ליכטיק פּאָנעם האָט זיכ מיטאַמאָל אָנגערוקט א כמאַרע, אונ זי האָט אויסגעזענ פונ אונטערנ טיכל עלטער מיט עטלעכע יאָר; נאָר אירע גלאַנצנדיקע אויגנ האָבנ אַרויסגעלויכטנ פונ דער פּינצטער, ווי צוויי ליכטיקע שטערנ אַפנ הימל, אונ זי האָט אינ דער מינוט אויסגעזענ נאָכ כיינעוודיקער ווי פריִער.

— אויב דו ווילסט, — האָט צו איר זלאַטע א זאָג געטאָנ אַפ איר הייזעריקער שטימע, — אויב דו האָסט צײַט, קומ אַרײַנ צו דער כאַזנטע מעוואַקער־כוילע זײַנ יאָסעלענ.

פונ א האַרמאַט ווענ מע זאָל אויסשיסנ, וואָלט זיכ עסטער נישט באַדאַרפט אַזוי איבערשרעקנ, ווי זי האָט זיכ דערשראָקנ פונ די דאָזיקע עטלעכע ווערטער. ערשט מיט איינ מינוט פריִער האָט זי וועגנ דעמ גענוג געטראַכט, וויאַזוי געפינט מענ זיכ אַנ אויסרייד אַפ אַרײַנצוקומענ צו דער כאַזנטע, א קוק טונ אַפ יאָסעלענ? אונ דאָ קומט פּלוצעמ די מאַמע מיט אַזא גדולע! נאָר עסטערס פּאָנעם האָט נישט אַרויסבאַוויזנ, ווי דאָס האַרצ קלאַפּט אונ צאַפּלט בא איר אינ דער ברוסט, טאַקע נאָר אַפ אַרויסצושפּרינגענ. זי האָט געענטפערט דער מאַמענ גאַנצ רויִק אונ שטיל: „נו, קומ, אויב דו ווילסט"... אונ אינ האַרצנ האָט זי געוואָלט אַרופּאַלנ דער מאַמענ אַפנ האַלדז אונ אויסקושנ איר אַלע גלידער. „מאַמעניו, האַרצעניו, טײַערע מאַמע!" — אַזוי האָט זיכ געטראַכט עסטער אונ איז פּאַוואָליִנקע דורכגעגאַנגענ מיט אַלע ווײַבער איבער דער „זאַל", וווּ די מאַנצבילנ זענענ געשטאַנענ מיטנ פּאָנעם צו דער וואַנט שמונע-עסרע אונ געשאָקלט זיכ אַפ אַלערליי אופנים. „מאַמעניו, ליובעניו!" — האָט זיכ עסטער געטראַכט אינ האַרצ אונ איז געגאַנגענ פּאַמעלעכ, פילנדיק, ווי עס טראָגט זי אינ דער לופטנ.

בא שמוליק דעמ כאַזנ אינ שטוב איז געווענ שוינ שטאָק־פּינצטער, צווישנ טאָג אונ נאַכט. קיינ ליכט האָט מענ נאָכ ניט אָנגעצונדנ. אינ א ווינקל, אַפ א בעטל, אונטערגעבעט אונ איבערגעדעקט מיט א סאַכ קישנס, איז געלעגנ יאָסעלע סאָלאָוויי, אונ נעבנ אימ אַפ א בענקל איז געזעסנ די כאַזנטע.

— ששששא, ער שלאָפט! — האָט די כאַזנטע געזאָגט, בעשאַס די ווײַבער זענענ מיט א גערעדערײַ אַרײַנגעקומענ צו איר אינ שטוב אַרײַנ.

— ניינ, איכ שלאָפ ניט! — האָט געזאָגט יאָסעלע אונ האָט זיכ אויפגעזעצט אַפנ בעטל, גלײַכ ווי דאָס האַרצ האָט אימ געזאָגט, אַז דאָ ניט ווײַט שטייט עסטער.

— וואס מאכסטו גוטס? — האבנ צו אימ אלע דריי ווייבער מיטאמאל געזאגט מיט א ניגנ, באטראכטנדיק אימ פונדערווייטנס.

— מיר איז ניט באשערט, אפאנעמ, — האט זיכ אנגערופנ די כאזנטע. צו זלאטענ, — זײנ בא אײער עסטערנ אפנ שלייער-וואַרמעס. גיי ריכט זיכ אפ אזוא שלאק, נא דיר גאר אזעלכעס, טאמער איז קארג! קומט אזא גאסט, ווערט ער דיר גאר פארשלאפט אינמיטנדערינענ! זיצט, זלאטעניו! ברײנע-סערדצע, יענטל-קרוינ, זיצט, זעצט זיכ, זיצט! זיצ, עסטערל, וואס שטייסטו?

די ווייבער האבנ פריער א ביסל באטראכט יאסעלענ פונדערווייטנס, צוגעשאקלט מיטנ קאפ, געגעבנ איטלעכע באזונדער אנ אנדער מינ רעפוע, וואס איז בעעמעס א טײערע סגולע צו קאפווייטעק, צו ברעכעניש, צו שטעכעניש אונ צו אלדאס בייז, אונ נאכדעמ האט מענ זיכ אוועקגעזעצט באמ פענצטער אפ דער באנק, אונ ס'איז גיכ פארבונדנ געווארנ צווישנ די ווייבער א ווארעמער שמועס, געווייניכלעכ, וועגנ דער כאסענע, וועגנ דער כופע-וועטשערע, וועגנ דעמ שלייער-ווארמעס, וועגנ דעמ דראשע-געשאנק, וואס איז געפאלנ פונ כאסנס צאד אונ פונ קאלעס צאד. אונ כאטש זלאטע איז געווענ הייזעריק, ווי די וואנט, נאר גערעדט האט זי מיט פײער, דאס איבעריקע דערמאכט מיט די הענט, געבראכנ זיכ די פינגער אפ דעמ, וואס פרומע-סארע — מאלט אײכ פרומע-סארע! איר קענט פרומע-סארענ? — איז פרומע-סארע א באלנטע געווענ צו זאגנ, אז בא איר קלענערער טאכטער אפ דער כאסענע איז געווענ צוויי מאל אזויפיל אוילעמ, אונ דראשע-געשאנק, זאגט זי, איז געפאלנ גאר תרפ"ט 1 אלאפימ! נו, פרעג איכ אײכ, וואזשע האלט מײנ דאס אויס!

— וואס טויג אײכ, זלאטעניו, פרומע-סארעס רייד? איכ וועל אײכ בעסער דערציילנ, וואס ציפע-רייזל דערציילט פונ איר מיזינקע הײנט; ריבוינע-שעל-אוילעמ, ווו איכ האב ערגעצ א סוינע, טאטעניו!..

וואס ווײטער ווערט דער שמועס צווישנ די פיר ווײבער אלצ מער איבטערעסאנט אונ אלצ הייסער, אזוי לאנג, ביז מע פארגעסט קימאט אנעמ בוילע, אנ יאסעלענ. יאסעלע זיצט אפנ בעטל, מיט א האנטעכ דעמ קאפ פארבונדנ, אנ א היטל; פונ אונטערנ האנטעכ הענגענ אראפ זײנע לאנגע געקרײזלטע האר; דאס פאנעמ איז בא אימ טויט, א ביסל געלבלעכ, נאר די אויגנ ברענענ מיט זייער שטענדיקנ גלאנצ. דערזעענדיק עסטערנ ארײנגייענ, איז ער גרייט געווענ אראפצושפרינ-

1 טארפאט.

גענ פונעמ בעט, נאָר ער איז עפּעס ווי צוגעקוועטשט געוואָרנ צומ אָרט, פאַרגליווערט געוואָרנ, נישט צו קענענ ארויסלאָזנ א וואָרט פונעמ מויל. עסטער פונ איר זײַט איז געבליבנ שטיינ, באַטראַכט אימ א היפּשע ווײַלע פונדערווײַטנס, און ערשט נאָכדעמ, אַז די ווײַבער האָבנ זיך שטאַרק פאַרעדט אינ זייערע איניאָנימ, איז עסטער צוגעגאַנגענ נאָענט צומ בעט און האָט צומ ערשטנ אימ א פרעג געטאָנ:

— וואָס מאַכסטו עפּעס?

די דאָזיקע עטלעכע ווערטער זײַנענ געזאָגט געוואָרנ אזוי ווייך, אזוי עמעס געטרײַ, מיט אזויפיל ליבשאַפט, ווי טאַקע נאָר א שוועסטער קאָנ זאָגנ צו אנ אייגענעמ ברודער. יאָסעלע האָט איר דערויפ נישט געענטפערט גאָרנישט, נאָר זײַנ קוק, זײַנ ביטער שמייכעלע, האָבנ איר געזאָגט גענוג. זי איז צוגעגאַנגענ צו אימ נאָך נענטער און, גלײַך ווי עס וואָלט צווישנ זיי שוינ געווענ אָפּגערעדט פונ פריִער, האָט זי זיך אַנידערגעזעצט נעבנ אימ אפנ בענקל, וווּ פריִער איז געזעסנ די כאַזנטע.

עסטערנ האָט זיך אויסגעוויזנ, אַז יאָסעלעס אויגנ זענענ גרעסער געוואָרנ און קוקנ אפ איר עפּעס ווילד, נישט אזוי פרײַנטלעכ, ווי אמאָל.

— וואָס זשע מאַכסטו? — האָט זי אימ א פרעג געטאָנ נאָכאַמאָל.

— אוי, עסטער! — האָט ער איר געענטפערט, אָנעמענדיק זיך מיט דער האַנט באַמ קאָפּ.

אינ די צוויי ווערטער האָט זיך געלאָזט הערנ א קלאָג פונ א מענטשנ, וועלכנ עס האָט געטראָפנ א גרויס אומגליק, אזא אומגליק, וואָס ניט מיט קיינ ווערטער קאָנ מענ עס ארויסגעבנ. עסטער האָט געפילט, אַז עס איז אימ שלעכט, נאָר אינ וואָס די שלעכטיקײַט באַשטייט — האָט זי ניט געוווּסט. ווענ און וויאזוי דאָס האָט זיך געטראָפנ — געדענקט עסטער ניט, נאָר איר האַנט האָט זיך געפונענ אינ זײַנ האַנט. עס האָט זי געבריט ווי מיט פײַער, און עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע לײַב ברענט אפ איר. עס האָט זי ווי צוגעצויגנ צו אימ, צוגעשלעפּט ווי א מאַגנעט, און ווידער א שלעכטע מאַכשאָווע איז איר דורכגעפלויגנ אינ קאָפּ; עס האָבנ זיך ווידער געראַנגלט אינ איר יענע צוויי קויכעס: פונ איינ זײַט דער סאָטנ-מעקאַטרעג האָט איר אײַנגערוימט א סאָד אינ אויער, אַז איצט איז נאָך דאָ צײַט, זי קאָנ נאָך גליקלעכ זײַנ, זי איז יונג און געזונט און פריש, זי טאָר זיך ניט באַגראָבנ, זי דאַרפ לעבנ, לעבנ, לעבנ! און פונ דער אַנדערער זײַט הערט זי אַנ אַנדער קאָל: „א ווײַבל, א קאַלע, ערשט

פֿון דער חופּה, זלאַטע טאָכטער, אשת־איש, אַנטלױף!" — און איר האַנט איז אַלץ אין זײַן האַנט, און עס ברענט זי, עס ברענט זי, װי מיט פֿײַער... בײַ יאָסעלען האָט זיך מיטאַמאָל אױפֿגעבונדן די צונג, און ער האָט זיך צערעדט; ער האָט גערעדט, װי מע זאָגט, פֿאַר פֿײַער און פֿאַר װאַסער; און אַלץ עפּעס אַזױ אױסגעמישט, פֿאַרכאַפּט אײנס פֿאַר דאָס אַנדערע, עס האָט זיך קימאַט נישט געקלעפּט אַ װאָרט צו אַ װאָרט, און אַלע מינוט האָט ער זיך געכאַפּט מיט דער האַנט באַם קאָפּ. פּלוצעם האָט זיך אים דאָס פּנים װי אָנגעצונדן, די אױגן צעברענט, דעם האַנטעך פֿונעם קאָפּ האָט ער אַראָפּגעװאָרפֿן, זיך צו־גערוקט צו עסטערן נאָך נענטער און האָט צו איר געזאָגט מיט היץ, נאָר גאַנץ שטיל, אַזױ, אַז מע זאָל ניט דערהערן:

— ס'איז בלאָטע, עסטער, דו ביסט געבונדן, צי איך בין גע־בונדן! נאַרישקײטן, עסטער, בלעבן, נאַרישקײטן! זײ זאָגן, זײ זאָגן, איך בין קראַנק; װער קראַנק? זאָג מיר נאָר אײן װאָרט, אַז דו ביסט מרוצה, אַזױ שטײ איך אױף און װער געזונט און פֿאָר אַװעק מיט דיר פֿונדאַנען, פֿון דעם װײסן מאַזעפּעװקע! דו פֿאָלג מיך, לאָמיר פֿאָרן, קאָלזמאַן ס'איז נאָך דאָ צײַט; מע װעט אונדז נאָכפֿאָרן? װער הערט זײ? אױ, לאָמיר נאָר אַרױספֿאָרן פֿונדאַנען, זענען מיר פֿרײַ, און נאָכ־דעם װעט שױן זײַן רעכט! איך װעל דיך אַװעקפֿירן װײַט־װײַט פֿונ־דאַנען, און דו װעסט זײַן מײַנע, אױף אײביק מײַנע, מײַנע! עסטער! אױ, עסטער, עסטער!

עסטער האָט קײן צײַט ניט געהאַט אַפֿילו אױף צו באַקלערן די דאָזיקע לעצטע װערטער אַקוראַט. עס האָט זי עפּעס װי צוגעצױגן צו אים אַ שרעקלעכער כּוח, און זי איז גרײט געװען אין דער מי־נוט זיך אַ װאַרפֿן צו אים אין די הענט אַרײַן און אַנטלױפֿן מיט אים אין עק װעלט אַרײַן. יענער פֿײַנער יונג, דער שׂטן, האָט זיך װידער פֿאַרשטעלט פֿאַר איר אין אַ געשטאַלט פֿון אַ גוטן מלאך, אַ מליץ־יושר, און האָט איר װידער גענומען אײַנרױמען אַ סוד אױפֿן אױער: „נאַרישע, נאַרישע עסטער! אָט האָסטו דיר דײַן גליק פֿאַר דײַנע אױגן, דײַן מזל איז בײַ דיר אַצינד אין די הענט! נעם קלײַב דיר אױס אײנס פֿון די בײדע: אָדער אַ לעבן װי אין גן־עדן, אַ זיס לעבן, אַ גוט לעבן, אין דער גרױסער פֿרײַער װעלט, מיט אַ ליבן, אַ גוטן פֿרײַנט, מיט אים, מיט יאָסעלען, אױף תּמיד, אױף אײביק... אָדער אַ װיסט פֿינצטער לעבן אָט דאָ, אין דער בלאָטע, מיט אָט דעם גראָבן, אָט דעם פּאַסקודניאַק, מיט אַלטערן, — נאַרישע, נאַרישע עסטער!"... דער גוטער נפֿש, דער שׂטן, מיט זײַנע זיסע רײדעלעך, פֿון אײן

זײַט, אונ יאָסעלע מיט זײַנע פײַעריקע אויגנ, מיט זײַנע ברענענדיקע ווערטער, פונ דער אנדערער זײַט, האָבנ קימאט איבערגערעדט עסטערנ, קימאט געפויעלט. נאָכ קיינמאָל האָט זיכ איר אזוי ניט געוואָלט לעבנ אונ גליקלעכ זײַנ, ווי איצט די דאָזיקע עטלעכע מינוט. נאָכ קיינמאָל האָט די וועלט בא איר ניט געהאט אזא כיינ, ווי איצטער. עסטער האָט געציטערט מיט אלע איידורים. זי איז גרייט געווענ צו לויפנ אינ דער וועלט ארײַנ, צו פליִענ אינ הימל ארײַנ, צו פאלנ אינ דער שטויל-טאכטיִע ארײַנ, פארלאָזנ, פארגעסנ אלעמענ אונ אלצ אפ דער וועלט— אבי מיט אימ, מיט יאָסעלענ!.. אונ יאָסעלע האָט נישט אופגעהערט צו רעדנ איבער איר וואָס ווײַטער מיט מער היצ. זײַנע אויגנ האָבנ זי געברענט, דורכגעשטאָכנ דורכ אונ דורכ. „אוי, עסטער, עסטער!" — האָט ער אויסגעשריגנ, אָבער אזוי שטיל, קימאט געשעפטשעט. „אוי, עסטער! עסטער!" אונ האָט זיכ אָנגעבויגנ צו איר, אויסגעצויגנ ביידע הענט אונ זי געוואָלט ארומנעמענ. עסטער האָט אימ דערפילט אזוי נאָענט נעבנ זיכ, אז זי האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ צוריק, אופגעכאפט זיכ פונעמ בענקל אונ נישט ווילנדיק זיכ א כאפ געטאָנ מיט דער האנט באמ קאָפ, באמ צוגעדעקטנ קאָפ... ווי א כאָלעמ, ווי א בליצ איז אנטלאָפנ פונ איר יענע שלעכטע מאכשאווע, אונ עסטער דאָס ווײַבל, עסטער די ייִדישע טאָכטער איז איר ווידער אויסגעוואקסנ פאר די אויגנ, אונ זי האָט דערזענ נעבנ זיכ די מאמע...

— גייענ מיר? — האָט צו איר געזאָגט זלאטע. — מיר האָבנ זיכ דאָס א ביסל פארעדט אָט דאָ! ניט אומזיסט זאָגט מענ אפ אונדז, אז מיר האָבנ אינ זיכ נײַנ מאָס רייד.

פארנ אוועקגאנג האָט זלאטע געגעבנ דער כאזנטע נאָכ עטלעכע רעפועס פונעמ כוילעס ווענ, אונ ברײַנע פונ איר זײַט האָט געזאָגט, אז מע זאָל קאָנענ אויספירנ, אז שאכנע דער שויכעט זאָל נאָכ הײַנט קאָנענ אָפשפרעכנ אנ אײַנהאָרע, וואָלט געווענ גאָר אנ אנטיק אינ דער וועלט.

שטייענדיק שוינ בא דער טיר, האָט עסטער אויסגעדרייט נאָכ־אמאָל דעמ קאָפ אהינ, ווו יאָסעלע איז געזעסנ אפנ בעט, אונ עס האָט זיכ איר אויסגעוויזנ פונדערווײַטנס, אז זי זעט דאָס פײַערל פונ זײַנע אויגנ, וואָס קוקנ אפ איר ווי מיט גרויס חאכמאָנעס. עס האָט זיכ אינ איר א ריר געטאָנ דאָס הארצ, עס האָט זיכ אינ איר דערוועקט א נײַער מינ געפיל, א געפיל פונ א מענטשנ, וואָס האָט געזענ א געפאלענעמ אונ האָט אימ ניט געוואָלט אויסציִענ די האנט אופצוהייבנ אימ. עס האָט זיכ איר אויסגעוויזנ, אז ער זיצט אלצ אינ דער־

אייגענער פּאָזע, וואָס פריִער, מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו איר, אונ זײַנע טרויעריקע רייד קלינגענ נאָכ אינ אירע אויערנ: „אוי, עס־טער, עסטער!״... זי בלײַבט שטיינ אפ א רעגע בא דער טיר. יענע שלעכטע מאַכשאָווע פליט שוינ ווידער דורכ בא איר אינ קאָפּ; יענער גוטער פאַרשוינ וואַקסט שוינ ווידער אויס פאַר אירע אויגנ מיט זײַנע זיסע ריידעלעכ: „צוריק, עסטער, צוריק, אָט אפ דער מינוט שטייט די וועלט! איינ וואָרט, קינד איינס, איינ וואָרט, גיי צו אונ זאָג אים דאָס איינע וואָרט, — זענט איר ביידע גליקלעכ!״... — — — —
„מיטנ קאָפּ אינ דר׳ערד, דו אשמעדײַ!״ — ענטפערט אינ איר אנ אינווייניקסטער קאָל. — גיי ווײַטער, האָסט ניט געטראָפנ דאָס אָרט! א ייִדישע טאָכטער טוט דאָס ניט! א ייִדישע טאָכטער וועט גיכער א קאַפּאָרע זײַנ, א קאָרבנ פאַר פרעמדע זינד, איידער אָפּטונ אזא מײַסע, מיט א... אונ נאָכ אנ איישעס־איש דערצו! אנטלויפ, עס־טער, אנטלויפ!!״... עסטער טוט זיכ אָנ א קויעכ, מיט גוואַלד רײַסט זי זיכ אויס פונעם „ניט־גוטנס״ הענט אונ גייט נאָכ דער מאַמענ צו זיכ אהיים.

דורכגייענדיק דורכ דער „זאַל״, האָט זי געטראָפנ דעם גאַנצנ פריִעריקנ אוילעם זיצנ באַם טיש אונ טרינקענ איבער אַלטערנ.

— טו א קוק, — האָט זיכ אָנגערופנ איינער פונ כאָסנס צאַד, אָנווײַזנדיק אפ עסטערנ מיט די אויגנ. — טו א קוק, אַלטער, איבער וואָסער א סכוירע דו דינגסט זיכ נאָכ אפ אזעלכע פּופּציק ווערעמיקע שמאַרדאָווענצעס!

ווי אפ הייסע קוילנ איז עסטער איבערגעלאָפנ דורכ דער „זאַל״, האָט זיכ אַרײַנגעכאַפּט צו זיכ אינ אַלקערל אַרײַנ, אונ דאָרט, אפ איר בעט, גאַנצ טיפ מיטנ פּאָנעם אינ קישנ, אפ א קלאָר ווײַס ציכל, האָט זיכ דורכ הייסע־הייסע טרערנ אויסגעגאָסנ א ריינ, לויטער הארצ פונ א ריינער, אנ ערלעכער, נאָר אנ אומגליקלעכער, זייער אנ אומגליק־לעכער, ייִדישער טאָכטער . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

# XXXII

## יאָסעלע סאָלאָווײ געפינט זיכ אינ א שײנעמ אויפנ, אונ לײזער באַלעגאָלע שמועסט זיכ אויס ווי א פילאָזאָפ

דרײַ וואָכנ, שווערע, מוירעדיקע, האָט יאָסעלע סאָלאָווײ איבערגעלעבט, ליגנדיק אויפנ קראַנקנ-בעט. מע האָט זיכ שוינ גאָר ניט גערעכנט, אַז ער זאָל בלײַבנ לעבנ. שמוליק האָט דאָס גאָר נישט געקאָנט פאַרשטײנ, ווי נעמט זיכ עס בײַ א מענטשנ אַזאַ קויעכ, אַזויפיל ווײטעקנ איבערצוטראָגנ אונ אַזויפיל אויסשרײַענ, וויפל יאָסעלע האָט אויסגעשריגנ. „נעמט זי צו פונ מיר, די קאַץ! — האָט ער געגוואַלדעוועט. — איר זעט זי דענ ניט? זי קריכט צו מיר אונ וויל מיכ אָננעמענ בײַמ גאָרגל אונ דערשטיקנ, דערוואָרגנ מיכ!“ אַנ אַנדערמ מאָל הייבט ער גאָר אָנ צו שרײַענ: „גיט מיר אָפּ מײַנ עסטערנ, זי איז מײַנע!“ שמוליק פלעגט אימ ענטפערנ דערויפ: „וואָס שרײַסטו, נאַרעלע? אָט איז זי דאָכ, עסטער. זי שטײט אָט דאָ מיט אונדז, נאַרעלע!“ אונ ער אָפּ א קאָל: „עסטערנ! גיט מיר אָפּ מײַנ עסטערנ! וואָס לאָזט איר זי אָפּ אַלײנ אינ וואַלד? דאָרט איז דאָ א הונט!“... אונ אַנ אַנדערמ מאָל פלעגט ער זיכ צעזינגענ אויפ א קאָל, מאַכנ כאַזאָנישע שטיק, פאַרדרײַסנ דעמ קאָפּ צו דער סטעליע אונ זאָגנ: „איר הערט, איר הערט, ווי מע שפּילט אינ קאָסטיאָל? אינ קאָסטיאָל שפּילט מענ גוט, מעכײַע-נעפּאָשעס, אײַ-אײַ-אײַ!“ אונ דערנאָכ זיכ וואַרפנ אונ צאַפּלענ, גאָר נישט צומ אויסצושטײנ. טאַקע נאָר א טאַטע איז אימשטאַנד איבערצוטראָגנ די צאָרעס, וואָס שמוליק האָט איבערגעטראָגנ פונ זײַנ זונ אינ די דאָזיקע דרײַ וואָכנ. ער איז ניט געשלאָפנ קײנ נעכט, קעסיידער געזעסנ נעבנ אימ, געלײגט אימ אײַז צומ קאָפּ. דער רויפע, יודל דאָקטער, א גרויסער מומכע אינ מאַזעפּעווקע, האָט געזאָגט, אַז ס'איז א מינ פײַער בײַ אימ אינ קאָפּ, „וואָספּאַלעניע מאָזגאַ“ רופט זיכ דאָס אָנ בעלאָשנ-האַדאָקטאָריע, אונ ס'איז, זאָגט ער, א מעסוקנ כאָלאָס. וואָס האָט שמוליק נישט געטאָנ? געפאַסט, געגאַנגענ אויפנ הייליקנ אָרט צו זעלדענ אויפנ קייווער, עטלעכע מאָל באַשטעלט אינ שול א מיניענ, מע זאָל זאָגנ טילימ, ביז גאָט האָט אימ געהאָלפנ, די שלאַפקײַט האָט זיכ איבערגענומענ, אונ יודל דאָקטער האָט געזאָגט, אַז וויבאַלד ער איז דאָס איבערגעקומענ, איז ער שוינ א מענטש, העכער האַלב אויפ דער וועלט. פאַר סימכע האָט זיכ שמו-

ליק צעוויינט, ווי א קליינ קינד, אונ אפ אים קוקנדיק — אלע אינ שטוב; עס איז געוואָרנ א יעלאָלע, ווי בא אנ אומגליק, כאָלילע. עסטער, וואָס פלעגט קומענ עטלעכע מאָל אינ טאָג געוואָר ווערנ צו דעמ כוילע, דערזעענדיק יאָסעלענ זיצנ אינ בעט, האָט זי זיך אויך נישט געקאָנט איינהאלטנ, אונ עס האָבנ זיך איר א גאָס געטאָנ די טרערנ מיטאמאָל, כאָטש דאָס פּאָנעמ האָט בא איר געלאכט... עסטער פלעגט זיך ארויסכאפּנ אלעמאָל צו דער מאמע, געוואָר ווערנ צו די קינדער, אירע ברידערלעך קלוימערשט, אונ זיך ארײַנגאנווענענ צו שמוליק דעמ כאזנ אינ שטוב ארײַנ, זיצנ עטלעכע מינוט, ביז אלטער פלעגט שיקנ נאָך איר זי רופנ אהיימ. מיט וואָס פאר א הארצ עסטער איז געגאנגענ אהיימ, ווייסט נאָר איינ גאָט דעמ עמעס. „עסטערל, פארוואָס טרינקסטו נישט? — האָט זיך אלטער צו איר צוגעשמייכלט. — לעמײַ עסטו נישט, עסטערל?" טאָג אז זי פלעגט דערלעבנ, איז זי געווענ גליקלעך, שוינ גיכער לויפנ אהינ, קומענ אונ ווידעראמאָל לויפנ אהינ. „ביסט מיר עפּעס ווייער אנ אָפּטער גאסט בא דער מאמע, הארצעלע! — פלעגט איר אלטער זאָגנ מיט א ליבלעך שמייכעלע, וואָס האָט זי געשנימענ, ווי מיט א מעסער. — אנ אָפּטער גאסט, נעשאָמעלע, ווערט נימעס, כע-כע! א באלעבאָסטעלע באדארפ זיצנ אינ דער היימ, אכטונג געבנ, אכטונג געבנ!" נאָר עסטערנ האָבנ די ווערטער אפילע נישט אָנגעהויבנ צו רירנ. איר קאָפּ איז די גאנצע צײַט געווענ פארנומענ נאָר מיט איינ מאכשאָווע — יאָסעלע; נאָר איינ זאך האָט עסטער געוואָלט פונ גאָט — יאָסעלע זאָל זײַנ געזונט! זיצנדיק שאבעס אינ שול איבער דעמ קאָרבנ-מינכע, האָט עסטער בעפּיירעש אינ זינענ געהאט אויסבעטנ בא גאָט, מע זאָל אימ שענקענ יאָרנ. באנאכט, ליגנדיק בא זיך אינ בעט, האָט עסטער נית איינ מאָל געוויינט, געבעטנ גאָט פאר יאָסעלענ: „גיב אימ, גאָטעניו, קויעך! יאָרנ שענק אימ, ריבוינע-שעל-אוילעמ, יאָרנ!"... אונ גאָט האָט צוגעהערט דאָס געבעט פונ עסטערנ, אונ יאָסעלע איז איבערגעקומענ, די שלאפּקײַט האָט זיך איבערגענומענ, אונ צו גאָט א האָפענונג, ער וועט, אימ-ירצע-האשעמ, זײַנ געזונט. עסטער האָט נישט געהאט קיינ ווערטער, וויאזוי אָפּצודאנקענ דעמ ריבוינע-שעל-אוילעמ פאר זײַנ גרויס גענאָד, וואָס ער האָט דאָ געטאָנ. קומענדיק אהיימ, האָט זי אלטער דערזענ, ווי זי שײַנט אונ דאָס פּאָנעמ לײַכט איר, — האָט ער זיך מאמעש מעכײַע געווענ.

— אָט אזוי האָב איך ליב, — האָט איר אלטער געזאָגט, פארקוקנדיק איר אינ פּאָנעמ ארײַנ מיט א ליבלעך שמייכעלע, — אָט

אזוי באדארפ זײַנ א ווײַבעלע דרײַ וואָכנ נאָכ דער כאַסענע. פײַנ־
טשיק, אָט אזוי, אָט אזוי!

עסטער האָט אָפּגעכאַפּט דעמ ווארמעס, געזעסנ די גאַנצע צײַט ווי אַפּ שפּילקעס, זיכ ווארגנדיק מיט יעדנ ביסנ, אונ האָט קוימ דערלעבט די מינוט, די רעגע, וואָס זי האָט זיכ געקאָנט ארויסכאַפּנ פונ דער היימ. זינט יאָסעלע האָט אופּגעלעבט, זיכ אופּגעזעצט אפנ בעטל, איז מענ שוינ פונ אימ נישט אָפּגעטראָטנ אַפּ קיינ מינוט. גוטע־פרײַנט האָבנ זיכ צונויפגעקליבנ ארומ זײַנ בעט, אונ מע האָט אימ אויסגעפרעגט, וויאזוי פילט ער זיכ אצינד אינ זײַנע קרעפטנ? וואָס האָט ער אזוי גערעדט, געפּלאַפּלט די גאַנצע צײַט? וואָס האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ אזעלכעס, וואָס ער האָט אַלצ געשמועסט פונ פייגעלעכ, פונ קאָסטיאַלנ, פונ קארעטעס, פונ היינט אונ פונ קעצ אור־כעדוימע? וואָס איז די מײַסע?... יאָסעלע האָט אָבער נישט געענט־פערט קיינעמ א וואָרט; עפּעס איז ער געווענ שטארק מאָרע־שכוירעדיק. אונ די אויגנ זײַנע האָבנ עפּעס געקוקט מיט א מעשונע טומפּיקנ קוק...

— לאָזט אימ צורו! — האָט זיכ יודל דאָקטער צעבייזערט אונ צעטריבנ דעמ אוילעמ. — לאָזט אימ צורו! ער באדארפ האָבנ „ספּאָ־קאָיסטווע“, אונ איר דולט אימ דעמ ספּאָדעק.

— וואָס זשע טוט מענ אימ דאָ אזעלכעס? מע פרעגט אימ א צוויי ווערטער, איז אנ אומגליק א גרויסער?

— עס איז דיר אָבער אנ אנטיק מיט א יידנ! — זאָגט יודל דאָקטער שוינ אינ קאַעס. — האָסטו געהערט אנ אקציע? מע זאָגט אײַכ, אז ער באדארפ איצטער האָבנ ספּאָקאָיסטווע, ווי א קימפּעטאָרנ נעפּריטשקאָמ. רעדנ וועט איר מיט אימ שפּעטער. איר גיט אימ בע־סער עפּעס אינ מויל ארײַנ, א גלעזל טיי, א ביסל יויכ, א קאַפּ מילכ צי וואָס.

„ד ע ר כ ו י ל ע ב ע ט ע ס נ!“ — דאָס איז געווענ פאר איטלעכנ אזא בסורע, אז אַלע מיטאמאָל האָבנ זיכ א וואָרפ געטאָנ: „וואָס גיט מענ אימ אינ מויל ארײַנ?“ די כאַזנטע איז אוועקגעגאנגענ צו די שכיי־נימ, טאָמער וועט זי קענענ לײַענ ערגעצ א פערטל אָפּ. שמוליק פונ זײַנ זײַט האָט גענומענ ארומלויפנ איבער דער שטוב, זוכנ עפּעס אזעלכעס, וואָס מע זאָל קענענ געבנ דעמ כוילע אינ מויל ארײַנ. אונ עס־טער איז ארײַנגעלאָפנ צו זלאטענ אונ האָט אַליינ מיט אירע הענט צעלייגט א פײַערל אונ צוגעשטעלט קאָכנ א יויכל. שטייענדיק אזוי באמ פריפּעטשיק מיט צונויפגעלייגטע הענט אפנ הארצנ אונ קוקנדיק אפנ פײַער, ווי עס ברענט, אונ צוהאָרכנדיק זיכ צומ טעפּל, ווי עס

זידט, האָט זיכ עסטער פאַרטראַכט אונ זי האָט זיכ דערמאַנט, אַז ערשט פריִער מיט א יאָר צוויי־דריטהאַלבנ איז זי אויכ געשטאַנענ דאָ בא דעמ פריפּעטשיק, אונ דאָ בא דער זײַט איז געשטאַנענ יאָסעלע — וואָס פאַר א כילעק עס איז פונ דעמלט ביז הײַנט! וויפל נײַס האָט זיכ איבערגעטאָנ, וויפל וואַסערנ זענענ איבערגעלאָפנ, וויפל יעסורימ, וויפל צאָרעס, וויפל ווייטעקנ איז זי אויסגעשטאַנענ אינ די דריטהאַלבנ יאָר! זי וואָלט זיכ געריכט, אַשטייגער, דעמלט, ווענ יאָסעלע האָט איבער איר גערעדט, — אַז זי וועט אצינד זײַנ אַנ איישעס־איש, אַלטערס א ווײַב? זי דערמאַנט זיכ, ווי אַזוי יאָסעלע האָט זי דעמלט אָנגענומענ בא דער האַנט, זי לאַנג־לאַנג געהאַלטנ אונ געקוועטשט, אונ די אויגנ האָבנ אימ געגלאַנצט, געבלישטשעט דורכ טרערנ, אונ ער האָט איר געשוואָרנ, ער וועט אייביק־אייביק זײַנ דער אייגענער יאָסעלע, וואָס טאָמיד!.. „דער אייגענער, וואָס טאָמיד? — קלערט זיכ אצינד עסטער. — גאָט ווייסט, גאָט ווייסט!“ אינ דער גאַנצער צײַט, זינט יאָסעלע איז געקומענ צו פאָרנ אונ איז געלעגנ שלאָפ, האָט זיכ עסטער אָט דאָ דאָס ערשטע מאָל גענומענ באַטראַכטנ יאָסעלעס כעפּציִעס מיט זײַנע אַלע געוונ ביז אהער. זי האָט גאָר קיינ צײַט נישט געהאַט א קלער צו טונ וועגנ עפּעס אַנדערש, אַכוץ דעמ, וואָס יאָסעלע איז קראַנק. איר קאָפּ איז געווענ פאַרנומענ דערמיט נאָר: וואָס טוט יאָסעלע? ווי אַזוי גייט די שלאָפקײַט? וואָס זאָגט עפּעס יודל דאָקטער? וויפל גראַד היץ האָט ער? וויפל טעג באַדאַרפ נאָכ געדויערנ, ביז ער וועט אָנהייבנ צו שוויצנ? אוכעדוימע אַזעלכע איניאָנימ. מע קאָנ זאָגנ, אַז עסטער איז אינ יענער צײַט איבערגעגעבנ געווענ אינגאַנצנ צו איינ מאַכשאָווע: „יאָסעלע איז שלאָפ“ — אונ דאָס איז שוינ געווענ גענוג, עס זאָל אַרויסשטויסנ פונ איר קאָפּ אַלע אַנדערע געדאַנקענ, אויביפראַט אַז די מאַמע, די מומע ברײַנע, די מומע יענטל אונ פיל אַנדערע געניטע האָבנ געשמועסט, אַז ער איז זייער מעסוקנ, אַז בעזמ כאָלילע עס וועט נישט איבערברעכנ צו דער צײַט אונ ער וועט, כאַס־וועשאָלעמ, נישט אָפּשוויצנ, איז ער א פאַרפאַלענער... דערהערט אַזעלכע דיבורימ, האָט עסטער געפילט, ווי עס ווערט איר קאַלט אינ אַלע אייווורימ, אינ האַרצנ ווערט איר מעשונע ענג אונ שווער אונ פינצטער אינ די אויגנ... אונ ווי גליקלעכ איז זי געווענ, אַז זי האָט דערהערט, אַז דער כוילע שוויצט שוינ, דאַנקענ גאָט! „נאָכ א מינ שוויצנ! — זאָגט יודל דאָקטער. — א מינ שוויצנ! וואַרט צו, איר וועט ערשט זענ, וואָס שוויצנ הייסט! בא מיר א כוילע, אַז ער גייט נישט אָפּ מיט הרבּה עמער שווייס, הייסט דאָס נישט געשוויצט.

פֿאַרשטייט איר מיך!" גאָט ווייסט, אויב יודל דאָקטער האָט אַמאָל געהאַט אַזאַ עמעצן גוטן־פֿרײַנט, ווי עסטער איז אים געווען אין יענער מינוט פֿאַר זײַנע טײַערע, זיסע ווערטער! און ווער שמועסט אַצינד, אַז יאָסעלע האָט זיך אויפֿגעזעצט און בעט שוין עסן! „אַ דאַנק דיר, אַ דאַנק דיר, גאָטעניו! אַ דאַנק דיר, ליבער, האַרציקער, געטרײַער פֿאָטער!"... פּלוצעם עפֿנט זיך די טיר צו זלאַטען אין שטוב אַרײַן און עס שטעקט זיך אַרײַן אַ קאָפּ פֿון אַ נעקייווע, פֿאַרפּוצט מיט אַ מאָדנע היטעלע און מיט אַ וואָל איבערגעצויגן, און מאַכט אַזוי:

— דאָ זיצט שמוליק דער כאַזן?

— דאָ, אין דער אַנדערער האַלב. קומט, איך גיי אויך אַהין. — ענטפֿערט עסטער און נעמט דאָס טעפּל יויך אין ביידע הענט און גייט מיט איר צו שמוליקן.

— וואָס מאַכט ער, שמוליק דער כאַזן? — פֿרעגט יענע, גייענדיק מיט עסטערן.

— וואָס זאָל ער מאַכן? — ענטפֿערט איר עסטער. — געזונט, דאַנקען גאָט, מע לעבט, נאָר קיין צאָרעס איז מען ניט זשעדנע.

— געזונט? — מאַכט יענע, כידעשט זיך, באַטראַכט דערבײַ עסטערן און קלערט בעשאַס-מײַסע: „וואָס פֿאַר אַ שיין ווײַבל דאָס איז!" יאָסעלע האָט דאָך מיר פֿאַרן אָוועקפֿאָרן געזאָגט, אַז שמוליק איז שטאַרק שלאַף, גאָר מעסוקן.

— האַ? — זאָגט עסטער, אַנקוקנדיק יענע פֿאַרוווּנדערט, און עס פֿליט דורך בײַ איר אין קאָפּ אַ מאַכשאָווע: „ווער קאָן דאָס זײַן אָט דאָס ווײַבל?" — ניין, איר האָט אַ טאָעס: דאָס איז יאָסעלע געווען מעסוקן, ניט שמוליק.

— יאָסעלע!!? — טוט יענע מוירעדיק אַ געשריי. עסטער בעט זי, זי זאָל זײַן שטיל, מאַכמעס אָט איז די טיר און אָט איז ער, דער כוילע אַליין.

עסטער גייט אַרײַן מיטן טעפּל אין די הענט, און יענע נעקייווע לויפֿט פֿאַר איר, אויסגעשטרעקט ביידע הענט אַף צופֿריער; נאָר זיי בלײַבן ביידע שטיין אינמיטן שטוב, ווי די העלצער, נישט ווייסנדיק וואָס מיט זיי טוט זיך. אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, זיצט יאָסעלע סאָלאָוויי אַפֿן בעט און זינגט, מאַכט כאַזאָנישע האַ־ווײַעס, אונטערהאַלטנדיק זיך מיטן גראָבן פֿינגער אונטערן גאָרגל, אַפֿן אַלטן כאַזאָנישן שטייגער, און דער גאַנצער אוילעם אַרום־און־אַרום שטייט פֿאַרגאַפֿט, פֿאַרציטערט, פֿאַרשטוינט און צעמישט, נישט ווייסנדיק, וואָס דאָס באַטײַט... דאָס זינגען יאָסעלעס איז מעשונע-

ווילד, מוירעדיק זיס און שרעקלעך טרויעריק; עס לאָזט זיך הערן ווי מיט א זיפץ פונעם הארצן, עס צעגייט זיך אין אלע גלידער און רירט אָן ביז דעם מארך פון די ביינער; עס האָט נישט קיין געשטאלט, קיין סיידער פון קיין זינגען, נאָר עס גיסן זיך גלאַט זעלטענע קוילעס, ניט קיין געוויינלעכע, גאָר נישט קיין מענטשלעכע, נאָר צוקערזיסע, גלאטע און ווייכע, נאָר ווילדע, מעשוגענע קוילעס. פלוצעם לאָזט ער אויס מיט א מין שרעקלעכן קריי: „קו־קא־רי־קו!!!" און צעלאכט זיך מיט אזא ווילדן, הילכיקן „כא־כא־כא!", אז עס שטעלן זיך בא איטלעכן די האָר קאפויר, און מע שטייט, ווי געליימטע, קוקנדיק איינס אפס אנדערע.

— אָ? זי איז דאָ, די קאץ! די קאץ!! — שרייט אויס יאָסעלע, אנווייזנדיק מיט דער האנט אף יענער נעקייווע (עס פארשטייט זיך, אז דאָס איז געווען פערעלע זיין ווייב). — איר זעט? זי איז שוין ווידער דאָ! זי איז שוין ווידער דאָ!! כאפט זי! טרייבט זי! יאָגט זי!! זי וויל מיך דערווארגן, דערשטיקן!! וואָס שווייגט איר? האוו־האוו־האוו!!!

און יאָסעלע שפרינגט אראָפּ א האלב־נאקעטער פון בעט און וויל זיך לאָזן לויפן צו פערעלען, וואָס שטייט הינטער עסטערן און האלט זיך אָן מיט ביידע הענט אין יענערס פלייצעס, און זיי ציטערן ביידע, ווי די לעמעלעך. יודל דאָקטער לויפט צו צו אים, נעמט אים אָן פאר ביידע הענט און וויל אים צוריק אנידערזעצן אפן בעט. נאָר יאָסעלע לאָזט זיך נישט. ער ראנגלט זיך מיט אים און רייסט זיך אויס פון זיינע הענט. ער לויפט צו צו עסטערן, כאפט אויס בא איר פון די הענט דאָס טעפל זודיקע יויך און גיסט אויס אף יודל דאָקטער.

— ער איז גערירט! — שרייט אויס יודל דאָקטער. — וואָס שטייט איר ווי ליימענע גוילעמס? נעמט בינדט אים, קרעמפעוועט אים! איר זעט דאָך, אז ער איז פונעם זינען!!! . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

אין עטלעכע טעג ארום האָט שמוליק דער כאזן נעבעך אליין געמוזט בינדן זיין זון, אים „קרעמפעווען", ווי יודל דאָקטער האָט געהייסן, און אָפּפירן אים קיין מאקארעווקע צום רעבן. ווער עס האָט ניט אָנגעקוקט דעמלט שמוליקן איינעם ציצן כאלאטל מיט דער גרינער שאל אפן האלדז, צוהאלטנדיק יאָסעלען מיט ביידע הענט, ער זאָל זיך פון בויד נישט ארויסוואַרפן, — ווער עס האָט דאָס אלץ נישט געזען, דער באדארף לעבן מער מיט צען יאָר. „א מענטש באדארף זיך טאקע איבערנעמען!" — האָבן געשמועסט די, וואָס האָבן באגלייט די דאָזיקע אומגליקלעכע פארשווינדלעך.

לייזער באלעגאלע האט זיכ נישט געריכט, אז אינ דער אייגענער בויד, וואס ער האט מיט א כוידעש פריער געבראכט יאסעלענ א פרישנ, א געזונטנ, וועט ער אימ דארפנ פירנ צוריק אינ אזא אויפנ. ער האט זיינ גאנצ ביטער הארצ אויסגעלאזט צו די פערדלעכ נעבעכ, אונ גייענדיק מיט שמוליקנ צופוס ארופ א בארג בא דער זייט פונ וואגנ, האט לייזער געהאלטנ א גאנצ לאנגע דראשע, אויסלאזנדיק מיט די דאזיקע ווערטער:

— הערט איר, רעב שמוליק? ס'איז דאכ נאריש; אונדזער באלעגאלישע פארנאסע ווייסט איר דאכ מיסטאמע; ווי זאגט ער, מע זעט זיכ איבער א וועלט מיט מענטשנ אלערליי; מע פארט, מע לויפט, דער אהער, דער אהינ, ס'איז א יאריד! איכ שווער אייכ, מעגט איר מיר גלייבנ, איכ בינ שוינ א ייד פונ אייניקלעכ, זאלנ געזונט זיינ, ווי זאגט ער, א זיידע; אז מע וויל זיכ גאר רעכט באטראכטנ, ווי עס געהער צו זיינ, זעט מענ ערשט ארויס, אז ס'איז א פאסקודנע וועלט; פע, כליעבנ!

## עפילאג

— איכ ווייס גאר נישט, וואס מיינ עסטער איז אזוי נית מיט אלעמענ! — זאגט זלאטע, זיצנדיק אינ מארק מיט א גאנצ רעדל ווייבער קרעמערקעס אונ איר שוועסטער יענטל אויכ אינמיטנ. — פונ נאכ איר כאסענע זע איכ פונ איר נישט קיינ פרייאלעכע מינע. זי גייט אלצ צוריק אונ צוריק. איכ ווייס? אזא לעבנ, ווי זי האט בא איר מאנ — קיינ איינהארע נית! ווייס איכ, וואס דאס איז?

— א ביים א ביסל? — רופט זיכ אפ איינע פונעמ רעדל. — אלע ווייבלעכ זענענ אזוי: קאלזמאנ א מיידל, איז דאס א גאנצער קאזאק; קוימ האט עס כאסענע, ווערט עס אנ דעמ גלאנצ מיטנ קאליר, עס ווערט א שמאטע. נאט אייכ א גראשנ פאר איינגאנצנ!

— אונ איכ זאג אייכ, — מאכט די אנדערע, — אז ס'איז גאר פאסטעוועקעס אונ גענוג! מיינ יונגערע שנור, איר געדענקט אירע באקנ? זי איז נאר פארגאנגענ אינ טראגנ, אוי זי געווארנ, ווו איכ האב ערגעצ א סוינע! ס'איז פאסטעוועקעס, זאג איכ אייכ.

— נעפריטשקאמ! — רופט זיכ אפ די מומע יענטל. — פונ אייער מויל אינ גאטס אויערנ; שיינע פאסטעוועקעס! אז איכ וועל זענ, וועל איכ אימ זאגנ!

— וואס זשע גלייבסטו זיכ דא נית אזוי? — שלאגט איר איבער

אנ עלטערע יידענע. — מיר האָבנ שוינ אזעלכע זאכנ געזענ. א ווייבל זיצט אָפ יאָרנ אָנ קינדער, אונ, אז גאָט העלפט, הייבט זי אָנ קינדלענ, שיט אונ שיט, ווי א קוואָטשקע. גאָט קאָנ נאָכ העלפנ, זלאטע, איבעריאָר אפ א ברים.

— אָמיינ! — ענטפערט יענטל. — א קאצ וואשט זיכ, א גוטערפרייַנט בענטשט...

קיינער ווייסט ניט, וואָס עסטערנ איז אזעלכעס. מע זעט נאָר, אז וואָס א טאָג דארט זי, טריקנט אונ צאנקט ווי א ליכט. אלטער קארגט ניט קיינ האלב קערבל: ער שיקט רופנ דעם רופע. יודל דאָקטער באטראכט זי אונ זאָגט: „זי איז פראָסט ניט געזונט; עס טוט איר ווייַ „די בלאט“ פונעם הארצנ, אונ סע שפּארט איר אונטערנ לעפעלע“. ער גיט איר טרינקענ טראָפּנ, „שאלווי“, „ליפּאָווע צוויט“ אונ אנדערע קרייַטער, אונ הייסט איר נישט קילנ דעם הוסט. „א הוסט, — זאָגט יודל, — אז מע קילט אים צו, איז זייער ניט גוט!“ ער הייסט איר טרינקענ א סאכ מילכ, עסנ פּוטער א סאכ אונ האָבנ שטענדיק בא דער האנט גוטע „נאסטאָיקע“, האקלאל — זיכ אָנטאָנ ווילטיק. עסטער אָבער טריקנט אלצ, צאנקט ווי א ליכט, אונ קיינער ווייסט ניט, וואָס איר איז...

שמוליק דער כאזנ ליגט שוינ לאנג אפנ נייַעם בעסוילעם. עס איז צוגעקומענ איינ מאזעפּעווקע נאָכ עטלעכע הונגעריקע נעפּאשעס, א וויסטע אלמאָנע מיט עטלעכע פּיצלעכ קינדער. געוויינלעכ, לאָזט מענ זיי ניט פאלנ: זלאטעס עלטערע שוועסטער, ברײַנע, האָט גענומענ א פּאטשיילע אונ איז נאָכ מיט א יידענע א גאבעטע ארויסגעגאנגענ אפ דער שטאָט מאכנ א נעדאָווע פאר דער אָרעמער כאזנטע מיט אירע קינדערלעכ.

פּערעלע די דאמע איז געבליבנ אנ אלמאָנע=כייַע. נאָר מע זאָגט, אז זי לעבט דאפּקע גאָר ניט שלעכט; געלט האָט זי אונ פּאָרט אלע יאָר קיינ פּראנצנסבאד... איר פּאָטער, מייער זײַטשיק, איידער ער רייַסט ארויס בא איר א הונדערטער, קומט אים אָנ שווערלעכ: „ווי בא א הינט פונ די ציינ“, — זאָגט מאלקע זײַנ ווייַב.

לייצי די פּאָקאָיאָווע האָט אויכ נישט גוט אָפּגעשניטנ פונ איר ליבע. איר כאָסנ לייווי-מאָטל מיט די לאנגע הויזנ, מיט די שטיוול אונ „גאליאָשנ“, האָט מיעס אויסגענארט בא איר די עטלעכע גראָשנס אונ זיכ געקריגנ אנ אנדער קאלע, ניט קיינ געשטופּלטע ווי זי, אונ לייצי נעבעכ האָט אָפּגעדינט נאָכ א יאָר דרייַ אונ האָט כאסענע געהאט פאר א שוסטער. יענע העכסט-אינטערעסאנטע „ראָמאנסנ“ האָט

זי שוינ לאנג פארגעסנ. זי לעבט איצינד גאנצ גישקאָשעדיק; איז זיכ אלײנ א באלעבאָסטע. עס פעלט איר נאָר א קו. זי האָט אפילע גע־פרוווט אוועקשרײַבנ צו דער „מאדאם" א גאנצ גרויסנ בריוו אונ בעטנ, זי זאָל איר באהילפיק זײַנ, נאָר זי האָט נישט קײנ טשוווע פונ דאָרטנ אדהײַעמ נאָכ.

— פרווו, גײ זיכ דורכ נאָכאמאָל צו הענדזל דעמ שרײַבער, — זאָגט צו איר הענעכ, דער מאנ אירער, — לאָז ער דיר אָנשרײַבנ אנ אנדער בריוול. עפּשער איז דאָרט ווינציק געווענ אָנגעשריבנ?

רעב קאלמענ שאדכנ לעבט נאָכ. ער איז שוינ זײער אלט אונ טויב ווי די וואנט, נאָר עס פלאָנטענ זיכ אימ נאָכ אינ קאָפּ שידוכימ פארשידענע. עס כאָלעמענ זיכ אימ נאָכ באָכערימ פארזעסענע מיט מײדלעכ דערוואקסענע, מיט אלמאָנעס אונ גרושעס אָנ א שיר.

געדאליע באָס פּאָרט דאָרט ערגעצ ארומ מיט די שעדלעצער כא־זאָנימ. ער קוקט ארויס, טאָמער וועט אימ גאָט צושיקנ עפּעס א מינ אנטיקל, ווי יאָסעלע סאָלאָווײ. עס האָבנ זיכ שוינ אָבער אויסגעלאָזט די גליקנ, אונ אזעלכע אנטיקנ, ווי יאָסעלע, איז הײַנטיקע יאָרנ שוינ ניט צו באקומענ.

די שטאָט סטרישטש שטײט אפ איר אָרט, אונ בערל=אײַזיק איז דאָרט הײַנט א יִד א באלעבאָס פונ אנ אײגענער שטוב מיט א גאנצ פײַנ קלײטל. ווינטער טראָגט ער א שײנעמ פעלצ מיט פיקסנ, אונ אינ קלויז האָט ער א שטאָט אינ מיזרעכ. ער איז דאָרט גאָר א גאנצער יעש: „סטײַטש, בערל־אײַזיק!"...

* * *

אינ דער יִדישער שטאָט מאקארעווקע האָט מענ א צײַט מיט יאָרנ געקאָנט באגעגענענ אינ שול אונ אינ גאס א הויכנ, א דארנ יונגנמאנ, מיט לאנגע שיטערע האָר, מיט א גרויסנ, געלנ טאלעס=קאָטנ אפנ צעכראסטעטנ הארצנ אונ מיט א מאָדנעמ קאפעליוש אפנ קאָפּ; דער האלדז טאָמיד פארבונדנ מיט א ווארעמער פאטשײלע, אפ די אויגנ א פּאָר בלויע ברילנ אונ אפ די פיס אײנ שוכ אונ אײנ שטיוול. זײַנ אוודע איז געווענ, ארײַנקומענ אינ א שטוב ארײַנ, נישט רעדנ קײנ וואָרט, זיכ שטילערהײט וואשנ, זאָגנ „שאו ידיכם" 1, זיכ זעצנ צומ טיש אונ ווארטנ, ביז מע וועט אימ דערלאנגענ עפּעס עסנ. נאָכ־דעמ אָפּבענטשנ, אופשטײנ אונ אוועקגײנ אָנ ווערטער. זעלטנ האָט

1 „סעָו יעָדײכעמ".

זיכ געמאַכט, ער זאָל אויסרעדנ מיט עמעצנ א וואָרט. נאָכ מער זעלטנ פלעגט זיכ טרעפנ, אז ער פלעגט זיכ אוועקשטעלנ מיטנ פּאָנעם צו דער וואַנט אונ פלוצעם זיכ צעזינגענ, אָבער אזוי זיס, אזוי געשמאַק, מיט אזויפיל האַרצ אונ אזוי בערייִש, אז ניט איינ מאָל פלעגנ מענטשנ, פאַרבײַגייענדיק, אוועקוואַרפנ אלע געשעפטנ, זיכ אָפּשטעלנ אונ האָרכנ, ווי דער משוגענער פּראָוועט כאַזאָנעס, שטעלט אויס א „ועל המדינות בו יאָמר“ [1], אז ס'איז א מעכײַע-נעפאָשעס, זאָגט „יעלות“ [2], אז עס צעגייט זיכ פּאָשעט איינ אלע איווורים. נאָר עס האָט זיכ זייער זעלטנ געטראָפנ, אז ער זאָל אָפּזינגענ ביזנ סאָפ, ווי א מענטש; סאַמע אינמיטנ זינגען, פאַרקאַטשענדיק זיכ אפנ האַלדז אונ צעשיטענדיק זיכ איינ דריבנע טרעלנ, — פלעגט ער זיכ פלוצעם צע־לאַכנ, אָנהייבנ מיאַוקענ ווי א קאַצ, האַווקענ ווי א הונט אָדער א פּאַטשטונ מיט ביידע הענט, ווי א האָנ מיט די פליגל, אונ אויסשרײַענ אפ א משוגענע נאַריש קאָל: „קוקאַריקו!!!“ אזוי, אז אלע פלעגנ בלײַבנ טויט פאַר שרעק. ווײַבער האָבנ געקוקט אפ אים, געשאָקלט מיטנ קאָפּ, אויסגעווישט זיכ די פאַרוויינטע אויגנ אונ געקרעכצט אפ א טבינע־קאָל: „מ'שטיינס-געזאָגט געוואָרנ, אויכ מיר א גאַטס באַשעפעניש, א זינדיקער מענטש, דערבאַרעמיקער פאָטער! נעמט אײַכ אראָפּ א מוסער, ייִדישע קינדער! אזא קיילע — אונ עס ליגט איינ איר א דיבעק, ניט דאָ געדאַכט, ניט פאַר קיינ ייִדנ געדאַכט! אָכ אונ וויי איז דער מאַמע אָדער דעם טאַטנ דאָרטנ! זאָלסט מיכ שטראָפנ ליבערשט מיטנ טויט, איידער מיט אזא שטראָף, ליבער גאָט!“... ייִדנ האָבנ אפ אים שטאַרק ראַכמאָנעס געהאַט, פלעגנ אים טאָמיד געבנ עסנ אונ טרינקענ, אמאָל אנ אלט העמד, אנ אָפּגעניצעוועט מאַלבעש, אמאָל א גראָשנ. נאָר פונ ייִנגלעכ, קונדייסימ, פלעגט דער משוגענער לײַדנ גענעכ, האָבנ צאָרעס אפנ פּוד; ווײַסעכעווורעניקעס פלעגנ אים נאָכלויפנ טיטשקעסווײַז, אים דעקוטשענ, שטורכענ אונ קנײַפּנ, צופּנ אונ שנעלנ איינ נאָז אַרײַנ אונ שרײַענ אפ א קאָל: „סאָלאָוויי! וואָס ביסטו — א סאָלאָוויי, צי א האָנ, צי גאָר א טשערנאָהאָז? זינג אונדז עפעס, טשער־נאָהאָז!“ ער האָט דאָס אָבער אלצדינג איבערגעטראָגנ קאַלטבלוטיק, אפילע זיכ קיינ קנייטש ניט געטאָנ, קיינעמ נישט געענטפערט דאָס צווייטע וואָרט, אונ אלצ גענאַנגענ דעמ קאָפּ פאַריסנ אַרופ, קוקנדיק אפ אלעמענ דורכ די בלויע ברילנ מיט גרויס גאַדלעס, גלײַכ ווי די גאַנצע וועלט איז זײַנע...

עס פאַרשטייט זיכ, אז דאָס איז געווענ יאָסעלע סאָלאָוויי.

1 „וועאַל האַמדינויס בױ יעיאָמייר“. 2 „ייִלעס“.

# ליטעראַרישער קאָמענטאַר אונ וואַריאַנטנ

דעמ טעקסט פונ „סטעמפּעניו“ אונ „יאָסעלע סאָלאָוויי“ ברענגענ מיר לויט דער פאָלקספאָנד־אויסגאבע פונ „אַלע ווערק פונ שאָלעמ־אַליכעמ“, ב. XI אונ XIV. דער כילעק, וואָס צווישנ די דאָזיקע אויסגאבעס אונ די ערשטע דרוקנ פונ די ווערק („סטעמפּעניו“ — אינ שאָלעמ־אַליכעמס „די יִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק“, קיִעוו, 1888, ערשטער בוכ; „יאָסעלע סאָלאָוויי“ דאָרט, קיִעוו, 1889, צווייטער בוכ) איז ניט קיינ וועזנטלעכער. געוויסע צעצויגענע ערטער זײַנענ אינ דער אויסגאבע פונ אַלע ווערק געקירצט, אַנדערע ערטער זײַנענ ניט־באַדײַטנדיק געענדערט — צווישנ זיי אויכ שטאָט־נעמענ — אַמאָל ווערנ ניט־אַלגעמיינע פאַרשפּרייטע רוסיציזמענ פאַרביטנ דורכ יִדישע ווערטער. עס זײַנענ דאָ אויכ פאַראַנ עטלעכע קאָרעקטורנ, וואָס שײַעכ זאַצבוי אונ מינ. עס פאַלט אופ איינע א גראַמאַטיש־סטיליסטישע ענדערונג. אינ דער ערשטער אויסגאבע פונ „סטעמפּעניו“ באַנוצט שאָלעמ־אַליכעמ אויסערגעוויינלעכ אָפט די גערונדיווישע פאָרמ בא צײַטווערטער, וואָס באַטײַטנ א פּאָשעטע פאַרגאַנגענהײַט. ווי באַוווּסט קלינגט די גערונדיווישע פאָרמ אַפ יִדיש גענוג האַרט, אונ שאָלעמ־אַליכעמ האָט זי ווי ווײַט מעגלעכ געזוכט אויסצומײַדנ. אינ דער פאָלקספאָנד־אויסגאבע ווערט די דאָזיקע פאָרמ פונעמ צײַטוואָרט אינ אַלע פאַלנ (אינ „סטעמפּעניו“ עטלעכע אונ זעכציק), ווו זי ווײַזט ניט אָנ אַפ א גלײַכצײַטיקײַט מאַמעש פונ די צוויי געשעענישנ אָדער האַנדלונגענ, פאַרביטנ אַפ דער פאָרמ פונ פּאָשעטער פאַרגאַנגענהײַט אָדער קעגנוואַרט (אָנשטאָט: קוקנדיק, אָנווײַזנדיק, שפּרינגענדיק, דערמאָנענדיק אאַוו. — געקוקט, אָנגעוויזנ, שפּרינגט, דערמאָנט). אינ „יאָסעלע סאָלאָוויי“ (ערשטע אויסגאבע) איז די דאָזיקע גערונדיווישע פאָרמ א סאַכ זעלטענער. בִּיכלאַל זײַנענ די ענדערונגענ אינעמ „יאָסעלע“־טעקסט, אויב מע פאַרגלײַכט די ערשטע מיט דער פאָלקספאָנד־אויסגאבע, א סאַכ ווייניקער אינ צאָל — אַכוצ עטלעכע גרעסערע פּאָשעטע אויסשטרײַכונגענ צו עטלעכע זײַטלעכ.

ס'זײַנענ אָבער פאַראַנ א טייל ווערטפולע ערטער, דעריקער אינ „יאָסעלע סאָלאָוויי“, וואָס זײַנענ ארויסגעפאַלנ אינ דער רעדאַקציע פונ דער פאָלקספאָנד־אויסגאבע. מיר האָבנ געהאַלטנ פאַר ריכטיק, די א י נ ט ע ר ע ס א נ ט ס ט ע פונ די דאָזיקע אויסגעמעקטע אָדער געענדערטע טעקסטנ צו ברענגענ — אַלצייִנס, צי ס'האַנדלט זיכ וועגנ גאַנצע זײַטלעכ ארויסגעפאַלענעמ טעקסט אָדער בלויז וועגנ איינ וואָרט, אויב ס'איז נאָר צוליב עפּעס א סיבע טשיקאַווע. א ריי באַשײַמפערלעכע דרוקגרײַזנ אינ דער פאָלקספאָנד־אויסגאבע האָבנ מיר פאַריכט לויט די ערשטע דרוקנ.

ז. 8, שורע 15 אונטנ. אינ אלע ערטער, ווו עס שטייט י ע ה ו פ ע צ, איז אינ דער ערשטער אופלאגע געווענ „במעלניצק".

ז. 11, שורע 4 אויבנ פעלט די דאָזיקע מאָטיווירונג פונעם נאָמענ „סטעמפעניו".

ז. 11, שורע 14 אויבנ קומענ דאָ נאָכ פאָלגנדיקע זאצנ: — „אונ איבערהויפט האָט בערל באס ליב געהאט פאָרצושטעלנ א זאכ, א מינ טעאַטער־שטיק מיט דעמ נאָמענ „סטעמפעניו". דערפאר האָט מענ אימ מיינסטנס גערופנ „בערל סטעמפעניער" אונ דערפאר האָט מענ זיינ אייניקנ זונ יאנקעלענ גערופנ דער „סטעמפעניער", אָדער גאָר „סטעמפעני", אונ דער נאָמענ סטעמפעניו איז אימ פארבליבנ אפ טאָמיד.

בעכייעס איז סטעמפעניו בא אונדזער יאנקעלענ א ירושע־נאָמענ פונ זיינ טאטע, זאָל האָבנ א ליכטיקנ גאנ־עדנ!"

ז. 12, שורע 2 אויבנ איז געווענ „גיסי בעלזער פונ במעלניצק זינגענ, גאָדיק באדכנ פונ גאָנטעיארסק — זאָגנ אונ סטעמפעניו פונ מאזעפעווקע — שפילנ".

ז. 12, שורע 12 אויבנ נאָכ „אנדערע זאכנ" קומט „ווי, לעמאָשל, ווייננ־פערל, עסרויגימ א. ד. ג."...

ז. 24, שורע 11 אויבנ פארענדיקט זיכ דער זאצ מיט די ווערטער: „אז סטעמפעניו האָט געשפילט זיינ „שטיקל" נאָכ די פיש, פאר דער ויכ".

ז. 28, שורע 10 אויבנ נאָכ „אזא מינ פלעשעלע" קומט: „טראָפנ, וואָס אז ער גיסט אויס אינ טראָפנ, איז דאָס מיידל, וואָס טרעט ארײַנ אינ יענעמ טראָפנ הייבט עס זי אָנ אזוי צו ציִענ צו אימ, ביז עס ציט איר ארויס דאָס כּיִעס מיט דער נעשאָמע, די טראָפנ הייסנ „ליבע־טראָפנ", אונ זיי ווערנ געמאכט אינ דער אפטייק, נאָר ניט יעדנ גיט מענ זיי ארויס".

ז. 32, שורע 6 אונטנ. קומענ דאָ נאָכ פאָלגנדיקע דרײַ רעפליקעס:

„ — איכ שרײַ דענ? איכ זאָג, דו זאָלסט ניט שרײַענ זאָג איכ, ווו שרײַ איכ ווו?

— אָט שרײַסטו דאָכ! וואָס איז דאָס מיט דיר, ריבוינע־שעל־אוילעמ?

— אָבער אז איכ בעט דיכ, לאָז זיינ שטיל, הארצעניו, אבי שרײַ ניט!"

ז. 35, שורע 11 אויבנ. נאָכ „גראפיניע" קומט: „ניט דאָס, ניט יענצ".

ז. 35, שורע 16 אויבנ. נאָכ „נאטור" קומט „אונ ווענ אפנ הארצנ איז איר עפעס געווענ אזוי, ווי קיינמאָל ניִשט — אצינד".

ז. 39, שורע 4 אויבנ. איז דער זאצ געווענ אזוי: „אונ אזוי זענענ די טעג מיט די יאָרנ געלאָפנ אונ איבערגעלאָפנ".

ז. 43, שורע 6 אויבנ. הייבט זיכ דער אבזאצ אָנ מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „פרעג שוינ ניט, ראָכעלע... אוי, א מויד בא מיר, פארעס שלעק אפ איר פאָנעמ! גייט אוועק, דערלעבט זי ניט קומענ. איכ ווייס?"

ז. 48, שורע 1 אויבנ. איז אָנשטאָט אָפעקע — „שמירע".

ז. 52, שורע 1 אויבנ קומענ נאָכ „מע זאָגט" פאָלגנדיקע זאצנ, וואָס מיט זיי ענדיקט זיכ דער אבזאצ: „אונ סטעמפעניו האָט גענומענ נאָכמאכנ אונ איבערקרימענ, ווי אזוי עס רעדט ריב קאלמענ אונ ווי אזוי עס גייט

רעב זאלמענ אונ וויִאזוי רעב ארנ יאָסעלעס דער כמעלניצקער שמעקט טאבעקע, צומאכנדיק איינ אויג אונ אראָפּלאָזנדיק די אונטערשטע ליפּ, אונ וויִאזוי בא הערשעלע דײַטש לויפּנ ארומ די אייגעלעכ הינ אונ צו־ריק, ווי בא א גאזלענ, אונ נאָכ אונ נאָכ בילדער אונ סצענעס פונ כמעל־ניצק. ר אָ כ ע ל ע האָט דערופ געענוג געלאכט אונ האָט באוויזנ סטעמפעני׳נ אלע אירע ווײַסע ציינדלעכ, ווי די פּערעלעכ, די כיינ־גריבעלעכ אפ אירע שיינע בעקלעכ, וואָס באווײַזנ זיכ, ווענ זי לאכט, אונ איר זייער אָנגע־נעמעס, זיס קאָל".

ז. 56, שורע 17 אונטנ. קומענ נאָכ „ביז אָדעס" פאָלגנדיקע ווערטער: „דאָ האָט זיכ סטעמפּעניו אָבער אומגעקוקט, אז אָדעס שמעקט אימ ניט, אז עס לוינט ניט פאר אימ צו בלײַבנ אינ א גרויסער שטאָט, ווו מע זעט אימ גאָר ניט אָנ, עס איז דאָ פיל גרעסערע בעריעס פאר אימ, — האָט ער זיכ אוועקגעלאָזט צוריק".

ז. 56, שורע 12 אונטנ גייט נאָכ „פריִער" אזוי: פּונקט אזוי ווי אינ יעדער ייִדיש שטעטל האָט מענ געהערט, אז כ׳איז דאָ ערגעצ א קליינ באַ־זנדל, וואָס מע רופט דאָס „דאָס ייִנגעלע" אונ דאוונט מוסאָפימ; אונ כאָטש ס׳איז דאָ פיל ייִדנ, וואָס האָבנ נאָכ נישט געהאט די זכיִע אימ צו זענ, נאָר הערנ האָב זיי געהערט, אז עס פּאָרט ארומ איבער דער וועלט „דאָס ייִנגעלע" — דאָס זעלבע איז געווענ מיט סטעמפּעניונ אויכ.

ז. 58, שורע 4 אונטנ. נאָכ „מאזעפּעווקע" קומט: „אינ א שטעטל, ער־געצ אינ פּוילנ".

ז. 60, שורע 7 אויבנ. נאָכ „אונ האָט" קומט: „מיט א גרויס וווּנדער".

ז. 60, שורע 12 אונטנ איז אָנשטאָט אפנ ע מ ע ס נ ו ו ע ג, — „אפנ כליעד".

ז. 61, שורע 17 אונטנ. אָנשטאָט ד ע מ נ ע כ ט י ק נ ט אָ ג — „א וויעטער אווו פּאָליע".

ז. 63, שורע 3 אונטנ. נאָכ „מאזעפּעווקע" קומט: „ווו סטעמפּעניו האָט איבערגענומענ זײַנ פּאָטערס ירושע אונ האָט זיכ דאָ באזעצט"..

ז. 66, שורע 6 אויבנ. אָנשטאָט א ו נ ו ו ע ר ש מ ו ע ס ט א י נ י ע נ ע י אָ ר נ קומט: „באזונדערס אינ יענע יאָרנ, ווענ יעדע ייִדישע מישפּאָכע האָט זיכ געלעבט אינ גאָטספאָרכטיקײַט, אינ ייִדיש פרומקײַט".

ז. 66, שורע 12 אויבנ. אָנשטאָט פ ר י י ל ע כ ע ז א כ נ ג י י ט: „שווי־נער סכוירע".

ז. 68, שורע 16 אויבנ. נאָכ „ווייכע" גייט „לאסקאווע מעלאָדיעס".

ז. 70, שורע 16 אונטנ. איז געווענ „א פאָלגער באלעבאָס".

ז. 71, שורע 11 אונטנ. אָנשטאָט י ע ה ו פּ ע צ — „גאָנטעיארסק".

ז. 76, שורע 1 אונטנ. נאָכ „ווערטער" קומט: „אינ גרויס אײַלעניש".

ז. 81, שורע 4 אויבנ. איז געווענ „דורכ ריקעס טרערנ".

ז. 81, שורע 13 אויבנ. אָנשטאָט א ג ר ו י ס ע ר ב י ז א ָ י ע נ — „א גרויסע אָבידע".

ז. 83, שורע 14 אויבנ נאָכ „ארײַנגעלייגט" זײַנענ געווענ די זאצנ: „דענ בא קריסטנ, לעמאָשל, שפּילט מענ קימאט דעמ אייגענעמ ניגנ, ווענ מע טראָגט בא זיי א מעס... דאָס, וואָס בא זיי הייסט געוויינלעכ א „פּאָכאָראָנע

מארש", הייסט עס בא אונדז א „וואַלעכ", א „זשאַגל", אַדער סטאמ א „וויינענדיקס".

ז. 89, שורע 5 אונטנ ביז ז. 90, שורע 6 אויבנ. פונ אַנהייב אבזאצ ביז „ראַכעלע" פעלט אינ דער ערשטער אופלאגע.

ז. 91, צווישנ די שורעס 16 אונ 17 אויבנ קומט דאַ פאַלגנדיקער אבזאצ: „דאַ האָט זיכ ראַכעלעס פאנטאזיע, וואָס איז שוינ געווענ א ביסל צעהיצט, אזוי צעברענט, אז סע האָט זיכ איר שוינ פאַרגעשטעלט, וויאזוי סטעמפעניו נעמט זי מיט גוואלד אונ פארפירט זי ווייַט־ווייַט, אזוי ווי זי האָט זיכ אָנגעהערט נאָכ בא מאָטל שפרייַז אינ כיידער פונ סטעמפעניוס כעפציעס מיט זייַנע געננ, — אונ ראַכעלענ האָט האנאַע געטאָנ, וואָס זי איז ניט ארויסגעגאנגענ אַפ דער בארדיטשעווער גאס, ווי ער האָט געוואָלט, אזוי ווי דער טייַטש־כומעש זאָגט בא דינאָ באס לייאַ: „אינ מעדרעש שטייט, ווענ די אישע זיצט טאָמיד אינ הויז איז זי מעכאפער אַפ די זינד פונ איר גאנצ הויזגעזינד, ווי דער מיזבייעכ האָט מעכאפער געווענ אַפ די זינד פונ דער גאנצער וועלט, אזוי ווי דער פאָסעק זאָגט: דייַנ ווייַב זאָל זייַנ ווי א ווייַנשטאָק" א. ז. וו."...

ז. 93, אַנשטאָט די שורע 9—10 אויבנ ביז „גאס" קומענ אינ דער ערשטער אופלאגע פאַלגנדיקע זייַטלעכ, וואָס זייַנענ אינ דער פאַלקספאַנד־אויסגאבע פונ שאָלעמ־אלייכעמס ווערק ניט ארייַנ. די סיבע איז קלאָר: די דאָזיקע זייַטלעכ כאזערנ צומטייל איבער דאָס, וואָס עס איז שוינ פונעמ פריער דערציילטנ באוווסט, אכוצ דעמ זייַנענ זיי בארעדעוודיק אונ „פסיכאָלאָגיזירנ" צו „נאקעט", ניט לויט שאָלעמ־אלייכעמס געוויינלעכנ שטייגער. ס'ווערט דאָ אָבער געגעבנ א דערקלערונג אונ אויסטייַטשונג פונ עטלעכע שטריכנ אינ סטעמפעניוס כאראקטער, עטלעכע טשיקאווע מאָמענטנ, וואָס מאכנ דייַטלעכער זייַנ וועזנ. מיר ברענגענ דאָ דאָס דאָזיקע גאנצע שטיק לויט דעמ ערשטנ דרוק:

„סטעמפעניו איז געווענ א געניטער אינ דער זאכ. ווי מיר האָבנ שוינ אויבנ געשמועסט, האָט ער באַכערווייַז די גאנצע צייַט פארבראכט נאָר אינ אזעלכע איניאָנימ, אייַנליבנדיק זיכ אלעמאָל אינ אנ אנדערער, נאָר בעמעס, אָנ פאלשקייַט כאָלילע; אז ער האָט געשוואָרנ עמעצנ, אז ער האָט זי ליב, איז דאָס געווענ לויטער עמעס, אונ האָט ניט געמיינט דערמיט אָפנארנ — כאס־וועשאָלעמ! האָט ער דערזענ א שיינ מיידל, אזוי האָט ער אָנגעהויבנ פאדקעווענ ארומ איר, האָט זי ליב געהאט, ווי דאָס לעבנ, האָט איר געקויפט מאטאָנעס, זיכ אויסגעבראכט אַפ איר ביז לעצט, נאָר פאר איינ גוט וואָרט, וואָס ער האָט געהערט פונ איר, נאָר פאר איינ גוטנ קוק, וואָס זי האָט אימ געשענקט. די כעווּרע קלעזמער פונ זייַנ קאפעליע, וואָס האָבנ געקאָנט סטעמפעניוס טעווע, האָבנ זיכ ניט גענארט ארומ אימ, בעשאס סטעמפעניו האָט געפירט א ליבע ערגעצ אינ א שטעטל (אונ אייַנגעליבט האָט ער זיכ אינ אלע שטעטלעכ, אבי עס איז נאָר געווענ אינ וועמענ). אויכ האָבנ זיכ ניט גענארט די פרעמדע קלעזמער, וואָס סטעמפעניו פלעגט פאדקעווענ ארומ זייערע טעכטער: זיי האָבנ געזענ, אז דאָ קענ מענ אָפלעקנ א ביינדל, האָבנ זיי אימ אונטערגעגעבנ היצ, געמאכט מיט אימ כאווער־לאַפ, איינ קעשענע, גאָר מייַסע שוטפעס, געפראוועט קער־

מעשלעכ — מיט איינעם וואָרט, געלעבט א גוטנ טאָג אונ געקוקט מיט איינ אויג אהינ, ווי סטעמפּעניו מאכט דאָרט קוצעניו־מוצעניו מיט דער טאָכטער אָדער מיט דער שנור, ווי איינער רעדט: „קיכל דיר זי, האָלוּבע זי דיר — נאָר ווייטער — אזאס! מיט די אויגנ — וויפל דיינ הארצ גלוסט, אבי ניט מיט קיינ הענט"; עמעס, עס האָבנ זיכ געטראָפנ אזעלכע מייסעס, ווו סטעמפּעניו האָט אָפּגעשניטנ ניט שוינ, גאָר ניט לייטיש, היינע, כעוורע האָבנ אים געסליעדעוועט, דערטאַפּט ערגעצ אינ א ווינקל אונ געבראָכנ די ביינער אפ וואָס די וועלט שטייט, אזוי אז ער האָט געהאט לאנג צו געדענקענ אזא מייסע... נאָר מיינסטנס איז אים געגאנגענ גוט, צוליב זיינ נאָמענ, וואָס ער האָט זיכ געקויפט בא דער וועלט, אונ צוליב זיינ גוט הארצ מיט זיינ מילדנ כאראקטער א ייִדנ א טויווע טאָנ: העלפנ א גוטנ־ברודער — דאָס איז בא סטעמפּעניונ געוועזנ דאָס כייעס; ער האָט קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט קיינ מענטשנ אינ קיינ זאכ, סיי ער האָט יאָ געקאָנט סיי ניט — צוזאָגנ האָט ער צוגעזאָגט יעדנ.

— סטעמפּעניו! — בעט א ייִד בא אים א באקאָשע, — רעב סטעמפּער ניו־סערדצע! איר זענט דאָכ יאָ א כאָשעוו באַם פּאָרעצ, טאָמער וואָלט איר געפּויעלט בא אים די ארענדע פונ מיינ אײדעמס וועגנ?

— אכ, מיטנ גרעסטנ קאָוועד! ס'א שיילע א ביסל, צי איכ בינ א כאָשעוו באַם פּאָרעצ? יענער וועט פאר מיר קיינ זאק באָרשט ניט אוועקגעבנ. אונ ווער שמועסט די פּריצע — זי איז גאָר נאָכ מיר די קאַפּאָרע! זייט זיכער, עס וועט זיינ רעכט!

אונ אויב סטעמפּעניו האָט נאָר ניט פארגעסנ, האָט ער געוויס געפּויעלט באַם פּאָרעצ די ארענדע, אונ אנדערע טויוועס פאר יעכידים, אונ אמאָל פארנ קלאַל אויכ. דער כיסאָרנ איז נאָר געוועזנ, וואָס ער האָט געהאט א קורצנ זיקאָרנ, זייער א קורצנ זיקאָרנ; אונ מאכמעס ער האָט אלעמענ צוגעזאָגט, דרום האָט ער ניט יעדנ מעקיים געוועזנ...

דער אייגענער אומגליק איז געוועזנ בא די דאָזיקע זאכנ אויכ: נארנ האָט ער קיינעם ניט געוואָרט, קיינ ליגנ ניט געזאָגט, ניט געהאט קיינ שום פּניִע אינ דער זאכ, נאָר אזוי ווי ער האָט צוגעזאָגט יעדנ מוידל, אז ער וועט זי נעמענ, דרום האָט ער ניט גענומענ קיינע, אונ איז לאנג ארומגעפּאָרנ א באָכער, ביז פרוידל האָט אים פארשלייערט, אזוי ווי מיר וועלנ זעענ שוינ... סטעמפּעניו איז אוואדע געוועזנ ניט קיינ שלעכטער מענטש, נאָר ער האָט א ביסל געהאט ווינט אינ קאָפּ אונ איז געוועזנ ווייכ, ווי א טייג: וואָס איר האָט געוואָלט, האָט איר געקאָנט פונ אים מאכנ. אונ אָט אזא מינ נעפעש איז ארייננגעפאלנ צו פרוידלענ אינ די הענט ארייִנ! זי האָט מיט איר שטארקנ כאראקטער, מיט איר קאָפּ אונ מיט סייכל גינ געפּויעלט בא אים, ער זאָל זיכ אָפּזאָגנ פונ א סאכ זאכנ. זי האָט געוועלטיקט איבער זיינ קעשענע, איבער זיינ ראָצנ, איבער אלע זיינע געננ — איבער אים אינגאנצנ! ער האָט זיכ, ווי א שעפּעלע, געלאָזט בינדנ אפ אלע פיר, פארוואָרפנ דאָס קעפּל אפ א זייט אונ האָט געלאָזט טאָג מיט זיכ, וואָס זי האָט געוואָלט, נאָר — ביזנ הארצנ; בא זיכ אינ הארצנ, אפ זיינע געפילנ איז ער געבליבנ דער גאנצער באלעבאָס, ווי פריִער. ווער קאָנ דאָס אימ אשטייגער פארווערנ ליב האָבנ, אָדער פיינט האָבנ? ווער

קאָנ דאָס אים זאָגנ א דייע אינ אזא זאַכ, וואָס נאָר ער אליינ זוויסט עס? פאַרוואָס קומט דאָס אים, אז ער זאָל ניט קאָנענ זיכ זענ, לעמאָשל מיט ראָבעלענ, צו וועלכער עס ציט אים פונ דער ערשטער מינוט, ווענ ער האָט זי דערזענ ובא כאַים-בענציענ אפ דער כאַסענע? וועמענ קאָנ דאָס אָנרירנ? פריידלענ? — פרעגט זי בעכיירעמ! יענע האָט אינ זינענ אירע קאַרעלנ מיט די מאַשקאַנעס. אבי שפּיל איר א כאַסענע, ברענג איר מיינ מיט א קערבל אונ ווײַטער דרייַ זיכ דיר אָפ דעמ קאָפּ — איז דאָס ניט איר אייסעק! אונ ביזוואַנענ איז טאַקע דער שיר צו זײַנ בא איר אינ גאַלעס? פריידל האָט זיכ אזוי אויכ געננוג געכומענ אפ אים, נישקאָשע... אונ סטעמפּעניו הייבט אָנ איבערקלײַבנ ובא זיכ אינ זיקאָרנ אלע שפּיצלעכ, וואָס זי טוט אים איבער די אלע יעסורימ, וואָס ער טראָגט איבער פונ איר פונ דער ערשטער שאָ נאָכ דער כאַסענע ביז הײַנטיקנ טאָג — אונ זײַנע מאַכשאָוועס ווערנ אלעמאָל טינקעלער, אונ ער ווערט בייז אפ פריידלענ אונ אפ דער גאַנצער וועלט. אינגאַנצנ זײַנ ביטער האַרצ לאָזט ער אויס אפ פריידלס קאָפּ, גלײַכ ווי נאָר זי איז שולדיק אינ דעמ, וואָס ער איז אזא שמאַטע, א לעמעשקע אונ לאָזט זיכ טרעטנ אפנ קאָפּ...

איכ וועל זיכ מיט איר אָפּרעכענענ מיטאַמאָל, — טראַכט זיכ סטעמפּעניו, ארומשפּאַנענדיק אונטער דעמ שאָטנ פונ די הויכע טאָפּאָליעס פונעמ מאָנאַסטירסקע גאָרטנ, — לאָז זי נאָר ארויסגייענ, ראָכעלע, אהער צו מיר. איכ וועל מיט איר איבערשמועסנ מיקויעכ אלצ, איכ וועל איר אופדעקנ מײַנ פאַרביטערט האַרצ, איכ וועל איר זאָגנ דעמ רעכטנ עמעס, וויאַזוי איכ האָב זי ליב געקריגנ פונ דער ערשטער מינוט אָנ, ווי מיר האָבנ זיכ דערזענ. אונ מיר וועלנ שוינ צוטראַכטנ אנ אייצע, וויאַזוי צו מאַכנ, אז מיר זאָלנ ביידע באַפרײַט ווערנ אונ פאַרבינדנ זיכ אפ אייביק-אייביק! איכ וועל זי אָנלערנענ, מײַנ צאָרע, מײַנ פוראָגיעס איכ וועל איר ווײַזנ, וויאַזוי צו טרעטנ יענעמ מיט די פיס! איכ וועל איר געבנ געט, ווענ ניט, לאָז זי ובלײַבנ אנ אייביקע אגונע, ווי איר קומט. א שוינע, ריינע קאַפּאָרע! האַר, פריידל, וועסט בא מיר ליגנ אינ דער ערד, ווי א בארג!.. לאָז זי נאָר קומענ אהער, ראָכעלע. זי וועט געוויס קומענ! איכ וועל איר באַלד אויסזאָגנ אלעס, וועל קיינ שיעס ניט מאַכנ אונ איר אנ אייצע געבנ, וויאַזוי צו פּאָטער ווערנ פונ איר כניאָק מיטנ סאַמעטנ קאַשקעטל אונ וויאַזוי צו זײַנ מײַנע, מײַנע!..

## XXII, דאָס פײַער ווערט פאַרלאָשנ

סטעמפּעניו האָט זיכ אזוי צעפלאַקערט, אז ער האָט נאָר ניט באַמערקט, ווי פונ יענער זײַט...״

ז. 101, שורע 1 אויבנ. איז געווענ „לאָמיר ארויספאָרנ אינ מײַנ שטאָט ארײַנ, קיינ כמעלניצק״.

ז. 102, פונעמ אָנהייב קאַפּיטל ביז שורע 6 אונטנ איז צוגעקומענ נאָכ דעמ ערשטנ דרוק. אָנשטאָט דעמ איז אינעמ ערשטנ דרוק געווענ א ברייטע, א ביסל צעצויגענע באַשרײַבונג פונ די מישפּאָכע-געשפּרעכנ בא דער מעלאַווע-מאַלקע, געשפּרעכנ, וואָס גרייטנ צו דאָס ווײַזנ

דעמ בריוו. די דאָזיקע לאנגע באשרײַבונג ווערט אינ די עטלעכע שורעס פונעמ צווייטנ אבזאצ איבערגעגעבנ אפּ א צונויפגעפּרעסטנ אופנ.

ז. 104, שורע 1 אונ 3 אויבנ זײַנענ געווענ נאָכ „ס'איז א ייִד" ביז „גאמ זוגאָסי מאָראס ראָכעלע" פאָלגנדיקע זאצנ: „גמ איז דאָ א מיסכער קעצ פּה איז אלצדינג א מיסכער, קיינ זאכ גייט דאָ נישט כי־ ווענטש" 1. וועגנ „פאפירנ" אונ בערזע איז ערשט שפּעטער צוגעקומענ.

ז. 105, שורע 16 אויבנ. נאָכ „עס איז נישט קעדײַ" קומענ פאָלגנדיקע ווערטער: „זאָגט מענ, א יינגל אָפּצוגעבנ צו אנ אמ, עס קאָנ האָבנ א פאר־ שטאָפּט קעפּל, כאָלילע".

ז. 112, שורע 4 אונטנ. אָנשטאָט א פּ ג ע ק ו מ ע נ — „אָפּגעשטערכעט".

ז. 113, שורע 3 אונטנ. אָנשטאָט די לעצטע עטלעכע זאצנ נאָכ „שימשנ האגיבער" גייט אזא פארענדיקונג:

„אויב סטעמפּעניו האָט אמאָל עמעצנ ליב געהאט בעמעס, איז ז ײַ נ ליבע צו ראָכעלענ געווענ ז ײַ נ איינציקע ליבע, די ערשטע אונ די לעצטע".

## יאָסעלע סאָלאָווײ

ז. 119, שורע 2 אונטנ. נאָכ „יאמפּעלער" קומט דאָ א גאנצ שטיק וועגנ שמוליק יאמפּעלערס אָפּשטאמ. דאָס דאָזיקע אינטערעסאנטע זײַטל איז שפּעטער ארויסגעפאלנ פונעמ בוכ:

„ארויסגעשטאמט האָט שמוליק דאפקע נישט פונ כאזאָנימ אונ דאפקע פונ א קליינ שטעטל, פונ יאמפּעלע, זײַנ טאטע איז געווענ, דעמ עמעס זאָגנדיק, א שנײַדער, א מוירעדיקער עוויענ. צווישנ שנײַדערס אונ צווישנ כאזאָנימ, דאָס ווייסט, דאכט זיכ, קיינער נימ אָפּלייקענענ, איז פאראנ יעפּעס א מינ שײַכעס, א מינ היסקארוועס פונ דער נאטור: קיינער נעמט נישט איבער אזוי גיכ דעמ כאזנס „א שטיקל", ווי דער שנײַדער, אונ קיינער ווייסט זיכ נישט אוועקזעצנ אינמיטנ העלנ טאָג זינגענ „יעלה'ס 2, ווי דער שנײַדער; עס איז שוינ אזוי אײַנגעפירט אינ דעמ מינהעג פונ דער וועלט, קאָנ דאָס מיסטאמע שוינ אנדערש נימ זײַנ. זיצנ־ דיק אזוי מיט זײַנ זונדל איבער א שטיקל אחבעט אונ אונטערברומענדיק זיכ אינ נאָז ארײַנ „א זאכ" פונ דער ראָשכוידעשדיקער שמוינע־עסרע, האָט זיכ שמוליקס טאטע מעיאשעוו געווענ איינמאָל אונ מאכט אזוי צו זײַנ זונדל: „הערסטו שמוליק? לאָזנ זוי דיר ברענענ אפנ פײַער, די שער מיט דער נאָדל־פאָדעמ, מיט דעמ גאנצנ קלאפּער־געצײַג ארומ אונ ארומ! די גרויסע גליקנ, וואָס מע קאָנ זיכ פונ זוי דערביוועני, מיטנ גאנצנ דאָברע־מאזל — ווייס איכ שוינ; א קאָל האָסטו, איווּרע האָב איכ דיר געלערנט, אונ כומעש אויכ א ביסל, יעס גייט טשוווע־טעג, איכ וועל דיכ באשטעלנ בא עליאָקומ דעמ כאזנ; עליאָקומ איז א יונג מיט שפּאָרנ; ער וועט דיכ נעמענ צו זיכ אינ די הענט ארײַנ, וועט ער דיכ מאכנ פאר א שטיקל מענטשנ"...

1 לעיִבער (באמ. פונ אווט.).
2 „ייִײַלעס".

קאַב־האָווע: בא עליאָקומענ האָט זיכ שמוליק אָפּגעוואַלגערט א פּאָר יאָר; פונ עליאָקומענ איז ער נאָכדעמ אריבער צו אנ אנדער כאַזנ, פונעמ אנדערנ צומ דריטנ, אונ אזוי ווײַטער, שלעפּנדיק זיכ פונ איינ שטעטל אינעמ אנדערנ. אזוי לאַנג, ביז שמוליק איז אלייִנ געוואָרנ כאַזנ טאקע בא זיכ אינ יאמפּעלע. נאָר אזוי ווי אינ יאמפּעלע האָבנ אלע געדענקט שמוליקס טאטנ, אז ער איז געווענ מעכילע א כײַעט, האָט דאָס די דאָרטיקע באַלעבאַטימ עפּעס נישט געפּאסט קעגנ גאָט, אז זייער באַלטפילע זאָל זײַנ א פּראָסטנ יִדנס א זונ... דעריבער האָט זיכ שמוליק געמוזט לאָזנ אפּ דער גרויסער וועלט, זיכ זוכנ אנ אָרט. דורכפאָרנדיק פארבײַ מאזעפּעווקע, האָט זיכ שמוליקנ נישט געכאָלעמט, ער זאָל בלײַבנ דאָרטנ כאַזנ; נאָר גלאַט, ער איז שוינ דאָ, וואָס ארט דאָס אימ, אז ער וועט דאווענע א שאַ־בעס? געוויינלעכ, האָט מענ אימ פארבעטנ אינ דער קאַלטער שול, וואָס איז גראָד דעמלט געווענ אָנ א כאַזנ; שמוליק האָט אזוי אויסגענומענ באמ אוילעמ, אז מע האָט זיכ מיט אימ באַלד, אפּנ אנדערנ טאָג באַדונגענ, אונ ער איז געבליבנ א דאָרטיקער אפּ שטענדיק שוינ".

ז. 121, שורע 12 אונטנ. נאָכ „ביטמימעס" קומענ דאָ פאָלגנדיקע זאצנ: „באמ געזעגענענ זיכ מיט אימ, אונ איז אוועקגעגאנגענ פונ דאָרטנ אזוי צעקאָכט, אז עטלעכע שאבאָסימ דורכאנאנד איז ער געשטאנענ באמ אָמעד מיט אנ „איבערגעקוילעטנ" האַלדז, אונ האָט לאַנג נישט געקאָנט פארגעסנ פּיצים דאווענענ, מיט פּיצים זינגענ, מיט פּיצים שטיקלעכ. יענעמ שאבעס־צונאכטס, ווענ שמוליק האָט זיכ באקאנט מיט פּיצינ, האָט ער זיכ נישט געקאָנט אײַנהאַלטנ"... — אונ ווײַטער גייט ווי אינ אונדזער טעקסט.

ז. 123, שורע 10 אויבנ. נאָכ „א שטיק געזונט" קומט דאָ א כיינעווו־דיקער עפּיזאָד, וואָס איז שפּעטער ארויסגעפאלנ: „אינ כיידער האָט מענ יאָסעלענ געהאַלטנ פאר א פלאַטשיק יִנגל מיט מעשונעדנארישע גענג, פאר וועלכע דער רעבע האָט אימ ניט איינ מאָל געקאנטשעט, געקאָרדאטשעט, ער זאָל אימ האָבנ צו געדענקענ. אוינ די כאַווײרימ פלעגנ מיט אימ האָבנ צו טאָנ, רופנ אימ „יאָסעלע קוויטש" פאר זײַנ קוויטשיק קאָל אונ אויס־ווארפנ אימ אָפט א מײַסע מיט א פייגעלע, פונ וועלכער ער פלעגט ווערנ אלערליי קאָלירנ, זיכ שעמענ ווי א גאנעוו. עס איז קעדײַ מיט דער דאָזיקער מײַסע זיכ באקענענ, ווײַל זי באווײַזט, אפּ וויפל דער כיישעק צו זינגענ איז בא אימ געווענ גרויס נאָכ פונ קינדווײַז אָנ.

אינ דער צײַט, ווענ אלע כיידער־יִנגלעכ ווערנ באפרײַט, פרײַטיק נאָכ האַלבנ טאָג, מע פארשטעקט די פּאָלעס אונ מע לאָזט זיכ איבער דער שטאָט לויפנ, שפּרינגענ, שפּילנ זיכ אינ פּערדלעכ אונ כעדוימע, פלעג זיכ יאָסעלע פארקלײַבנ ווײַט־ווײַט, אפּ יענער זײַט באָד, אונטערנ בארג, אונ דאָרט, זומער־לעב, זיכ צעלייגנ אפּנ גרינעמ גראָז מיטנ פּאָנעמ ארופּ, באטראכטנ גאָטס וועלטל מיט אלע זײַנע באשעפענישלעכ, פונ די גרויסע פייגלענ, וואָס שוועבנ אינ הימל ארײַנ, ביז די קליינע רויטע געפּינטלטע זשוקלעכ, וואָס הייסנ אפּ כיידער־לאָשנ „מוישע־ראַבייִנעס־פערדעלעכ", מיט די ברעקלעכ מערעשקעס, וואָס קריכנ, באָרבלענ זיכ אינ זאמד, טראָגנדיק אינ שלעפּנדיק מיט זיכ גאנצע שטיקער גראָז אָדער שטרוי אונ לויפנ מיט דעמ שטארק פארטארעראמט צו זיכ אינ דער נאָרע ארײַנ. ליגנדיק דאָרט

אזוי, פלעג זיכ יאָסעלע ליב האָבנ אײַנצוהערנ אינ די פארשידענע קוילעס, אלערליי מינימ געזאנגענ פונ די פייגעלעכ, וואָס זענענ איבער זײַנ קאָפ געפלויגנ אָנ א שיר. אינ דעמ דאָזיקנ מישמאש פונ פישטשענ, קוויטשענ, שמוצערנ אונ טערעלייקענ האָט זיכ אימ געדאכט, אז ער הערט א גאנצע קאפעליע קלעזמער שפילנ, א גאנצע קאָמפאניע מעשוירערימ זינגענ, אונ האָט געפילט אינ דעמ א טאמ גאניידנ, אזא מינ פארגעניגנ, וואָס איז שווער ארויסצוגעבנ מיט ווערטער. עס האָט זיכ אימ וואָס ווײַטער אלץ אויסגעוויזנ אז ער פארשטייט זייערע לידלעכ, אז ער הערט אלץ באקאנטע געזאנגענ, זיכ געפילט, אז ער געהערט זיכ מיט זיי עפעס אָנ א גאנצ נאָענטער מיכוטנ. ניט איינ מאָל פלעג ער זיכ דורכשמועסנ מיט דער קוקושקע, וואָס האָט זיכ געלאָזט הערנ פונ דעמ גרויסנ מאָנאסטירסקע גאָרטנ; אויכ די איבעריקע שפילפייגעלעכ, קאנאריקלעכ פלעג יאָסעלע אזוי קונציק איבערקרימענ, אז אימ אליינ איז נישט גרינג געווענ צו טרעפנ, וועלכעס זינגט ער, אונ וועלכעס — זיי. נאָר איינ סאָלאָוויטשיק האָט יאָסעלע בעשומ־אויפנ נישט געקאָנט נאָכמאכנ, וויפל ער האָט זיכ ניט געמאטערט, געמוטשעט דעמ האלדז אפ אלע אויפאנימ. דער דאָזיקער סאָלאָוויטשיק, וואָס האָט זיכ אופגעהאלטנ אינעמ מאָנאסטירסקע גאָרטנ, האָט אימ נישט געלאָזט לעבנ; איטלעכס מאָל, ווענ דער סאָלאָוויטשיק האָט זיכ צעלאָזט אפ זײַנ העלדזל, פלעג זיכ יאָסעלע אופכאפנ, אופשטעלנ די אייערלעכ, ווי א האָז, זיכ צוריק אנידערלייגנ, ווידער אופשטיינ, ארומדרייענ זיכ ארומ גאָרטנ, קלעטערנ אפנ פארקנ, זיכ נערענ, צעבלוטיקנ די האנט, ביכדיי אָנצוקוקנ מיט די אויגנ דאָס דאָזיקע שפילפייגעלע, אונ ער האָט זיכ געשעצט גליקלעכ איינמאָל אינ א פרײַטיק, דערזעענדיק פונדערווײַטנס צווישנ בוריאנ א געוויינלעכ פייגעלע, אפנ קוק, דאכט זיכ, גאָר א פאָשעט פייגעלע, אינ דערקענענדיק נאָכנ זיס קאָל, אז דאָס מוז זײַנ יענער סאָלאָוויטשיק, וועלכער האָט אימ אזוי גענומענ מיט זײַנ זינגענ. יאָסעלע האָט זיכ אופגעכאפט פונ זײַנ אָרט, געבליבנ זיצנ אונטערנ בארג, אונ איז ווי פארשטאָרבנ געוואָרנ, דערהערנדיק נישט ווײַט פונ זיכ דאָס ווונדערלעכע זינגענ פונ זײַנ שטענדיקנ מעשוירער פונעמ מאָנאסטירסקע גאָרטנ. עטלעכע מינוט איז יאָסעלע געזעסנ ווי א פארשיקערטער, זיכ נישט געקאָנט רירנ פונעמ אָרט. וואָס ווײַטער איז דאָס זינגענ געגאנגענ אלץ מער זיס, מער געדריט, מער צעגאָסנ זיכ, אונ מיט מער קונצנ אונ בעריעשאפט. עס האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, אז עס זינגט אימ דער הימל, די ערד, דער בארג, אונ ער אליינ אויכ אינמיטנ. ווענ ער זאָל ניט מוירע האָבנ איבערצושלאָגנ אימ אינמיטנ זינגענ, וואָלט אימ יאָסעלע אינ דער מינוט געווענ אונטערגעהאלטנ אפ זײַנ אייגענער שטימע, אזוי שטארק האָט זיכ אימ געוואָלט זינגענ, אזוי שטארק האָט ער זיכ געפילט בעקויעכ אינ דער מינוט. נאָר עס האָט אימ ווי פארצויגנ דער אָטעמ, ער איז ווי אָפגעשטאָרבנ אפ א מינוט, צוהערנדיק דאָס זעלטענע געזאנג ביזנ סאָפ. פלוצעמ זעט יאָסעלע, ווי א גרויסע ווײַסע קאצ מיט ווײַסע פינטלענ ציט זיכ שטילערהייט, פארגאנוועט זיכ עפעס אזוי בערויִש אונ בלײַבט ליגנ אויסגעצויגנ אפ דער ערד, דאָס קעפל פארוואָרפנ, גלײַכ ווי א געפייגערטע.

און דער סאָלאָוויטשיק דאָרטנ זינגט אַפּ אונ שפּרינגט פונ איינ בוריאַנ אפנ אנדערנ, צעגיסט זיכ ווידער אפ זײַנ שטיגער אונ שפּרינגט ווײַטער, אזוי לאַנג, ביז ער שפּרינגט צו צו דער געפּייגערטער קאַצ אונ שטעלט זיכ אַפּ נעבנ איר בויכ. די קאַצ טוט מיטאמאָל א שפּרונג פונ דער ערד — יאָסעלע דערהערט א פּישטש אונ דערזעט, ווי זײַנ טײַערער זינגער, דער סאָלאָוויטשיק, ציטערט אונ פלאַטערט בא דער קאַצ צווישנ די ציינ. ער הייבט זיכ אופּ פונ דער ערד אונ לאָזט זיכ צו דער קאַצ. די קאַצ אנטלויפט, אונ ער — נאָכ איר, ביז העט אינ מאַרק ארײַנ. יאָסעלע לויפט מיט אזא מעהירעס[1], אז ער פילט גאָר נישט די ערד אונטער זיכ, אונ שרײַט אפ קוילע־קוילעס: „אקאַטאַ! כאַפּט זי! אקאַטאַ!" עס ווערט גיכ ארומ אימ א רעדל פונ ייִדנ אונ ווײַבער, אלע קוקנ זיכ ארומ, פרעגנ: „וואָס איז?" „ווער איז?" די קאַצ ווערט פארשווונדנ, אונ יאָסעלע פאלט אנידער קוימאַט א טויטער, אָנ לאָשנ אונ באַוואַשט זיכ מיט טרערנ.

— וואָס איז, יאָסעלע? — האָט מענ אימ געפרעגט, אימ אהיימ ברענגענדיק, — וואָס וויינסטו, יאָסעלע? ווער האָט דיכ געשלאָגנ? וואָס האָט מענ דיר געטאָנ?

— אוי, דאָס פייגעלע! דער סאָלאָוויטשיק! — האָט ער אויסגעשריגנ מיט א געוויינ, דערציילנדיק די גאַנצע מײַסע, ווי ס'איז געווענ.

— אָט אזוי? — האָט אימ די מאַמע געזאָגט, פארשמייכלענדיק דאָס טשאָלנט־ברעטל, — אָט מיט וואָס א ייִנגעלע פארנעמט זיכ אונ א לייענ־קער צײַט? בא לײַטנ באַכערימלעכ — זיצנ אינ דער הײמ, זײַנענ מעיײַניר די סעדרע, זאָגנ שיר־האשירימ, פאָלגנ דער מאַמע א גאַנצ, אונ ער האָט גאָר אינ זינענ פייגעלעכ. וואַרט אויס, מאָרגנ, אימ־ייִרצע־האשעמ, שטעל איכ דיר צו א בענקעלע בא דעמ רעבנ, וועסטו וויסנ, ווי אזוי האָבנ צו טאָנ מיט פייגעלעכ. נא דיר גאָר פייגעלעכ! פ־ײ־ג־ע־ל־ע־כ! ניט געדאַכט זאָלסטו ווערנ!

ז. 128, שורע 2 אויבנ. אָנשטאָט אפּ אלע סאָנימ — „געריכט".

ז. 141, שורע 1—2 אויבנ: „פונ אונטער דער נאָז א גאַנצע שטיק מאַראַזאָווס זאָגנע פונ" איז אופגעשטעלט א שורע, וואָס איז אינ דער „פאָלקס־פאַנד־אויסגאַבע ארויסגעפאַלנ.

ז. 145, שורע 12 אונטנ. נאָכ „נעבעכ" קומענ דאָ פאָלגנדיקע דרײַ אבזאַצנ:

„ — איכ זאָג אײַכ דעמ עמעס, זלאַטע, — האָט זיכ שמוליק פאַר איר איינמאָל געקלאָגט, — אז מײַנע, אָלע־האשאָלעמ האָט געלעבט, האָב איכ גאָר נישט געוווּסט, ווי אזוי זי צו שאַנעווענ; אונ זי, די הײַנטיקע מײַנע, לוי־דײַ וואָס איכ בינ אזוי געשטראָפט, טרײַבט זי מיכ נאָכ ארומ מיט מײַנ קינד איבער די הײַזער. איר זאָלט וויסנ, וואָס מײַנ קינד לײַדט פונ איר, וואָס ער דערציילט זיכ אָנ פונ איר, וואָס איז שײַעכ...

די דאָזיקע זשאלאָבע, וואָס שמוליק האָט געבראַכט פאַר זלאַטענ, האָט זי אזוי צענומענ, אז זי האָט אימ שוינ איצטיקס מאָל נישט דערמאַנט זעלדעס נאָמענ אונ האָט אימ געטרייסט מיט גוטע ריוד, אז צוליב פארנאָסע

[1] גיכקײַט.

איז קײנ בײזאָיִענ ניטאָ; א ייִד צוליב פּאַרנאָסע טוט אַלצדינג, אונ א כאַרפּע איז נאָר גאַנװוּענע. אונ טאַקע דעמ זעלבנ טאָג האָט זלאַטע צוגערופֿנ יאָסעלענ צו דער קלײט אונ האָט אימ גוט מעכאַבעד געװענ:

— א שײנ כאָבערל! — האָט צו אימ זלאַטע געזאָגט, — א באַרמיצװע־ייִנגעלע! געננג ער גײט אַרומ שלינג־שלאַנג, איז ער נאָכ א מעיוכעס אויכ! א כאַרפּע אַרומטראָגנ דעמ שאַלאַכ־מאָנעס, נישט פאַרלאָזנ זיכ אַפ יענעמ? קאַרג װערט דער טאַטע דײַנער אויסגעריסנ איבער דיר? דאַרפסטו אימ נאָכ אָנטאָנ יעסורימ אונ דערצײלנ אימ מײַסעס, פּירנ פּליאָטקעס? דײַנ מאַמע האָט דאָס טאַקע בא דיר פאַרדינט? איאָ? נעמ זיכ כאַטש אַראָפּ א מוסער פונ מײַנ עסטערנ, װי זי איז בא מיר אינ קלײט, אינ שטוב, אומעטומ, צו װאָס דיענ האָט מענ קינדער? קאַרג װערט מענ איבער אײַכ קלײנערהײט פאַרשװאַרצט? א כאַרפּע, א בושע, שעמענ מעגסטו זיכ!..“

ז. 146, שורע 14 אונטנ. נאָכ „זײַנ גוטס“ קומט דאָ פאָלגנדיקע לענגערע באַשרײַבונג:

„...אײנער איז דער פּאָרעצ איבער דעמ; אונ ער קומט דאָס צו זײ אָפּטלעכ געװויר װערנ, זענ, צי זײ שטײענ אַפ זײער אָרט, אונ באַטראַכטנדיק דאָס אַלצדינג, פלעגט ער קלײַבנ פיל טײַנעג. אָפּטמאָל פלעגט ער אַרויסגײנ אַהער מיט א שטעקל אונ אָנפאַלנ אַפנ בוריאַנ, װאָס װאַקסט בא דער זײַט װאַלד, אונ שנײַדנ אימ אַפ װאָס די װעלט שטײט, אַראָפּהאַקנ די קעפּלעכ אונ זיכ רעכענענ מיט אימ מורעדיק! דאָס איז געװענ — אַזוי האָט ער זיכ פאָרגעשטעלט — סאָלדאַטנ, אונ דאָס שטעקל — דאָס איז זײַנ שאַרפע שװערד, מיט װעלכער ער פלעגט אַרויסטרעטנ קעגנ דעמ פײַנט — די פּלישטימ, װאָס זענענ געקומענ אַהער, אינעמ לאַנד קנאַאַנ... אַפ די פּלישטימ האָט יאָסעלע געטראָגנ בא זיכ אינ האַרצנ א סינע נאָכ פונ לאַנג אָנ; די סינע האָט זיכ גענומענ בא אימ נאָר פונ דעמ, װאָס איבער זײ איז געהאָרגעט געװאָרנ שימשנ־האַגיבער. פונ דעמ גאַנצנ לערנענ, װאָס יאָסעלע האָט געלערנט אַמאָל אינ כײדער, איז אימ געבליבנ בעזיקאָרנ נאָר די שײנע מײַסעס, װאָס װערנ דערצײלט אינ דער טוירע אונ אינ פּאָסעק; דאָס איבעריקע לערנענ איז פאַר אימ געװענ קימאַט אַרויסגעװאָרפנ. װיבאַלד ער האָט נאָר באַגעגנט א מײַסע, אַזוי איז ער געװאָרנ אָנגעצונדנ אונ ער פלעגט זיכ איבערגעבנ צו איר מיט לײַב־אונ־לעבנ. בא דער שײנער מײַסע פונ מעכיראַס־יויסעפ האָט ער געגאָסנ מיט טרערנ. אונ אַז דער רעבע איז ניט געװענ אינ כײדער, פלעגט ער מאַכנ אָנשטעלנ, באַװײַזנ זײַנע כאַװײרימ, װיאַזוי יאָסעפ בעט זיכ בא זײַנע ברידער, מע זאָל אימ ניט װאַרפנ אינ גרוב אַרײַנ, צוזינגענדיק אַפ זײַנ זיסער שטימע דאָס באַקאַנטע לידעלע פונ די פּורימ־שפּילער (מעכיראַס־יויסעפ): „אוי־ ברידער, ברידער! װי האָט איר קײנ ראַכמאָנעס ניט אַפ אונדזער טאַטנ יאַקויװ?“... דערבײַ פאַלנ אַפ די קניִעס ברעכנ די הענט אונ זינגענ אַזוי טרויעריק... אונ נאָכדעמ זיכ אװעקשטעלנ אינ א זײַט אונ באַשװערנ די כײַעס־ראָעס, זײ זאָלנ אימ נישט אָנרירנ, אונ אַלצ מיט א שײנער רירנדיקער מעלאָדיע:

שלאַנגענ אונ עגדעשנ,
פאַרשליסט אײַער מויל,

פאַרשליסט אײַער מויל!
איכ בינ יאָסעפּ־האַצאַדיק, ייִצכאָקס אַנ אייניקל,
יאַקוויווס אַ זונ,
יאַקוויווס אַ זונ!..

די כאַווײרימ זײַנע פלעגנ אימ אויסהערנ, בלײַבנ שטיינ באַטריבט אונ פאַרזאָרגט, אונ האָבנ אָנגעקוועלט פונ זײַנ זיס קאָל, פונ זײַנע שיינע לידער.

אויכ פונ פּאָסעק די שיינע מײַסעס פלעג יאָסעלע טאָמיד פאָרשטעלנ אינ כיידער פאַר זײַנע כאַווײרימ, ווי לעמאָשל: שימשנ־האַגיבער שלאָגט די פּלישטימ מיט אַ באַק פונ אַ מויל־אייזל, אָדער ווי דאָוויד געזעגנט זיכ מיט זײַנ ליבנ כאַווער יעהויגאָסנ, צוטראַכטנדיק דערצו זײַנע אייגענע לידלעכ. אונ די אָנשטעלנ, וואָס ער פלעג מאַכנ, זענענ געווענ אַזוי נאַטירלעכ אונ מיט אַזאַ ברענ, גלײַכ ווי ער וואָלט אַליינ געווענ שימשנ־האַגיבער, וואָס שלאָגט די פּלישטימ מיט אַ באַק פונ אַ מויל־אייזל, אָדער דאָוויד, וואָס געזעגנט זיכ מיט יעהויגאָסי. געוויינלעכ, אַז דער רעבע איז געוווּר געוואָרנ, אַז יאָסעלע מאַכט אָנשטעלנ, האָט זיכ יאָסעלע פונ אימ ניט געגאַרט. אַצינד אָבער, אַז ער איז פונעמ כיידער באַפרײַט, האָט ניט אַפ זיכ קיינ שומ אָל אונ געפּוינט זיכ באַ זיכ אַפ זײַנ פעלד, אַפ זײַנ גראָז, באַ זײַנ וואַלד, מעג ער זיכ, פּ׳שקאָשע...״ אאַוו.

ז. 148, שורע 7 אונטנ. נאָכ „באַ אימ״ קומט:

אונ אַלצ צוליב דעמ טאַטנ. פאַרנ טאַטנ וואָלט ער אַוועקגעגעבנ זײַנ כ׳עס, מיט דער נעשאָמע, מיטנ לעבנ — אַזוי טײַער איז ער באַ אימ געווענ פונ טאָמיד אָנ. ער האָט אַפ אימ שרעקלעכ ראַכמאָנעס געהאַט אונ האָט נישט געקאָנט צוזענ די צאָרעס זײַנע, מיט די ווייטעקנ, מיטנ אָרעמקײַט אונ מיטנ אַראָפּגעפאַלנ זײַנ באַ זיכ. באַמ דאַווענע אינ שול פלעג יאָסעלע זיכ ניט איינ מאָל צעוויינענ פאַרנ ריבוינע־שעל־אוילעמ, בעטנ אימ פאַר זײַנ טאַטנ, ער זאָל אימ צושיקנ פּאַרנאָסע.. דאָס וואָרט „פּאַרנאָסע״, כאָטש ער האָט דאָס נאָכ גאָרנישט פאַרשטאַנענ, אינ וואָס דאָס באַשטייט, נאָר ער האָט געוווּסט, אַז דאָס פעלט דעמ טאַטנ. שמוליק דער כאַזנ פלעגט זיכ אָפט באַקלאָגנ, אַז ס׳איז ניטאָ קיינ פּאַרנאָסע, אונ טרינקענדיק אינ שול מיט אַ מיניענ ייִדנ קימאַט אַלע טאָג אַ גלעזל בראָנפנ, פלעג מענ זיכ צווינטשעווענ איינס דאָס אַנדערע, אַז גאָט זאָל געבנ פּאַרנאָסע, — פּאַרנאָסע זאָל גאָט געבנ!.. גייענדיק אַזוי צוריק אינ שטאָט אַרײַנ אונ באַטראַכטנדיק דאָס צעפּוצלטע קאַפּאָטקעלע זײַנע מיט די צעשלאָגענע ביינער, וואָס ער האָט ערשט אָנגעהויבנ צו פילנ, האָט זיכ יאָסעלע צעוויינט, זאָגנדיק צו זיכ אַליינ:

— „פּאַרוואָס״... אאַוו.

ז. 151, שורע 16 אויבנ. נאָכ „צו זיכ״ קומט:

„ביז ער קומט אַרײַנ אינווייניק, אונ דערזעט פאַר זיכ אַ מוירעדיק הויכקײַט. קיינ סטעליע זעט מענ ניט. די ווײַסע ווענט — געמאָלט מיט גאָלד אונ מיט מאַלאָכימ אַלערליי. פונ אויבנ לאָזט זיכ אַראָפּ אַלעמאָל אַ שרעקלעכ קאָל, ווי אַ מינ דונער, אַזוי אַז עס ציטערט אַפ יאָסעלענ דאָס לײַב, אונ נאָכדעמ הייבנ זיכ אָנ גיסנ פונ ערגעצ זיסע הימלשע קולעס״.

ז. 227, שורע 3 אונטנ. אָנשטאָט ווייניק-וואָס — „קארג-וואָס“.

ז. 240, שורע 11—12 אויבנ. „דאָס איז אָבער נישט גלאט אזוי גע־שמועסט“ איז אופגעשטעלט לויטנ ערשטנ דרוק א זאצ. וואָס איז, ווײַזט אויס, ארויסגעפאלנ באמ זעצנ.

ז. 310, שורע 18 אונטנ. אינ דער ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק: II (ז. 177) הייבט זיכ דער עפּילאָג אָנ מיט אזא באטראכטונג, וואָס איז שפּעטער ארויסגעפאלנ:

„עס איז אנ אלטער מינהג קימאט בא אלע שרײַבער אינ דער וועלט, אז מע מוז צומ סאָפ פונעמ ראָמאנ געבנ א כעשבנ, וואָס מאכט דער אונ וואָס טוט יענער. מ'שטייגס-געזאָגט, דער סאָפ פונ א ייִדישנ ראָמאנ! בי־טער, פּונקט ווי דאָס ייִדישע לעבנ ביכלאל. עס וואָלט אוואדע א מיצווע געווענ, די גוטע, פרומע עסטער זאָל כאסענע האָבנ פאר יאָסעלענ; זיי וואָלטנ געוויס גליקלעכ געלעבט, אונ שמוליק מיט זלאטענ וואָלטנ אינ זייערע קינדערלעכ גרויס נאכעס דערלעבט, אונ יאָסעלע סאָלאָוויי וואָלט געקאָנט זײַנ אָדער א באַרימטער כאזנ, אָדער עפשער א גרויסער ארטיסט. וואָס זאָל מענ אָבער טאָנ, אוי-ווי, אז עס מישט זיכ ארײַנ אינמיטנ דער סאָטנ? יאָסעלע איז ניט דער איינציקער טאלאנט צווישנ ייִדנ, וואָס טוט א שײַנ אונ ווערט גיכ פארשוווּנדנ...

אונ עסטער? איר לעבנ, אינ וועלכנ עס האָט א לויכט געטאָנ א שטראל פונ גליק אונ פונ ליבע, איז גיכ פארפינצטערט געוואָרנ, אונ זי האָט פריִער פאר דער צײַט אָפּגעבליאקעוועט, ווי א סאכ אירע אָרעמע שוועסטער“.

# אינהאלט



---

ШОЛОМ-АЛЕЙХЕМ

## ПОЛНОЕ СОБРАНИЕ СОЧИНЕНИЙ

т. III



(На еврейском яз.)


Редактор *А. Фрумкин.* Художник *М. Погостер.* Техред. *А. Кантор.*

Подписано к печати 23/IX-48. Б-03025. Печ. л 20½. Уч.-изд л.17,8.
Формат бум. 84×108 1/32. Тираж 7000 экз. Заказ № 1147. Цена 15 руб.

Набрано в типографии Госиздательства „Дер Эмес“. Москва, Старопанский пер, 1
Отпечатано в 3-й типографии „Красный пролетарий“ треста „Полиграфкнига“
ОГИЗа при Совете Министров СССР. Москва, Краснопролетарская, 16.